# רויטע פעלדער

ראָמאַן

פון

פרץ הירשביין

אין
צוויי ביכער

# XXXVI

לאנע איז געשטאנען פארן שוועל און ארויסגעקוקט צום אנדערן עק דארף, צום וועג וואס פירט פון שטאט, ביים ברעג ים. די ווינטן האבן צו איר פון דארטן איצטער געבלאזן; דאס לעבן האט פון דארטן געצויגן. כמעט יעדער טאג האט געבראכט א נייעם מענטשן, אן אויספארשער, א „כאדאק“, וואס איז געקומען אויסצופארשן און אויספרעגן, צי ביי דער ערד געפינען טאקע אידן מנוחה; צי ביי דער ערד האבן אידן דעם ווינטער ניט געהונגערט... אגב האט לאנע פון טאג־צו־טאג דערווארט א בריוול פון ביילקען, מיט א בשורה, אז זי קומט צוריק.

און לאנע האט אויך אויסגעקוקט בערען, וואס האט באדארפט אנקומען מיטן אייגענעם וועג. כאטש קיין בריוול האט בערע לאנען ניט געשיקט פאר די גאנצע זעקס וואכן, זינט ער איז אוועקגעפארן אין זיין היימישער שטעטל, אויסצוקלייבן גראטענע איבערוואנדערער פאר קרימער סטעפ, קוקט זי פונדעסטוועגן ארויס צום וועג: „פארוואס האט ער אזוי פארשפעטיקט?...“ פון די צענטראלע איבערוואנדערער־הייזער זענען אנגעקומען גרוסן, אז דארטן רודערט זיך שוין: „האי־יאר זענען דריי מאל אזויפיל איבערוואנדערער אנגעקומען; זאל מען נאר באווייזן פאר זיי אלעמען אויפצושטעלן שטיבער...“ באלד, באלד וועט מען דארפן ארויסגיין אקערן פאר דער זומער־זריעה, און פארוואס האט ער אזוי פארשפעטיקט?“...

און דא, אין קרימער סטעפ, האט שוין הויך אונטערן בלויען הימל געצירקלט ארויף און אראפ דער קרימער זיסער זינגער — דער סטעפ־זשאווראנעק. זיין געטרילער האט זיך געשפונען מיט די זונענשטראלן פון האלבן טאג, וואס האבן דאס גרין גראז געצויגן פון דער שוואנגערער ברוינער ערד. ווייל דער ווינטער האט טאקע געקראפירט, די שנייען צעגאנגען, און ס'וואסער האט מאמע ערד אויסגעטרונקען; ווייל די הימלען זענען העכער געווארן, ברייטער

געוואָרן, און זייערע דורכזיכטיקע בלויקייטן האָבן די ראַנדן פון הימל ווייט, ווייט אַוועקגעשפּאַרט; דאַרומעך האָט מאַמע־ערד זיך ברייטער אויסגעשפּרייט; אָנגעקוואָלן, און אַרויסגעבויגן צו דער זוניקייט און בלויערע רוימען. ניט נאָר האָט די ווינטער־זריעה, אַן אויסגעבאָדענע, געלאָזט זיך קרייזלען פון פרילינג־ווינט — יעדער פאַרשלאָפענער וואָרצל, בלום און ווילד־געוויקס האָט פון מאַמע־ערדס לייב דורכגעבראָכן אַ וועג צום דרויסן. גרין, געל און רויט האָט זיך איבערגעגאָסן איבער מאַמע־ערד און איר זאַפטיק, דערוואַכטע לייב.

דער וועג, כאָטש אַ טיף־איינגעשניטענער פון ראָד און פערדישע טלויען, האָט שוין ניט געהאַט די הערבסטיקע און פרילינגדיקע צעיורנקייט. קערנער, פאַרזייטע אינאיינעם מיט פערדישע מיסט, האָבן זיך צוגענומען און געשפּראָצט גרין פון וועג אַרויס. דאָס אַלץ וועקט די בענקשאַפט אין האַרצן. לאַנע האָט אַ וואַכע דעם פרילינג באַגעגנט אויפן שוועל פון איר פאַראָיאָרעדיקער שטוב; אַ וואַכע און מיט אַ האַרץ פול מיט בענקשאַפט...

יוסף ראַטנער האָט זיך דערנענטערט. אויך ער האָט פון זיך דעם ווינטער אָפּגעטרייסלט. זיין עלטערער ברודער האָט אים אַרומגעשווירן און דאָס פּנים אָפּגעגאָלט. ער האָט דעם פרילינג אין זיך דערשפּירט, און געוואָלט אימיצער זאָל עס אין אים דערקענען. אויך ער האָט מיט אָנגעשפּיצטע נערוון געשפּירט דעם ווייטן אָפּ־קלאַנג פון ניי־לעבן; און כאָטש קיינער האָט אים ניט צוגעזאָגט צו שרייבן; כאָטש אים האָט קיינער ניט צוגעזאָגט צו קומען — פונדעסטוועגן האָט דאָס גרינגראָז פון דער ווינטער־זריעה צו אים אַרויסגעבליקט; ווייל ער האָט דאָך די ווינטער־זריעה אַליין פאַרזייט אין דער ברוינער ערד. אַ וואַרימקייט האָט זיך דערוועקט אונטער זיין האַלדז, ווען ער איז מיט אַ ווײַלע צוריק נאָנט צוגעקומען צום פעלד. ער האָט די דאָזיקע וואַרימקייט אויסגעביטן אויף שיינע ווערטער, און טראָגט זיי אויף די סאַמע ליפּן די דאָזיקע ווערטער צו לאַנען, וואָס שטייט שוין אַ לאַנגע צייט אויף דער שוועל, ביי איר טיר.

לאַנע איז געווען צופרידן וואָס יוסף קומט אָן. זי האָט זיך

געוואָלט פאַרשטעלן, וואָס יוסף קומט איר איצטער זאָגן. זינט די זאַוועראוכעס און זינט בערע איז אַוועק צוריק אין זיין היימישן שטעטל, האָט זיך לאַנע מיט יוסף'ן עטלעכע מאָל געקריגט. חלילה ניט צוליב ליבעס־ענינים האָט מען זיך געקריגט; ניט צוליב דעם, וואָס ער, יוסף, האָט געוואָלט פאַרמינערן בערעס געשטאַלט. יוסף האָט געוואוסט, אַז אָפּלאַכן אין לאַנעס אויגן פון בערען — מיינט אָפּלאַכן פון דער רעוואָלוציע... אויב מען האָט זיך געקריגט, אָדער צעווערטלט, איז דאָס געווען צוליב דער שווערמוטיקייט, וואָס דער ווינטער האָט אָנגעגאָסן אין די גלידער, וואָס האָבן געבענקט, ניט נאָך דער וואַרימקייט פון שטעכיקן קוראי אין טשעהונענעם אייוועלע... יוסף האָט גוט געוואוסט, אַז לאַנע האָט ניט פאַר אים די וואַרימקייט, וואָס זאָל זיינע שווערגעוואָרענע גלידער צוריק אויפוועקן און פאַר־אינגערן. אויב מען האָט זיך געקריגט, איז דאָס אַלץ געווען צוליב דער הערבסטיקער נסיעה איבער די אידישע דערפער, וואו אַ יונגער מענטש מיט איינגעפאַלענע באַקן, מיט שוואַרצע, אָנגעצונדענע אויגן, מנחם רייכלין, האָט ביינאַכט, ביים ברענעדיקן שייטער גע־שריען: „אַז די רעוואָלוציע האָט דאָס אידישע פאָלק חרוב געמאַכט...״ ביי יוסף'ן האָבן זיך יענע רייד ממש איינגעשניטן אין מח, און מיט לאַנען, אַז ער האָט געוואָלט דעם ענין אַרומרעדן, איז כסדר געקומען צו אַ מחלוקה. יוסף האָט געשפּירט, ווי דער שמיד, בערע, רעדט פון לאַנען אַרויס.

איצטער, אַז איבערוואַנדערער האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אויפסניי; אַז ער האָט דערהאַלטן גרוסן, ווי דאָס שטעטל האָט זיך ממש אַ ריר געטאָן פון אָרט און לאָזט זיך קיין קרים, איז אים זיין האַרץ שטאַרק אָפּגעגאַנגען, און עס ציט אים צו לאַנען. ער וויל איר זאָגן אַ גוט וואָרט וועגן בערען, וואָס איז, מעשה פּיאָנער, אַוועק וועקן און מונטערן.

לאַנע האָט אים באַגעגנט מיט אַ ברייטן שמייכל, און אים דער־לאַנגט ביידע הענט:

— איך האָב דיך אויסגעקוקט, יוסף!

— ניט קיין חידוש; אין אַזאַ שיינעם טאָג איז יוסף אויך אַ מענטש.

— אודאי ביסטו אַ מענטש, יוסף.

— צופיל מענטש, כאַ־כאַ־כאַ.

— דאָס איז אמת. צופיל מענטש... ווי די ערד איז צופיל ערד...

— לאַנע, דאָס איז דאָך אַזוי קלוג!

— ביי דער ערד ווערט מען קלוג, יוסף. איך האָב גאָרניט געוואוסט ביז איצטער, אַז דער פייער איז קליגער פון שטאָטמענטשן, ווי די ערד איז קליגער פון הימל.

— לאַנע, איך גלויב גאָר ניט מיינע אויערן...

— ס'ווילט זיך מיר דיר אַ קוש טאָן, יוסף; האָסט זיך ארומגעשווירן און ארומגעגאָלט.

— ניין, לאַנע, דאָס וואָס דו האָסט נאַרוואָס געזאָגט איז קלוג ביז גאָר. דאָס טענה איך דאָך, אַז דער פייער איז קליגער פון שטאָטמענטשן; נאָר די רעוואָלוציע האָט זיך אָנגעזעצט אויפן פייער, און וויל אים דוקא לערנען שכל.

לאַנע האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויפן שוועל.

— זעץ דיר, יוסף, נעבן מיר; גוט אַזוי צו זיצן אין דער זון... ווייסט, איך שפיר ווי דער ווינטער גייט פון מיר אַרויס. און דו, יוסף, שפירסט ניט דאָס אייגענע?

— ביזט געעלטערט געוואָרן פאַרן ווינטער, לאַנע.

— נו, איז וואָס? מער ווי מיט אַ האַלב יאָר בין איך עלטער ניט געוואָרן אמת, איך בין שווערער געוואָרן. די הענט . . . וואָס זאָגסטו, יוסף, צו מיינע הענט? באַווייז מיר דיינע . . . פּויליאַק איינער, ווען דו וואָלסט געמאָלקן די קו, וואָלטן דיינע הענט געווען ווייכער. האָסט פיינט, אַז דאָס מילך גיסט זיך איבער די פינגער, פּויליאַק איינער...

לאַנעס רייד האָבן זיך געגאָסן ווי וואַרימע בוימל איבער זיין האַרץ, און אָנגעבלאָזן אַ וואַרימען נעבל פאַר די אויגן. אין לאַנעס רייד האָט ער שטענדיק געפונען פשוט'ע חכמה און צייטיקייט, וואָס מען געפינט ביי מאַמע־ערד צווישן אירע באַשעפענישן און געוויקסן. „פונוואַנען קומט עס צו לאַנען?...“ האָט יוסף זייער אָפט ביי זיך געטראַכט. צומאָל האָט אים אויסגעוויזן, אַז דאָס איז געקינצלטע

מאַנסבילשקייט, וואָס זי, לאַנע, ווייזט אַרויס יעדעס מאָל ווען ער קומט צו איר. אָבער איצטער זענען אירע רייד אי קלוג, אי וואַרים. עס בריען זיינע ליפּן עטלעכע גוטע ווערטער, ליבע ווערטער, וואָס ער וואָלט איצטער דער דאָזיקער לאַנען געוואָלט זאָגן פון גאַנצן האַרצן. ער וואָלט איר, למשל, געזאָגט: „אַ שאָד וואָס אַזעלכע לאַנעס זענען פאַראַן אַזוי ווינציק... ס׳וואָלט ניט געווען קיין עולה, ווען אַזאַ לאַנע זאָל אים אויך צוגעשיקט ווערן, אויב אים איז שוין באַשערט צו ווערן אַ פויער ביי דער ערד...“

— וואָס האָסטו זיך אַזוי פאַרטראַכט, יוסף? אָט באַלד, אָט באַלד וועט מען זיך באַדאַרפן נעמען צום אַקער. האָסט געגלויבט, אַז דער ווינטער וועט ווען־עס־איז אַוועק, אַז די שנייען וועלן צעגיין? וואו איז אַהינגעקומען דאָס גאַנצע וואַסער וואָס די שנייען האָבן פון זיך געלאָזן?

יוסף האָט געהערט אירע רייד און געשוויגן. ער וואָלט וועלן, זי זאָל נאָכאַמאָל אָנהייבן רעדן פון זיינע שווערע און גראָבהויטיקע הענט. זי איז גערעכט מיט דעם, וואָס זי וואַרפט אים אויף, אַז ער פוילט זיך מעלקן די קו. ער האָט חשק נעמען נאָך אַמאָל אירע הענט און באַטראַכטן... נאָר ער איז ניט זיכער, צי ער וועט זיך קענען איינהאַלטן, און ניט דערנענטערן אירע הענט צו זיינע ליפּן — אירע הענט זאָלן אין זיך איינזאַפּן די ווערטער וואָס ער האָט איצטער אויף זיינע ליפּן. ער וויל איר באַווייזן, אַז קיין אויסגעבעטענע ליבע באַדאַרף ער ניט. אויב לאַנע איז קלוג געוואָרן, ווי ס׳פּאַסט פאַר פויערים ביי דער ערד — האָט ער נאָך זיין אַמאָליקע ווערדע ניט געלאָזן אינגאַנצן פאַלן צו דער ערד, כאָטש ער איז דאָ שוין אַביסל געבויגן געוואָרן...

לאַנע האָט גאָר אומגעריכט אַ פרעג געטאָן:

— פאַרוואָס דערמאָנסטו מער ניט ביילקעס נאָמען? האָסט דאָך זי ליב געהאַט...

— זעסטו, לאַנע, דאָס געפעלט מיר ניט. ניט פאַר דיר פּאַסט עס צו פרעגן.

— פאַרוואָס?

— ביזט דאָך ניט קיין נאַר; פאַרשטייסט אָן ענין ווי אונ־

דזערער א מענטש; פרעג איך דיר: איז טאקע דיין שוועסטער ביילקע ווערט געווען, איך זאָל זי ליב האָבן?

— אזוי גאָר! מער שוין ניט? אוים מיט ביילקען?... אפשר וועט זי זיך נאָך אומקערן אהער אָן נחומ׳ען און קומען צו דיר?...

— איך פארשטיי דיך ניט, לאנע.

דערביי האָט זיך יוסף אויפגעהויבן פון אָרט. ער האָט אָראָפּ־געקוקט צו לאנעס שווארצן קאָפּ. דער ווינט האָט געקרייזלט אירע האָר; אירע אויגן זענען געווען צו דער ערד געווענדט. זעצן זיך צוריק נעבן איר — האָט ער מער ניט געהאט קיין חשק. לאנעס געמיט איז אים געווען באקאנט. וואָס לאנע לעבט איבער איצטער אין די פריע פרילינג טעג, ווייסט ער. ער אליין טראָגט אין זיין בלוט די פרילינגדיקע אומרואיקייט פון דעם גאנצן דרויסן. ביי אים אין בלוט, ווי ביי לאנען, איז די אומרואיקייט אַן אומקלאָרע, וואָס פרעסט צומאָל צונויף דאָס הארץ.ביידע זענען פאַרן יאָר נאָך ניט פארפויערט געוואָרן געננוג, כדי איצטער, ווען דער שניי איז צעגאנ־גען, די זון ווארימט, און פון דער ערד האָט אַלץ אויפסניי גענומען שפּראָצן — זאָל דער מהות זיך גאָר איננאנצן אוועקגעבן אַלע התחיבותן, וואָס דער פויער האָט איצטער צו מאַמע־ערד.

— קום, זעץ זיך אנידער נעבן מיר, יוסף; כ׳וויל דיר עפּעס זאָגן.

לאנע האָט אויפגעהויבן צו אים די אויגן, מיט איר נאטירלעכן, גוטן שמייכל צו אים ארויפגעקוקט:

— ווילסט זיך ניט זעצן נעבן מיר? ביסט גערעכט. מער יושר, ארויסצוטרייבן די בהמות אין סטעפּ; זיי וואָלטן שוין געפונען דאָ־און־דאָרטן יונגע גראָז... וועסט ארויסטרייבן דיין קו, וועל איך מיינע אויך. גיב אַ האנט און הייב מיך אויף.

יוסף האָט איר דערלאנגט אַ האנט, און זי אויפגעהויבן פון שוועל. אין דער אייגענער צייט איז אָנגעקומען זייטשיק מיט זיין געשפּאַן און געבראַכט צופירן אַ שטעטיש שטיק לעבן מיט זיך אויפן וואָגן.

— לאנע! — האָט זייטשיק פון וואָגן אַ געשריי געטאָן — דיר

האָב איך געבראַכט די געסט! זאָג, אַז דו ווילסט ניט, וועל איך זיי צופירן צו די קרעטשמערס, אָדער קאָוואַלסקיס...

— צו אונדז . . . צו אונדז . . .

ביי לאַנען האָבן זיך די ווערטער אַרויסגעריסן נאָך איידער זי האָט זיך מישב געווען מיטן פּאָטער. דער פֿאַרלאַנג, אין איר שטוב זאָל דאָס לעבן זיך אַ רודער טאָן, איז ביי איר געווען פֿאַרבונדן מיט דעם נייעם פּרילינג וואָס איז אָנגעקומען. זאָל זיך זיין ווער עס וויל, אייגענע, צי פּרעמדע, אַבי דאָס לעבן זאָל אָנהייבן צו רודערן אין שטוב!

— צונ'אונדז, צונ'אונדז! — האָט לאַנע נאָכאַמאָל באַפֿוילן.

אויפֿן וואָגן האָט זיך דאָס געבראַכטע לעבן גענומען רודערן. דערביי האָבן זיך די פּעקלעך און בעבעכעס אויפֿן וואָגן אָנגעהויבן צו באַוועגן.

צום ערשטן זענען אַראָפּגעשפּרונגען צוויי בחורים, בלאָנדע, שמאָל־פּנימ'דיקע און שמאָל־פּלייציקע; ביידע מיט שיטערע בערדלעך אויסגעשאָטן אויף די באַקן און געמבע; ווי אַ צווילינג האָבן זיי אויסגעזען. ביידע אין שאָפּענע פּעלצלעך; אין גוטע שטיוול, און מיט קוטשמעס אויף די קעפּ.

דערנאָכדעם איז אַראָפּגעקראָכן דער טאַטע, אַ איד שוין ביי די פּופּציקער, אויך אַ בלאָנדער, מיט אַ פֿאַרשוירן בערדל, אין אַ לאַנגער קאַצעבייקע, און מיט אַ באַראַשקענער היטל אויפֿן קאָפּ.

באַלד נאָך אים איז אַראָפּגעשפּרונגען אַ מיידל, שטאַרק אין די בחורים געראָטן; פֿון אונטער אַ רויט טיכל האָבן זיך ביי איר אַרויסגעוויזן גלאַטע, פֿלאַקסענע האָר. איר שמאָלער פּנים, מיט אַ פֿאַרשניצטער געמבע, האָט זיך געפּאַסט צו אירע לאַכעדיקע, בלויע אויגן.

דערנאָכדעם איז אַראָפּ די מאַמע, אין אַ שווערער, ברוינער וואַטאָווקע, מיט אַ פּאַטשיילע אַרומגעבונדן; איר שמאָלער פּנים האָט נאָך שמעלער אויסגעקוקט. זי, די מאַמע, האָט אַראָפּגענומען פֿון וואָגן צוויי קלענערע קינדער, אַ אינגל פֿון אַ יאָר ניין און אַ מיידעלע פֿון אַ יאָר זיבן. אַלע בלאָנדע, אַלע געראָטן איינס אין אַנדערן, ווי געראָטענע זאַנגען אין פֿעלד...

דאָס איז געווען די משפּחה שטיינבערג פון ווייסרוסלאַנד. און ווען לאַנע האָט געזאָגט: „צונ׳אונדז, צונ׳אונדז״ — האָבן זיך אין איר זיבן פּאָר בלויע אויגן איינגעגראָבן; שווייגנדיק זי באַטראַכט, און געוואַרט נאָך עפּעס צו הערן פון דער שוואַרצאויגיקער, מיט דעם שוואַרץ־געקרויזטן קאָפּ, וואָס אין פאַרגלייך מיט זיי גייט זי כמעט זומערדיק־נאַקעט אָנגעטאָן.

— קומט אין שטוב אַריין, איר וועט שפּעטער אַראָפּנעמען אייערע זאַכן, כאַ־כאַ־כאַ... לאַנע ברעזער רופט מען מיך; און דאָס איז חבר ראַטנער, יוסף ראַטנער!

מען האָט זיך דערלאַנגט די הענט. יעדערער, מיט זיין האַנט־דרוק האָט געוואָלט אַרויסווייזן איבערגעבענקייט; יעדערער האָט אין לאַנעס האַנט געפּאָרשט צו דערגיין, מיט וויפל גוטסקייט זי פאַרבעט זיי צו זיך אין שטוב אַריין.

וואָווע ברעזער איז אַרויסגעקומען פון שטוב.

— גוט טוסטו, טאָכטער, וואָס דו פאַרבעטסט די איבערוואַנ־דערער אין שטוב אַריין. היינט איז שוין נישט פאַראַיאָרן. אין קיין זעמליאַנקעס באַדאַרף מען זיך נישט וואַלגערן. ס׳וועט טאַקע אביסל לעבעדיקער ווערן.

— איצטער פאַרדריסט מיר נישט, וואָס איך בין דאָ געבליבן ווינטערן — האָט זייטשיק געזאָגט — עס קומען אָן אידישע אי־בערוואַנדערער פון גאַנץ ראָסיי; מע וועט פאַר זיי באַדאַרפן גאַנץ קרים צעטיילן, כאַ־כאַ־כאַ... נו, איכ׳ל שוין דאָ נעבן די ברעזערס איבערלאָזן דעם וואָגן ביז שפּעטער; וועל נאָר די פערד אויסשפּאַנען און נעמען זיי אין שטאַל אַריין. כ׳האָב שוין אויף מאָרגן נאָך א יאַזדע; איבערוואַנדערער וואַרטן שוין דאָרטן.

זייטשיק האָט זיך פאַרנומען מיטן אויסשפּאַנען די פערד, און לאַנע האָט די צוויי אינגערע קינדער אַריינגענומען אין שטוב, האָט זיי אין איילעניש אָנגעקושט די באַקן, און ביידן געגעבן צו שטיקער ברויט.

— ווי רופט מען אייך?

— רייזל — האָט געזאָגט דאָס מיידל.

— דוד רופט מען מיך — האָט דער אינגל אַ פאַרשעמטער געזאָגט.

דערווייל האָט זיך אין שטוב אַריינגעלאָזן די גאַנצע משפחה; האָבן אַרומגעקוקט די ווענט; באַטראַכט די סטעליע; אַרויסגעקוקט דורך די פענצטער...

— און איר האָט טאַקע שוין איבערגעווינטערט? — האָט די מאַמע געפרעגט — זעסט, מיין טאָכטער, טאַקע לעבן געבליבן... מיר האָט געקלאַפּט דאָס האַרץ, אַז מע האָט זיך גענומען לאָזן אין וועג אַריין.

לאַנע האָט אַ לאַך געטאָן.

— לאַכסט פון מיר... ביסט גערעכט, הלואי וואָלטן מיר זיך פאַראיאָרן געלאָזט איינרעדן, און פאָרן קיין קרים. ווי, די מלוכה לאָזט אייך צורו?

דער עולם האָט געשוויגן, און זיך ווידער איבערגעקוקט.

לאַנע האָט זיך אָנגעטראָפן מיט יוספ׳ס בליקן; זי האָט פאַרשטאַנען, אַז ער האָט עפּעס אויף זיינע געדאַנקען. זי איז צוגעגאַנגען גאָר נאָנט צו יוספ׳ן, האָט ממש אָנגערירט זיין אָרעם:

— זאָג, יוסף, פאַרוואָס האָט מען אַזוי מורא פאַר דער מלוכה?

— פון דעם, טאָכטער, וועט מען נאָך צייט האָבן צו רעדן — האָט וואָווע ברעזער טרוקן אַ זאָג געטאָן אויף לאַנעס זייט. — שטעל אָן דעם סאַמאָוואַר, און נעם אויף די געסט ווי ס׳באַדאַרף צו זיין.

— קען מען וויסן ווי מען רופט אייך? — האָט דער בלאָנדער טאַטע זיך געווענדט צו וואָווען — און איר מעגט טאַקע וויסן ווי מיר הייסן... מאיר שטיינבערג רופט מען מיך; דאָס זענען מיינע זין — דער עלטערער עוזר, און דער אינגערער צאַלקע, כאַ־כאַ־כאַ, ס׳איז מיין באַלשעוויק... און דאָס איז די טאָכטער רחל. יאָ, איר זייט דאָך די ברעזערס, דאָס האָט שוין דער פורמאַן אונדזערער דערציילט... טאָ, דערציילט ווי אַזוי איר האָט זיך דורכגעשלאָגן די צייט, זייט איר שוין טאַקע אויף דער ערד?

— דערווייל איז מען נאָך אין דער ערד; לאָמיר האָפן, אַז מע וועט פון דער ערד אַמאָל אַרויסקריכן.

— אוי, טאטע, טאטע, ווען וועסטו שוין אויפהערן צו קלאָגן?
—האָט לאַנע אַרומגענומען וואָווען און אים אַ קוש געטאָן אין שטערן
— איצטער, אַז נייע איבערוואַנדערער קומען צו, מירן אויפסניי אָנהייבן בויען אונדזער דאָרף, וועלן מיר אודאי זיין אויף דער ערד!

— אייער טאָכטער איז גערעכט, חבר ברעזער — האָט זיך יוסף אָפּגערופן — וואָס מער אידן עס קומען צו דער ערד, אַלץ זיכערער ווערט אונדזער לעבן דאָ. וואָס מער אידן עס וועלן זיך אָפּזאָגן פון שטעטל און אַהער קומען בויען אַ נייע היים — אַלץ געזינטער וועט עס זיין פאַר אונדז אַלעמען. אין אַ שיינער צייט זייט איר, חברים, געקומען. ניטאָ קיין שענערס ווי פרילינג איבערן סטעפּ. אייער ווינטער־זריעה, כאָטש איר ווייסט נאָך נישט וואו זי איז, קען איך אייך זאָגן, איז שוין אויפגעגאַנגען. און אַ זומער וואַרט דאָ אויף אייך, וואָס איר האָט נאָך אַזוינס נישט געזען. קומענדיקער ווינטער וועט נישט זיין אַזאַ שווערער. וועלן מערער מענטשן זיין, וועט שוין ממילא זיין וואַרימער; אמת, לאַנע? אַזעלכע חברה וועלן אין אַ חודש אַרום שוין האָבן אַ שטוב, אויב זיי וועלן זיך נאָר ניט פוילן...

— כל־זמן אונדזער עלטסטער, בערע קאָוואַלסקי, איז נאָך נישט צוריקגעקומען, וועסטו זיין אונדזער עלטסטער, יוסף — האָט לאַנע געדריקט יוסף'ס ביידע הענט.

— אַזוי רעדט אַן אמת'ער באָלשעוויק — האָט צאַלקע שטיינבערג אַ זאָג געטאָן, און איז אויך צוגעגאַנגען דריקן יוסף'ן די האַנט.

יוסף און לאַנע האָבן זיך פּילדייטיק אָנגעקוקט. אַ שטילשווייגן האָט אַ רגע אַלעמען אַרומגעכאַפּט.

דאָס בלאָנדע מיידל, רחל, איז אומגעריכט צוגעגאַנגען צו לאַנען, האָט זי אַרומגענומען, האָט לאַנען נאָענט אָנגעקוקט, ווי געפּאָרשט עפּעס פון לאַנעס אויגן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי געזאָגט:

— מיר איז גוט, וואָס כ'וועל ניט באַדאַרפן זיין דאָ איינע אַליין. איך וועל ליב האָבן די ערד, ווי איר האָט זי ליב. גוט, וואָס מיר וועלן ניט זיין אַליין...

נאָך אַ פור האָט זיך באַוויזן פאַר שטוב. ס'האָט אַלעמען אַ צי געטאָן צום פענצטער.

— פרילינגווינטן בלאָזן, לאַנע, כאַ־כאַ־כאַ!... — האָט יוסף זיך צעלאַכט, און איז אַרויס דרויסן.

— פאַרוואָס האָט ער אַזוי פאַרשפּעטיקט?... — האָט לאַנע מיט איר געדאַנק נאָכגעשיקט די פראַגע יוסף'ן, בעת די בלאָנדע משפּחה האָט אַלע חושים אָנגעשפּיצט צו דערשפּירן דעם פרילינג־ווינט.

# XXXVII

בערע קאָוואַלסקי האָט געשפּירט, פּונקט ווי מורעשקעס וואָלטן אים אומגעלאָפן איבערן לייב, און איבערגעלאָזט אַ ברענעניש אונטערן הויט. זיין פול־אָנגעלאָדן האַרץ, וואָס ער האָט געפירט פון פּאַדאָליער געגנט צום קרימער פרילינג אַנטקעגן, האָט ער ביז צום ערד־חלק ניט דערפירט — צוליב דעם וואָס ער האָט זיך אויף אַ נאַכט אָפּגעשטעלט אין גרויסן „געזערד" איבערוואַנדערער־הויז ביים ברעג ים, וואו אַן אויסגעוואָרצלטער, אידישער געזעמל האָט זיך געיאַרידלט.

ער האָט אַ גאַנצע נאַכט ניט געקענט מיט אַן אויג פאַרמאַכן. ניט דער אומרייניער, מיט אומפּלייט פאַרקראָכענער געלעגער איז אין דעם געוועזן שולדיק. אַ מחשבה, ווי אַ זלידנע פליג, האָט גע־גימזשעט אין מוח; און ווערטער, וואָס ער האָט לאַנג פאַרגעסן, האָבן פון אים עפּעס געמאָנט: „די רעוואָלוציע האָט דאָס אידישע פאָלק אויף שטויב צעריבן..." די דאָזיקע ווערטער פון אויסגעצערטן מנחם רייכלין, סוף־זומער ביינאַכט ביים פייער אין סטעפּ — יענע ווערטער האָבן אויפגעוואַכט און לאָזן אים ניט מיט אַן אויג צומאַכן. ביים ליכט פון וואַנטלעמפּל באַטראַכט ער דעם אָנגעוואָרפענעם עולם, ווייבער, מענער, שמאַטעס און לאַכעס; בעבעכעס און צעבראָכענע קופערטלעך... צומאָל חידוש'ט אים ווי אַזוי ער איז פאַרקראָכן אויף אַ נאַכט אין דעם דאָזיקן הקדש אַריין. אמת, מיט אַ יאָר צוריק, כמעט אין דער אייגענער צייט, האָט ער דאָ פיר נעכט גענעכטיקט אין דעם אייגענעם הקדש, צווישן אַזאַ־אָ עולם. אָבער פאַרן יאָר איז ער דאָך גאָר אַן אַנדער בערע געוואָרן. פאַרן יאָר איז ער פון דעם אידישן „שטויב" אַרויס; פאַרן יאָר האָט ער ווילדע ערד צעאַקערט,

געזייט און געשניטן תבואה; פאַרן יאָר האָט ער אינאײנעם מיט מאַמע־ערד געלאָזן ווינטן זאָלן זײַן פּנים וואַשן. ער האָט פאַרן יאָר געבויט און געשטאַרקט זײַנע מוסקולן; ער איז פאַרן יאָר פאַר־וואָרצלט געוואָרן אין אַ נייער צייט, וואָס די רעוואָלוציע האָט פאַר אים, און פאַר נאָך אַ סך אין זײַן גלײַכן אָנגעצייכנט. ער איז אַ גוטברודער מיט דער רעוואָלוציע; ער ווייסט, אַז דעם האַמער האָט ער פון האַנט אַרויסגעלאָזן און גענומען דעם סערפּ — ווייל אַזוי האָט צו אים אַ שטים פון בלוט גערופן. דער בערג פון פאַראַיאָרן פרילינג איז ניט מער דאָ. און דעריבער איז ער פאַר׳חידוש׳ט, וואָס מנחם רייכלינס ווערטער לאָזן אים ניט צורו. אַ סך רייד, וואָס יוסף ראַטנער האָט אין אים אַריינגערעדט, קומען אים אויך אויפן זינען...

— ווער זענען אָט־אָ די אַלע מענטשן, וואָס וואַלגערן זיך אויף אומרײַנע געלעגערס אין דער שטינקענדיקער לופט? ווער זענען די דאָזיקע מענטשן? זענען זיי שטענדיק אַזוי געווען? צי האָט זיי די רעוואָלוציע טאַקע אַזוי צעטרייבערט? האָט מען זיי טאַקע אַלע באַדאַרפט לאָזן, זיי זאָלן ווידער עפּענען קראָמען, ווערן פּיאַווקעס און פּאַראַזיטן?... יאָ, די רעוואָלוציע האָט זיי אויסגעריסן פון די ערטער און פאַרברענט הינטער זיי אַלע בריקן...

אין פאַרלויף פון דער נאַכט האָט ער אויף אַלע פּרעגעניש און שווערע מחשבות קיין אַנדער ענטפער ניט געפונען:

— די רעוואָלוציע האָט זיי אויסגעריסן פון די ערטער, און פאַרברענט הינטער זיי אַלע בריקן...

עס חידוש׳ט אים זייער, וואָס צווישן די שלאָפנדיקע, דאָרטן ביים וואַנט, ליגט אַ מיידל און כראָפּעט שטאַרק, און עס דוכט זיך אים אויס, אַז דאָס איז סימקע קרעטשמער... ווי זי האָט זיך איינ־געקנורעוועט צווישן צוויי האַרטע פּעק, און אַזוי שלאָפט זי אַ צונויפגעדרייטע, אַ דער׳הרג׳עטע! ער האָט אַ פּאָר מאָל געהאַט חשק צוגיין נענטער, אויסצוגעפינען צי דאָס איז טאַקע סימקע; און אויב יאָ — וועט ער זי אויפוועקן און בעטן, זי זאָל מיט אים אַרויסגיין דרויסן; אַוועקגיין צום ים גאָר און רעדן פון עפּעס, וואָס זאָל פאַרטרייבן פון זײַן געמיט די שווערע מחשבות... נו, איז עס

נאָר אַן איינרעדעניש... די לופט בייסט אין נאָז. קיין פרעמדער מיידל האָט ער קיין חשק ניט אויפצואוועקן...

שוין קעגן טאָג איז ער שווער איינגעשלאָפן. עס איז ניט געווען קיין שלאָף, נאָר אַ קייט פון שווערע חלומות; אַלע אַזעלכע פּאַסקודנע; אַלע אַזעלכע ניט־געשטויגענע און ניט־געפלויגענע. ער איז צופרידן, וואָס כמעט אַלע חלומות האָט ער פאַרגעסן; אים איז אָבער געבליבן בולט פאַרן רעיון דאָס חלום־בילד, ווי אַזוי פּאַגראָמ־שטשיקעס האָבן דער׳הרג׳עט לאַנעס מאַמען, אָפּגעשניטן איר ברוסט און אַריינגעשטעקט איר דעם מעסער אין בויך אַריין... אַזוי־אָ אַ נאַקעטע, אין אַ פאַרקילטער ליוזשע בלוט, האָט ער זי געזען; דער צעבלוטיקטער גוף האָט אַרויסגעקוקט פון צווישן דער צעריסענער העמד און לייבל, און דאָס לייב, אַזאַ בלוי־פאַרבלוטיקט — האָט געאָטעמט... געאָטעמט... און איין בלוט־פאַרגאָסענע אויג האָט זי געעפנט און אים נאָכגעקוקט...

— וואָס וועט לאַנע טראַכטן, ווען איך וועל איר דעם־אָ חלום דערציילן ?...

אודאי וועט ער עס לאַנען ניט דערציילן. אויך לאַנען האָט ער עטלעכע מאָל געזען אין חלום. אפנים אין חלום האָט ער איר גע־וואָלט דערציילן, אַז ער האָט געזען איר פאַרפּייניקטער מאַמען, און זיך געכאַפּט, אַז ער טאָר עס ניט טאָן. לאַנע האָט געוויינט אין חלום. לאַנע האָט אים אָנגעוויזן אויף איר דער׳הרג׳עטער מאַמען, און האָט קיין וואָרט ניט גערעדט; האָט נאָר שטיל געוויינט...

אים פאַרדריסט, וואָס דוקא אַנטקעגן טאָג איז ער אַזוי שווער איינגעשלאָפן. איצטער איז שוין גרויסער טאָג; כמעט קיינער אינעווייניק ניטאָ. פּעק און פּעקלעך, און ליידיקע געלעגערס.

ער איז אויפגעשטאַנען; האָט אַ צי געטאָן מיט אַלע גלידער; האָט מיט די צען פינגער געקאַמט די האָר און האָט אַ לייכטן שוידער געטאָן; אַ פרעסטעלע האָט דורכגעגריזלט אין דער ברייט פון בויך און אַרומגענומען ווי מיט אַ דינעם רייף די פלייצע, נידעריק ביי די קריזשעס. פון דרויסן האָבן זיך געטראָגן אַלערליי קולות; אויסער אַ פּלאַפּלעריי, איבערגעמישט מיט קינדישן געוויין, האָבן העכער

געקרייט, און הינער געקוואָקעט; האָבן קי געמהוקעט, און פערד האָבן געהירזשעט. בערען איז אין מויל אויך ניט געווען איבעריק געשמאַק.

אין דער ערשטער רגע איז אים געווען פריקרע אַרויסצוגיין דרויסן, כאָטש די פריע זוניקייט האָט געמאַניעט. ער ווייסט וואָס ער וועט זיך אין מענטשן־געזעמל אָנהערן.

— אַ צרה, אַז מען רעדט אַזויפיל!... גייען צו דער ערד ווי צו אַ מאַרק; מיינען, דאָרטן כאַפּן מציאות... מער קיין מאַרק זאָל זיך די דאָזיקע לייט ניט חלום׳ען...

אים ווילט זיך עס אַ זאָג טאָן אינדערהויך, אַלע זאָלן הערן; איז אים דאָס מויל פאַרמאַכט, אים איז שווער אַ וואָרט אַרויסצורעדן. ער באַדאַרף זיך דורכשמועסן מיטן פּירער פון „געזערד“; ער האָט אים אַ סך זאַכן צו זאָגן; דהיינו, אַז פון פאַראיאָרן ביז היינט האָט מען געקענט די געלעגערס אין איבערוואַנדערער־הויז אַביסל דורכרייניקן... אָבער דאָס וועט ער שוין אַראָפּשלינגען. ער וויל זיך מיט אים דורכשמועסן מכח קאָלעקטיוון; ווייל ס׳וועט פון דעם גאַנצן עסק גאָרניט אַרויסקומען, אויב יעדערער וועט לויפן פאַרנעמען זיין שטיקל ערד. „פאַראיאָרן האָט עס געטויגט אויף כפּרות, און היינטיקע וועסנע וועט ווידער זיין דאָס אייגענע...“

אגב, וויל ער זיך נאָכאַמאָל דורכשמועסן מיט די איבערוואַנדערער, וואָס פאָרן אויף זיין ערד־חלק. ער האָט זיך דערוואוסט, אַז אַ פופצן משפחות זענען שוין דאָרטן, און עטלעכע משפחות געפינען זיך דאָ אין איבערוואַנדערער־הויז; וואָלט געווען אַ יושר מיט זיי זיך באַקענען און אַריינשמועסן מכח קאָלעקטיוויזאַציע...

בערע איז אַרויס דרויסן.

אַ געלער איד, מיט אַ שיטער, געל בערדל, אין אַ צעריסענעם טולעפּל מיט אַ קאַראַקולענעם קאָלנער און קאַראַקולן היטל, טענה׳ט אַריין אין אַ קופּקעלע מענטשן נעבן אַ גרויען אָקסן־געשפּאַן:

— מע ט׳ליגן אין דר׳ערד אין אַזאַ ערד! אָפּגענאַרט; ס׳אי אפילו גאָרנישט קרים, כאַ־כאַ־כאַ... חברים, דעם כאַדאַק, דעם ממזר, וואָס האָט אונדז מיט זיינע מעשיות פאַרדרייט דעם קאָפּ, איך וועל אים די אויגן זיינע אויסרייסן!

בערען איז די מעשה געפעלן געוואָרן. ס׳האָט אים אַ פּויש

געטאָן צום לאַכן. ער האָט זיך פונדעסטוועגן דערנענטערט צום בינטל מענטשן, אַ קלאַפּ געטאָן דעם געלן אידן איבער דער פּלייצע און געזאָגט:

— זייט ניט קיין יאָלד, חבר; איר בעסער פּאָדערט, מען זאָל אייך איבערשיקן אויפן ערד־חלק, און פאַרשרייבט זיך אין קאָ־לעקטיוו.

— פּכע, אַ קאָלעקטיוו... — האָט דאָס געלע אידל אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער — נאַ דיר גאָר אַ נייעם סאָרט טיף! קאַרג אייך אַ געפּלעקטער טיף, אַ ברושנאָי טיף, פעלט אייך נאָך אַ קאָ—לעק—טיף, כאַ־כאַ־כאַ...

די חכמה איז אַלעמען געפעלן געוואָרן. דער עולם האָט געלאַכט מיט הנאה. אָבער בערען האָט עס אַ שלאָג געטאָן צום האַרצן; מיטאַמאָל איז אים שטאַרק טרויעריק געוואָרן. תחילת האָט ער גע־וואָלט אָנווייזן דעם געלן אידן אויף זיך אַליין, און דערציילן, אַז ער איז שוין דאָס צווייטע יאָר אויף אַן ערד־חלק; ער און נאָך איבער־וואַנדערער. מען בויט אַ דאָרף; מען האָט אַ שווערן ווינטער דורכגעלעבט; און ער איז זיכער, אַז מען בויט שוין דאָרטן ווידער...

אָבער אָנשטאָט דעם, האָט גאָר בערע גענומען און אַ זאָג געטאָן צום געלן אידן:

— פאַר אַזעלכע רייד, חבר, זעצט מען אַריין אין דאָפּער... ס׳איז קאָנטער־רעוואָלוציע, חבר...

בערע האָט עס אַרויסגעזאָגט רואיק און שטרענג. אויפן רעדל מענטשן האָט עס געווירקט, ווי מען וואָלט אונטער זיי אונטערגעגאָסן זודיקע וואַסער; אָן ווערטער איז דער עולם זיך פאַנאַנדערגעקראָכן.

נאָר דער געלער איד איז אַ ווײַלע געבליבן, האָט בערען אָנגע־קוקט, און מיט אַן אויסדרוק פון מוסר, אַרײַנגעזאָגט בערען גלייך אין פּנים אַרײַן:

— שעמען באַדאַרפסטו זיך אין דײַן ווייטן האַלדז אַרײַן אַזוי צו רעדן! וועסט אפשר פאַר׳מסר׳ן אידן, הא?... שעמען זאָלסטו זיך אין דײַן ווייטן האַלדז אַרײַן...

בערע האָט דערשפּירט, גלייך ווי מיט אַ דראָנג וואָלט מען אים געגעבן איבער די פּיס. דער געלער איד איז אָוועקגעגאַנגען,

זיך אויסגעמישט מיט אַן אַנדער בינטל איבערוואַנדערער, און בערע איז געשטאַנען ווי אַ געליימטער, האָט זיך אַ צייט ניט געקענט רירן פון אָרט. זיינע בליקן האָבן אַוועקגעוואַנדערט נאָכן געלן אידן; אָבער אים איז טונקל געוואָרן פאַרן געדאַנק.

ווען ער וואָלט איצטער געקענט ערגעץ געפינען סימקען, אָט דער שווייגנדיקער סימקען, וואָלט ער זי פאַרנומען צום ים און דאָרטן אויסגערעדט זיין גאַנץ האַרץ. נאָר איין זאַך איז פאַרט געבליבן אין זכרון. די, וואָס זענען שוין אַוועק אויף זיין ערד־חלק און זענען שוין דאָרטן, — זיי וועט ער דורכזיפן, ווען ער וועט אַהינקומען, ווי מען זיפט ווערעמדיקע אַרבעס. ער מוז נאָר דער־גיין וואָס פאַר אַ איבערוואַנדערער עס זענען פאַרשריבן אויף זיין ערד־חלק; ער וויל זיי אָנקוקן מיט זיינע אויגן און מיט זיי זיך דורכשמועסן. אָט אַזעלכע ווי דער דאָזיקער געלער איד, ווען אפילו מען זאָל אים, בערען, האַלטן פאַר אַ מסור, וועט ער ניט דערלאָזן, מען זאָל אים שיקן צו דער ערד.

דערווייל איז אַ צעהיצטער אָנגעקומען אַ שוואַרצער, קורצזיכטי־קער יונגערמאַן אין ברילן, אין אַ לאַנגן, וואַטענעם מאַנטל, פון די שפּאַלטן קריכט אַרויס די וואַטע, אימיצן האָט ער געזוכט, און האָט אויסגעקליבן בערען:

— איך, חבר, האָט מען שוין אַרויסגעגעבן דעם נאַריאַד?... די הויט ברענט אויף מיר; איך קוק אויף די דאָזיקע מענטשן אין דעם פאַרלייזיקטן הקדש — זיי איז מסתמא דאָ גוט... איך בין שוין צוויי מאָל געווען אויף מיין ערד־חלק, צופוס געגאַנגען, כאָטש זיך אָנזעטיקן מיט דער ערד, וואו כ׳וועל באַדאַרפן בויען אַ שטוב... אָט איז זי, די ערד!...

ער האָט פון קעשענע אַרויסגענומען אַ פּאַפּיר מיט ברוינער ערד און אונטערגעטראָגן בערען צו דער נאָז:

— דאָס איז אונדזער ערד, חבר! געשלאָפן היינטיקע נאַכט אויף דער דאָזיקער ערד... אַ טייערע ערד, אַזאַ ערד גיט ברויט... אַזאַ ערד האָבן אידן נישט פאַרדינט צו האָבן, זאָג איך דיר, חבר...

בערען האָט זיך געגלוסט אַ נעם טאָן דעם קורצזיכטיקן יונגנמאַן, אים אויפהייבן אינדערהויך, אַראָפּלאָזן און אים אַ קוש טאָן... כאָטש

קאַמיש האָט אים אויסגעזען דער דאָזיקער מענטש מיט דעם ביסל ברוינע ערד אין פּאַפּיר, איז ער פונדעסטוועגן אים אָנגעקומען אין דער צייט: „הלואי וואָלט איך היינטיקע נאַכט גענעכטיקט אויף דער הוילער ערד, דאָרטן, וואו מען בויט אַ אידישן דאָרף...״

בערע האָט צורו געלאָזן דעם קורצזיכטיקן אידן, און איז אַרויס אין גאַס. אין מוח איז אים געווען ענג; אַן אויסמיש פון אַלערליי איבערלעבונגען, גוטע און שלעכטע, איז אים געקומען פאַרן רעיון. ענג ווערט אים אויך אַרום הארצן, ווען ער דערמאָנט זיך וואָס דער געלער איד האָט אים אַ זאָג געטאָן. עס קומען אָן פאַרן דמיון אַלע צופאַלן, ווען אים האָט מען חושד געווען, אַז ער איז געוואָרן אַ טשינאָווניק. אויף זיין אייגענעם ערד־חלק האָט עס אַ סך מאָל געטראָפן. אפילו יוסף ראַטנער האָט אים אַ פּאָר מאָל אַ זאָג געטאָן: „זע, בערע, פון דיר זאָל ניט ווערן אַ שטיק הוילער טשינאָווניק...״

— וואָס הייסט אַזעלכעס אַ טשינאָווניק? — האָט בערע זיך אַליין געפרעגט, און געענטפערט: — דאָס איז איינער, וואָס גיט אַכטונג, אָרדענונג זאָל זיין. און וואָס וויל איצטער די סאָוועטנמאַכט פון אידן? זי וויל, אידן זאָלן אויפהערן צו זיין הענדלער און שווינדלער...

ביים וואָרט „שווינדלער״ שטעלט זיך ווידער אָפּ דער געדאַנק; ער זוכט אַ באַרעכטיקונג פאַר אַזאַ מיינונג. אַ סך מאָל האָט מען אים שוין אָפּן אַרויסגעזאָגט, אַז ער, בערע קאָוואַלסקי, האָט פיינט דאָס אידישע פאָלק; אַז ער האָט אַ גוי׳איש האַרץ...

— וואָס מיינט עס? איך האָב טאַקע פיינט די בורזשוקעס... זיי האָב איך פיינט! לעניין האָט געהייסן, דער אַרבעטער־קלאַס זאָל זיי פיינט האָבן. נו, איצטער איז אָנגעשטאַנען אַ צייט, דער אַרבעטער באַדאַרף נעמען און מאַכן אַ לייט פון די געוועזענע בורזשוקעס...

עך, ווען לאַנג איז איצטער דאָ, וואָלט ער זי גענומען פאַר דער האַנט, אַריינגעפירט אין געזעמל מענטשן דאָ אין איבערוואַנדערער־הויז, און ער וואָלט זי געפרעגט, צי מען קען אַזאַ געזינדל מיט אַזויפיל פּוסטער גאווה און פּוסטע רייד ליב האָבן? ער וואָלט עס לאַנגען געפרעגט; זי וואָלט מודה געווען, אַז זי האָט איר אייגענעם טאַטן פיינט...

בערע האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן; געקוקט צו דער ערד, און אַזוי טריט־ביי־טריט זיך דערוווייטערט פון איבערוואַנדערער־הויז. מיטן געדאַנק איז ער אַוועק צום ערד־חלק, וואו ער דערקענט ניט נאָר זיין אַרבעט אַליין — ער הייבט אָן צו דערקענען יעדנס אָנגעשטרענגטע אַרבעט באַזונדער... ער פירט דורך פאַרן רעיון אַלע דערפער, וואָס ער האָט אינאיינעם מיט לאַנען סוף־זומער באַזוכט. זיין געדאַנק לייטערט זיך אויס. ער הייבט אָן אין האַרצן זאָגן זיך אַליין מוסר: „ניט אַזוי באַדאַרף מען קוקן אויף די איבערוואַנדערער, וואָס זענען פון שטעטל שוין אַוועק און צו דער ערד זענען זיי נאָך ניט געקומען... ס'איז אַ שלעכטער איבערגאַנג... פאַרברענטע בריקן, ניטאָ קיין וועג אויף צוריק... דאָס וואַלגערן זיך מאַכט אַ תל פון מענטשן, דאָס איז אמת..." בערע באַשטימט, ווען ער וועט זיך אומקערן צו זיך אויפן ערד־חלק, וועט ער מיט יוספ'ן האָבן אַ לאַנגן שמועס... יאָ, יוסף, מיט אַלע זיינע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע ריידעלעך, איז פאָרט אַמאָל געדעכט — — —"

ביי די מחשבות איז אים מיטאַמאָל, מיט זיין אָקסן־געשפּאַן, אַנגעקומען יוסף ראַטנער! בערען איז אַזש הייס געוואָרן אין פּנים.

יוסף איז אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן, אָפּגעשטעלט די אָקסן, און זיך געוואָרפן בערען אַנטקעגן:

— האָ, בערע, דו ביסט שוין דאָ! וואָס מאַכסטו? אַלע בענקען נאָך דיר; אַלע וואַרטן אויף דיר...

בערע האָט זיך ניט געקענט באַהערשן; ער האָט אַרומגענומען יוספ'ן און זיך צעקושט מיט אים:

— פון הימל ביסטו מיר אַראָפּגעפאַלן, יוסף. כ'האָב אַ גאַנצן באַגינען געטראַכט פון דיר; נעמסטו און דו קומסט אָן! וואָס טוסטו דאָ מיט די אָקסן?

— מען בויט, בערע! שטיבער וואַקסן ביי אונדז ווי גראָז. דאָס פאָר איך נעמען ברעטער פאַר אַן איבערוואַנדערער, וואָס האַלט שוין ביי די קראָקוועס.

— מען בויט, יוסף...

בערען האָט אַ ברי געטאָן אין די אויגן; מיט אַ הייסן טוי

האָבן זיינע אויגן אַ בלישטש געטאָן; ער האָט נאָכאַמאָל אָנגעכאַפּט יוסף׳ס האַנט:

— איי, גוט, וואָס דו ביסט געקומען! האָב אַ גאַנצע נאַכט ניט צוגעמאַכט מיט אַן אויג; האָב געזינדיקט מיט מיינע מחשבות, יוסף. ס׳איז מיר שווער דאָ אין איבערוואַנדערער־הויז. דאָ האָב איך פיינט די מענטשן, וואָס לויפן כלומרשט זיך באַזעצן אויף דער ערד. אין די שטעטלעך האָבן זיי געהאַט אַן אַנדער אויסזען; און דאָ — ממש איך דערקען זיי ניט. אדרבה, באַטראַכט דעם עולם, וואָס דרייט זיך דאָ אַרום, — וואָס וועלן זיי אויפטאָן ביי דער ערד? צי דאָס זענען מאַנסבילן? צי זענען עס ווייבער...

יוסף האָט זיך צוגעטוליעט מיט זיין געשפּאַן אין אַ ווינקל פון גרויסן הויף, וואו נאָך אַזעלכע געשפּאַנען זענען געשטאַנען. אָקסן זענען געלעגן אויף דער ערד און מעלה־גירה געווען. יוסף האָט ניט גאָר גוט תופס געווען, וואָס פאַר אַ בייט עס איז פאָרגעקומען אין בערען. בערע האָט זיך פאַרלאָזן אַ בערדעלע, וואָס דאָס האָט צוגעגעבן ווייכקייט צו זיין פּנים.

— עס חידוש׳ט מיר, בערע, וואָס דו פרעגסט זיך גאָר ניט נאָך אויף אייגענע און פרעמדע, כאַ־כאַ־כאַ; איך דערקען דיך ניט, בערע; הייבסט דאָך אָן צו ווערן אַ שטיקל מענטש...

— וואָס מיינסטו, יוסף?

— באַמערקסט שוין ווי די רעוואָלוציע האָט אונדז אידן צעריבן און צעבראָכן. אָט די אַלע זען אויס ווי אָנגעשניטענע, פּאַראַיאַרי־קע קאַרטאָפּליעס, איידער מען פאַרזעצט זיי אין דער ערד. איך זאָג דיר, בערע, מיר זענען דערוויי׳ל די זריעה, וואָס מען פאַרזעצט אין דער ערד. כאָטש מיר זענען יונגע מענטשן, בערע, וועלן פון די פּרוכט הנאה האָבן אונדזערע קינדער, אויב מיר וועלן האָבן קינדער. ס׳איז אַזוי מיט דער גאַנצער רעוואָלוציע. איי, גוי דו איינער, ווען דו וואָלסט וויסן דעם באַדייט פון „דור המדבר", וואָס האָט באַ־דאַרפט טריקענען אין מדבר, ביז אַ יונגער דור איז אונטערגעוואַקסן, צו קענען פאַרנעמען דאָס צוגעזאָגטע לאַנד... אָט, זעסטו, האָסט שוין אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ; און דו, וואָס ביסט אַלעמען חושד אין קאָנטער־רעוואָלוציע, — האָסטו גענומען און זיך דערשראָקן. זיץ ניט

דאָ; אויף דיר וואַרט אַ וועלט מיט אַרבעט אויפֿן ערד־חלק. ביסט דאָך אונדזער עלטסטער; און די אַרבעט גייט־אָן אָן דיר. פֿאַר־שטייסט, בערע, מען טאָר עס אינדערהויך ניט אַרויסרעדן; דאָס דאָזיקע אָרט איז אַ שטיק קאָנטר־רעוואָלוציע... פֿאַרלייזיקטע געלע־גערס; אויף אַלעמען קריכן דאָ אַרום וואַנצן... באַלד וועט דאָ זיין זייטשיק, ער קומט אַהער פֿאַרנעמען אַ משפּחה איבערוואַנדערער; כאַפּ זיך אַרויף צו אים אויפֿן וואָגן, און פֿאָר אַהיים. איך וועל דאָ מוזן נעכטיקן.

בערע האָט געהערט יוספֿ'ן, און ס'איז אים אויסגעקומען, גלייך ווי יוספֿ רעדט מיט זיינע רייד. אָט אַזוי האָט ער, בערע, באַדאַרפֿט רעדן און מונטערן; טוט עס גאָר יוספֿ! ס'איז אים געוואָרן אַביסל פֿריקרע פֿאַר יוספֿ'ן, און ער האָט געוואָלט פֿאַרריכטן זיין מצב אין יוספֿ'ס אויגן:

— פֿאַרשטייסט, יוספֿ, כ'בין אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפֿן... וואָס רעד איך, אַ נאַכט? שוין באַלד פֿינף נעכט ווי איך וואַלגער זיך אַרום; דערקענסט ניט ווי די אויגן זענען מיר רויט? כאַ־כאַ־כאַ, דעריבער האָבן אַלע ביי מיר איין פּנים. דאָ קאַלאַטשען זיך אַרום ווילע משפּחות, טייערע יאַטן און מיידלעך... דאָ זענען פֿאַראַן אַ סך איבערוואַנדערער ווי דו, ווי איך, וואָס זענען געקומען פֿון ערד־חלקים; נאָר דאָ מישט זיך אַלץ אויס אין איין קאַשע, כאַ־כאַ־כאַ! איך האָב דאָ נעכטן געהאַט גאָר אַ גוטן טאָג; געטראָפֿן אמת'ע רעוואָלוציאָנערן, באָלשעוויקעס; אַ משפּחה געוועזענע פּויערים, פֿינטשוקס, הוילע מאַנסבילן; האָבן געקראָגן ערד אין אונדזער דאָרף...

— אָט דאָס פֿאָרט זייטשיק נאָך זיי; וועסט מיט זיי קענען מיטפֿאָרן...

— זאָגסטו, אַז אונדזער דאָרף וואַקסט?

— נאָך ווי וואַקסט ער!

בערע האָט באַמערקט אויף יוספֿ'ס פּנים אַ שמייכל; ער האָט דערקענט, ווי יוספֿ מאַכט אין האַרצן פֿון אים חוזק.

— לאַכסט פֿון מיר, יוספֿ?

— איך האָב דיך ליב אַזוי; הלוואי וואָלסטו אויפן ערד־חלק פאַרמאָגט די אייגענע ווייכקייט... ניט אַנדערש, דו האָסט זיך אין די שטעטלעך אין אימיצן פאַרליבט; זיי זיך מודה, בערע...

— וואָס מאַכן דאָרט מיינע לייט, דער טאַטע, די מאַמע? האָט מען עפּעס געהערט פון נחום'ען?

— דער טאַטע איז אַוועק אַקערן. וועגן נחום'ען קען איך דיר גאָרניט זאָגן.

— זאָגסטו, זייטשיק וועט דאָ הײַנט זיין מיט זיינע פערד?

— יאָ, פאָר מיט אים אַהיים; דאָרטן וואַרט אויף דיר לאַנע; בענקסט ניט נאָך איר?

יוסף האָט זיך אין האַרצן צעלאַכט; האָט אַ קלאַפּ געטאָן בערען אין פּלייצע און האָט געזאָגט:

— אַ רעוואָלוציאָנער איז אויך אַ מענטש, בערע; אַ באָלשעוויק האָט אויך אַ האַרץ. היינט געפעלסטו מיר. קום, לאָמיר אַריינגיין אין קאַנטאָר; איך וויל זיך באַקענען מיט די איבערוואַנדערער, וואָס ווען זיך באַזעצן אויף אונדזער ערד־חלק.

בערע איז אים נאָכגעגאַנגען. ס'האָט אים ניט פאַרדראָסן, הלמאַי יוסף האָט אים אין אַזאַ מאָמענט באַגעגנט.

שוין ביי דער טיר פון קאַנטאָר האָט בערע אָנגענומען יוסף'ן ביים לאַץ און שטיל געזאָגט:

— דאָ, יוסף, אַז איך באַטראַכט דעם עולם, דוכט זיך מיר, די דאָזיקע איבערוואַנדערער האָט מען מיט די וואָרצלען אַרויסגעריסן און אַרויסגעשלײדערט פון זייערע ערטער, און הינטער זיי פאַרברענט די בריקן... וואָס זאָגסטו, יוסף, ניט אַזוי?

יוסף האָט אים אַ ווײַלע אָנגעקוקט; דערנאָכדעם, מיט גוטסקייט אין בליק, האָט ער געזאָגט:

— זעסטו, בערע, איצטער פאַרשטיי איך דיך אַביסל אַנדערש... אַזוי רעדט ניט נאָר אַ רעוואָלוציאָנער, נאָר אויך אַ מענטש. גוט האָסטו געטאָן, וואָס דו ביסט אַוועקגעפאָרן און זיך אָנגעזעטיקט מיט אידישן עלנט.

בערע האָט געשוויגן. יוסף׳ס לעצטע ווערטער האָבן אים ווי געטאָן; כאָטש ער האָט געפילט, ווי יוסף איז אים געוואָרן אַ סך נענטער.

## XXXVIII

אינאיינעם מיטן פרילינג איז געוואַקסן די פרייד. אינאיינעם מיטן לעבן, וואָס איז געקוואָלן פון דער ערד, איז אויף דער ערד, צווישן די שיטערע שורות הייזער, אַ ניי־געבוירענער, געשטיגן דער מענטש און זיין וואוקס, וואָס איז פאַרן ווינטער איינגעשרומפּן געוואָרן. מענטש האָט ווידער זיך אויסגעגלייכט; פאַרבאָרגענע יוגנט האָט אויפגעבליט אינאיינעם מיטן פרילינג. ווידער האָט מאַמע־ערד געוועקט האָפענונגען ביים מענטשן, וואָס האָט געזוכט ביי איר חיונה, ווי עס זוכט אַ קינד חיונה ביי דער מאַמעס ברוסט, — ניט אַזוי מיט די אויגן, נאָר מיט הונגער אין לייב...

דעריבער זיינען די ניי־אָנגעקומענע איבערוואַנדערער געווען פאַר די אַלט־געזעסענע ווי אַ מין אָנזאָג, אַז זייערע אייגענע טריט מיט אַ יאָר צוריק, אויך אין אַזאַ־אָ פרילינג, זענען געווען אין צייט געווענדט אַהער קיין קרים. ווי דערפאַרענע, אויסגעפּרואווטע, האָבן די אַלט־געזעסענע געקוקט אויף די ניי־געקומענע. די אַלט־געזעסענע זענען געווען פאַר די ניי־געקומענע דאָס אייגענע, וואָס מיט איין פרילינג פריער איז פאַר די איצטיקע, אויסגעפּרואווטע, געווען די אויפגעגאַנגענע ווינטער־תבואה, וואָס פאַר זיי האָט מען געזייט ערב־ווינטער; און ווי די ערשטע שטוב, וואָס איז פאַר זיי צוגעגרייט געוואָרן ערב זייער אָנקומען.

אויסער דער שטיינבערג־משפּחה, וואָס האָט זיך צייטווייליק באַזעצט ביי די ברעזערס, איז איצטער כמעט אין יעדער שטוב צוגעקומען אַ האַלבע אָדער אַ פערטל משפּחה. אַ חוץ דעם פאַראַיאָריקן „הקדש״, וואָס איז ווידער אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ גרויסן מענטשנגעזינד און בעבעכעס, מיט גוטע און שווערע חלומות, — איז דער ערד־חלק אויפגעריכט געוואָרן מיט אָקסן־געשפּאַנען און מיט פערד; קעלבלעך, דאָ שוין געבוירענע, האָבן אַרומגעבריקעוועט;

און צו דעם אַלעמען האָבן געווירבלט דעם שטויב דרויסן פאַר די שטיבער אַ גאַנץ פיינע סטאַדע באָרוועסע קינדער, אינגלעך און מיידלעך. אַ פרייד איז געווען ביי די קינדער אין הארצן, פונקט ווי דער יונגער דאָרף האָט זיך געפרייט מיט דער קינדערגערעטעניש, וואָס די נייע איבערוואַנדערער האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט. אביסל קינדער זענען מיט די מאַמעס געקומען צו די אַלט־געזעסענע, אָבער מיט אַ קינדערגערעטעניש זענען די נייע אָנגעקומען.

די בריות האָבן תיכף גענומען טראַכטן פון אַ היים; האָבן זיך צעטיילט: ווער עס האָט געפירט שטיינער פון דער נאָנטער שטיינברעכעריי, האָבן די שטיינער אויסגעלאָדן אויף די פּלעצער, אָפּגעצייכנטע פאַר אַ שטוב וועגן; און דעריבער איז גלייך קענטיק געוואָרן דער צוקינפטיקער וואוקס פון דאָרף... אַנדערע זענען אוועק מיט די אָקסן־געשפּאַנען אין סטעפּ, אויסצופּרואוון די כשרונות ביים אַקער און בראָנע.

אָ, ווי שיין און לויטער־וואַרים דער צווייטער פרילינג איז אַראָפּגעקומען; גאָרניט אָנצוזעטיקן זיך מיט דער לויטערער רחבות!...

— יאָ, אַפּנים, אביסל האָב איך זיך פאַרשפּעטיקט...

אַזוי האָט בערע אַליין צו זיך גערעדט, ווען דער וואָגן, אין וועלכן ער איז געזעסן, האָט איצטער געצויגן פון איבערוואַנדערערהויז דורכן אָפענעם סטעפּ. מיט אַ וואָך זעקס צוריק, ווען ער האָט זיך אַוועקגעלאָזן אויף זיין נסיעה איבער די שטעטלעך, אונטערצוטרייבן די דעקלאַסירטע, זיי זאָלן אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט אויפן שטעטל, און זיך לאָזן בויען אַ היים ביי דער ערד, — יעמאָלט איז נאָך געווען ווינטער. אמת, סוף־ווינטער אין קרים, אָבער טיף־ווינטער אין די שטעטלעך אַרום דניעפּער. און איצטער, ער איז שוין די לעצטע עטלעכע ווערסט פון זיין ערד־חלק, פון זיין דאָרף, און ער קען זיך ניט אָנזעטיקן מיט דער לויטערקייט, וואָס דער טאָג גיסט אַרום אים; עס קענען זיך זיינע אויגן ניט אָנזעטיקן מיט דעם גרין־גרינעם אויסגוס איבער דער ערד פון דער ווינטער־תבואה; דאָס מזרח־דרום־ווינטל טרייבט דעם גרין, און גיסט אים איבער אין זילבער און גאָלדיקע כוואַליעס.

ער פאָרט ניט אין זיין אייגענעם וואָגן. אים פירט ניט זיין

איינגענער געשפּאָן; ער פֿאָרט אויך ניט איינער אַליין. ער האָט זיך אַרויפֿגעכאַפּט צו זייטשיקן אויפֿן וואָגן, וואָס איז געקומען צו פֿאַר־נעמען פֿון איבערוואַנדערער־הויז די משפּחה פּינטשוק. אַ פּעסטגע־וואָקסענע משפּחה איז דאָס געווען; אַ שוואַרצע און אַ ברוינע, מיט ערד־קאָליר אין פּנים. טאַטע־מאַמע און דריי בנים. דער טאַטע — ירחמיאל; די מאַמע — פּייגע; און די דריי בנים — דוד, בעניע און שמחה. וואָרצלדיקע, מיט שווערע, לאַנגע אָרעמס; אַליין הויכע וויביימער, גלייכע און צעצווייגטע — דריי דורות פּויערים אין קיעווער געגנט! און כאָטש זיי זענען אין צייט פֿון פּאָגראָמען אויסגעריסן געוואָרן מיט די וואָרצלען פֿון זייער נחלה, האָבן זיי זיך צום שטעטל ניט געקענט צוקלעפּן; האָבן אין שטעטל קיין וואָרצלען ניט אַרויסגעלאָזן.

בערען איז איצטער גוט געווען מיט די דאָזיקע מענטשן אין וואָגן. אין איבערוואַנדערער־הויז איז אים געווען צו טרויעריק; האָט ער זיי אפילו רעכט ניט באַטראַכט. ער האָט זיך איצטער צוגע־הערט צו זייערע רייד; רייד שפּאָרעוודיקע, ווי צו זיך אַליין האָבן די מענטשן גערעדט, און וואָס האָבן פֿאַר אים, פֿאַר בערען, אַ סך באַטייט. „אַ שאָד, וואָס די דאָזיקע מענטשן זענען, אַ חוץ דער מאַמען, הוילע מאַנסבילן... וואָלט ניט געשאַדט, ווען כאָטש איין מיידל פֿירן זיי אויפֿן וואָגן...” עס פּאַסט ניט בערען אַ פֿרעג צו טאָן, צי זיי האָבן ערגעץ־וואו אָפּטמאָל ניט איבערגעלאָזן נאָך אימיצן...

אָבער אים, בערען, איז פֿאַרלאָפֿן אַ געדאַנק אין מוח, און זשומעט ווי אַ ניט־געבעטענע פֿליג: „אָט דער בעניע, דער מיטלסטער, וואָס זיצט מיט אים זייט־ביי־זייט און נעמט ניט צו די אויגן פֿון סטעפּ; רעדט קיין וואָרט ניט און שלינגט מיט די אויגן דעם סטעפּ — אַזאַ איינער קען דווקא נעמען, און אים זאָל גאָר געפֿעלן ווערן לאַנע... מהום, ער קען איר אויך געפֿעלן ווערן...” וואָס־נענטער צום דאָרף, איז אים אַלץ לאַנעס געשטאַלט נענטער און בולט'ער געקומען אַנטקעגן.

ער, בערע, קען ניט פֿאַרלייקענען פֿאַר זיך אַליין, אַז אַ מיידל ווי לאַנע האָט ער פֿאַר די גאַנצע זעקס וואָכן אינערגעץ ניט באַגעגנט. פֿאַר די גאַנצע זעקס וואָכן האָט ער קיין איין טאָג ניט פֿאַרפֿעלט

צו טראַכטן פון איר. נאָך מער, אים האָט זיך אויסגעוויזן, ווען לאַנע וואָלט מיט אים אומגעפאָרן איבער פאָדאָליע, זי מיט אירע רייד — זי וואָלט אַ סך מער אויפגעטאָן ווי ער... איר, דער פרוי, וואָלטן סאַי מענער און סאַי פרויען געגלויבט; אויף איר וואָלטן זיך פאַרקוקט אַ סך יונגע מענטשן, מיידלעך און בחורים; אוועקגעוואָרפן דאָס שטעטל און זיך פאַרשריבן צו גיין קיין קרים, בויען סאָציאַליזם ביי דער ערד. זי, לאַנע, וואָלט בעסער פון אים אויפגעקלערט דעם באַטייט פון סערפּ, ווען ער וועט זיך דערהייבן צום האַמער, און זיך פאַרקניפּן מיטן האַמער — — —

בערע האָט חשק צו פאַרציען אַ שמועס מיטן מיטלסטן בחור, מיט בעניען. די עלטערע האָבן שוין אַ פּאָר מאָל אָנגעהויבן צו רעדן; כסדר האָבן זיי עפּעס געהאַט צו זאָגן וועגן דער ברוינער ערד, וועגן דער ווינטער־זריעה. האָבן אפילו דאָ־און־דאָרטן אָנגענומען אַ הויפן ערד, און אַלע אינאיינעם, ווי גוטע מבינים, געפּרואווט צווישן די פינגער די ערד. האָבן אַרויסגעצויגן ווייצן־גראָזן פון דער ערד און באַטראַכט מיט חשיבות די וואָרצלען... אָבער פון תוך־זאַכן האָט מען נאָך דערווייל ניט גערעדט. וועט ער אפשר פּרואוון אַליין פאַרציען אַ שמועס; כאָטש עס איז כדאי צו וואַרטן אויף אַ מער פּאַסיקער געלעגנהייט.

דער טאַטע ירחמיאל האָט אָנגעהויבן גאָר אומגעריכט פון זיינע איבערלעבונגען אין צייט פון די פּאָגראָמען:

— איך קוק אויף דער תבואה, וואָס איז אויפגעגאַנגען, און טראַכט: ווי קומט עס, אַז ביי דער ערד זאָלן קענען מענטשן וואַקסן און טראָגן אַ גזלן, אַ רוצח אין האַרצן... איך זאָג עס אַנטקעגן די פּויערים פון די שכנ'ישע דערפער, וואָס מיטאַמאָל האָט זיך ביי זיי אויפגעוועקט דער רוצח; גענומען און זיך אוועקגעלאָזן אויס'־הרג'ענען די אידן — הלמאי די אידן האָבן אויך אַ שטיקל תקומה אויף דער ערד... נאַ דיר גאָר, מיטאַמאָל איז די ערד קאַרג געוואָרן! נאַ דיר גאָר, מיטאַמאָל איז גאָר דער אידישער פּויער דער, וואָס האָט די גאַנצע רוסישע ערד איינגעשלונגען!... פונוואַנען אַזאַ רציחה צו אַ ברודער־פּויער, וואָס איז אַ איד? אינאיינעם איז מען אויסגעוואַקסן, און מיטאַמאָל — אַ רוצח מיט אַ האַק אין האַנט: „זשיד,

צוליב דיר איז אַ מלחמה געווען... צוליב דיר זענען אומגליקן אויף דער ערד..." ווי זאָגט בעניע: אַז אַ איד באַדאַרף דערפאַר זיין אַ באָלשעוויק — איז ער גערעכט... איצטער, ווען איך גיי ווידער צו דער ערד, וועל איך שוין מיט אַנדערע אויגן קוקן אויפן גוי, דייטש, צי טאַטער; זיי, זאָגט מען, זיצן דאָך אין קרים; איצטער וועל איך אויף זיי אַנדערש קוקן.

אויף דעם האָט זיך דוקא דער מיטלסטער, בעניע, אָפּגערופן:

— ניט גוט, טאַטע, וואָס דו רעדסט אַזוי; איצטער איז ניטאָ מער קיין גויים און קיין אידן; איצטער זענען פאַראַנען מענטשן; גוטע מענטשן און שלעכטע מענטשן; ניטפּאַרגינער־מענטשן; און מענטשן, וואָס זענען גרייט צו טיילן זיך מיטן לעצטן ביסן. איצטער איז געקומען די רעוואָלוציע און האָט געזאָגט: אַז מענטשן זענען אַלע פון איין ליים, צי פון איין בלאָטע געקנאָטן, נאָר מען באַדאַרף זיי איבערפורעמען... איז דאָס אַן אמת, טאַטע. איצטער, טאַטע, אַז מיר גייען זיך באַזעצן ווידער אויף דער ערד, וואָס די מלוכה גיט אונדז אומזיסט, — איז דאָך עס ערד, וואָס די רעוואָלוציע האָט אוועקגענומען פון די פּריצים, וואָס האָבן די גאַנצע וועלט פאַר זיך אָנגערויבט; די רעוואָלוציע טיילט עס אַלעמען גלייך אויף גלייך. טאָ ווי אַזוי קען מען אַרומגיין מיט רשעות אין האַרצן? איך קוק צו די אומבאַקאַנטע דערפער, שוין אַלטע דערפער; מיר אַרט נישט ווער עס לעבט אין זיי. פון איצטער אָן וועט אַלצדינג זיין אַנדערש. הלואי וואָלסטו מיך געווען געפאָלגט, האָבן מיר געקענט אַוועק צוריק צו אונדזער אַמאָליקער ערד; איצטער וואָלטן אונדז די פּויערים גאָרנישט געטאָן. נו, האָסטו געוואָלט קרים — זאָל זיין קרים. מיר געפעלט קרים.

זייטשיק האָט אַ קנאַק געטאָן מיט דער בייטש און אַ לאַך געטאָן.

בערען האָבן שטאַרק הנאה געטאָן דעם דאָזיקן בעניעס רייד; כאָטש ער, בעניע, וואָלט, לויט בערעס מיינונג, גאָר אַנדערש באַדאַרפט דעם טאַטן זיינעם אויפקלערן דעם גאַנצן ענין, וואָס די רעוואָלוציע האָט אָפּגעטאָן. נאָר זייטשיקס געלעכטער איז אים ניט געפעלן געווען. מיט זייטשיקן האָט ער זיך ניט געוואָלט אָנהייבן; ניט איין מאָל האָט ער שוין מיט אים געהאַט אַ מחלוקת — האָט

ער באַשטימט גלייכער צו שווייגן. בכלל געפעלן אים די דאָזיקע מענטשן; אפילו דער טאַטע געפעלט אים אויך. די צייט וועט קומען אין דאָרף, ווען מען וועט דעם דאָזיקן ענין אַרומרעדן. „מיט אַזעלכע מענטשן איז כדאי אָנצוהייבן בויען אַ לייטישן קאָלעקטיוו... פון דעם וואָלט ניט שאַדן אפשר גלייך אָנצוהייבן..."

דערווייל האָט מען אָנגעיאָגט אַן אָקסן־געשפּאַן, וואָס האָט געשלעפּט אַן אָנגעלאָדענעם וואָגן מיט גרויסע קאַלכשטיינער; ביי דער זייט וואָגן, מיט דער בייטש איבער די אָנגעיאָכטע רוקנס פון די אָקסן, האָט געשפּאַנט אַ באָרוועסער איבערוואַנדערער, אין אַ פאַרשטויבטן, אָבער נאָך גאַנצן שבת׳דיקן, שוואַרצן סורדוט, מיט אַ באַראַשקענעם, הויכן היטל אויפן קאָפּ... אַ שוואַרצבערדיקער יונגערמאַן איז דאָס געווען.

תחילת האָט דער פערד־געשפּאַן איבערגעיאָגט און אַ היבש ביסל ווייט געלאָזן אַהינטער דעם אָנגעלאָדענעם וואָגן מיט שטיינער.

נאָר ווען זייטשיק האָט ווידער אַ לאָך געטאָן, האָט בערע געפרעגט:

— דו קענסט דעם דאָזיקן איבערוואַנדערער?

— יאָ, מיט אַ וואָך צוריק געקומען, האָט שוין באַלד אָנגעפירט שטיינער אויף אַ שטוב.

— טאָ וואָס־זשע לאַכסטו פון אים?

— אַלע לאַכן פון אים.

— פאַרוואָס?

— טאָ וואָס־זשע לאַכסטו פון אים?

— איך לאַך פון גאַנצן ענין; פון אונדזער אַלעמענס קעפּ לאַך איך... פון מיין נאַרישן קאָפּ לאַך איך אויך, כאַ־כאַ־כאַ.

האָט בערע אַרויסגענומען די לייצעס פון זייטשיקס הענט, אָפּגעשטעלט די פערד און אַראָפּגעשפּרונגען פון וואָגן.

דער איבערוואַנדערער אין סורדוט, מיט זיין אָנגעלאָדענעם אָקסן־געשפּאַן, האָט זיך דערנענטערט און געבליבן שטיין.

— מען חידוש׳ט זיך אויף אייך — האָט זייטשיק געזאָגט צום אידן.

— וואָס איז דער ווילדער חידוש?

— אָט דאָס איז אונדזער עלטסטער פון דאָרף — האָט זייטשיק אָנגעוויזן אויף בערען.

— איך בין קיינעמס עלטסטער ניט — האָט בערע בייזלעך אַ זאָג געטאָן — איך זע שוין, אַז דער דאָזיקער סורדוט וועט אויף דעם איבערוואַנדערער צעריבן ווערן ביז ער וועט אויפשטעלן אַ שטוב; יעמאָלט וועסטו, זייטשיק, אויפהערן צו לאַכן.

דער איבערוואַנדערער אין סורדוט האָט זיך האַרציק צעלאַכט און צופרידן געקלאַפּט בערען איבערן אַקסל:

— אָט דאָס איז אונדזער עלטסטער, חבר בערע קאָוואַלסקי... טוט מיר הנאה.

— קיינער העלפט אייך ניט?

— איך וויל ניט, אימיצער זאָל מיר העלפן; איך בין געקומען יענעם העלפן. איך וועל האָבן אַ שטוב, וועט עס נישט זיין מיין שטוב. אַזוי ווי פאַר מיין ווייב און צוויי קינדער האָט מען געעפנט אַ שטוב אויפן ערד־חלק, אַזוי וועל איך מיין שטוב האַלטן אָפן פאַר די, וואָס וועלן קומען איבעראַיאָר... איינער זאָל פאַרן אַנדערן בויען, און מיר אַלע — פאַר אַלעמען... צאָב, צאָבע!

דער איד אין סורדוט האָט אַ פּאָך געטאָן מיט דער בייטש איבער די אָקסן און דערביי אַ זאָג געטאָן:

— פּאָרט, פּאָרט, אויפן ערד־חלק וואַרט מען אויף אייך!

בערע איז אַ ווײַלע געבליבן פאַרטשמעליעט; ער האָט נאָך דערווייל ניט ווי געהעריק איז צעקייט דעם שמועס, וואָס ער האָט נאָר־וואָס געהערט פון די לייט אויפן וואָגן; און מיטאַמאָל — אַזאַ־אַ מענטשל אין אַ סורדוט, מיט אַ זיידן בערדל און בלייכן, שמאָלן פּנים; און גאָר אַזעלכע פּשוט'ע און קלוגע רייד...

— ווער איז דער דאָזיקער מענטש? — האָט בערע געפרעגט זייטשיקן, נאָכדעם ווי מען האָט גערירט פון אָרט.

— וועסט, בערע, דעם ערד־חלק ניט דערקענען; אונדזערע ווערן שוין בטל בששים; וועסט זיך אַליין נישט דערקענען, כאַ־כאַ־כאַ...

— איך פרעג דאָך דיך, ווער דער דאָזיקער מענטש איז?

— אָט ווי דו זעסט אים; אַ זיידענער יונגערמאַנטשיק; מיט

אזא־אַ פּריצ׳טעלע אַ ווייב, מיט צוויי יונגע קינדער; און רק אַזוי רעדט ער... ווײַל דוקא קאָלעקטיוון זאָלן זיין... מיר פּאַטופּעט זיך נישט אין קאָפּ וואָס דאָס מענטשל רעדט, כאַ־כאַ־כאַ...

מער האָט בערע ניט געפרעגט. ער האָט מער דערווייל ניט געהאַט קיין חשק צו רעדן מיט זייטשיקן. אויפן רעיון איז אים ווידער געקומען לאַנע; עם פאַרדריסט אים איצטער, וואָס פאַרן אַוועקפאָרן האָט ער אַזוי ווינציק מיט איר גערעדט. זי האָט דוקא זיך געריסן, געוואָלט זיין נענטער צו אים, נאָר ער האָט זיך געהאַלטן אָנגעדרודלט. זעקס וואָכן... אַזאַ בלויער הימל; און ווי ברייט אויסגעשפּרייט די ערד ליגט איצטער, ממש מיטן אויג ניט צו פאַר־נעמען דעם גאַנצן אַרום!

בערע קלערט, וואָס ער וועט גאָר צום ערשטן טאָן, אַז ער וועט אָנקומען. אודאי וועט ער גאָר צום ערשטן עפענען די אייגענע טיר. טאַטע־מאַמע קוקן אויס די אויגן נאָך אים. דערנאָכדעם... וואָס וועט ער טאָן דערנאָכדעם?... יוסף ראַטנער קומט אים אויפן זינען. טשיקאַווע, אויב דער דאָזיקער איד אין סורדוט, וואָס שלעפּט זיך פון הינטן מיט דעם אָקסן־געשפּאַן, שלעפּט שטיינער אויף אַ שטוב, אויב ער רעדט שוין אַזעלכע רייד — איז דאָך קלאָר פאַרוואָס יוסף איז סוף־כל־סוף געקומען צום שכל... נאָר אַז יוסף קומט אים אויפן זינען, מאָלט ער, בערע, זיך אויס, ווי יוסף שטייט אויפן מיטן דאָרף, אַרום אים אַ געזעמל פון די ניי־אָנגעקומענע איבער־וואַנדערער, און ער זאָגט זיי מוסר, הלמאי קרים ווערט ניט ארץ־ישראל... אָ, אָ, דער דאָזיקער יוסף, ער האָט באַהאַלטן זיינע מחשבות, ווען ער האָט נעכטן מיט אים זיך באַגעגנט אין איבערוואַנ־דערער־הויז, ווייל ער האָט ניט געהאַט פאַר וועמען צו זינגען זיין לידל... „מסתמא האָט ער שוין גע׳דרשנ׳ט איבערן גאַנצן דאָרף, פאַר די זעקס וואָכן וואָס איך בין ניט געווען...”

— וואָס האָט עפּעס געטאָן יוסף ראַטנער פאַר דער גאַנצער צייט? — האָט בערע פלוצלונג אַ פרעג געטאָן זייטשיקן.

— יוסף ראַטנער... אָהאָ, אַ גאַנצער באָלשעוויק געוואָרן; פייער־פלאַם, כאַ־כאַכאַ.

— אזוי גאָר, — האָט זיך בערע גע׳חידוש׳ט, — מען גלויבט אים וואָס ער רעדט?

— ווער סע גלויבט אים — גלויבט אים; איך האָב שוין מיינס אָפּגעזאָגט. מיך וועט קיינער נישט איבערמאַכן.

פון ווייטן האָט זיך באַוויזן דער דאָרף. אַ ווײַלע האָבן אַלע געשוויגן.

— דו, בערע, זאָגסט דאָך אויך, נישטאָ קיין אייגנס און פרעמדס; כ׳מיין: נישטאָ מיינס און דיינס... אַלץ איז אַלעמענס, און אַלעמענס איז אַלץ... האָ, אָט זעסטו אונדזער דאָרף, טוט עס נישט אַ טיאָכקע אין הארצן, בערע? עטלעכע דערפער אין וועג דורכגעפאָרן, האָט עס נישט געטיאָכקעט; און דער דאָזיקער, אָטאָ דאָרטן — צופּט ביים הארצן, כאַ־כאַ־כאַ... אַליין דאָרטן אויסגעריסן געוואָרן אַ יאָר צייט, צופּט עס ביים הארצן... וואָס נישט, בערע?

— ס׳איז מיר צו גוט אויפן הארצן, איך זאָל זיך איצטער מיט דיר שטעלן אויס׳טענה׳ן; עס טיאָכקעט ביים הארצן עפּעס אַנדערש, ניט דאָס וואָס דו מיינסט, זייטשיק.

— כאַ־כאַ־כאַ, דאָס ווייס איך אויך, בערע...

זייטשיק האָט ממזר׳יש אַ קוק געטאָן אויף בערען, אַזש אַלע אין וואָגן האָבן די אויגן אָנגעשטעלט אויף בערען.

בערע האָט זיך אין הארצן פאַרשעמט, וואָס דער דאָזיקער קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער זייטשיק האָט זיך דערקליבן צו זיינע געדאַנקען, אַוואו עס האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אַ נאָמען לאַנע.

## XXXIX

די ערשטע טיר וואָס בערע האָט געעפנט, איז געווען זיין אייגענע טיר. לייזער איז געווען אין פעלד. די מאַמע האָט אים באַגעגנט, געפאַלן אויפן האַלדז, געקושט און געוויינט פאַר שמחה:

— איך האָב שוין נאָך דיר אויסגעקוקט די אויגן, מיין זון; וועסט אודאי נישט דערקענען דעם דאָרף, מיין זון...

זיין מאַמע האָט ניט געוואוסט פון וואָס פריער אָנצוהייבן: צי זאָל זי אים דערציילן פון די אַלע איבערוואַנדערער־משפחות,

וואָס זענען די לעצטע פֿאַר וואָכן אָנגעקומען; צי זאָל זי אים דערציילן, אַז לאַנגע איז פֿאַר דער צייט, וואָס ער איז ניט געווען, געוואָרן אַ גאַנצע איינגייערן צו זיי אין שטוב? און אפשר זאָל זי אים דערציילן, אַז נחום איז ניט קיין גוטער מאַן צו ביילקען, און דאַריבער טוט איר ווי דאָס האַרץ...

פּונקט ווי רייזל ווייסט ניט פון וואָס פריער אָנצוהייבן, אַזוי ווייסט בערע אויך ניט וואָס פריער צו פרעגן ביי דער מאַמען זיינער. און נאָך עפּעס: לגבי דעם לויטערן, באַלעבטן דרויסן, פּעלט אים דאָ ליכטיקייט און לעבן אין שטוב; אַן אומעט איז אין שטוב;

— מען האָט אפשר באַדאַרפט אויף אַ קורצער צייט אַריינלאָזן אַ משפּחה אין שטוב אַריין...

אים האָט געחידושט; זייער שטוב האָט באַדאַרפט זיין פון די ערשטע צו עפענען די טיר פאַר די איבערוואַנדערער וואָס קומען אהער בויען זייער היים. ער האָט זיך דורכגעשמועסט מיט דער מאַמען, און עס איז געבליבן, מען זאָל צייטווייליק אַריינלאָזן די מאַנסבילשע משפּחה, די פּינטשוקס, מיט וועמען ער איז געקומען צופאָרן, און וועמעס נאָנטקייט ער האָט דערשפּירט:

— אמת'ע פּויערים זענען זיי, מאַמע; פון דור־דורות זענען זיי פּויערים! זיי באַדאַרף מען באַהילפיק זיין, מאַמע... וואָס ביסטו אַזוי אומעטיק, מאַמע?

— איך, אומעטיק? וואָס דיר קען איינפאַלן... כ'האָב גע־בענקט. וויל דיר זאָגן, מיין זון, אַז איצטער זענען גאָר אַנדערע מענטשן אָנגעקומען. אַלע פרעגן זיך נאָך אויף דיר. מען האָט זיי איינגערעדט, אַז דו ביסט אַ שטרענגער, נאָך מער ווי אַ באַל־שעוויק... זאָלסט, מיין זון, נישט זיין צו שטרענג מיט זיי... מען האָט זיך שוין אַ פּאָר מאָל געקריגט. געקומען אַ קאָלעקטיוו, מישטיינסגעזאָגט, פון שורע־בורע; האַלטן זיך אין איין קריגן. וואָס האָסטו זיך, מיין זון, אַזוי פאַרטראַכט?

בערע האָט געהערט ווי די מאַמע דערציילט. קיין קלאָרן באַגריף פון דעם וואָס עס קומט פאַר אויפן ערד־חלק, וועט ער פון דער מאַמען ניט אַרויסקריגן. דער איינציגער מענטש, וואָס וואָלט אים אַלצדינג דערציילן, און קלאָר מאַכן — איז פאַרט לאַנגע...

„ווי גייט מען אבער צונ׳איר?...״ וואָס פאַר אַ פּנים וועט עס האָבן, ווען ער, אַנשטאָט ארויסלאָזן זיך איבערן דאָרף באַטראַכטן דעם עולם, וועט ער גאָר אַוועק צו לאַנגען? ווען זי נעמט אַליין און טוט אַ קום...

— באַ די ברעזערס איז אַ פולע שטוב מענטשן; אַ משפּחה זאַלבע זיבעט האָט זיך צו זיי אַריינגעלאָזט; גרויסע בורזשוקעס; כאָטש איין בחור איז גאָרנישט אין זיי געראָטן. אַ מיידל איז דאָרטן אויך פאַראַן; גאָרנישט אין לאַנגען געראָטן; אַ גאַנצע פּריצטע... מע רופט זיי די שטיינבערגס.

— האָט מען עפּעס געהערט פון נחום׳ען? קלייבט ער זיך אפשר אהיים?

רייזל האָט ניט געוואָלט אָנציען איצטער דעם שמועס וועגן נחום׳ען, זי ווייס, אַז בערע האָט פאַראיבל, ווען זי זאָגט ארויס דאָס, וואָס זי, די מאַמע פילט. אָבער איינהאַלטן זיך און ניט זאָגן; בפרט בערע אַליין האָט געפרעגט פאַרוואָס זי איז אומעטיק — —

— יאָ, מיין זון, — —האָט זי אָנגעהויבן — ער אַליין האָט גאָרנישט געשריבן; נאָר פון איר איז אָנגעקומען זייער אַ שלעכט בריוול. ער באַהאַנדלט זי נישט גוט; ווייסט דאָך, זי איז אין די אַנדערע אומשטענדן... לאָזט ער זי איבער אויף גאַנצענע טעג. ער האָט עפּעס אַן אַנדערע געקראָגן...

רייזל האָט געקוקט בערן אין די אויגן, געוואַרט וואָס ער וועט זאָגן; אָבער בערע האָט זיך געמאַכט ניט ווויסנדיק; מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ איז ער ארויס אין דרויסן, און באַלד האָט ער זיך צוריק אומגעקערט:

— טאָ וואָס-זשע זאָגסטו, מאַמע, זאָל מען פאַרבעטן די משפּחה פינטשוק — ווועלן מיר אָנהייבן דעם ערשטן, געזונטן קאַ-לעקטיוו!

ביי בערען אין בלוט איז געוואַקסן די אומרואיקייט; ער האָט ניט געקענט באַהערשן זיינע געפילן. אַ פּאָס פרייד, וואָס האָט אַ בליץ געטאָן פאַר די אויגן, איז מאָמענטאַל דערשטיקט געוואָרן פון אַ טרויער, וואָס האָט געצויגן פון סאַמע האַרצן ארויס. בערע פילט, אַז ער האָט עפּעס פאַרשפּעטיקט; אַלץ איז דאָ געוואַקסן

און געקוואָלן פאַר דער קורצער צייט הינטער זיינע אויגן. מענטשן, מענטשן — נייע מענטשן; אַזויפיל קינדער פון פאַרשיידענעם גרויס; מוליאַרעס ציען אַרויס די ווענט; און וועגענער מיט שטיינער און ברעטער קומען אָן — גאָרניט ווי פאַראַיאָרן! דער וואוקס פון דאָרף איז קענטיק אַ ברייטערער. פאַראַיאָרן איז ער, בערע, גאָר אויף אַ נאַטירלעכן אופן געוואָרן דער „עלטסטער״; ער האָט גע־האט דאָס וואָרט; ער האָט געוואוסט וואָס מען פאַרלאַנגט פון אים, און וואָס ער באַדאַרף פאַרלאַנגען פון די, וואָס זענען געקומען צו דער ערד אויף דעם באַפעל פון דער רעוואָלוציע. פון סאַמע אָנהייב אָן, פאַראַיאָרן, האָט זיך דאָס לעבן דורכגעזיפּט דורך זיין בליק...

אָט דערציילט אים די מאַמע, אַז נחום באַהאַנדלט ניט גוט ביילקען. אמת, זי איז ברעזערס אַ מיידל, אַ בורזשויקע, ווייסט ער ניט, ווער איז צו וועמען געקראָכן... עס טוט אים וויי, הלמאי זיין ברודער האָט גענומען און זיך „אויסגעשמירט דאָס פּנים״. צוליב דעם ווערט אים פּריקרע לאַנעם געשטאַלט; די אַלע וואַרימע גע־פילן, וואָס ער האָט געפירט צו איר אין דאָרף אַריין פון פּאָדאָליער געגנט, ווערן אויסגעקילט; עס פאַרדריסט אים, וואָס די ברעזערס געפינען זיך אויפן ערד־חלק...

— איך בין דער עלטסטער; מיין עובדה איצטער באַדאַרף זיין, דורכצוקוקן דעם עולם, הערן וואָס יעדערער באַזונדער האָט עפּעס צו זאָגן...

ער וואָלט פאָרט וועלן ביי אימעצן אויספרעגן, מען זאָל אים מיט אַלע פּרטים דערציילן וועגן יעדן איינציקן, וואָס איז אָנגעקומען פאַר דער צייט וואָס ער איז דאָ ניט געווען, כדי ער זאָל אַליין ביי זיך אויספּלאַנעווען איינס־ביי־איינס, וואָס ער האָט צו טאָן. דער טאַטע זיינער האָט שוין מסתמא ביז איצטער די גאַנצע אַרבעט אין פעלד אָפּגעטאָן; מסתמא שוין פאַרזייט די זומער־תבואה; גערשטן און האָבער...

אַנשטאָט אַדורכשפּאַצירן דעם דאָרף, זיך אָפּשטעלן ביי יעדער אָנגעהויבענער שטוב; אַנשטאַט גיין צו די ברעזערס און אָנהייבן רעדן מיט לאַנען פון פולן האַרצן; רעדן, דערציילן, לאַכן,

און הערן ווי דאָס בלוט גייט פון האַרץ'ן אין פּנים אַריין; אין די אויגן אַריין, אַנשטאַט דעם האָט בערע אַוועקגעשפּרייזט מיט די פעלדער אויפזוכן דעם טאַטן.

לייזער דער שמיד, וואָס האָט פאַרבראָנעוועט מיט די פערד אַ שטיקל קוקורוזע־פעלד, איז אים אַנטקעגן געקומען. זיין זון'ס קורץ, בלאַנד בערדעלע האָט אים פאַרשאַפט צופרידנקייט. בערע איז איצטער געווען שטאַרק גראָטן אין טאַטן זיינעם.

— האָסט דערקענט דעם דאָרף, בערע, האַ? פאַרשפּעטיקט זיך... ווען ביסטו געקומען?

— ניט לאַנג געקומען; האָב זיך אַרויפגעכאַפּט צו זייטשיקן אויפן וואָגן. געבראַכט אַ משפּחה פון קיעווער געגנט; האָב גע־הייסן דער מאַמען, זי זאָל זיי אַריינגעמען צו אונדז אין שטוב אַריין. וואָס טוט זיך דאָ עפּעס?

— האָסט נאָך קיינעם נישט געזען?

— געוואָלט אַפּריער דיך זען; וויל וויסן וואָס דאָ הערט זיך.

— וואָס דאָ הערט זיך... אָ־אָ, ווען פאַראַיאָרן קומט אַראָפּ אַזאַ עולם!

— עס וואָלט, טאַטע, זאָג איך דיר, געווען דאָס אייגענע. אָט אַזוי האָט מען זיך פאַראַיאָרן אומגעשלעפּט איינציקווייז איבער די פעלדער, און אַזוי איז דאָס איצטער אויך. די סאָוועטנמאַכט וויל, מיר זאָלן בויען סאָציאַליזם, דער „אַגראַדזשאָינט" מיט אַמע־ריקע האָט זיך אַריינגעמישט און דערלאָזט ניט. אַז איך וועל זען לערנערן, וועל איך עס אים זאָגן.

— און דאָרטן וואו דו ביסט געווען, בויט מען שוין סאָצי־ליזם?

— וואו מיינסטו?

— איך מיין, אין די שטעטלאַך...

— וואָס האָט עס איינס צום אַנדערן? די שטעטלאַך באַ־דאַרפן נאָך אַפּריער איינפאַלן און צעשאָטן ווערן; אָבער דאָ

הייבט מען דאָך אָן אַלצדינג פון סאַמע אָנהייב. וויפל משפּחות זענען שוין ביז איצטער אָנגעקומען?

— נייע משפּחות, באַ אַ זעכצן־זיבעצן.

— ווער זענען זיי?

— אַלערליי קאַטעגאָריעס. אַ סך פון דער ערשטער קאַטעגאָריע; האָט מען זיי אַרויסגעגעבן צו איין אָקס אויף אַ מענטשן.

— דו ווילסט גיין אין אַ קאָלעקטיוו אַריין?

לייזער האָט ניט גלייך געענטפערט; ער האָט אַ ווײַלע אָנגעקוקט בערן; עס איז אים געווען אַ ביסל ניט צום האַרצן, וואָס זיין זון, וועמען ער האָט גאַנצע זעקס וואָכן ניט געזען, איז עפּעס ברוגז׳לאַך; האָט זיך אַפילו ניט אויסגעפרעגט וואָס מען מאַכט, און איז גלייך איבערגעגאַנגען צו קאָלעקטיוון...

לייזער האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג אָפּצוגייען דעם שמועס אויף מער היימישערע ענינים:

— האָסט געזען דער מאַמען? — האָט לייזער געפרעגט מיט אַ געפאַלענער שטים.

— יאָ; איך גיי פון שטוב.

— האָט זי דיר נישט דערציילט וואָס פאַר אַ גרוסן מיר האָבן פון נחום׳ען?

— וואָס גייט מיר נחום אָן?

— ער איז דיין ברודער, וואָס נישט?

— ער איז אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנער! אַ שנעק, אָט וואָס ער איז.

— האָט ער רעכט געהאַט צו נעמען פאַרפירן אַ יונג קינד, און אָט אַזוי זי אַוועקוואַרפן?

— איך זאָג דיר דאָך, אַז ער גייט מיר ניט אָן... אַזאַ־אָ גאַרנישט אין זיינע יאָרן, אויב אים ליגט אינזינען בורזשויסקע מיידלאַך, מיט זיי זיך אויסצושלאָפן, איז ער ווערט מען זאָל אים שיסן!

— איך הער וואָס דו רעדסט, און איך פאַרשטיי עס נישט. דו זאָגסט, אַז אויף איר איז נישטאָ קיין מיטלייד? וואָס, זי איז קיין מענטש נישט?

— איך טראַכט פון זיי ביידן ניט.

— די מאַמע ווייל זי אַראָפּברענגען אַהער, זי זאָל זיין באַנ׳אונדז אין שטוב; באַנ׳אונדז האָבן דאָס קינד. ווי זאָגסטו: ס׳איז אַ רעוואָלוציע, מיר לעבן אין לאַנד פון סאָוועטן, אַרט מיר נישט וואָס זי איז פון אָט אַזוי־אַ טראַגעדיק געוואָרן... מיינס אַן אייניקל וועט עס זיין.

בערע האָט אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער; אים איז גאָרניט געפעלן געווען לייזערס רייד; נאָר זאָגן דעם טאַטן, אַז ער רעדט און פילט ווי אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער, — פועלט ער ניט בא זיך; דאַריבער לאַכט ער פון פולן האַרצן.

אָבער לייזערן האָט בערעס געלעכטער גאָרניט פאַרענטפערט. ער, דער פּשוט׳ער שמיד, ווען די רעוואָלוציע האָט אַרויסגעפירט פון אַ זייטיק געסל הינטערן שטעטל, און אַנידערגעשטעלט אויפן סאַמע מאַרק, געזאָגט אים: דו גיי, נעם איין דעם ברייטן מאַרק, אַרבעט אַליין, און זע, אַז אַלע מענטשן אַרום דיר זאָלן ווערן אַזוי נוצלעך ווי דו; ער, פאַר דער רעוואָלוציע, האָט ער געוואוסט, אַז זיין עובדה איז אַרבעט; און איצטער, נאָך דער רעוואָלוציע, איז ער ניט געוואָרן אַ סך אַנדערש... ניט מער, אַפּריער, ווען ער וואָלט געהאַט חשק אויסצולעשן דאָס פייער אויף דער האָרנע און גיין צו דער ערד, וואָלט ער עס ניט געקענט באווייזן; איז געקומען די רעוואָלוציע און אים באַזעצט בא דער ערד... אָבער וואָס מענטשלעכקייט איז — דאָס ווייסט לייזער דער שמיד. אים איז ביילקע, ברעזערס איינגערע מיידל געפעלן געווען. ווען זי האָט זיך פאַרליבט אין זיין איינגערן זון, האָט עס אים, פונקט ווי דער מאַמען, שטאַרק הנאה געטאָן. האָט געגומען זיין איינגערער זון, אַ שנעק, ווי בערע רופט אים אָן, און האָט פּשוט און פּראָסט פאַר־פירט אַזאַ אָרנטלעך מיידל... פאַרשטייט ער איצטער ניט צוליב וואָס בערע האָט גענומען און זיך אַזוי צעלאַכט. צי דען פאַר־שטייט שוין בערע ניט וואָס עס מיינט מענטשלעכקייט?

— איז דאָס טאַקע אַזוי, מיין זון? — האָט לייזער שטיל געפרעגט.

— וואָס מיינסטו?

— אַז דיין טאַטע פאַרשטייט שוין גאָרנישט?

— איך זאָג עס ניט; איך לאַך ניט פון דיר. איך לאַך איצטער גאָרניט פון נחום'ען און זייןביילקען; איך לאַך מיט דער גאַל, אָט וואָס, טאַטע... איך האָב דיר עפּעס אַנדערש געפרעגט; אויף דעם האסטו מיר ניט געענטפערט.

— ווען ס'וועט זיין מיט וועמען צו מאַכן אַ קאָלעקטיוו, וועל איך נישט זיין דער לעצטער.

— מיינסט, אַז דערווייל איז ניטאָ מיט וועמען?

— אין וואָס זאָל דער קאָלעקטיוו באַשטיין, מען זאָל צונויפשפּאַנען די אָקסן אינאיינעם; צי מען זאָל עסן פון איין טעפּל? אין וואָס זאָל דער קאָלעקטיוו באַשטיין?...

בערען איז ענג געוואָרן אין קאָפּ פון לייזערס פּשוט'ע און אומשולדיקע רייד. צום ערשטן מאָל זינט ער איז בא דער ערד, וואָס ער האָט אַזאַ שמועס פאַרפירט מיט זיין אייגענעם טאַטן, און ער ווייסט אַליין ניט, צי זאָל ער גאָר שווייגן, צי ער זאָל נעמען און דעם אייגענעם טאַטן אַזוי אַריינזאָגן פאַר זיינע בורזשואַזע נייגונגען... נו, איז ער דאָך אַ גאַסט; גאַנצע זעקס וואָכן דאָ ניט געוועזן; אַלץ קוקט צו אים אַזוי ניי און מיט פרעמדקייט. אַפילו דאָס גרינע פעלד קוקט צו אים מיט אַ געוויסער פרעמדקייט.

אויפן רעיון קומט אָן יוסף; אים באַדאַרף ער איצטער האָבן. יוסף איז דער מענטש וואָס וואָלט אים גוט פאַרשטאַנען; מיט אים קען מען רעדן וועגן תוך־זאַכן. „עס איז שוין בעסער מיט יוסף'ן צו פאַרשפּילן, ווי צו געווינען מיט אַן אייגענעם טאַטן, וואָס האָט אַזעלכע נייגונגען..." וועט ער דאַריבער אָפּוואַרטן ביז מאָרגן, ביז וואַנען יוסף וועט זיך אומקערן פון שטאָט; ער וועט מיט אים זיך האַלטן אַן עצה ווי צוצוטרעטן צו די קאָלעקטיוון...

עס לויפט אים דורך אַ מחשבה:

— אויב דער טאַטע וועט זיך איינשפּאַרן, ער וויל ניט קיין קאָלעקטיוו, וועל איך זיך פון אים אָפּטיילן... וועל בעטן אַ שטיקל ערד אויף מיין אייגענעם נאָמען... אפשר גאָר צונויפנעמען די

יוגנט באַזונדער; אַ קאָלעקטיוו פון גאָלער יוגנט וואָלט געווען ווי געוואונשן...

— וואָס האָסטו זיך אַזוי פאַרטראַכט, מיין זון? — האָט לייזער, וואָס האָט אַ ווײַלע נאָכגעקוקט בערען, אַ פרעג געטאָן—ביסט גאַנצע זעקס וואָכן נישט געווען אינדערהיים, און ס׳איז נישטאָ פון וואָס צו רעדן... האָסט דאָך מסתמא אַ סך צו דערציילן; איינ־קלייניקייט, וואָס עס טוט זיך איצטער אָפּ אין שטעטלאָך! דער עולם וועט זיך מסתמא צונויפנעמען היינט באַנאַכט; מע וועט וועלן עפּעס הערן פון דיר, זאָלסט דערציילן... האָסט זיך אפילו נישט אויסגערוט; ביסט נישט הונגעריק?

בערען האָט פאַרקלעמט דאָס האַרץ פון לייזערס לעצטע ווער־טער; אין אמת׳ן איז ער טאַקע ניט אויסגערוט. אין אמת׳ן איז ער הונגעריק אויך... און לייזער דער שמיד, וואָס איז זיין טאַטע, דערמאָנט עס אים; און ער, בערע, זיין זון, מיט אַ רגע צוריק — אַזאַ וואָלקן איז פאַרלאָפן צווישן זיי, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך ביידע איינס מיטן אַנדערן גאָרניט אָנגעקערט; שונאים...

— וואָס מאַכן זיי בא די ברעזוערס? איך הער, זיי האָבן אַריינגענומען אַ גרויסע משפּחה איבערוואַנדערער.

— יאָ, אַ משפּחה פון זיבן. דער מיידל, כ׳מיין לאָנען, איז גאָרנישט צו שווער.

— וואָס פאַר אַ משפּחה איז דאָס?

— האָבן אַמאָל געפירט גרויסע מסחרים. האָסט זי שוין געזעען?

— ועמען?

— לאָנען.

— כ׳איל זיך ניט זי צו זען.

— כ׳מיין נישט, דו זאָלסט זיך איילן; איך פאַרשטיי, זי האָט אויסגעקוקט די אויגן דיך צו זען.

— כאַ־כאַ־כאַ...

— וואָס לאַכסטו?

— וואָס גייט עס מיר אָן, אויב זי האָט אויסגעקוקט די אויגן?

— איך מיין, צי דו האָסט גערעדט מיט איר? ווארן, ווי די מאַמע גיט מיר איבער, קליבט זי זיך פאָרן קיין מאָסקווע געוואויר־ווערן צו ביילקען.

— אין מאָסקווע גאָר זענען זיי?!

— יאָ, דאָס לעצטע בריוול איז געקומען פון מאָסקווע.

— ער איז אויך אין מאָסקווע?

— ער איז אַליין אַוועקגעפאָרן; זי איז שפּעטער אים נאָכ־געפאָרן.

— גאָר אין מאָסקווע... — האָט בערע געשטוינט — וואָס טוט ער דאָרטן?

— אין אַ זאַוואָד פון שלעסער, דוכט מיר.

— ווען פאָרט זי?

— מען האָט געשמועסט, אַז גאָר איינגיכן.

— צוליב וואָס פאָרט זי?

— אפשר אַראָפּברענגען ביילקען צוריק אַהיים.

— קלערט זי ניט גאָר איינגאַנצן אַוועקצופאָרן?

— פונוואַנען זאָל איך וויסן? וועסט זי זען, וועסטו באַנ'־איר פרעגן.

בערע האָט פּאַמעלעך אָנגעהויבן שטעלן טריט צוריק צום דאָרף.

— וואוהין גייסטו? — האָט לייזער זיך אָפּגערופן — גייסט זי זען? זי איז נישט אין שטוב... אָטאָ דאָרטן, זעסטו די ווייסע פערד... דאָס בראַנעוועט זי... אָט־אָ דאָרטן — האָט לייזער אָנגע־וויזן מיטן האַנט צו מערב־זייט.

ערשט איצטער האָט בערע באַמערקט די פּאָר ווייסע פערד, און אַ פרויען־געשטאַלט הינטער זיי. אַ ווינט איז אים דורכגעלאָפן פאַרן פּנים; ווען ניט זיין טאַטע, וואָלט ער זיך מיטן ווינט געלאָזט לויפן אַהין...

עס איז געווען אַ פּאַרשפּעטיקטער פרילינג־ווינט, וואָס האָט דורכגענומען זיין גאַנץ לייב...

* * *

לאַנע האָט פונדערווייטנס געזען ווי בערע איז אַרויסגעקומען אין פעלד, און ער שטייט אַ ביסל אָפּגעטראָטן פון זיין טאַטן, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. דער אייגענער ווינט, וואָס האָט געבלאָזן איבער זיין פּנים, האָט אויך אָנגערירט אירע שוואַרצע האָר־קרויזן. לאַנע האָט איר אומרו איבערגעגעבן די פּאָר פערד, איינגעשפּאַנטע אין דער בראָנע, זיי האָבן זיך אַ דריי געטאָן און צעטראָטן אַ פּאָר צענדליק קוקורוזע־פלאַנצן. זי האָט אודאי ניט באַדאַרפט איצטער לויפן בערען אַנטקעגן, כאָטש זי האָט געאַנט, אַז בערע איז איצטער אַרויסגעגאַנגען אין פעלד ניט נאָר צו באַגעגענען זיין טאַטן אַליין.

דאָס האָט לייזער דער שמיד דערקענט אין בערעס אומעטיקן און צעשטרייטן בליק; ער, לייזער, אַליין האָט זיך דערפרייט, ווען ער האָט פונווייטנס דערזען ברעזערס פערד, און פאַרשטאַנען, אַז לאַנע איז דאָרטן.

— גיי אונטער צונ'איר — האָט לייזער דער שמיד אין אַ ווייַלע אַרום געזאָגט צו בערען — האָסט דאָך זי אויך נישט געזען גאַנצענע זעקס וואָכן... פרעג זיך באַנ'איר אויס, וואָס איז דער מער מיט די קינדער; צוליב וואָס זענען זיי אַוועק קיין מאָסקווע... ווער טאַקע געוואויר, צי זי פּאָרט קיין מאָסקווע אַראָפּברענגען ביילקען אַהער.

ווען בערע איז מיט שווערע טריט אָנגעקומען צום ברעזער־פעלד, האָט לאַנע זיך דערווייטערט, מיטן פּלייצע צו אים; זי האָט נאָכגעשפּרייזט הינטער די פערד, ביים זייט פון דער בראָנע. כאָטש ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זי האָט באַמערקט זיין אָנקומען, און בכיוון האָט זי ניט געוואַרט ביז ער וועט זיך דערנענטערן, כדי ער זאָל אויף איר באַדאַרפן וואַרטן — האָט ער אויף זיינס מוחל געווען. ווארום, ווען ניט זיין טאַטע, וואָס איז אים אין אַ פאַר־

נעבלטער רגע געקומען צוהילף, וואָלט ער איצטער געגאַנגען אַ טרויעריקער צוריק אין דאָרף אַריין.

בערע האָט נאָכגעשפּרייזט אין אַ פּרישער רינעלע, וואָס אַ בראָנע־צאָן האָט געלאָזן; ער איז שוין געגאַנגען מיטן ברעזער־פעלד. ווען לאָנע איז געקומען צו איר מעזשע, זיך אויסקערעוועט אויף צוריק — האָט זי אים שוין געטראָפן אַ עטלעכע טריט פון זיך. כאָטש זי האָט געשפּירט, אַז ער גייט איר נאָך, האָט זי פונדעסט־וועגן זיך דערשראָקן, ווען בערע איז אויסגעוואַקסן כמעט נעבן איר. זי האָט אָפּגעשטעלט די פערד, אַרויסגעלאָזן די לייטשעס פון די הענט און מיט ברייט־אָפענע אויגן אים אָפּגעוואַרט.

לאָנע האָט צו אים אויסגעשטרעקטביידע הענט:

— דאָס ביסטו, בערע?...

— האַ, גוט צו זיין צוריק; אַ שאָד, וואָס כ'האָב אַ ביסל פאַרשפּעטיקט.

געוועזן אַ שעה פיר נאָך האַלבן טאָג. זיי זענען ביידע גע־שטאַנען מיט דער פּלייצע צו דער זון; ביידע האָבן זיך אַ רגע פאַרקוקט אויף די אייגענע שאָטנס, וואָס די זון האָט אויסגעצויגן צום מזרח־דרום צו. בייביידן זענען די אויגן מיט אַ הייסן טוי פאַרצויגן געוואָרן.

— דו האָסט ניט פאַרשפּעטיקט, בערע; דיין באַזוך אינ־דערהיים איז געווען נויטיק.

לאָנע האָט געשפּירט, אַז בערע הערט ניט וואָס זי רעדט צו אים; אפשר דערפאַר, וואָס ניט דאָס האָט ער איצטער געוואָלט פון איר הערן.

— דו שלעכטער מענטש וואָס דו ביסט; האָסט זיך אפילו ניט פאַרגונען מיר אָנצושרייבן אַ בריוול פאַר דער גאַנצער צייט.

אויף דעם האָט בערע אַ שמייכל געטאָן; האָט גענומען אירע הענט, און זיי באַטראַכט:

— האָרעוועסט... און דיין טאַטע קען ניט אַרויסגיין בראַ־נעווען?

— ווייסט דאָך, אַז איך טו עס ניט איינצושפּאָרן דעם טאַטן אַ טרחה. ביילקע שרייבט, זי איז מקנא די פרויען אין די פאַב־

ריקן; אפילו אויף די מעטאַל־זאַוואָדן... ווען איך וואָלט געווען אין כאַרקאָוו, וואָלט איך אַוועק אויף אַ זאַוואָד. דאָ בראַנעווע איך.

בערע האָט צוגעדריקט אירע הענט צו זיינע ליפּן; זיי זענען געווען ווארימער פון זיינע ליפּן. דערנאָכדעם האָט ער געזאָגט:

— איך האָב אַ סך געטראַכט פון דיר, לאַנע; האָסט מיר דאָרטן אויסגעפעלט. צווישן די דעקלאַסירטע טויג איך מיר ניט אויס; איך בין צו טרוקן מיט זיי; בין עס מודה, לאַנע. מיט זיי באַדאַרף רעדן אַן אייגענער מענטש; איך בין זיי ניט גאָר קיין אייגענער.

— האָסטו טאַקע געטראַכט פון מיר?

— דו ווייסט, איך האָב וועגן דיר מיין מיינונג.

— האָסט ניט געבענקט נאָך מיר?

— קאָנטר־רעוואָלוציאָנערקע דו...

בערע האָט זי אַרומגענומען, גרינג אויפגעהויבן, און אַנידער־געזעצט אויף זיין אַקסל:

— ביסט גרינגער געוואָרן, לאַנע.

— דו ביסט שטאַרקער געוואָרן... טשעפּע ניט דיין בערדעלע... גוט האָסטו געטאָן, וואָס דו האָסט עס געלאָזן וואַקסן... דיין טאַטע דאָרטן זעט ווי דו האַלסט מיך אויפן אַקסל... דיינע האָבן צער, וואָס נחום האָט אַזוי באַהאַנדלט ביילקען.

בערע האָט אַראָפּגעלאָזן לאַנען אויף דרערד. זיין פּנים איז פאַרצויגן געוואָרן מיט אומעט.

— יאָ, בערע, גלויב ניט, אַז די רעוואָלוציע דערלויבט אַזעלכע חברה ווי נחום צו טאָן אַפילו מיט אַ בורזשויקע דאָס, וואָס ער האָט געטאָן. ווי אַ צויג האָט ער זי באַהאַנדלט.

— שטראָפסט מיך פאַר מיין ברודער? איך אַנערקען ניט קיין ברידער און אַנערקען ניט קיין שוועסטער; איך גלויב נאָר אין מענטשן באָלשעוויקעס, וואָס פאַרשטעלן זיך ניט הינטער דער רעוואָלוציע מיט זייערע פּאַסקודנע מעשים. אַזאַ נחום'ען וואָלט איך פאַרשפּאַרט אין דאָפּער, און געהייסן אים קייען די ערד; אַפריער פאַר זיין פאַרגעסן ווער ער איז, און אין וואָס פאַר אַ צייט

ער לעבט; און דערנאָכדעם, פאַר זיין באַהאַנדלען אַ פרוי ווי ער האָט עס געטאָן...

— דו וואָלסט באַהאַנדלט אַ פרוי בעסער, בערע?... נאָר איך האָב ניט געקלערט איצטער אָנציען דעם שמועס וועגן די קינדער. זעץ דיר אַנידער, בערע; פאַרגעס אַ ווײַלע דיין נחום׳ען.

בערע האָט זיך אַראָפּגעלאָזן נעבן לאַנען.

— טו אַ שמייכל צו מיר, בערע; איך וועל דיר ניט פאַר־גוואַלטיקן, ווי מיין ביילקע האָט עס געטאָן מיט נחום׳ען, כאַ־כאַ־כאַ... יאָ, בערע, ביסט אַ שלעכטער בחור; האָסט געטראַכט פון לאַנען, און האָסט איר ניט אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר ווערטער. דו האָסט מיר באַדאַרפט שרייבן וואָס אין שטעטל קומט פאָר; איך וואָלט דיר באַשריבן פון אַלץ וואָס בא אונדז אין דאָרף טוט זיך. יאָ, בערע, איך וויל, דו זאָלסט אויף מיר קוקן ווי אויף אַ מענטשן, וואָס פאָלגט פּינקטלעך אויס די באַפעלן פון דער רעוואָלוציע. מער ניט... אמת, איך בין אַ פרוי, און דו ביסט אַ מאַן; אַרום און אַרום איז אַזאַ שיינער פרילינג. די פעלדער לעבן ווידער; אויף אונדזער ערד־חלק האָט זיך אויפגערודערט ווי אין אַ בינשטאָק אין פרילינג; אָבער איך דין דער רעוואָלוציע, און מער קיינעם ניט. לאַכסט, בערע? צי וואָלט איך דען אויף אַן אַנדער אופן געהאַט אַזויפיל כח? וואָלט איך אַנדערש איבערגעלעבט דאָ דעם ווינ־טער?... דאָס בערדעלע מאַכט דיין פּנים שמעלער... בויג אַראָפּ דעם קאָפּ צו מיר; ביסט אַ שלעכטער ביז גאָר. דערפאַר וועל איך דיר ניט דערציילן וואָס איך האָב געטראַכט פון דיר. קום היינט אַריין, וועסטו זיך באַקענען מיט די שטיינבערגס; וואוינען באַנ־אונדז. פאַראַן ביי זיי אַ שיין מיידל.

— כאַ־כאַ־כאַ, ס׳איז גוט צו הערן ווי דו פּלוידערסט.

— איך פּלוידער שוין גאָרניט. גוט וואָס דו ביסט צוריק־געקומען; גוט אויסצורוען דעם קאָפּ אויף דיינע קני...

— היינט אָנגעקומען אַ שטאַרקע משפּחה, פּויערים פונדער־היים, פּינטשוקס. גאָלע מאַנסבילן, מיט אַ טאַטן און מיט אַ מאַ־מען. פאַראַן דאָרטן ביי זיי אַן אמת׳ער יאַט, אַ ריכטיקער באַל־שעוויק, בעניע פּינטשוק.

לאַנע האָט אויף דעם געלאַכט אין זיך; ער האָט עס באַמערקט, און עס האָט אים הנאה געטאָן וואָס זי לאַכט פון אים.

— איך הער, אַז מען וועט היינטיקן זומער האָבן נאָך דרייסיק שטיבער.

— האָסט געזען וואָס פאַר אַן עולם? אַ סך קינדער; די קינדער האָבן אַראָפּגעבראַכט די פרייד...

— וועסט צושטיין צו אַ קאָלעקטיוו, לאַנע?

— איך האָב שוין אַרייַנגערעדט מיט עטלעכע איבערוואַנדערער, פאַרשטייען ניט וואָס מען וויל פון זיי.

— איך פרעג, צי דו וועסט צושטיין צום קאָלעקטיוו?

— מוזט עס איצטער וויסן?

— איך וויל היינט באַנאַכט צונויפרופן די איבערוואַנדערער, האָבן מיט זיי אַן ערנסטן שמועס.

— וואַרט, יוסף וועט זיך אומקערן; מיר וואַרטן, מאָרגן וועט דאָ זיין דער אַגראָנאָם אויך. און איך האָב געהערט, אַז פון מאָסקווע איז דאָ אַ פאָרשטייער פון דער רעגירונג; זיי האָבן נאָך היינט באַדאַרפט דאָ זיין.

— גאָר אַזוי!

— יאָ, בערע, פאַראַן אַ סך אַרבעט.

— פאָרסט קיין מאָסקווע?

— פון וועמען האָסטו עס געהערט?

— דער טאַטע מיינער; די מאַמע האָט עס מיר אויך געזאָגט.

— איך ווייס נאָך ניט. אפשר וועל איך פאָרן; וויל זי ברענגען אַהער. ווען מען שטיצט זי ניט פונדאַנען, וואָלט זי געשטאָרבן פון הונגער.

— יאָ, לאַנע, מיר האָבן אין וועג אָנגעיאָגט אַ יונגן איבערוואַנדערער מיט אַ שוואַרצער באָרד, אין אַ סורדוט.

— האַ, בירמאַנען האָסטו באַגעגנט; ווי געפעלט ער דיר?

— ער האָט גערעדט גאָרניט ווי אַ דעקלאַמירטער.

— וועסט האָבן פון אים נחת; ניט מער, וואָס זיין ווייב קלאָגט און וויינט, וויל צוריק... ביסט אומעטיק, בערע...

— איך ווייס אַליין ניט וואָס איך בין איצטער... אביסל פאַרשפּעטיקט. באַדאַרפט געוועסט דאָ זיין, ווען דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן.

— האָסט פאַרקוקט אין הקדש אַריין?

— ניין.

— די רעוואָלוציע האָט אויף שטיקער צעריסן דאָס אידישע פאָלק... געדענקסט, בערע, מנחם רייכלינען?

— ס'אי אַ ליגן!

— בערע, קוק דעם אמת אין די אויגן אַריין.

— וואָס זענען זיי פריער געווען?

— געזעסן כאַטש אויף זייערע ערטער.

— די רעוואָלוציע האָט אויף זיי געמאַכט פּאָגראָמען?

— וואָס ביסטו אויפגעשטאַנען, בערע? אַן אמת'ער רעוואָלוציאָנער באַדאַרף ניט האָבן קיין מורא צו קוקן דעם אמת אין פּנים אַריין... נאָר יעמאָלט, ווען מען ווייסט וואו יענעמס וואונדן זענען, יעמאָלט קען מען זיי פאַרבינדן. יעדן קוועטשט עפּעס; מעג מען אמאָל אויסהערן וואו סע קוועטשט אַ מענטשן. אָט זעסטו, איך בין דאָ; איך באַקלאָג זיך ניט. דאָ וועל איך בויען, און דאָ וועל איך אומקומען — אָט ווי דער קוראי ווערט סוף־זומער פאַרטריקנט... נאָר איך באַקלאָג זיך ניט. און אַז בירמאַן'ס ווייב האַלט די צוויי קליינע קינדער אויפן האַנט און באַקלאָגט איר דאָליע, פיל איך זי מיט. דו, בערע, פילסט ניט מיט יענעמס ווי.

— דו ביסט אַנדערש; רעדסט ניט ווי אַן אמת'ע רעוואָלוציאָנערקע. דו זאָגסט, אַז דו בויסט; און פונדעסטוועגן פאַרגלייכסטו זיך אַליין מיטן פאַרטריקנטן קוראי; מיינסט דעריבער, אַז דו בויסט?

— מיר שטייען דערווייל ביי אַ גרויסן אָנהייב, בערע; איך ווייס עס. פאַראַיאָרן אין דער צייט זענען מיר אַהער געקומען; פאַראַיאָרן אין דער צייט האָב איך געפירט שטיינער און ברעטער פאַר אַ שטוב; די שטוב איז שוין אַלט צען חדשים. אויב דאָס איז דערווייל דאָס גרעסטע וואָס איך האָב אויפגעטאָן — שטיי איך ביים סאמע אָנהייב. איצטער בראַנעווע איך ווידער דאָס אייגענע

שטיקל פעלד; אמת, שוין אַ באַקאַנט שטיקל פעלד; איך פאַר־שטיי שוין בעסער ווי צו בראַנעווען, איז דאָס אַלץ? מיט וואָס איז מיין לעבן דערהויבן געוואָרן? מיט וואָס איז דיין לעבן, בערע, דערהויבן געוואָרן? ביילקע שרייבט מיר, ווי די אַרבעטער אין כאַרקאָוו און מאָסקווע זענען ווי ניי־געבוירענע; מוטיקע; מיט האָפענונג פול; בויען סאָציאַליזם... מאַרשירן אין געשלאָסענע רייען... און מיר דאָ אין פעלד: ווען ס'קומען איצטער ניט אָן קיין איבערוואַנדערער און הייבן ניט אָן דאָס וואָס מיר האָבן געטאָן פאַראַיאָרן, וואָלט מיר דער פרילינג ניט ניחא געווען. אָבער איך זע פאָרט ווי זיי טוען דאָס אייגענע, וואָס מיר האָבן פאַראַיאָרן געטאָן. זענען אויף דעם אייגענעם פונקט וואו מיר זענען געווען. אויף זיי, אַז איך קוק, זע איך, אַז מיר האָבן זיך ניט גערירט פון אָרט.

בערע האָט געלאָזט לאַנגען רעדן; אים איז ליב געווען צו הערן אירע רייד. איר פאַרוואורף, אַז ער איז צו טרוקן מיט די איבער־וואַנדערער, נעמט ער אויך אָן פאַר גוט, ווייל דאָס וואָס זי האָט נאָרוואָס געזאָגט, איז ריינער אמת. דאָס איז דאָך זיין טענה, אַז אַזוי ווי מען בויט איצטער, יעדערער פאַר זיך — טויג עס אויף כפרות. ער וואָלט איצטער באַדאַרפט אָפּענטפערן לאַנגען; נאָר אים איז ליב, וואָס זי רעדט מיט זיינע רייד; זי טראַכט ווי ער, כאָטש מעגלעך, אויף די אַלע פראַגן האָט זי ניט קיין קלאָרן ענטפער... ער, נאָר ער ווייסט אויף קלאָר אין וואָס די גאַנציע צרה שטעקט... „און אפשר ווייסט זי אויך", טראַכט ער. ער דער־קענט, אַז פאַר די לעצטע זעקס וואָכן, וואָס ער איז ניט געווען, האָט זי אַ סך געטראַכט; האָט זיך אַ סך געביטן.

אים קומט אויפן זינען לאַנגע פאַראַיאָרן פרילינג, ווען ער האָט נאָך זי אַזוי ווינציק געקענט; ווען ער האָט געקוקט אויף איר מיט אַ כסדר'דיקן חשד; ווען ער האָט ניט געגלויבט אין אירע רעוואָלוציאָנערע רייד. אים האָט אויסגעוויזן, אַז דאָס מיידל, וואָס הייסט לאַנגע, און וואָס קומט אַרויס פון אַ גבירישער שטוב — זי טוט איבער אירע כחות אַלץ וואָס זי טוט, כדי זיך אויסצופיינען; כדי מיט דער אייגענער פלייצע פאַרשטעלן איר טאַטן, דעם קאָנטר־

רעוואָלוציאָנער. איצטער איז דאָס אַ סך אַנדערש. אירע איצטיקע רייד זענען אויפריכטיקע רייד: ער פילט דעם אמת אין זיי. ער האָט חשק אַריינצודרינגען אין די פּרטים פון איר לעבן פאַר די לעצטע עטלעכע וואָכן, און ווייסט ניט פון וואָס אָנצוהייבן.

עס איז אָנגעשטאַנען אַ שטיל שווייגן. זי האָט אים, אָן ווערטער, געבעטן, ער זאָל זיך צוריק אַנידערזעצן. ער האָט עס געטאָן. ער האָט זיך געזעצט זייט־ביי זייט נעבן איר.

— האָסט נאָך אַ סך צו בראַנעווען?

— וואָלט היינט געענדיקט, ווען דו קומסט ניט.

— פאַרוואָס טוט עס ניט דער טאַטע דיינער?

— איך וויל אים ניט צווינגען צו טאָן דאָס, וואָס אים איז דערווידער.

— גיסט צו, אַז אים איז דערווידער.

— איך פאַרענטפער אים ניט. איך ווייס, אַז ער געהער דאָ ניט. איצטער וועט ער אפשר דאָ געפינען אַ ביסל מענטשן, וואָס וועלן אים מיטפילן.

— זיי זענען דאָ פאַראַן, האַ?

— אודאי זענען זיי פאַראַן. אין אונדזער שטוב זענען זיי אויך פאַראַן; איך מיין, די משפּחה שטיינבערג... איין בחור, דער איינגערער, צאַלקע, איז אַנדערש...

בערע האָט אָנגעקוקט לאַנען; עפּעס האָט ער געפאָרשט אין איר פּנים.

— וואָס קוקסט מיר אַזוי אָן, בערע? האָב ניט קיין מורא; לאַנע איז דערווייל אין קיינעם ניט פאַרליבט... אפילו אין בערע קאָוואַלסקין איז זי אויך ניט פאַרליבט. זי ווייס, ער וואָלט זי באַהאַנדלט ווי זיין איינגערער ברודער האָט זיין געליבטע באַהאַנדלט... די רעוואָלוציע האָט אַ סך וויכטיקע זאַכן צו פאַרזאָרגן, און האָט ניט געהאַט נאָך קיין צייט צו לעדנען דעם מאַן, ווי אַזוי ער זאָל זיך באַגיין מיט דער פרוי, וואָס ער האָט ליב געקראָגן: צי זאָל ער זי באַהאַנדלען ווי אַ הונט דער צויג, צי ווי

אַ האָן דער הון... יאַ, בערע, אָנגעקומען קרעטשמערן אַ בריוו פון סימקען; זי קומט אינגיכן; זיין גאַנצע משפחה קומט אַראָפּ.

בערע האָט ניט געענטפערט. ער האָט אין לאַנעס רייד גע־שפירט בייזקייט. אפילו אין איר דערמאָנען, אַז סימקע קומט אינגיכן, ליגט אַ בייזע כונה. ער שפירט, אַז לאַנע האָט ניט געמיינט ערנסט מיט דעם פאַרגלייך וואָס זי האָט נאָרוואָס געמאַכט. ער ווייס, אַז לאַנע וועט קיינמאָל ניט פאַרגלייכן אים, בערען, מיט זיין אינגערן ברודער. נאָר עפּעס איז זי אויסן... איר בייזקייט איז אָן אַ חשבון. אַ בלינדע בייזקייט, וואָס פירט אַראָפּ פון וועג.

נאָר צוביסלאַך הייבט אין אים אָן צו רודערן לאַנעס פאַרגלייך, וואָס זי האָט נאָרוואָס געמאַכט מיט זיין אינגערן ברודער. ער וויל נאָך אַמאָל דאָס אייגענע הערן פון איר מויל, וועט ער וויסן ווי אַזוי צו פאַרהאַלטען זיך צו איר איצטער, ווען דער ערד־חלק איז באַלעבט געוואָרן מיט נייע מענטשן; מיט אַלערליי מענטשן.

— מיינסט טאַקע באמת, לאַנע, אַז צווישן מיר און מיין אינגערן ברודער איז גאָר קיין חילוק ניטאָ?

— אין דער באַציאונג צו דער פרוי, איז קיין אונטערשייד ניטאָ.

— און צווישן דיר און ביילקען איז אויך קיין אונטערשייד ניטאָ?

— ווי פרויען, זענען מיר איינס אין אַנדערן געראָטן; און ווי מענער, ביסטו אין דיין ברודער געראָטן.

— האָב איך מיט דיר שוין געטאָן דאָס, וואָס נחום האָט מיט ביילקען געטאָן?

לאַנען האָט דאָס בלוט אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אריין. ער איז בלאַס געוואָרן, און זי איז רויט געוואָרן. אָבער באַלד האָט די בלאַסקייט אָפּגעקילט איר פּנים. זי האָט תיכף געפילט, ווי זי האָט גערעדט ניט צו דער זאַך. זי האָט עס ניט געמיינט. זי האָט ניט געהאַט קיין גרונט איצטער צו זיין שלעכט צו אים, ווען ער איז צו איר אַרויסגעקומען אין פעלד.

זי האָט באַגריפן איר טעות, און האָט ניט פאַרלאָרן קיין צייט אויסצובעסערן:

— זיי מיר מוחל, בערע; כ'האָב ניט געמיינט...

זי האָט געגלעט זיינע הענט, און געקוקט אים אין פּנים אַריין, געפּאָרשט, וואָס פאַר אַן איינדרוק אירע רייד מאַכן.

— איך האָב צופיל צייט געהאַט איבערצוקלערן די לעצטע עטלעכע וואָכן. איך ווייס, אַז פּונקט ווי פון בורזשואַזע עלטערן קענען זיך אַרויסטיילן רעוואָלוציאָנערע קינדער, אַזוי קענען זיך פון פּראָלעטאַרישע עלטערן אָפּטיילן קינדער מיט בורזשואַזע ניי־גונגען. דיין ברודער איז ניט קיין פּראָלעטאַריער; איז ניט קיין רעוואָלוציאָנער. ער איז אַ פּוילער; דו ביסט עס ניט. קוק מיר אין די אויגן, בערע... ביסט נאָך אַלץ ברוגז אויף מיר?

— ביסט זיכער, אַז מאָרגן וועט דאָ זיין דער אָרגאַנאָם מיט דעם פאָרשטייער פון דער רעגירונג?

— איך ווייס, דו ביסט אויף מיר ברוגז.

— וועלן דאָ לאַנג פאַרברענגען?

— בערע, קוק מיר גלייך אין די אויגן אַריין...

— פאַרוואָס ענטפערסטו מיר ניט אויף דעם וואָס איך פרעג?

— יאָ, מאָרגן וועלן זיי דאָ זיין; איך האָב אויך אַ סך אַראָפּצורעדן פון האַרצן; יעדער איינער האָט וואָס אַראָפּצורעדן פון האַרצן.

ביי די ווערטער האָט זיך לאַנע אויפגעהויבן, גענומען די לייצעס, און אויפגעמונטערט די פערד. די פערד האָבן זיך גערירט פון אָרט און מיטגעשלעפּט די בראָנע. לאַנע איז ביים זייט נאָכ־געגאַנגען.

בערע האָט זיך ניט גערירט פון אָרט, ביז לאַנע האָט דערגרייכט צום ראַנד פון איר פעלד, פאַרקערעוועט די פערד און געצויגן צוריק.

ווען זי האָט זיך דערנענטערט צו אים, האָט ער זיך אויפגע־הויבן, איבערגענומען ביי איר די לייצעס, און געזאָגט:

— טראַכט ניט, לאַנע, פון דער שטאָט; דאָ איז שיין, וואו יעדער פרילינג ברענגט אַ נייעם אָנהייב... לאָז מיר, לאַנע, איך וויל זען, צי איך געדענק נאָך ווי אַזוי מען בראַנעוועט...

# XL

אַ גאַסט פון מאָסקווע איז געקומען; פון „קאָמערד", וואָס האָט די אויפזיכט איבער דער אידישער איבערוואַנדערונג צו ערד־אַרבעט. לערנער האָט אים געבראַכט אין זיין אויטאָמאָביל. געזאָלט האָט מען פאַרווייַלן בלויז אַ ווייַלע, אַ קוק טאָן אויפן נייעם עולם וואָס איז געקומען צו דער ערד, אָבער מען איז געבליבן אַ סך לענגער — מחמת, דער שמועס וואָס האָט זיך אַרויסגעוויקלט פון אַ צייטווייליקן שווייגן, האָט פאַרכאַפּט צופיל צייט.

מען האָט זיך צונויפגענומען ביי די קאָוואַלסקים אין שטוב. דער פאַרנאַכט איז געווען אַ וואַרימער, און האָט געשמעקט מיט ערד און יונגע געוויקסן; עס האָט אויך געשמעקט מיט מענטש־לעבן שוויים, ווען אין שטוב איז ענג געוואָרן.

דער גאַסט פון מאָסקווע, מיט אַ קיילאַכדיקן, געגאָלטן קאָפּ, אַ מענטש מיט בלויע אויגן, אין די דרייסיקער — ער האָט זיך געשפּירט ענג אין עולם, מחמת דער איבערוואַנדערער־געזעמל האָט איצטער אין דער ווירקלאַכקייט אויסגעזעען אין זיינע אויגן אַ סך אַנדערש ווי ער האָט זיך פאַרגעשטעלט. איידער ער איז אַוועק־געפאָרן פון מאָסקווע, האָט ער געמיינט, אַז אויף די ערד־חלקים וועט ער טרעפן אַן עולם, אידן וואָס שטייען מיט ביידע פיס פעסט אויף דער ערד; מען באַדאַרף נאָר דערמאָנען די צילן פון דער רעוואָלוציע; די צילן פון אידנס איבערגיין צו דער ערד, און בלויז דערמאָנען דעם עיקר אידעאַל־קאָמוניזם...

האָט ער זיך אָבער צונויפגעטראָפן מיט מענטשן, וואָס זענען פון שטעטל אַרויסגעריסן געוואָרן, פאַרטריבן געוואָרן פון לעצטן יאַריד, כדי צו געפינען ערגעץ אַן אָרט, זיך איינוואָרצלען אויף אַ נייער ערד; און די קרובה'שאַפט מיט דער ערד איז נאָך דער־ווייל ביי דער מערהייט ניטאָ.

צווישן די צוגעקומענע איבערוואַנדערער זענען געווען עטלעכע גרעסערע משפּחות, וואָס אין דער משפּחה גופא איז קיין אחדות ניט געווען. יעדער מיטגליד פון דער משפּחה האָט אַנדערש באַטראַכט דעם נייעם מצב ביי דער ערד. די אַלטגעזעסענע, מיטן אָנקומען פון אַ מחנה נייע איבערוואַנדערער — פון זיי האָט יעדערער באַזונדער געפונען צווישן די נייע זיינע מיינונגס־חברים. וואָווע ברעזער האָט עס געפונען צווישן די שטיינבערגס; בערע— צווישן די פּינטשוקס; און יוסף ראַטנער האָט נאָך דערווייל מיטן חוש אויסגעשפּירט מיט וועמען אים וועט אויסקומען צו לעבן און בויען.

דער גאַסט האָט געזאָגט:

— די איבערוואַנדערער וואָלטן געדאַרפט אַליין פאַרשטיין, אַז די מלוכה האָט ניט בדעה צו באַזעצן אידן אויף דער ערד, פון זיי זאָלן ווערן דער אַמאָליקער מוזשיק... איז דאָס גערעדט געוואָרן, ווען יעדער איינער פון אייך זאָל עס האָבן אינזינען, ניט קוקן בלויז אין זיין אייגענעם ווינקל אַריין... ווען איר, חברים, וואָלט נאָר פאַרלאַנגט, די מלוכה זאָל אייך אַרויסגעבן אַ פּאָר טראַקטאָרס, כדי איר זאָלט קענען באַאַרבעטן די ערד אויף אַ קאָלעקטיוון אופן, וואָלט די מלוכה עס געטאָן. עס איז אַ צרה, איך מוז עס זאָגן אָפן, וואָס אונדזערע אַמעריקאַנער אַרויסהעלפער, די אַגראָדזשאָינט ליים אַליין, זענען פאַראינטערעסירט צו מאַכן די אידישע איבער־וואַנדערער פאַר קולאַקעס...

אַ ווײַלע איז געווען שטיל; ביז זייטשיק האָט פּלוצלונג מיט אַ טרוקענעם, אָפּגעהאַקטן לאַך איבערגעריסן די שטילקייט. מען האָט צו אים אַריבערגעקוקט מיט אומצופרידנקייט. דער גאַסט פון מאָסקווע האָט אויף אים אויך אַ ווײַלע אָנגעשטעלט די אויגן.

לערנער האָט געפונען פאַר נויטיק צו פאַרענטפערן דעם אַגראָדזשאָינט:

— דאָס, וואָס דער חבר פון מאָסקווע זאָגט, איז זייער צו דער זאַך. נאָר ווען וואָלט עס געווען גערעדט, ווען די אידישע איבערוואַנדערער קומען אַהער מיט אַ רואיקן געמיט; מיט אַ ביסל ידיעות אין ערד־אַרבעט. דאָס זענען צום גרעסטן טייל

דעקלאַסירטע אידן. זיי לויפן פון שטעטל ווי פון לעצטן יאַריד. האַנדל איז פאַרווערט געוואָרן, און איין וועג איז פאַר זיי אָפן: קרים, צו כערסאָן... הלמאי, פרעגט, באַדאַרף מען פאַרן אידישן איבערוואַנדערער אויפשטעלן אַ לייטישע שטוב, און ניט געבן אים בלויז ערד און אַביסל קרעדיט און הייסן אים זיך שלאָגן קאָפּ־אין וואַנט? ווייל דאָ האַנדלט זיך תחילת, צו באַשאַפן אַ דאַך איבערן קאָפּ פאַר די, וואָס לויפן פון לעצטן יאַריד, און בלייבן אָן אַ היים. מיר זענען, חבר, אייגענע מענטשן; אידן... מיר ווייסן אונדזער מצב אויסגעצייכנט. דערווייל זאָל דער עולם ווערן דורגעזיפּט; ווער עס קומט, און ווער עס וועט נאָך אַוועקגיין; זאָל דערווייל יעדער איינער שפּירן דעם טעם אין אייגנס; וועט ער חשק האָבן דאָ זיך איינצוואָרצלען.

פון עולם האָט מען זיך נאָך דערווייל ניט אָפּגערופן; אַ סך האָבן אין האַרצן מסכים געווען מיטן אַגראָנאָמס רייד. אויסער בערע קאָוואַלסקי, און אויסער צאַלקע שטיינבערג,ביידן האָט עס גערופּעט; ביידע האָבן חשק געהאַט אָפּצוענטפערן דעם אַגראָנאָם; איז אָבער געווען יושרדיק צו וואַרטן, וואָס דער גאַסט וועט ענטפערן.

דער גאַסט האָט געענטפערט; מיט אַ באַהאַלטענעם חוזק האָט ער גערעדט, בשעת זיינע בליקן זענען איבערגעגאַנגען פון איינעם צום אַנדערן, און געפאָרשט וואָס פאַר אַן איינדרוק זיינע רייד מאַכן:

— אין דעם ליגט אייער אַלעמענס טעות — האָט דער גאַסט אויפגעהויבן זיין שטים — מחמת איר באַגרייפט ניט די קאָמוניסטישע ליניע. אַ מלחמה געווען; פּאָגראָמען, בירגערקריג, רעוואָלוציע, און איצטער ווידער גאָר צוריק צום אַלטן?!

— איך וויל נישט צום אַלטן, ווייל קיינער קען מיך שוין צום אַלטן נישט ברענגען צוריק! — האָט פּלוצלונג, אַ צעהיצטער, מאיר שטיינבערג אויפגעשפּרונגען — ביי מיר זענען געווען צוויי פּאָראָווע מילן, און די מענטשן וואָס האָבן ביי מיר געאַרבעט, האָב איך גוט באַצאָלט; כ'האָב זיי געשאַנעוועט... מענטשן זענען ביי מיר געווען מענטשן. איצטער בין איך שוין אַליין מער

קיין מענטש נישט; אָבער, אַ פּייג, ווייל איך אייך זאָגן, וועלן מיינע אַמאָליקע מענטשן ביי דער רעוואָלוציע האָבן דאָס, וואָס זיי האָבן געהאַט ביי מיר... ביי מיר האָבן זיי געהאַט ברויט צוזאַט, און אַ פּלאַץ פאַר ווייב און קינד; און איצטער הונגערן זיי און האָבן נישט וואו דעם קאָפּ אוועקצולייגן... נו, און איצטער, אַז איך בין שוין דאָ, געקראָגן אַ שטיקל ערד, וואָס איז דער סאָ־וועטנמאַכט דער חילוק, צי איך וועל אליין גריזשען דאָס שטיקל ערד, צי איך וועל עס טאָן בשותפות מיט אַ גאַנצן מנין?!

דער גאַסט האָט זיך צעלאַכט פון שטיינבערגס אויספיר; אויף אים קוקנדיק, האָט זיך יוסף ראַטנער אויך צעלאַכט אויפן הויכן קול.

— וואָס לאַכסטו, יוסף? — האָט בערע זיך צו אים גע־ווענדט — ביסט אַפּנים מסכים... אַז אַך־און־וויי, מיט וועמען מיר הייבן דאָ אָן דאָס אַנדערע יאָר! מיט וואָס בין איך אַנדערש פון אייך? — האָט בערע אָנגעשטעלט די אויגן אויף מאיר שטיינ־בערגען — האָב איך דען פאַר דער רעוואָלוציע ניט געלעבט אַליין פאַר זיך? בין איך ניט געווען אַ מענטש ווי איר אַלע? מיר זענען געווען שמידן, און איר — קרעמער; טאָ פאַרוואָס פאַר־שטיי איך וואָס מען פאַרלאַנגט פון אונדז; און איר... איך פרעג: צי וואָלט ניט געווען פאַר יעדן איינציקן גרינגער, ווען פון תחילת אָן וואָלט מען געאַרבעט ווי איין גרויסער קאָלעקטיוו: אַפּריער מיט די אָקסן, און שפּעטער, מיט טראַקטאָרס?!

— הלואי בין איך אַ שמיד, וואָלט איך נישט פאַרקראָכן אַהער אין דער ערד אַריין — האָט זייטשיק שטעכיק אָנגעהויבן — מע טאָר נישט טרייבן אידן צו טאָן דאָס, וואָס זיי האָבן פיינט. רעד מיר נישט איין קיין טרפהנעם מזל... כ'האָב שוין דאָ אַ יאָר אָפּגעפּוילט!

דער יונגערמאַן אין סורדוט, לוי בירמאַן, האָט פאַר אומגע־דולד געצופּט דאָס שוואַרצע, זיידן בערדל; און האָט אָבער די גאַנצע צייט ניט אַרויסגעלאָזן פון זינען זיין יונג, בלאָנד ווייבל, וואָס איז געזעסן אין אַ ווינקל מיט אַ יאָריק קינד אויף דער האַנט. ער האָט געוואוסט, אַז זייטשיקס ווערטער גיסן זיך איר ווי בוימל

אויפן הארצן. זינט ער איז אויפן ערד־חלק, האט זי נאך ניט אויפ־געהערט צו קלאגן אויף איר פינצטערן מזל.

פונדעסטוועגן האט בירמאן אפגעלאזן זיין בערדל, זיך ארויס־גערוקט פארויס, און געפרואווט אויפשנירלען א ביסל שיינע ווער־טער; גערעדט האט ער אויף דער זייט פון גאסט:

— מיך האט מען אהער נישט געטריבן. איך בין אין מלחמה־צייט געווען אן עושר... איך וואלט איצטער אויך נישט פארפאלן געווארן; נישקשה, די מלוכה האט געקענט האבן נוצן פון לוי בירמאנען. נאר, אז די רעוואלוציע האט געזאגט; לעבן אן אידעאל, מיינט לעבן אין דער פינסטערניש, פארשטיי איך גוט, וואס פאר א סארט אידעאל איך באדארף אויסקלייבן... צי דער מלוכה שטייט אן, צי נישט, בין איך איצטער א קאמוניסט... יא, א קאמוניסט בין איך, און איך זאג: אין דער ערד זאל גיין מיין פארגאנגענהייט! איך וויל פון איר ארויסקריכן, ווי מען קריכט פון א טויטער פעל ארויס... נאר קאלעקטיוון! גיב מיר דיין האנט, חבר — האט ער זיך געווענדט צו בערען—דו ביסט געווען א שמיד; איך בין געווען א פאבריקאנט פון טוך און זייד... איצטער זענען מיר ביידע ביי דער ערד; לאמיר אינאיינעם גיין צום קאמוניסטישן אידעאל...

בערן איז געווארן ווארים, און א ביסל איבלדיק אונטערן הארצן. דער אפגעצערטער און זיידענער יונגערמאנטשיק, כאטש ער האט גערעדט מיט זיינע, בערעס רייד — האבן אים פונדעסט־וועגן לוי בירמאנ׳ס ווערטער געקלונגען פרעמד; מחמת זיי קומען פון א מענטשן וואס ער געטרויט ניט און גלויבט ניט... כאטש בערע האט געלאזט בירמאנען ער זאל דריקן זיין האנט, האט ער אויף בירמאנ׳ס רייד זיך ניט אפגערופן. בכלל איז בערע געווען פול מיט חשד צום גרעסטן טייל פון די נייע איבערוואנ־דערער. א געזונטן געפיל האבן פון דער ערשטער באגעגעניש אן ביי אים אויפגעוועקט בלויז די פינטשוקס. בערע האט איצטער אויך אריבערגעקוקט צו זיי, געוואלט אנכאפן, וואס דידאזיקע מענטשן טראכטן נאך בירמאנ׳ס רייד.

דער גאסט פון מאסקווע האט ווידער אנגעהויבן:

— די אגראר־וויסענשאפט זאגט אונדז איצטער, אז די פאסן ערד צווישן פעלדער, וואס דער פויער צעאקערט ניט, און לאזט עם דינען פאר א גרעניץ צווישן פעלד און פעלד; אין די ווילדע גראזן אויף יענע גרעניצן פלאדזשען זיך אלערליי שעדלעכע אינזעקטן, וואס טוען זומערצייט אן די גרעסטע שאדיינעם אין די פעלדער... ס'וועט זיין א גרויס געווינס פארן פעלד, אז מען וועט דידאזיקע מעזשעס צעאקערן, און אנשטאט ווילדע גראזן, וועט אויף דעם ארט וואקסן פארזייטע ווייץ און קארן. דאס איז אויבערפלאך אגראר־וויסנשאפט; אבער אין דעם ליגט א טיפערער זינען. ווען עס וועלן ניט זיין קיין גרעניצן צווישן פעלד און פעלד, וועט ניט זיין קיין שנאה צווישן פויער און פויער. אודאי מוז מען מודה זיין, אז אן מאשינען, אן טראקטארס, קען קיין רעכטער קאלעקטיוו ניט זיין. דאס איז נאר א פראגע פון צייט. פארשרייבט זיך אין א קאלעקטיוו, וועט מען אייך ארויסגעבן א טראקטאר אויף קרעדיט... איך קען דא צופיל צייט ניט פארברענגען מיט אייך; איך לאז עס איבער פאר אייך, חברים, און פאר אייך, חבר לערנער; באוויזט, אז די קלאגעס, וואס קומען קיין מאסקווע, אז די אמעריקאנער פריינט אונדזערע שטערן דעם וואוקס פון קאלעקטיוון, איז ניט באגרינדעט.

ווען דער גאסט, לערנער און בערע זענען ארויס אין דרויסן, האט זיך זייטשיק דערנענטערט צו בירמאנען, און ארייגעזאגט אים גלייך אין פנים:

— ביסט א יאלד, חבר! זינג, זינג דיין לידל, בעת דיין ווייב שלינגט די טרערן!...

בירמאן האט אפילו קיין קוק ניט געטאן אויף זייטשיקס זייט; ער האט ארויסגעאיילט דרויסן, באגלייט פון זיין ווייבס פארוויינטע אויגן.

א ווײלע האט מען זיך צוגעהערט צום גערויש פון אויטאמאביל, וואס האט זיך דערווייטערט.

— פארוואס האט דער חבר ראטנער מורא געהאט עפענען ס'מויל? — האט זייטשיק זיך געווענדט צו יוסף'ן — פונקט יעמאלט, ווען מע באדארף רעדן, שווייגסטו...

— בשעת דו רעדסט — האָט זיך יוסף אָפּגערופן, שוין אין טיר — האָב איך ליב צו שווייגן; כדי עס זאָל ניט אויסזען, אַז מיינע תרעומות און דיינע זענען די אייגענע. דיר, ווען מען לאָזט דיר נאָר האַנדלען מיט פערד, וואָלסטו שוין זיין צופרידן; און איך בין אין גרונט מסכים מיט אַלץ וואָס ער האָט דאָ נאָרוואָס געזאָגט; נאָר, ווייל ער זאָגט עס אַרויס ווי אַ טשינאָווניק, קלינגען מיר זיינע ווערטער פרעמד... קומט אַרויס דרויסן, חברים!

יוסף איז אַרויס דרויסן, נאָך אים האָט זיך דער גאַנצער עולם אַ לאָז געטאָן. דרויסן, איז מען אָנגעקומען אויף בירמאַנ'ס כמעט אייגענע ווערטער, וואָס ער האָט גערעדט מיט אַ ווײַלע צוריק אין שטוב:

— איך ווייס, חבר, — האָט ער זיך געהיצט און אַריינגעטענה'ט אין בערען — אַז דו געטרויסט מיר נישט, ווען איך זאָג, אַז איך לאָך זיך אויס פון מיין פאַרגאַנגענהייט... אפילו אַרויסקריכן פון מיין פעל וועל איך אויך, אַבי אָנהייבן לעבן ווי אַן אמת'ער קאָמוניסט!

— דאַריבער האָסטו אָנגעטאָן דיין שבתדיקן סורדוט אינדערוואָכן, כדי וואָס גיכער אים צערייסן; איז דאָס דיין אַמאָליקע הויט? כאַ־כאַ־כאַ...

יוספ'ס געלעכטער האָט בירמאַנען ווי אָפּגעגאָסן מיט קאַלט וואַסער.

— טאָ פאַרוואָס האָסטו די גאַנצע צייט געשוויגן? — האָט זייטשיק ווידער געפּרעגט יוספ'ן.

— איך האָב דיר אין שטוב געזאָגט, פאַרוואָס איך שווייג, ווען דו רעדסט! און אייך, חברים, זאָג איך: עס איז ניט געזונט פאַר דער גאַנצער אַרבעט, ווען זייטשיק איז ביי אונדז געוואָרן דער רעדנער. פאַראַיאָרן, ווען קיין מענטשן זענען נאָך ניט געווען, האָט ער געשוויגן... איך זאָג אויך, חברים, אַז מיר זאָלן אָנהייבן צונויפשטעלן איין גרויסן קאָלעקטיוו, כדי דערמיט זאָלן מיר פאַרזייען כאָטש דאָס ערשטע קערנדל פון אונדזער אחדות; פאַרזייען אַ קערנדל, פונוואַנען עס זאָל אַרויסוואַקסן אונדזער גאַנצקייט. כאָטש קיינער פון די שלוחים, וואָס קומען

אהער רעדן אין נאָמען פון דער מאַכט, זאָגן עס ניט אַרויס, ווייס איך, אַז די סאָוועטנמאַכט מיינט דורך אונדז, חברים, אַנידערצו־לייגן דעם יסוד פאַר אַ אידישער רעפּובליק... יאָ, יאָ, חברים, אַ אידישע רעפּובליק! צום אומגליק קומען פון מאָסקווע אידישע שלוחים, אונדזערע אַמאָליקע אינטערנאַציאָנאַלן... ניט קיין אידישע שלוחים האָבן באַדאַרפט קומען אַהער, וואָלטן זיי גערעדט צו די איבערוואַנדערער מיט דער שפּראַך פון דער רעוואָלוציע, וואָס האָט באַפרייט אַלע פעלקער אויף דער סאָוועטישער ערד, און וויל אויך אונדז אידן באַפרייען אויף דער ערד... יאָ, חברים, אויב אַזוי וועלן מיר קוקן אויף אונדזער אַרבעט, וועט אונדז זיין גרינגער צו ליידן... לאָמיר, חברים, וויסן צוליב וואָס מיר ליידן!

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ, — האָט זייטשיק זיך געכאַפּט ביי די זייטן פאַר געלעכטער.

בערע האָט פאַרנומען דעם מיטלסטן פינטשוקן, בעניען, און איז מיט אים אַוועק אין פעלד. אַרום יוסף׳ן האָט זיך געקליבן אַ רעדל מענטשן. טאַטעס האָבן אָנגעשטעלט די אויערן; יוסף׳ס ווערטער זענען פאַר זיי געווען דרייסט און ניי.

דער אַלטער פינטשוק האָט געזאָגט:

— וואָס אַן אמת, איז אַ אמת; כ׳האָב ניט קיין אַנדער תכלית ביי דער ערד, ווי דאָס שטיקל שוואַר־פאַרהאָרעוועטע ברויט, נישט געזוכט. מיט דער אייגענער דעה בין איך אַהער געקומען. מע רעדט פון קאָלעקטיוון; איך הייב עס אָן אַ ביסל פאַנאַנדערצע־קייען. וועט לויענען, וועט עס מאַכן גרינגער, וועל איך גיין אין אַ קאָלעקטיוו. נאָר, אַז מע וואָלט נאָך אין אונדזער פּראַצע אויך אַריינלייגן אַזאַ־אָ סאָרט געדאַנק, ווי דערדאָזיקער חבר האָט נאָר־וואָס אַרויסגעבראַכט, איז דאָס אודאי און אודאי אָנגעלייגט.

זייטשיק האָט זיך געשטאַרקט, און ווידער אָנגעהויבן:

— איך האָב גערעדט מיט פּויערים, מיט דייטשן, מיט אוק־ראַינער און טאַטערן פון די אַלטע דערפער, ביי וועמען די מאַכט האָט צוגענומען ערד, זיי לאָזן זיך נישט... צו זיי איז מען אויך געקומען פון מאָסקווע מיט אַזעטיקע מעשיות: קאָלעקטיוון, לאָקשן, רעוואָלוציע; זאָגן זיי: לא מיט אַן אלף!... אַזאַ

מענטשל, וואָס איז דאָ נאָרוואָס געווען, שטעקט מען ארויס א לאַנגע צונג, אָט וואָס!

פייל פון בויגן, גאָר אומגעריכט, איז דער אינגערער שטיינ־בערג, דער בלאָנדער און שמאָלפּנימדיקער צאַלקע, ארויסגעשפּרונגען פון רעדל, א שפּרונג געטאָן צו זייטשיקן, און אראָפּגעלאָזט אים א פייערדיקן פּאַטש; אָפּגעשפּרונגען אויף צוריק און אויסגעשריען:

— וועסט אונדז ניט מאַכן פאַר קיין שותפים מיט די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן, באַנדיט דו איינער!

זייטשיק האָט זיך געפּרואווט לאָזן צו צאַלקען; נאָר דער אַלטער ירחמיאל פּינטשוק, און זיין עלטערער זון דוד, האָבן אריינגע־נומען זייטשיקן אין די שטאַרקע אָרעמס, ניט געלאָזט אים זיך רירן פון אָרט.

אָבער אנשטאָט זייטשיקן, איז מאיר שטיינבערג אונטערגע־שפּרונגען, און זיין זון צאַלקען אָפּגעצאָלט מיט א פּאַטש אויף דער רעכטער, און מיט א פּאַטש אויף דער לינקער באַק.

— איצטער איז מען קוויט, — האָט זלמן קאַסאי געזאָגט — כאָטש מען פאַרקריכט מיטן געשלעג אין א פרעמד פעלד אריין. כאַ־כאַ־כאַ...

דער טאַטע שטיינבערג האָט זיך ניט בארואיקט; נאָך די ערשטע פעטש האָבן אים די הענט אָנגעהויבן בייסן, און ער האָט חשק געהאַט זיך לאָזן נאָך אַמאָל צו זיין זון. אים האָט וואָווע ברעזער דאָס מאָל פאַרשטעלט דעם וועג.

— צוליב וואָס שלאָגן א פרעמדן מענטשן? — האָט מאיר שטיינבערג געשריען אויפן הויכן קול — קום אהער, באָלשעוויק מיינער, שלאָג דיין טאַטן! קום, גיב אָפּ דיין טאַטן... קום, פּאַטש אוים דיין טאַטן וויפל עס קריכט אריין, באָלשעוויק מיינער!

נו, וואָס געווען, איז געווען — האָט זלמן קאַסאי פאַנאַנדער־גענומען די צעהיצטע געמיטער — פאַרגעס, זייטשיק, מעט שלום ווערן... שלום באַדאַרפן מיר האָבן. פאַראיאָרן איז דאָ גלאַטיקער געגאַנגען; פאַראיאָרן האָט מען זיך נישט געשלאָגן...

— הלואי וואָלט מען זיך פאַראיאָרן אָנגעהויבן צו שלאָגן,

וואָלט גלייכער געווען; וואָלט איך איצטער דאָ נישט געווען, טפוי זאָל עס ווערן !...

זייטשיק האָט געשמאַק אויסגעשפּיגן, און איז מיט אַ גע־בויגענעם קאָפּ אוועק אין פעלד.

— פון לעצטן יאַריד... און מען שלאָגט זיך ווי אויף אַ יאַריד — האָט יוסף שטיל און אומעטיק, ווי אַליין פאַר זיך גע־זאָגט.

יוסף׳ס בליק איז געפאַלן אויף לאַנען; זי איז געשטאַנען ווי אַ פאַרגליווערטע פונדערוווּנדערטנס. אין דעם שמועס ביי די קאַוואַל־סקים האָט זי קיין אַנטייל ניט גענומען. דאָס אומגעריכטע געשלעג האָט אויף אַ ווײַלע פאַרפינסטערט איר געדאַנק; זי האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. בפרט, וואָס די שטיינבערגס האָבן געלעבט ביי איר אין שטוב; און דער אינגערער שטיינ־בערג, וואָס האָט זיך געוואָרפן אויף זייטשיקן; און דאָס, וואָס דער פאָטער האָט אים אויסגעפּאַטשט. לאַנע האָט געפילט, גלייך ווי צווישן אייגענע מענטשן האָט עס געטראָפן... איר איז שווער געווען צו גיין צוריק אין שטוב אַריין.

— מיר טאָרן עס ניט דערלאָזן — האָט זי מיט אַ ציטעריקער שטים געזאָגט צו יוסף׳ן, ווען ער איז צו איר צוגעגאַנגען — מיר זאָלן זיך נאָך היינט אין אָוונט אינערגעץ צונויפנעמען, און באַ־טראַכטן וואָס דאָ איז געשען !... דער מענטש פון מאָסקווע האָט אויך עפּעס אַזוינס געזאָגט; מען טאָר עס ניט לאָזן אָט אַזוי...

— גוט, לאַנע; אודאי באַדאַרף מען זיך צונויפקלייבן, אָבער עס מוז דאָך ניט זיין דווקא היינט. איך וויל זיך אַ ביסל נענטער באַקענען מיט דעם גאַנצן מענטשן־מאַטעריאַל; די געשלעגן גע־פעלן מיר אויך ניט.

בירמאַנס ווייב, מיטן קינד אויפן האַנט, מינע בירמאַן, איז צוגעקומען, מיט טרערן־פאַרלאָפענע אויגן האָט זי געקוקט לאַנען אין פּנים אַריין, און געפרעגט:

— וואָס וועט דאָ ווערן פון אונדז פרויען ?... מירן דאָ פאַר־גרעבט ווערן; פאַרגעסן, אַז מיר האָבן אַמאָל אַן איידעלן געפיל געהאַט...

בשעת מינע בירמאַן האָט גערעדט צו לאַנען, האָט דאָס קינד אויפֿן האַנט, אַ מיידעלע, אויך אָנגעשטעלט די אויגן אויף לאַנען.

לאַנע האָט דאָס קינד גענומען צו זיך אויפֿן האַנט און עס געקושט. דאָס קינד האָט זיך האַרציק צעלאַכט, אַ צי געטאָן זיך צוריק צו דער מוטער, געמאַכט, די מוטער זאָל אויך אַ שמייכל טאָן.

— אַז איך קוק אויף אייך, חבר'טע ברעזער, ווערט מיר אויך ליכטיקער אויפֿן האַרצן. עס איז מיאוס, אַז אידן שלאָגן זיך; וואָס זאָגט איר?

— וואָס זאָגסטו, יוסף, עס איז שיין ווען מענטשן שלאָגן זיך? — האָט לאַנע געפֿרעגט יוסף'ן.

— אפשר איז דאָס אַ סימן פֿון לעבן, לאַנע.

לאַנע האָט ווידער ביי מינע בירמאַן צוגענומען דאָס קינד, און אַוועקגעשפּרייזט מיט דער לענג פֿון דאָרף.

מינע בירמאַן איז איר נאָכגעגאַנגען, ווי אַ קינד גייט נאָך אַ מאַמען...

* * *

— אַז מען שלאָגט אַן עלטער קינד, איז גלייך ווי מען שלאָגט זיך אַליין; און דאָס איז נאָך אַ סך ערגער ווי יענער שלאָגט דיך. דאָס האָב איך געפֿילט סוף־זומער, ווען איך בין אַרויס פֿון גערולד־און מיין עלטערער טאָכטער געגעבן אַ פּאַטש. עד־היום קום איך נישט צו זיך צוליב דעם; כאָטש איך בין געווען געערכט, פֿונ־דעסטוועגן קען איך עס מיר אַליין נישט מוחל זיין...

אַזוי האָט וואַווע ברעזער, מיט די אויגן צו דער ערד גערעדט און מאיר שטיינבערג האָט זיך גוט צוגעהערט.

דאָס איז געווען גלייך נאָכדעם ווי מאיר שטיינבערג האָט זיין אינגערן זון אויסגעפּאַטשט. וואַווע האָט אַריינגענומען מאיר'ן אין שטוב אַריין און האָט מיט אים גערעדט אויף פיר אויגן.

— איך האָב יעמאָלט מיין טאָכטער איבערגעבעטן, כאָטש איך בין געווען געערכט; זאָג איך, איר זאָלט מיט אייער זון... נאָך היינט זאָלט איר מיט אים האָבן אַ שמועס.

— איך ווייס ניט פֿאַרוואָס איר האָט אייער טאָכטער אויס־

געפּאַטשט; אפשר איז זי קענגן איך אַליין געווען אומגערעכט. איך האָב אויף מיינע קינדער קיין האַנט קיינמאָל נישט אויפגעהויבן, כאָטש פון זיינע רייד און מעשים ווערט מיר דאָס בלוט פאַרקילט. נאָר דאָס איז געווען איבער מיין טבע זיך איינצוהאַלטן; אַזוי זיך צו וואַרפן שלאָגן דעם־אַ זייטשיקן... עס איז נישט געהערט גע־וואָרן אין דער האַלבער וועלט!

— זעט, סע זאָל קיין שנאה נישט זיין צווישן די עלטערן מיט די קינדער; בעסער נישט איינצורייסן מיט זיי. גוט, וואָס אונדזער באָלשעוויקעשער פּריסטאָוו, דער בערע קאַוואַלסקי, איז דאַביי נישט געווען. שמועסט זיך דורך מיט לאַנען; זאָל זי אים אַריינברענגען אין שטוב אַריין.

לאַנע האָט עס אויף איר אייגענעם אופן איבערגעלעבט. איר האָט ווי געטאָן גאָר אָן אַ שיעור; זי איז מיט אירע איבער־לעבונגען פאַרטראָגן געוואָרן צום לעצטן סוף־זומער, ווען זי האָט מיט איר טאַטן געהאַט דעם טרויעריקן צוזאַמענשטויס. דער תהום צווישן עלטערן און קינדער האָט זיך נאָך אַמאָל אויפגעפּנט פאַר אירע אויגן; די באַהאַלטענע שנאה, וואָס הערשט צווישן צוויי פּיינטלעכע לאַגערן, רייסט זיך אַרויס אַפילו צווישן טאַטעס און קינדער; אין פאַרגלייך מיט פאַראַיאָרן, האָט דאָך אויפן ערד־חלק אַ שפּרודל געטאָן מיט לעבן; אָבער אין פאַרגלייך מיט פאַר־איאָרן, ווערט דער קאַמף צווישן די פּיינטלעכע לאַגערן האַי־יאָר זיין אַ סך אַ גרעסערער.

לאַנע האָט זיך געווענדט צו יוסף'ן, און ניט צו בערען, מען זאָל זיך ערגעץ באַגעגענען, און אַרומרעדן דעם טרויעריקן ענין; אין יוסף'ס גלייכן שכל האָט זי געגלויבט.

ווען זי האָט זיך ווידער געטראָפן מיט יוסף'ן, געבעטן אַרויס־צוגיין ערגעץ אין פעלד, באַטראַכטן דעם נייעם מצב, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אויפן ערד־חלק מיטן אָנקומען פון די נייע איבער־וואַנדערער, האָט יוסף פאָרגעלייגט, מען זאָל נאָך אימיצן איינלאַדן:

— איך וואָלט גערופן בירמאַנען, די פּינטשוקס... און אפשר נאָר דעם מיטעלסטן, בעניען; קענסט רופן שטיינבערגס מיידל,

רחל׳ען; און רוף טאַקע אויך צאַלקען; מיר געפעלט ער דוקא דערפאַר, וואָס ער האָט אויסגעפּאַטשט זייטשיקן.

— און בערען זאָל מען ניט רופן? — האָט לאַנע שטיל געפרעגט.

— בערען... טו ווי דו פאַרשטייסט. אויב דו מיינסט, ער וועט האָבען געדולד פאַר אימצנס אַ מיינונג, קענסטו אים זאָגן...

— אויב דו ווילסט אים ניט רופן, באַדאַרף מען ניט...

— נו, גוט, לאַנע איך זאָג דאָך דיר, טו ווי דו פאַרשטייסט.

יוסף האָט באַנומען, אַז לאַנען וואָלט שטאַרק פאַרדראָסן, ווען מען מיידט אויס בערען; כאָטש יוסף׳ן האָט דאָס האַרץ געזאָגט, אַז דאָסמאָל וועט אַרויסקומען אַ צוזאַמענשטויס צווישן אים און בערען. בפרט אים איז נאָך ניט קלאָר מיט וואָס פאַר אַ געדאַנקען די ניי־אָנגעקומענע יוגנט טראָגט זיך אַרום.

יוסף האָט געפאָלגט לאַנען ער אַליין האָט בערען באַגעגנט און האָט אים געזאָגט, אַז מען וועט זיך נאָך היינט ביינאַכט ערגעץ באַגעגענען, און אַרומרעדן אַ פּאָר וויכטיקע ענינים.

בערע האָט אים באַגעגנט מיט אַ ברייטן שמייכל:

— זייטשיק האָט געכאַפּט פּעטש, גוט!

— און אַז דער פּאַטשער האָט אויך געקראָגן אויסגעפּאַטשט, ווייסטו?

— דאָס אַרט מיר ניט; די זין וועלן די טאַטעס איבער־לעבן!

— וועלן מיר זיך טרעפן הינטערן ברונעם...

הינטערן ברונעם האָט מען זיך באַגעגנט. לאַנע איז געקור־מען מיט רחל׳ען; צאַלקע שטיינבערג איז געקומען מיט בעניע פינטשוקן. יוסף איז געגאַנגען מיט בערען שוין אַ האַלב צעקריג־טער, צוליב לוי בירמאַנ׳ס ווייב, וואָס האַלט אין איין קלאָגן. בערע האָט געזאָגט: אויף אַזעלכע ווייבער באַדאַרף מען קיין רחמנות

ניט האָבן; און יוסף האָט גע׳טענה׳ט: אַז דאָרט וואו קיין רחמנות איז ניטאָ — איז אויס מיט מענטש, און מיט מענטשלעכער קולטור...

לוי בירמאַן האָט זיי אַנגעיאָגט, און אָפּגעווענדט דעם שמועס אויף דער שיינער נאַכט:

— איך האָב גאָרנישט געוואוסט ביז איצטער, אַז די ערד האָט אַזאַ ריח — האָט לוי בירמאַן גערעדט מיט התפּעלות, בעת די לאַנגע פּאָלעס פון זיין האַלב־צעריסענעם סורדוט האָבן גע־פּאַטשט פון ביידע זייטן.

— האָסטו, חבר, דערשמעקט די ערד, איז דיר שוין גוט — האָט בערע אים געקלאַפּט אין פּלייצע.

לוי בירמאַן האָט פאַרבראַקירט דעם פּלאַץ הינטערן ברונעם:

— האָט איר שוין קיין שענערן אָרט נישט אויסגעפונען, ווי דאָ אויפן זאַמד? קומט אַהין, וואו סע שמעקט פון דער ערד ארויס... קומט, איכ׳ל אייך פירן!

מען האָט געפאָלגט, און מען איז איבערגעגאַנגען טיפער אין פעלד אריין.

— וואָס איז דער חילוק? אומעטום איז נאַכט, און אומעטום איז פעלד — האָט יוסף אומגעדולדיק זיך אראָפּגעלאָזן אויף דער ערד ביים ראַנד פון אַ ווייצנפעלד.

יעדער איינער איז איצטער געווען אומגעדולדיק. דאָס בייַ־טאָגיקע געשלעג האָט כמעט אַלעמען געפּלאָגט; עס איז געווען ביים וועג, אַז פון דעם זאָל מען איצטער אָנהייבן.

— מיט וואָס, חברים, הייבט זיך אָן אונדזער צווייטער יאָר? האָט לאַנע געפרעגט — פאַראיאָרן אין דער צייט בין איך געווען פאַרנומען מיטן בויען אַ שטוב; געלערנט זיך אַקערן; היינטיקן פרילינג האָב איך אָנגעהויבן מיט דער האָפענונג, אַז נאָך איבער־וואַנדערער וועלען קומען, און מיר וועלען קענען אויסלייגן דעם וועג צו אַ בעסערער צוקונפט. דאָס, וואָס היינט האָט געטראָפן אויפן ערד־חלק, האַלט איך פאַר איין אומגליק.

— חבר׳טע ברעזער, איר מיינט מיך אודאי; דאָס האָב איך צעשטערט אייערע האָפענונגען מיט דעם, וואָס איך האָב דעם

פערדהענדלער פארפארן אין באק אריין? צי דאס, וואס מיין טאטע האט זיך איינגעשטעלט פארן פערדהענדלער, און האט פאר־געסן, אז איך בין שוין ארויס פון זיין רשות?

צאלקע שטיינבערג האט גערעדט מיט א געוויסער פאריסנ־קייט; ווען מען האט אים אזוי גיך ניט געענטפערט, האט ער ווידער געזאגט:

— מיר חידושט נאר, ווי אזוי ער קומט גאר אהער אויפן ערד־חלק; אין סיביר האט ער באדארפט האלץ האקן!

— איך האב געהערט, אז דיין טאטע האט דיך אויסגע־פאטשט, און דו האסט אפגעווישט די ליפן און... אט איז לאנע ברעזער; זשניווע־צייט האט איר טאטע געטאן דאס אייגענע מיט איר... האב איך פארשטאנען, אז א רעוואלוציאנערקע ווען אזא טאטן איבערגעבן צו דער מאכט, מען זאל אים פארשפארן אין דאפער... איצטער ווארט איך, דו זאלסט עס טאן — האט בערע זיך גיפטיק געוויצלט.

— ווארט, בערע, ווען דיין טאטע וועט דיך אויספאטשן, וועלן מיר זען, צי דו וועסט אים ארעסטירן, כא־כא־כא — האט לאנע געפרואווט איבעררייסן די שלעכטע שטימונג.

— מיין טאטע איז ניט קיין וואווע ברעזער, און אויך ניט קיין שטיינבערג; נאר ווען מיין טאטע, לייזער דער שמיד, נעמט און שטעלט זיך אוועק זייט־ביי־זייט מיט די קאנטער־רעוואלוציאנערן, וואלט איך יעמאלט געוואוסט וואס איך האב צו טאן.

— עך, קינדער, קינדער... איר רעדט ווי קינדער! — האט יוסף זיך אפגערופן — נאך דער וועלט־מלחמה, נאך די פאגראמען, בירגערקריג, הונגער און אלדי צרות, וואס מען איז אויסגעשטאנען, מאכט איר א וועזן פון א פאטש... גענוג, האט אונדז די צייט געפאטשט! הלואי וואלט מיך מיין טאטע געפרואווט אויספאטשן, וואלט איך ארויסגעלאפן אויפן דארף און געלאכט פון פולן הארצן. נו, וואס מאכט איר פון דעם א וועזן? לאנע איז לעבן געבליבן, און חבר שטיינבערג וועט אויך לעבן בלייבן. וואס מיר רופעט, איז עפעס אנדערש...

— וואָס דאָ וועט ניט זיין קיין ארץ ישראל! — האָט בערע אים אונטערגעכאַפּט.

— פאַרוואָס אַזוי שטעכיק, בערע? פאַרוואָס זאָלסטו אַזוי ציטערן, בערע, ווען איך עפן נאָר אויף דאָס מויל צו רעדן? ניט אַנדערש, האָסט מורא, מיינע רייד זאָלן חלילה ניט פאַר׳סם׳ען די מוחות ביי די איבערוואַנדערער.

— דאָס האָב איך טאַקע מורא — האָט בערע גאַנץ ערנסט געענטפערט.

— ווע מעם מחות וועל איך פאַר׳סם׳ען? פאַרוואָס, בערע, קוקסטו ניט מיט אָפענע אויגן אויף דעם דערוויילעקן מצב פון די איבערוואַנדערער? פאַראַיאָרן האָבן מיר געמאַכט דעם אָנהייב; היינטיקן פרילינג זענען געקומען דריי מאָל אַזויפיל איבערוואַנדערער, און טוען דאָס אייגענע וואָס מיר האָבן פאַראַיאָרן געטאָן, זע איך, ווי מיר שטייען נאָך אַ סך ווייטער פון אָנהייב ווי פאַראַיאָרן...

— פאַרוואָס? — האָט אים בערע איבערגעריסן.

— פאַרוואָס? וועל איך דיר זאָגן פאַרוואָס; וועל איך ערשטנס איבערנעמען דיין אידעאַל, וואָס איז אויך מיינער: קאָלעקטיוויזאַציע! ווען די איבערוואַנדערער וואָלטן זיך תיכף קאָלעקטיוויזירט וואָלסטו אודאי, בערע, געטאַנצט אין די גאַסן...

— אודאי וואָלט איך געטאַנצט אין די גאַסן!

— ניין, בערע; זאָג עס ניט; ווייל דו ביסט קורצזיכטיק. ווען דו וואָלסט זיך קענען אַריינשניידן מיט דיינע אויגן אין דער צוקונפט, ניט נאָר אין דער צוקונפט פון אַרבעטערקלאַס, נאָר אין דער צוקונפט פון די פעלקער אין סאָוועטנפאַרבאַנד, און וואָלסט וועלן פאַרגלייכן אונדזער מצב מיט דעם מצב פון אַנדערע פעלקער אויף זייער אייגענער ערד, יעמאָלט וואָלסטו ניט נאָר געזאָרגט דערפאַר, וואָס קיין קאָלעקטיוון זענען נאָך דערוויל ניטאָ. אונדזערע קאָלעקטיוון וואָלטן געהאַט דאָס פנים פון דער ערשטער־קאַטעגאָריע־איבערוואַנדערער, וואָס קריגן בשתפות צוויי אָקסן און איין וואָגן... איך זאָג, אַז אידנס איבערגיין צו דער ערד מוז האָבן אַ זינען, בערע — האָט יוסף געשריען אויפן הויכן קול — אַ סאָציאַלן זינען, און אַ נאַציאָנאַלן זינען. ווערט מען צולאָזן דעם נאַציאָנאַלן

זינען; אָפּן רעדן פון אים — וועלן די אידישע דעקלאַסירטע ווערן פּיאָנערן, און אויספּאָלגן, און טאָן וואָס די רעוואָלוציע פאַרלאַנגט! די קליינשטעטלדיקע אידן וועלן ברענגען גרויסע קרבנות, ווען מען וועט זיי זאָגן, אַז דאָ ביי דער ערד הייבן זיי אָן בויען אַ אידישע, זיכערע, נאַציאָנאַלע היים... יעמאָלט וועלן זיי עס טאָן גערן אויף סאָציאַליסטישע יסודות, ווי די רעוואָלוציע פאַרלאַנגט פון זיי. איצטער, ווען זייער קומען קיין קרים איז פאַר זיי ניט מער ווי אַ צייטווייליקע נסיעה אהין, וואו דער פינאַנסינספּעקטאָר לאָזט צורו, ועסטו זען, בערע, ווי נאָר עס וועט אַ בלישטש טאָן אין שטאָט — וועלען די טאַטעס לויפן צוריק, און די קינדער וועלן זיך דאָ ניט איינהאַלטן. וואָלט דאָס לעבן דאָ ביי דער ערד האָבן אַ זינען, וואָלט ניט דיין ברודער, און ניט קרעטשמערס טאָכטער, אַזוי גיך אַנטלאָפן פונדאַנען!

בערע איז אויפגעשטאַנען, געמאַכט אַ פּאָר טריט, ווי אַוועקצוגיין: „פאַראיאָרן האָט גאָר יוסף ניט גערעדט מיט אַזאַ פולן מויל, ווי ער טוט עס האַיאָר — האָט בערע אַ טראַכט געטאָן — וואָס מיינט ער מיט זיין נאַציאָנאַלן זינען?..." אים איז שווער געווען אַוועקצוגיין, ניט צו מאַכן אַ שלעכטן איינדרוק אויף די ניי געקומענע. נאָר אַריינצולאָזן זיך מיט יוסף'ן אין אַ ויכוח, מיט אים זיך אויס'טענה'ן, מיט דעם „קאָנטר-רעוואָלוציאָנער..."

— זיץ, חבר, — איז בירמאַן אויפגעשפּרונגען פון אָרט און פאַרהאַלטן בערען — איך וויל עפּעס זאָגן חבר... איך וויל ענטפערן חברים, צוליב וואָס איך האָב אויף אַלץ מיט-אַן-אַנדער אַ שפּיי געטאָן, און געקומען אַהער. איך בין אַהער געקומען טאַקע דערפאַר וואָס איך בין אַ איד, און וויל זיך אויסטאָן פון אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט מיין עבר! איך בין אַרויס פון דער פינסטערניש, און גיי צו אַ ליכטיקן טאָג! בין געווען אַ רעליגיעזער מענטש, און איצטער גרילצט מיר, ווען פון דער ברעזער-שטוב דערטראָגט זיך אידן שבת זייערע געשרייען און זייער געזאַנג. איך וויל נישט, אידן זאָלן זיין ביי דער ערד דאָס, וואָס זיי זענען אַמאָל געווען; ניט נאָר הענדלער זענען זיי געווען...

— ווער איז דער זיי?! — האָט אים יוסף איבערגעריסן.

— איז ניט זיי; איז איך אליין... איך אליין בין א ביישפּיל פאר דיר אויך, חבר ראַטנער! וואָס זענען נאַציאָנאַלע סענטי־מענטן? ווער באַדאַרף זיי? צוליב וואָס זיי דערוואַרימען, אָדער אויפוועקן? מענטשן, זאָלן זיין; און נישט קיין פעלקער... מענטשן זאָלן זיין, אָבער נישט קיין פאַרשימלטע אידן!

— איר, חבר, האָט באַדאַרפט בלייבן אין מאָסקווע, וואָלט אייער ווייב אויך געווען צופרידענער — האָט יוסף סאַרקאַסטיש א פּריסקע געטאָן.

— וואָס מיינט איר מיט דעם, חבר? — איז בירמאַן אויפ־געשפּרונגען.

— דאָרטן וואָלט איר זיך געקענט אויסלעבן ווי עס פּאַסט פאַר אַן אסימילאַטאָר. דאָרטן וואָלט אויף אייך ניט געלעגן דער חוב צו בויען. פאַר אייך וועט מען דאָרט אויסבויען פאַבריקן, און דאָרטן וועט איר... אָדער גאָר א שטעלע ביי דער מלוכה, וואָלט אייך אויך געפּאַסט... איך זאָג אייך נאָך אַמאָל: קוקט מיט די אויגן אין דער צוקונפט!

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ — האָט זיך א קייקל געטאָן בירמאַנס טרוקענער געלעכטער.

— איר, חבר, האָט דעם בעסטן געלעכטער אויף אונדזער ערד־חלק; דאָס געפעלט מיר. איך האָב געדולד, חבר בירמאַן; וועל וואַרטן ביז איר וועט האָבן אייער שטוב; ביז איר וועט אַראָפּנעמען אייער חלק פון דער זשניווע. וועל הערן, וואָס איר וועט יעמאָלט דרש'ענען.

— גיט א האַנט, חבר; לאָמיר וואַרטן! — האָט בירמאַן אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו יוסף'ן.

— איך הער וואָס איר רעדט דאָ — האָט בעניע פּינטשוק זיך אָפּגערופן — יאָ גערעכט, און ניט גערעכט... מיר קומען פון דער ערד; איבער הונדערט יאָר זענען די פּינטשוקס געווען ביי דער ערד. איך בין געקומען אַהער, ווייל קיין בעסערן אָרט פאַר א מענטשן זע איך ניט. דאָרטן האָבן אונדז די פּויערים אַראָפּ־געטריבן פון דער ערד, האָט די סאָוועטנמאַכט זיי פאַרשיקט קיין סיביר, און איצטער האָט די סאָוועטנמאַכט אונדז דאָ געגעבן ערד.

יאָ, קאָלעקטיוו, ניט קאָלעקטיוו; די ערד וועט געבן ברויט, וועט זיין ברויט פאַר מיר און פאַר נאָך אימיצן.

— איז דיר, חבר, גוט; בין איך דיר מקנא — האָט יוסף אַ זאָג געטאָן אויף בעניע פּינטשקוס זייט.

לאָנע איז אויפגעשטאַנען, איבערגעגאַנגען צו בערען, און זיך געשטעלט נעבן אים.

— וועסט, לאָנע, דערלעבן צו זען, ווי די יוגנט וועט פונ־דאַנען אַנטלויפן... יאָ, יאָ, לאָנע; מיט בערע קאַוואַלסקין זענען מיר נאָך אויך ניט זיכער; יעמאָלט וועט איר זאָגן, אַז דער משוגענער יוסף איז געווען גערעכט.

מיט די ווערטער האָט יוסף פאַרקערעוועט, און איז אַוועק מיט האַסטיקע טריט צוריק אין דאָרף אַריין.

— וואַרט, יוסף! — האָט בערע אים נאָכגעשריען.

יוסף האָט זיך ניט אומגעקוקט; האָט אַוועקגעשפּאַנט אין דער נאַכט אַריין.

— מיר געפעלט, וואָס ער זאָגט. מיר זאָלן קוקן מיט די אויגן אין דער צוקונפט... ער טוט אַ זאָג אַ גלאַטיק ווערטל, כאַ־כאַ־כאַ... נאָר איך פאַרשטיי עס אויף מיין אופן... פאַרוואָס קלאָגט אַזויפיל — אייער אידענע? — האָט בערע זיך געווענדט צו בירמאַנען — איר וועט דאָ אויסציען מיט די פיס, אויב זי וועט אייך כסדר באַקלאָגן. איר קענט ניט ווירקן אויף איר, זי זאָל זיין צופרידן? פאַרוואָס רעדסטו מיט איר זיך ניט דורך, לאָנע?

— איך קען ניט באַווייזן, זי זאָל זיין צופרידן, ווי איך האָב ניט געקענט באַווייזן, אַז ביילקען זאָל דאָ זיין גוט; און ווי דו האָסט ניט געקענט ווירקן, אַז דיין ברודער זאָל דאָ בלייבן. מען קומט, און מען גייט אַוועק, ווער ס'וויל גיין, זאָל גיין! ווער ס'וויל בלייבן, דער וועט בלייבן און בויען.

מען איז זיך פאַנאַנדערגעקראָכן אַהיים. רחל שטיינבערג, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, האָט איצטער אויך אויפן וועג אַהיים גאָר'ניט געזאָגט.

נאָר, ווען זי איז אַריין אין בעט, און זיך אַנידערגעלייגט נעבן

לאַנען, האָט זי לאַנען אַרומגענומען, און געפילט איר וואַרימען גוף. מער ווי שטענדיק האָט זי זיך געטוליעט צו לאַנען.

— וואָס איז, רחל?

— מיר איז טרויעריק; אין האַרצן טוט ווי...

וואַרט, וואַרט, אייער שטוב וועט זיין פּאַרטיק.

— הלואי וואָלט אונדזער שטוב קיינמאָל ניט פּאַרטיק געוואָרן; אונדז, פרויען, וועט דאָ זיין שלעכט, זייער שלעכט...

— האָסט ניט ליב יוסף'ן?... האָסט פאַרשטאַנען וואָס ער האָט גערעדט?

— ער רעדט פון אַ צוקונפט; דערווייל וועט דאָ פון אונדז גאָרניט ווערן.

— אַזוי האָט מיין אינגערע שוועסטער כסדר גערעדט. איצטער איז זי אין מאָסקווע, און דאָרטן איז זי אויך ניט צופרידן.

— מיר פאַרדריסט אויף מיין ברודער; ער איז אַזאַ גוטער, נעמט ער און טוט אַ פּאַטש אַ מענטשן... די רעוואָלוציע האָט מענטשן געמאַכט בייז.

— דאָס זאָגסטו אמת, רחל. מאָרגן וועלן מיר ביידע אַריבערגיין צו בירמאַנ'ס ווייב, זען, איר זאָל זיין גוט. איר איז שווער מיט צוויי קליינע קינדער, און איר מאַן מיינט, ער וועט פון דער הויט אַרויסקריכן... שלאָף, שלאָף, רחל. גוט, וואָס דו האָסט אימיצן ליב; דאָ, ביי דער ערד, איז גוט, אַז מען האָט אימיצן ליב... ווילסט ניט אויפשטיין, און אַרויסגיין צונ'אים?

רחל האָט איינגעגראָבן איר פּנים אין לאַנעס ברוסט, און סודותדיק געלאַכט אין איר לייב אַריין.

## XLI

דער פרילינג איז געגאַנגען דעם זומער אַנטקעגן. די ווינטער־זריעה, ווייץ און צובּיסלעך קאָרן, איז יונג און פריש אַרויסגעקומען; יונגע זאַנגען האָבן שוין די שטעכיקע, גרין־גאָלדיקע הערעלעך אַרויסגעשטעקט צום בלויען הימל. עס איז אויך גוט אויפגעגאַנגען די זומער־תבואה: האָבער, גערשטן און קוקורוזע; ברייט־גרינע בלעט־

לעך פון יונגער קוקורוזע האָבן זיך שוין געשטעלט דעם לינדן ווינטל אנטקעגן. מאַמע־ערד האָט אַלעמענס זריעה אָנגענומען פאַר ליב: די זריעה פון די אַלטגעזעסענע, צי די זריעה פון נייגעקומענע איז אויף איין אופן ביי מאַמע־ערד אָנגעלייגט. צו די מחלוקת'ן האָט זיך מאַמע־ערד אפּנים ניט צוגעהערט. ווער סע זאָל שלעפּן דעם אַקער־אייזן, אָקס, פערד, צי גאָר שטאָלענער טראַקטאָר — האָט מען ביי מאַמע־ערד ניט געקענט אויספרעגן.

דערווייל האָבן זיך, אין אַ שטילער לבנה־נאַכט, אויף אידישע פעלדער ווידער באַוויזן שונאים אין געשטאַלט פון שאָף, און אַ צאָל קי און אָקסן, געקומען אָפּגריזשען דעם אויפגעגאַנגענעם האָבער און גערשטן.

מיט אַ פרילינג פריער, ווען פון די שכנ'ישע דערפער האָט מען אַרויפגעלאָזן שאָף און רינד אויף אידישע פעלדער, איז דער פּחד געווען אַ גרעסערער. יעמאָלט האָבן די בראַווע מיט זייער מוט ניט געווען בכוח צו באַרואיקן די צעשראָקענע געמיטער. די נעכט האָבן דעם שלאָף פאַרטריבן פון אידישן דאָרף; אידישע אי־בערוואַנדערער האָבן געשפּירט אומרו אַרום יונגן דאָרף, איצטער איז דער פּחד באַפאַלן נאָר אַ געוויסן טייל פון די נייגעקומענע; די פּאַראַיאָריקע, אָן אויסנאַם, האָבן זיך אין אַזאַ צייט דערפילט ווי באַ־לעבאַטים אויף דער ערד, הינטער ווענט די מאַכט שטייט און גיט אַכטונג.

פאַר די פינטשוקס איז דאָס געווען אַ נאַטירלעכע זאַך: דער אַלטער פינטשוק, ירחמיאל, אים איז נאָך געלעגן אין די ביינער דער פיינלעכער פאַרדראָס פון יענער צייט, ווען פּאָגראָמשטשיקעס, פּויערים פון שכנ'ישע דערפער, זענען באַפאַלן זיין דאָרף אַרום קיעוו. איצטער זענען שוין אַנדערע צייטן; אויב די מלוכה האָט אָפּגעשניטן שטיקער ערד ביי די רייכע פּויערים און די ערד איבערגעגעבן צו די אָרימע — האָט ירחמיאל אין דעם געזען די האַנט פון דער גערעכטיקייט; און אויב די מלוכה האָט אָפּגעשניטן ערד ביי די פּריצים און אָרדנט איין אויף דעם אידישע איבערוואַנדערער, וואָס האָבן קיינמאָל קיין ערד ניט געטאָרט קויפן אין קרים — איז דאָס געוויס אַ באַווייז, אַז גערעכטיקייט איז אָנגעשטאַנען. ער, ירחמיאל,

האָט מיט אַ יונגנטלעכן פייער, אינאיינעם מיט דער יונגט, זיך אָוועקגעלאָזן פארנעמען די אומשולדיקע אָקסן, קי און שעפסן. אגב, איז ער געווען דער ערשטער, נאָך אַ שפּראָץ פּאַרטאָג, וואָס האָט דעם „שונא" דערקענט פונדערווייטן, און האָט אויפגעהויבן אַ „טרעוואָגע".

דעם „שונא" האָט מען געבראַכט צוטרייבן אין דאָרף אריין; די שעפסן באַזונדער און די רינדער באַזונדער, אין צוויי מחנות. יעדער לעבעדיקער נפש איז פון געלעגער אַראָפּ און אַרויסגעאיילט דרויסן. די קלענערע קינדער זענען אויף בייז־וואונדער, האַלבנאַקעטע געלאָפן, און מיט ברייט־אָנגעצונדענע אויגן באַטראַכט די פרעמדע שעפסן און רינדער.

מען האָט באַדאַרפט וואַרטן ביז די באַלעבאַטים וועלן זיך אָפּרופן. אודאי וועט מען זיך אביסל אַרומקריגן; איינער דעם אַנדערן וועט אוים'מוסר'ן; אַ פּראָטאָקאָל וועט מען באַדאַרפן שרייבן, און, לויטן געזעץ, די שעפסן און רינדער אָפּלאָזן פריי. דאָס געזעץ וועט שוין אַליין מאַכן אַ טאָלק און באַשטראָפן פאַר דער עולה.

— —איי, צייטן, איי, צייטן; גוט צו לעבן אין אַזאַ צייט! — האָט זיך ירחמיאל פּינטשוק געריבן די הענט.

דער אַלטער שטיינבערג האָט געהייסן, מען זאָל די שעפסן אַרויסטרייבן צום וועג, אַ פּאָר ווייערסט ווייט פון דאָרף, און דאָרטן זיי אָפּלאָזן, מחמת, ער האָט ניט קיין אמונה אין מאָסקווער שמירה...

אַרום האַלבן טאָג האָבן זיך איינס נאָכן אַנדערן באַוויזן די באַלעבאַטים. די שעפסן, די קי און אָקסן האָבן געהערט צו דריי באַזונדערע בעל־הגופים, פון דריי שכנ'ישע דערפער: אוקראַינער, דייטשן און טאָטערן. די צוויי ברידער דודענקאָ, זאַכאר און טאַראַס פון אוקראַינער דאָרף; דער טאָטער סעדין בעקיראָוו; און, צו וואָווע ברעזערס און לאַנעס גרעסטער איבעראַשונג, האָט אַ טייל שעפסן געהערט ניט צו קיין אַנדערן ווי צו פרידריך באַגנער.

די בעל־הגופים, ווי די אַלטגעזעסענע איבערוואַנדערער האָבן געוואוסט, אַז די בהמות וועט מען סאַי־ווי באַדאַרפן אַרויסלאָזן. אָבער איידער־וואָס, איידער־ווען, איז פון יידע צדדים נויטיק געווען אביסל זיך דורכצושמועסן; ניט קריגן זיך, און אודאי ניט שלאָגן זיך, נאָר אַ שטיקל ויכוח האָבן.

דער ערשטער האָט בערע גענומען דאָס וואָרט; גלייך און שטייף האָט ער זיך געהאַלטן; האָט זיין שטים ניט אויפגעהויבן צו הויך; גערעדט האָט ער אויף אוקראַיניש:

— חברים, פויערים, איר קריכט אויף קרומע וועגן... קענט איר אַליין זיך ניט שטעלן אַנטקעגן דער מאַכט, שיקט איר אַרויס די אומשולדיקע בהמות! ס'איז ניט קיין צופאַל וואָס אייערע בהמות האָבן זיך דאָ באַגעגנט. איר האָט זיך אַלע פאַראייניקט, כאָטש אַליין לעבט איר ניט צווישן זיך בשלום. איך ווייס שוין ווי די דייטשן קוקן אויף די אוקראַינער, און ווי איר קוקט אויף די טאַטערן... נו, האָט איר זיך פאַראייניקט צו שטערן דעם אידישן איבערוואַנדע־רער. איך פרעג אייך: צוליב וואָס טוט איר עס?

פרידריך, באַגנער האָט אַ לאַך געטאָן; דאָס בלוט איז אים אַריין אין פנים אַריין. ער האָט באַטראַכט דעם עולם אידישע איבערוואַנדערער, וואָס זענען געשטאַנען אין עטלעכע קופּקעלעך און געקוקט האַלב־צעשראָקן און האַלב־פאַר'חידוש'ט. זיין בליק איז אויך געפאַלן אויף די קינדערלעך, וואָס האָבן, ביים זייט פון די מאַמעס, אפילו געקוקט צו די פרעמדע מענטשן. אים איז ניט געווען גאָר באַקוועם צו באַגעגענען זיך מיט לאַנעס בליקן. דאָס געלעכטער האָט זיך ביי אים אַרויסגעריסן, צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון די ווערטער, וואָס ער האָט געזוכט, און דערווייל נאָך ניט געפונען.

און כאָטש דעם עלטערן דודענקאָ — טאַראַסן, האָט געביסן אין שפּיץ צונג עפּעס צו ענטפערן, האָט ער געוואַרט וואָס באַגנער וועט זאָגן; ווארום, אויב באַגנערן איז גוט אויפן האַרצן ביז צום לאַכן, וועט ער מסתמא געפינען דאָס פּאַסיקע וואָרט צו ענטפערן אויף דער „חוצפּה'דיקער רעדע" פון אידישן איבערוואַנדערער...

באַגנער האָט טאַקע באַלד געפונען די פּאַסיקע ווערטער:

— מיין נישט, אַז איך האָב אַ לאַך געטאָן פון דיינע רייד — האָט ער זיך געווענדט אויף בערעס זייט — דאָס לאַך איך פון מיין אייגענעם נאַר, אַז איך באַדאַרף דאָ איצטער שטיין און זיך פאַר־ענטפערן... אין אמת'ן האָט איצטער קיינער פון אונדז נישט באַ־דאַרפט עפּענען ס'מויל און רעדן, נאָר מאַמע־ערד האָט באַדאַרפט עפענען דאָס מויל און רעדן, מען זאָל עס דערהערן אין די הימלען...

מאמע־ערד האָט באַדאַרפט שרייען און פאַרציילן וואָס מען האָט דאָ אויף איר אָפּגעטאָן! זי האָט באַדאַרפט פאַרציילן פון די גערע־טעניש, וואָס דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן, זינט די גרויסע מלכה יעקאַטערינע האָט אונדזערע עלטערן אַהער אַראָפּגעבראַכט פון דייטשלאַנד, מיר זאָלן ווערן וועגווייזער פאַר די בלינדע און נישט־באַוואוסטזיניקע פויערים. שפע איז דאָ געווען. אין די האַפּנס פון שוואַרצן ים האָט מען געלאָדן שיפן מיט אונדזערע ווייצן. אַ האַלבע וועלט האָט קרים געשפּייזט מיט ברויט! דאָ האָט געלעבט דער מענטש, וואָס האָט ליב פּראַצע און איז אָרנטלעך. וואָס איז פון קרים געוואָרן? עס איז דאָך איצטער רעכט, אַז אין קרים גופא האָבן אירע איינוואוינער נישט קיין ברויט. נישט איר וועט האָבן ברויט, און רוסלאַנד וועט אויך קראַפּירן פון הונגער!...

— ער איז גערעכט, ער רעדט ווי אַ פּריינט פון לאַנד — האָט מאיר שטיינבערג שטיל איינגערוימט וואָווע ברעזערן, נעבן וועמען ער איז געשטאַנען.

דער אַלטער פּינטשוק האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט פאָרויס; אים איז היים געוואָרן אין אַלע אברים בעת באַגנער האָט גערעדט; ער האָט זיך קוים דערוואַרט, אַז באַגנער זאָל ענדיקן.

— ווי דו קוקסט מיך אָן — האָט ירחמיאל פּינטשוק גערעדט אויף דער זייט פון באַגנערן קעגנאיבער — בין איך דאָ מיט מיינע זין פון הימל נישט אַראָפּגעפאַלן. שוין באַלד הונדערט יאָר ווי מיינע זיידעס זענען געקומען צו דער ערד. איך בין אַזאַ גוטער פּויער ווי איר אַלע דאָ. כאָטש מיט קיין עשירות האָב איך זיך נישט געקענט באַרימען. טאַקע דערפאַר, ווייל מיר זענען געווען אידן. דאָס שטיקל ערד אין אונדזער דאָרף אָרום קיעוו איז געווען קאַרג, ווייל מער האָט מען נישט געטאָרט צוקויפן. אַלע אין אונדזער דאָרף האָבן געפּראַצעוועט, און די ערד ליב געהאַט; נו, זענען מיר געווען אַלע יאָרן גרוים אין די אויגן ביי אונדזערע שכנים, אוקראַי־נער. אין די פּאָגראָמען־טעג האָבן זיי זיך צו אונדז אַראָפּגעלאָזן און האָבן נישט נאָר אונדזערע שטיבער ביזן פונדאַמענט אַראָפּגע־ריסן, האָבן אפילו די ברינימער פאַרשאָטן! אָ, איך זאָג אויך:

ווען די ערד וואָלט געעפנט איר מויל, וואָלט זי פאַרשאָלטן אַזעלכע שכנים נישט־פאַרגינער!...

— רויבט דאָס אָנגערויבטע! האָט לעניך באַפוילן צו די אָרימע מאַסן, אידן און ניט־אידן... זיין שטים איז אַזוי גוט ווי די שטים פון מאַמע־ערד!...

יוסף האָט עס כמעט ווי אַרויסגעשריען; עס האָבן אַלע צו אים געווענדט די אויגן. בערע האָט געפילט, ווי פון זיינע ליפּן האָט עס יוסף אַראָפּגעכאַפּט; עפּעס אַזעלכעס האָט ער געוואָלט זאָגן; און אים איז דעריבער איצטער שווער געווען פון דעם אָנצוהייבן...

— דערמאָן נישט די פּאָגראָמען — האָט טאַראַס דודענקאָ אָנגעהויבן מיט אַ הייזעריקער, באַסאָווער שטים — וואָס געווען, איז געווען... מיר האָבן שטענדיק פאַרשטאַנען וואָס די מאַכט האָט פון אונדז פאַרלאַנגט. ווען די מאַכט אין פּעטערבורג האָט געהייסן „דאָקוטשען" די אידן, האָט מען עס אויסגעפאָלגט... די שטים פון דער מאַכט איז ווי די שטים פון גאָט. איצטער וויל די מאַכט, אידן זאָלן אויך האָבן אַ ווינקל ביי דער ערד, איז רעכט... וואַרום, אויב איך וויל קען איך זאָגן, אַז צונ'אייך איז איצטער אַך־און־וויי, כאַ־כאַ־כאַ... איך לאַך מיט דער גאַל, אַז איך זע אייך, ווי איר מוטשעט זיך, און ווערט אויסגעטריקנט. איך מיין עפּעס אַנדערש; אויב ס'איז שוין געקומען צורייד, זאָג איך הויך און אָפן: איר האָט זיך נישט באַדאַרפט לאָזן מען זאָל אייך נעמען און אָט אַזוי־אָ צעדעפּטשען, ווי די בהמות דעפּטשען דעם הנאָי אין שטאַל!... יאָ, טאָוואַרישטשי, די היינטיקע מאַכט האָט אייך צעדעפּטשעט; צי האָט איר דען אַ פּנים ווי איר האָט געהאַט אין שטאָט?...

— פון אייך וועט ווערן, וואָס עס ווערט פון קוראַי סוף־זומער — איז דער אינגערער זאַכאַר דודענקאָ אַריינגעפאַלן דעם עלטערן אין די רייד אַריין — איר האָט זיך נישט געטאָרט רירן פון שטעטל. דו דאָרטן דערציילסט פון פּאָגראָמען, וואָס מען האָט אויף אייער דאָרף געמאַכט; זאָג איך: געווען אַן עולה פון שכנים־פּויערים! איך האָב געהערט פון אייערע דערפער אין אוקראַינע; איך זאָג: ס'איז אַן עולה...

דער טאָטער, סעדין בעקיראָוו, אַן איינגעבויגענער, אַ צעקניי־

טשטער; ער האָט איבערגעשטעלט אַ פּאָר מאָל די פיס, און מיט אַ דראָבנעם כי־כי־כי, האָט ער אָנגעהויבן אויף דער זייט פון די ווייבער:

— איר מאַכט אונדז ענג; נישטאָ וואו אַ שעפּס אַרויסצולאָזן. קרים איז פון אַמאָליקע צייטן אָן געווען פּאַר די טאָטערן. שעפּסן האָט קרים געהאַט גאָר אָן אַ שיעור. גיי און האַלט איצטער שעפּסן... אַז ס'איז נישטאָ וואו אַ שעפּס אַרויסצולאָזן... גערעכט, וואָס ער זאָגט, אַז פון אייך וועט דאָ אויך גאָרנישט ווערן. איר ווערט דאָ קלענער און אָרימער... פון אייך וועט דאָ גאָרנישט ווערן, כי־כי־כי.

— דאָס זאָג איך נישט — האָט ווידער באַגנער אָנגעהויבן — זיי, ווי מיר, אַלעמען איז ביטער. עס איז מאָסקווע, וואָס האָט זיך אויפן מענטשן אָנגעזעצט... און איך זאָג, אַז דאָס איז די אַרבעט פון אייגענע. אידן באַלעבאַטעווען אין מאָסקווע; נעמט מען צו די ערד ביי די נישט־אידן, און מען גיט עס אַוועק אייגענע... ווי גייט עס דיר דאָ? — האָט זיך באַגנער פּלוצלונג געווענדט צו וואָווע ברעזער — די פעלדער זעען באַנ'אייך האַי־יאָר אויס בעסער... דער דאָרף וואַקסט; אַרבעט מסתמא פאַראַן איבערן האַלדז...

און צו בערען האָט באַגנער אַ זאָג געטאָן:

— מיט דיר זיך אויסצו'טענה'ן האָב איך נישט גאָר קיין חשק; האָב ביי זיך אין שטוב אַזאַ באָלשעוויק ווי דו; ער טענה'ט אויך צו מיר: — רע־וואָ־לו־צצצ־ציע... פאַרשרייבט די נעמען און לאָזט אַרויס די שעפּסן; נישטאָ קיין צייט דאָ צו באַלעמוטשען.

מיט דעם האָט זיך דער גרויסער ויכוח געענדיקט. בלעע — — — מהווו — — — האָבן די שאָף און רינדער זיך דורכגעשמועסט, ווען מען האָט זיך גערירט פון אָרט.

ווען די שונאים האָבן זיך דערווייטערט פון ערד־חלק, איז גרינגער געוואָרן אויפן הארצן, כאָטש באַגנערס ווערטער האָבן זיך איינגעשניטן אין זכרון.

— „מיר קומען נישט מאַכן קיין פּאָגראָמען", כאַ־כאַ־כאַ — האָט דער אַלטער פינטשוק זיך צעלאַכט — ער וויל מיר איינרעדן, ער וועט נישט מאַכן קיין פּאָגראָמען; וואָלט ער נאָר נישט מורא

געהאט צו באצאלן מיט זיין קאפ, וואלט ער שוין געמאכט פאר־גראמען!

— צייט שוין צו פארשטיין וואס עס מיינט: „כי לי הארץ...״ גאט האט געזאגט: צו מיר געהערט די ערד; נישטא קיין אייביקע באלעבאטים אויף דער ערד — האט שמערל אסטראווער, מיט א צעגאסענעם שמייכל אויפן פנים אריינגעטייטשט דעם אלטן פינטשוק.

בערע האט געהאט א סך וואס צו זאגן די שכנ׳ישע פויערים; זענען זיי אבער צופרי אוועקגעגאנגען; האט ער עס ארויסגעזאגט פאר די, וואס זענען נאך געבליבן אויף דרויסן:

— זאל ער זיך באריכטן, אז יעקאטערינע האט אים אהער אראפגעבראכט, און צוליב זיין זכות האט די גאנצע וועלט געהאט ברויט... ווער לאזט אים איצטער נישט ארבעטן אין פעלד און ברענגען א גערעטעניש? מע האט דאך באנ׳אים נישט צוגענומען די גאנצע ערד!

לוי בירמאן האט זיך תחילת דערשראקן פאר דעם גאנצן עסק; ווען די פויערים האבן פארנומען די שעפסן און קי, און אוועק פון דארף, איז ער ווי אונטערגעוואקסן; זיין פנים האט געשיינט:

— א נייע צייט, א נייע צייט... — האט ער געשריען — ס׳איז ווערט צו לעבן אין אזא צייט; ווערט צו הונגערן און צו ליידן אין אזא צייט!

— א, א, איך זע ארוים ווי די רעוואלוציע וועט אויסקארעניען דעם אנטיסעמיטיזם אויף אייביק! ! וואס זאגט איר, חבר ראטנער?
— האט לוי בירמאן געקלאפט יוספ׳ן אין פלייצע.

צייט צו געפינען א מער פאסיקערן אויסדרוק פאר דער שנאה פון דער קריסטלעכער וועלט צו אידן, ווי אנטיסעמיטיזם — האט יוסף א פארזארגטער גערעדט — ניין, חברים, ניט דערפאר וואס מיר זענען סעמיטן האט מען אונדז איבער גאר דער וועלט פיינט; וואלט עס כאטש געווען שנאה אליין, וואלט מען געקענט פאנאנדער־פלאנטערן די דאזיקע קראנקע געפילן ביי דער נישט אידישער וועלט. מורא! דאס וואלט שוין גיכער כאראקטעריזירט די ווארצלען פון וואנען עס וואקסט ארויס די שנאה צו אונדז. מורא רינגלט זיך

ארום מיט פאנטאזיעס פון א צעהיצטן מוח. מורא קען שוין גע־בערן שנאה צו דער זאך פארוואס מען האט מורא. קאפיטאל, רע־אקציע און קריסטלעכע רעליגיע, זיי פלעכטן א פיינטלעכן רינג ארום אידן. פאגראמען זענען די שווידערלעכסטע פירות, וואס זענען צייטיק געווארן צוליב דער דרייפאכיקער שנאה. אפריער האט מען גע׳טענה׳ט, אז דער איד גייט ארום מיט א געלט־זאק אויף דער פלייצע; איצטער שרייט קאפיטאל, אז אידן צעבלאזן די פייערן פון דער רעוואלוציע. אידן צעשטערן די יסודות פון קאפיטאל...

— אונדזערע שונאים זעען גאר ניט אין אידן קיין מענטשלעך געשטאלט — האט לוי בירמאן צוגעגעבן — פון סאמע אויבן האט מען געשפרייט פינצטערניש צווישן די פינצטערע מאסן.

נאטע ק״עטשמער האט אויך שווער־מוטיק געפרואווט אויפקלערן די שנאה צו אידן:

— אין דער פריערדיקער רוסלאנד האט מען איינגערעדט די צוריקגעשטאנענע מאסן, אז דער איד האט זיך אנגעזעצט אויף דער פראוואסלאווער צערקווע; דער איד קלייבט זיך אונטערמינעווען דעם טראן. פאר׳סמ׳ט זענען אין רוסלאנד געווען די פינצטערע מאסן מיטן פחד פארן אידן; מחמת דאס האט מען געטאן מיט דער הילף פון רעליגיע. דעריבער איז אין רוסלאנד מעגלעך געווען אריינ־צוגעבן די צוריקגעשטאנענע מאסן די פינצטערע טעמפקייט צום אי־דישן לעבן אין צייט פון פאגראמען. דעריבער איז נאר אין רוסלאנד מעגלעך געווען אויפצואוועקן ביי די מאסן אזא אכזריות אין צייט פון פאגראמען. א פארזעעניש איז דער גוי געווארן אין צייט פון פאגראמען; א פארזעעניש מיט א בלוט־אנגעגאסענעם פנים, האט ער ביים אידן אונטער די פאלעס דערזען רויב; ביים אידן אונטער די פאלעס האט ער געזען גע׳שחט׳טענע קינדער. אין אידן האט ער דערקענט דעם נעכריסט, וואס גראבט אונטער דעם טראן; כאטש פון דעם הייליקן טראן זענען צום פויער געקומען די געזעצן, וואס האבן ביים אים גענאגט דעם קליאק פון דיביינער... יעמאלט האבן קלוים־טער־גלאקן אויפגערודערט אין פויערן דאס בלוט. די פראוואסלאוונע

צערקווע, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן מאַרק, האָט מיט אירע גילדערנע צלמים אָנגעוויזן אויף די אידישע הייזער...

דעם אַלטן פינטשוקן האָט עס אויך צענומען, ער האָט אויך געפונען אַ פּאָר שווערע געדאַנקען:

— דער איד האָט אפילו קיין פּראוו נישט געהאַט ליב צו האָבן זיין שטיקל ערד, וואָס ער האָט געהאַט אין שכנות מיט דעם נישט אידישן פויער... אויפן אידן האָט מען אָנגעוויזן, אַז ער אוניטשטאָזשעט די ערד... טאַקע ווי די דאָזיקע שכנים אונזערע האָבן נאָר וואָס גע'טענה'ט. אָ, די וולאַסט, וועט זיי דערפּאַר באַדאַרפן סודיען... זיי זענען שוואַרצע מאה'ניקעס! — האָט דער אַלטער פינטשוק אַריבערגעשריען אין דער זייט וואָס די שונאים מיט די בהמות זענען אַוועק...

— די שוואַרצע־מאות זענען נישט קיין לעגענדע, חברים, די שוואַרצע מאות זענען אויפגעקומען אין דער לעצטער תקופה, ווי עס קומען אָן שוואַרצע קראָען צו די פעלדער פון מגפה; זענען געווען דער צייכען פון אונטערגאַנג אין דעם אַמאָליקן רוסלאַנד — האָט יוסף גערעדט אויף לאַנגעם זייט.

— צי נאָר אין אַמאָליקן רוסלאַנד האָט מען אידן פיינט געהאַט?

— האָט לאַנגע שטיל געפרעגט, און עס האָט איר פאַרדראָסן, וואָס זי קען ניט נעמען קיין גוטן אָנטייל אין דעם ערנסטן שמועס...

— איך זאָג ניט, אַז בשעת איין פאָלק טוט גוטס אָדער שלעכטס ווערט פון דעם ניט באַווירקט דאָס צווייטע פאָלק. בשעת אין דער אַמאָליקער רוסלאַנד האָט מען חרב געמאַכט אידישע גאַסן; בשעת אין די אידישע גאַסן האָט געפלייצט אונדזער בלוט, האָט מסתמא אַ גרויסער טייל פון דער קריסטלעכער וועלט פון גאָר דער וועלט פון דעם הנאה געהאַט. ניט נויטיק זיך אָפּצושטעלן אויף איעדן לאַנד און איעדן פאָלק באַזונדער, אויפצודעקן די שנאה צו אונדז. מיר ווייסן עס גוט. די אידישע הויט איז אַ אויסגעפּרואווטע. איצטער זע איך אַרויס דעם שווערן קאַמף, וואָס די סאָציאַלע רעוואָלוציע האָט אָנצופירן מיט איר ערגסטן שונא; מיט דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס איז דורך דער רעוואָלוציע נישט געוואָרן שטאַרקער, ווי אַנדערע ווילן עס מיינען, נאָר צערייצטער געוואָרן, ווי עס ווערט צערייצט אַ בלוט־

דורשטיקע חיה בעת איר לעבן איז אין גנעפאר. און פון אלע שווערע ירושות: ווי פארפינצטערונג, אפגעלאזנקייט, שיכרות, גזלנ'ישקייט, וואס די סאציאלע רעוואלוציע האט איבערגענומען אויף די חורבות פון אמאליקער רוסלאנד, דוכט מיר, אז דער אנטיסעמיטיזם איז די ערגסטע ירושה; ס'איז א שווערע מכה, ניט אויסצוהיילן. א טויזנט־ארעמדיקע חיה, וואס אויב מען האקט איר אפ איין גיפטיקן ארעם, וואקסט אן אנדערער אויס, אזוי זעט איצטער דער אנטיסעמיטיזם אויס אין סאוועטנפארבאנד. ניט אומזיסט משפט מען אנטימיטיזם אויס אין סאוועט רוסלאנד. ניט אומזיסט משפט מען אנטיסעמיטיזם ווי קאנטר־רעוואלוציע; ווייל אונטער דער מאסקע פון אנטיסעמיטיזם באהאלט זיך אויס די שנאה צו דער סאוועטנ־מאכט... יא, חברים, — האט זיך יוסף געהיצט — ארום אונדז לעבן נאך אונדזערע שונאים. נאר, איך זע, אז עס ווייסט די סאוועטנ־מאכט, אז קיין פולע דערלייזונג איז ניט מעגלעך, ביז מען וועט נישט אויסראטן דעם אנטיסעמיטיזם פון לאנד.

— ווי אזוי קען מען אויסצאפן ביי דער מענטשהייט פון די אדערן דאס פארשאלטענע בלוט, און פארבייטן עס מיט געזונט בלוט?

— האט לאנע ווידער, א פארזארגטע פון יוסף'ס אויפקלערונג, גענפרעגט.

— משפט'ן זיי די באנדיטן! — האט דער יונגער שטיינבערג אויסגעשריען. מע קען מער ניט טרעטן איינס אויפן אנדערן. אויפן אידן טאר מען שוין אויך ניט טרעטן.

— אודאי משפט'ן... אוי, משפט מען זיי, האט בערע גערעדט מיט א געוויסער פארזיכטיקייט ניט צו מאכן קיין טעות — ביים משפט לאזט מען אים זיך נישט באהאלטן מיט שיינע ריידעלעך. אז ער וועט אנהייבן רעדן און מסר'ן אויף אידן, וועט ער זיך אליין דערשרעקן פאר זיינע רייד. איך האב זיי איצטער אנגעקוקט אונדזערע שונאים; נאכדעם ווי זיי האבן זיך אויסגע'טענה'ט, האבן זיי זיך דערשראקן! פאר דער מאכט וואלטן זיי די דאזיקע ריידעלעך באהאלטן אונטערן צונג! זיי מעגן שוין פארגעסן די צייטן ווען זיי האבן געבאלעבאטעוועט!

— אא נייע צייט, א נייע צייט... — איז לוי בירמאן ווידער

אונטערגעשפּרונגען פאַר התפּעלות — ס'איז ווערט צו הונגערן און לײַדן אין אַזאַ צײַט, חברים!

ער האָט אַ כאַפּ געטאָן יוסף'ן אונטערן אָרעם, אים געצויגן אין פעלד אַרײַן; אין איין וועגס אין אים אַרײַנגע'טענה'ט:

— דו, חבר, וועסט מיך פאַרשטיין; איך זאָג עס דיר... ווי נאָר איך זע אַזעטיקע געשעעניש ווי הײַנט אינדערפרי; איך זע, ווי אידישע שונאים מוזן שוין פאַרשטיין אין וואָס פאַר אַ צײַט זיי לעבן, און שווײַגן; זאָג איך: ס'איז משיח'ס צײַטן, חבר!

— מען וואָלט עס געקענט אָנרופן משיח'ס צײַטן, ווען למשל, אײַער ווײַב וואָלט פּונקט אַזוי זיך פילן ווי איר. וואָס קומט אַרויס? איר האָט ניט קיין פרידן אין אײַער קלענער משפּחה; אין דער גרויסער אידישער משפּחה, אויף אונדזער ערד־חלק אַליין, איז אוודאי קיין שלום נישטאָ.

יוסף האָט זיך נאָכגעשלעפּט בירמאַנען; זײַן האַרץ איז איצטער ניט געווען מיט אים. פון מויל האָט זיך בײַ אים אַרויסגעכאַפּט לענינס באַפעל: „רויבט דאָס אָנגערויבטע"; און ער האָט באַמערקט ווי די פרעמדע פויערים האָבן זיך ווי דערשראָקן פאַר זײַנע רייד; עס האָט אים פאַרדראָסן, הלמאי ער האָט עס געזאָגט. „דאָס האָט געפּאַסט פאַר בערען..." ער האָט יעמאָלט באַמערקט ווי לאַנג האָט זיך צונויפגעקאָרטשעט, ווען ער האָט עס אַרויסגעזאָגט.

דאָס אַביסל צו פאַרריכטן פאַר זײַן אייגענעם געוויסן, האָט ער געזאָגט צו בירמאַנען:

— איר פאַרשטייט, חבר... דער דאָזיקער דײַטשער פויער איז ניט קיין פּוסטער באַרימער. זיי האָבן זייערס דערגרייכט דורך שווע־רער פּראַצע און צוגעבונדנקייט צו דער ערד. זיי האָבן בײַ קיינעם ניט גערויבט. די ערד איז אַליין געקומען אין זייערע הענט אַרײַן, ווײַל זייערע הענט האָבן די ערד ליב געהאַט. די אייגענע קרימער ערד האָט זיך צום גרעסטן טייל אַרויסגעגליטשט פון זייערע הענט און איז איבערגעגאַנגען צו אידישע איבערוואַנדערער, וואָס האָבן ניט קיין ליבע צו דער ערד, און ניט זיי פאַרשטייען וואָס די מלוכה וויל פון זיי; און דער עיקר, כאַפּט מען ניט אויף דעם אידישן תוך

פון דער גאנצער זאך... יא, זאג איך, חבר בירמאן... איר וועט מיר מוחל זיין, איך באדארף צולויפן אהיים.

יוסף האט געלאזן בירמאנען אין רעכטן מיטן שמועס און האט פארקערעוועט צוריק אין דארף אריין. ביים ברונעם האט ער זיך אנגעשלאגן אן בערען.

בערע האט אים ארומגענומען און געדריקט צו זיך:

— ביסט צו קלוג פאר מיר, יוסף... אט, דוכט זיך מיר אויס, דו ביסט דער גרעסטער קאנטער־רעוואלוציאנער, וואס מען באדארף פארשיקן אויף סיביר; און אט ביסטו . . . אי, האסטו זיי א זאג געטאן! „רויבט דאס אנגערויבטע..." אודאי, יוסף, זענען זיי אלע, כ'מיין, די ארומיקע רייכע פויערים, זיי זענען אלע רויבער, וואס האבן דעם אָרימען פויער אויסגעזויגן; אזוי אין אוקראינע; און אזוי דא אין קרים. קום היינט אריין צו מיר; איך האב נויטיק מיט דיר זיך דורכצושמועסן וועגן א פאר זאכן. איך האב א בריוול פון נחום'ען; ער איז א קאנטער־רעוואלוציאנער! דו האסט דאך ליב געהאט ביילקען...

— הא?

— וואס קוקסטו מיך אזוי, אן, יוסף? אודאי האסטו זי ליב געהאט. — ער וויל זי אוועקווארפן.

— טא וואס האט עס צו טאן מיט דיר און מיט מיר?

יוסף איז בלאס געווארן.

— איך גלויב ניט, אז דו, בערע, ווילסט דא ווערן א שדכן. ווילסט אפשר דיין ברודער, דער גרויסער פראלעטאריער, זאל פטור ווערן פון דער בורזשויקע... הא, בערע?

— ווייסט דאך, אז איך האלט ניט פון מיין ברודער.

— טא וואס־זשע דען?

בערען האט פארדראסן צוליב וואס ער איז ארייננעקראכן אין אזא שמועס. האט ער עס געוואלט פאררעכטן:

— ניין, יוסף — האט ער זיך פארענטפערט — איך האב א סך וויכטיקערע זאכן מיט דיר צו רעדן. איך וועל גאר היינט אין אוונט צו דיר ארייננקומען.

דאָס האָט בערע אָפּגעזאָגט, און אומגעריכט פאַרקערעוועט אָן א זייט; געלאָזן יוסף'ן אינמיטן גאַס.

יוסף האָט געשפּירט, ווי א קאַלט וואַסער האָט דורכגעשטראָמט דורך זיין ליב. ער האָט צום ערשטן מאָל באַמערקט אין בערען אַזוינס, וואָס ער באַטראַכט עס פאַר אומאָרנטלעך. אים פאַרדריסט פאַרוואָס דאָס איז געשען. דעם ביילקע־ענין וויל יוסף ניט אויפנעמען מיט אים נאָך אַמאָל. מיט לאַנגען וואָלט יוסף חשק געהאַט צו רעדן; מיט איר קען ער זיין אָפנהאַרציק; איר וועט ער אפשר דערציילן פון זיין שמועס מיט בערען...

— „מאַמע־ערד שווייגט..." אַך, ווי אמת דאָס איז!

דאָס האָט יוסף ראַטנער כמעט ווי אויסגעשריען, און געשפּרייזט צוריק אין פעלד. זיינע הייס־געוואָרענע בליקן האָט דאָס גרינע פעלד געקילט.

# XLII

בייזע ווינטן האָבן געריסן זייער וועג דורכן לעבן פון יונגן דאָרף, ניט דערלאָזט, אַז רו און צופרידנקייט זאָל הערשן אין די געמיטער.

די ניי־אָנגעקומענע איבערוואַנדערער האָבן פאַר זייער לייד און פרייד געזוכט דאָס פעלד צווישן די אַלטגעזעסענע. די דאַוונערס האָבן שבת געהאַט א גרעסערן מנין ביי די ברעזערס אין שטוב; און די, וואָס האָבן געהאַט אמונה אין אידנס איבערגאַנג צו ערד, האָבן געפונען שותפים פאַר זייער האָפענונג. און ס'איז אויך, מיטן אָנקומען פון די שטיינבערגס, שטאַרקער געוואָרן ביי וואָווע ברעזער און ביי פיניע זייטשיק דער חשק צו האַנדלען.

פיניע זייטשיק האָט פשוט נייע כחות דערשפּירט, און ניט בשתיקה, טאַקע אימיצער נאָך זאָל עס הערן, האָט ער ליב געהאַט א זאָג צו טאָן:

— דעם אייזערנעם טשינאָווניק אונדזערן, געמיינט דערביי בערען, וועל איך די זייטן אונטערהאַקן; זאָל ער נאָר פּרואוון אָנ־ווייזן אין די הויכע פענצטער, אַז איך האַנדל!

צי בערע האָט אָנגעוויזן „אין די הויכע פענצטער”, צי ניט, האָט מען דאָרטן גוט געוואוסט, אַז די דריי: ברעזער, זייטשיק און מאיר שטיינבערג האַנדלען שטאַרק; פירן דעם האַנדל אין אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד. אַהער צו דער ערד איז מען נאָר אַרעבערגעקומען, כדי צו קריגן שטימרעכט. זייטשיק האָט נאָך אַלץ ניט אַראָפּגעבראַכט זיין משפחה.

לאַנע האָט עטלעכע מאָל געהאַט אַ מחלוקת מיט שטיינבערגס עלטערן זון, מיט עוזר׳ן; זי איז אַ פּאָר מאָל געווען גאָר ניט איידל מיט אים:

— עס טוט מיר באַנג, וואָס איך האָב אין פרילינג געעפנט די שטוב פאַר אייך; צוליב אייך איז אונדזער שטוב געוואָרן אַ נעסט פון קאָנטר־רעוואָלוציע.

עוזר שטיינבערג איז געווען אָפּנהאַרציק מיט לאַנען:

— מיר זענען ניט די איינציקע וואָס לאָזן זיך ניט, די מלוכה זאָל זיי צעטרעטן מיט די פיס; אידן האָבן אין רוסלאַנד אין אַלע צייטן באַדאַרפט קעמפן מיט דער מאַכט, כדי צו קענען לעבן. איצטער איז אויך דאָס אייגענע. איך ווייס נאָר, אַז דער, וואָס האַנדלט, האָט אַ שטיקל ברויט; און דער, וואָס פאָלגט אויס אַלץ וואָס די נייע טשינאָווניקעס פאַרלאַנגען, ער פגר׳ט פאַר הונגער. מיר ווייסן, אַז פאַראַיאָרן נאָך זשניווע האָט די מלוכה באַנ׳אייך צוגענומען דאָס ביסל תבואה. זי וועט עס ווידער טאָן נאָך היינטיקער זשניווע, אויב עס וועט זיין וואָס צו שניידן. אַרט מיר ניט; זאָל זי נעמען! איך וועל קריגן תבואה אויפן מאַרק. ווי טייער איך וועל ניט באַצאָלן — וועט עס אַלץ קאָסטן ביליקער. איך ווייס אויף וואָס פאַר אַ וועלט איך בין, און וואָס פאַר אַ קאַמף איך האָב צו פירן פאַר מיין שטיקל ברויט.

לאַנע האָט דערקענט ווי איר טאַטע איז געשטאַרקט געוואָרן מיט דעם אָנקומען פון די שטיינבערגס. זינט די שטיינבערגס וואוינען ביי אים אין שטוב, איז וואָוועל גאָר לעבעדיק געוואָרן; פאַרשוואונדן דער אַש־קאָליר פון פּנים.

אַרום לאַנען האָט זיך ווידער געקליבן אַ שטורם. דעם שטורם צו פאַרמיידן האָט זי דערווייל קיין אויסוועג ניט געהאַט. בערע

האָט זי כמעט ווי אויסגעמיטן; אים נאָכלויפן איז איר ניט אָנגע־שטאַנען. איר איז אַפילו ניט איינגעפאַלן צו באַשטראָפן אים דער־פאַר וואָס ער דערוויייטערט זיך פון איר, מיט דעם, וואָס זי וועט נעמען און אַרויסווייזן ליבע צו אימיצן אַנדערש... איר טיפן צער האָט זי ניט געקענט לינדערן מיט ווינטיקער ליבע; מיט אָנטאָן בערען צו־להכעיס. עס איז געווען נאַטירלעך, ווען בעניע פּינטשוק, אַ געבוירענער פּויער, האָט געפונען צייט לאַנען אַרויסצוהעלפן אין פעלד, בשעת זי האָט, ווי פּאַראַיאָרן, פּאַנאַנדערגעגראָבן אַ פּאָר בייטן און פּאַרזעצט אוגערקעס, זונרויזן און קאַווענעס. אמת, ביי דעם בעניען האָט עס אָנגעצונדן דאָס בלוט, אַזש זיינע אייגענע רייד האָט ער ניט געהערט, בשעת ער האָט איר אַרויסגעהאָלפן.

ניין, ניט אין דעם איז געווען איר אויסוועג.

— אַוועק פון טאַטנס שטוב! — — — —

אַזאַ שטים האָט צו איר גערעדט; אַ שטים, וואָס האָט אַרויס־געשריען פון אייגענעם בלוט אַרויס.

אָבער ווי אַזוי נעמט מען און מען לאָזט איבער אַלץ מיט אַן אַנדער? אַוועק פון טאַטנס שטוב, בלייבן אין דאָרף, און פירן אַ קאַמף מיטן אייגענעם טאַטן: פשוט און פּראָסט — נעמען און אַרויסשיקן אים פון דאָרף, ווי בערע האָט עס איר איינמאָל געהייסן, דאָס וואָלט שוין געווען פאַר לאַנען דאָס סאַמע לעצטע צו טאָן אין אַ רגע פון פולער פאַרלאָרנקייט.

— סיידן אפשר נעמען און אַוועק צוביילקען...

אויך דאָס איז געקומען אויפן געדאַנק. ביילקע האָט איר אין אַ בריוו געשריבן, זי זאָל זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ די ערד, און קומען אין שטאָט. „ביידע וועלן מיר אַרבעטן אויף אַ זאַוואָד...” אַזוי האָט ביילקע געשריבן. ווען לאַנע טראַכט זיך אין דעם אַריין, דערזעט זי זיך אין געשטאַלט פון אַ שטיקל שרייפל אין אַ מאַשין; אַ שטיקל אויסגעקרישלט האָלץ, וואָס מען באַדאַרף עס ערגעץ צוריק צוקלעפּן. דאָ איז זי ניט קיין שרייפל אין אַ מאַשין. דאָ האָט זי געגלויבט, אינאיינעם מיט בערען, אינאיינעם מיט יוספ׳ן, מיט יעדן אויף זיין אופן האָט זי אויך געגלויבט, אַז אידן בויען דאָ אַ היים. אָבער מיט דעם אָנקומען פון נייעם פרילינג, מיט דער מחנה פרישע

איבערוואַנדערער, אינאיינעם מיט דער פרייד פון בויען, האָט זיך געקליבן אַ שטורם אַרום איר.

אין איין זוניקן האַלבן טאָג האָט דער שטורם אויסגעבראָכן: בערע קאַוואַלסקי איז אַריינגעקומען צו ברעזערן אין שטוב, ווען וואָווע ברעזער, זייטשיק און מאיר שטיינבערג האָבן פונקט געהאַט אַרומגערעדט אַ שטיקל עסק, וואָס האָט זיך געמאַכט דורכצופירן.

פשוט און קורץ האָט בערע געמאָלדן:

— די מלוכה וועט עס לענגער ניט דערלאָזן אין דער לאַנגער באַנק אַריין; אויב איר זענט געקומען אַהער צו ווערן כלומרשט פויערים, כדי מיט דעם פאַרשטעלן אייערע פאַרברעכנס, מעלד איך אייך, אַז לענגער וועט איר עס ניט פאַרשטעלן... איר קענט אויס־קלייבן איינס פון די צוויי: אָדער ערד־אַרבעט, אָדער טורמע!

בערע איז שנעל אַרויס, איידער ברעזער, שטיינבערג און זייטשיק האָבן אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם.

דער ערשטער איז אַרויס דרויסן מאיר שטיינבערג און האָט נאָכגעשריען בערען:

— זיי אַזוי גוט, כ'האָב נישט גוט געהערט וואָס דו האָסט געזאָגט; זאָג עס איבער נאָך אַמאָל!

באַלד נאָך שטיינבערגן איז אַרויס זייטשיק און נאָכגעשריען בערען:

— איך האָב דיך אין דר'ערד, פּאָגראָמשטשיק דו!

בערע, וואָס האָט געהאַלטן ביים אַריבערגיין די ברייט פון גאַס, איז געבליבן שטיין, געוואָלט הערן נאָך עפּעס.

— וואָס ביסטו אַנטלאָפן? — האָט שטיינבערג צו אים אַריבער־געשריען — אדרבה, אויב מיט דיר באַדאַרף איך מיך אויס'טענה'ן— איז גוט; לאָמיר זיך אויס'טענה'ן.

בערע האָט געמאַכט עטלעכע טריט אויף צוריק, געבליבן שטיין, און האָט ווידער געזאָגט:

— איר זענט ניט טויב; איר האָט גוט געהערט וואָס איך האָב געזאָגט. ניט צום ערשטן מאָל וואָרן איך אייך; איך וואָרן אייך ווי אַ פריינט... און דו—האָט ער זיך געווענדט צו זייטשיקן— איך האָב געהערט וואָס דו האָסט אַריבערגעשריען; איך וועל זיך

דערפֿאַר ניט שלאָגן מיט דיר. די צייט וועט קומען, וועסטו אויך וויסן, ווער ס׳איז דער פּאָגראָמשטשיק אויפֿן ערד־חלק.

דערווייל האָט זיך אַן עולם צונויפֿגעקליבן: אַרויסגעקומען דער אַלטער יאָשע און וואָווע ברעזער; אונטערגעקומען דער אַלטער פֿינ־טשוק מיטן עלטערן זון דוד; כאַסיע אַסטראָווער און לוי בירמאַן אין צעריסענעם סורדוט. יעדערער איז אונטערגעקומען מיט זיין נייגער. קינדערלעך זענען אָנגעקומען און אָנגעשטעלט אויגן און אויערן.

אַז דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן קלייבן, האָט שטיינבערג געפֿור־נען אַ שעת־הכושר זיך אַראָפּצורעדן פֿון האַרצן:

— ער סטראַשעט מיך — האָט שטיינבערג גע׳טענה׳ט צו בערען — מיר האָבן שוין געהערט אַזעטיקע סטראַשונקעס! גוט זיי דאָרטן צו זיצן אין מאָסקווע און אַרויסגעבן דעקרעטן... און אַז זיי האָבן דעקלאַסירט, איז דאָס קאַרג? ! אויסציען זיך אויף דער ערד, מע זאָל טרעטן אויף מיר? אַ וועלט הונגערט, וועט זי גריזשען די ערד? די ערד וועט אייך אַלעמען אויפֿפֿרעסן! כאַ־כאַכאַ... נאַ דיר גאָר גזירות; נישטאָ שוין וואוהין צו אַנטלויפֿן... געמיינט, דאָ וועל איך האָבּ אַ שטיקל מנוחה; נאַ דיר גאָר אַ סטאָראָזש ביי דער באָל־שעוויסטישער מלוכה!

אין געזעמל האָט מען געפּרואווט אַ לאַך טאָן.

איז לוי בירמאַן אַרויסגעשפּרונגען, זיך געשטעלט אויף בערעס זייט:

— חבר קאָוואַלסקי רעדט ווי אַן אמת׳ער פֿריינט; ער מיינט אייער טובה, חברים. די מלוכה פֿאַרוועדט צו האַנדלען, מען טאָר נישט האַנדלען! ער וואָרנט אייך, איז דאָס פֿאַר אייער טובה וועגן...

— ווער פֿרעגט באַ דיר? ! — האָט שטייענבערג אַריבער־געשריען צו בירמאַנען.

— איך רעד נישט צונ׳אייך; איך רעד צו אַלעמען און צו זיך אַליין... בין אַמאָל געווען אַזאַ קנאַקער ווי איר, חבר שטיינבערג; באַ מיר האָבן געאַרבעט מער מענטשן ווי באַנ׳אייך! איך האָב גע־וואוסט דעם טעם פֿון עקספּלואַטאַציע פּונקט ווי איר, חבר...

— טאָ וואָס איז דיר מיטאַמאָל גוט געוואָרן, וואָס דו קענסט

אַרומגיין באָרוועס, די פיס זאָלן צעפּאַלן ווערן? בענקסט נאָך הונגער־טיף, יאָלד איינער?!

בערע איז אַוועק זיין וועג, אָבער דאָס געזעמל איז גרעסער געוואָרן.

נאָטע קרעטשמער איז אונטערגעקומען, און האָט זיך איינגע־שטעלט פאַר בערען:

— איר באַגייט אַן עולה, ווען איר באַליידיקט אונדזער עלטסטן. מען קען אים נישט חושד זיין, אַז ער מיינט עפּעס פאַר זיך. ער וויל נישט פאַר זיך מער, ווי פאַר אייך, חברים. ער האָט ליב דעם אמת; איך זאָג אויך דאָס אייגענע: אויב די מלוכה האָט די אידן געגעבן ערד בתנאי, מע זאָל אויפהערן צו האַנדלען, באשר הענדלער זענען פּאַראַזיטן אויף יענעם, איז אין דעם פאַראַן דער גרעסטער יושר...

— זאָל ער נישט סטראַשען מיט דער מלוכה! — האָט זייטשיק געשריען — ווער איז ער אַזעטיקער? אַ שטיק שמידאַילע איז ער!... זאָל ער מיר קיין דעה נישט זאָגן. אויב ער וויל דאָ זיין אַ מסור, וויל ער, וועל איך אים באַווייזן וואו אַ נאַראַווויסטער פערד שטייט...

דערווייל איז אָנגעפאָרן דער אַגראָנאָם; איז צוגעקומען מיטן אויטאָמאָביל צום פאַרזאַמלטן עולם; געבליבן זיצן אין אויטאָמאָביל, געוואָלט געוואויר ווערן וואָס דאָ קומט פאָר:

— אַ פאַרזאַמלונג באַנ'אייך, חברים... זייער גוט. איך האָב טאַקע ניט קיין סך צייט צו פאַרברענגען; מען וועט זיך דאָ קענען דורכשמועסן. בין געקומען אייך זאָגן, ווי אַ פריינט פון די איבער־וואַנדערער, אייך מיין איך — האָט ער גערעדט צו זייטשיקן — די רעגירונג האָט פאַריבל, הלמאי מיר דערלאָזן ניט, איר זאָלט זיך קאָלעקטיוויזירן, און הלמאי מיר דערלויבן אייך צו האַנדלען... מילא, מיטן קאָלעקטיוויזירן האָט דער „אַגראָדזשאָינט" זיין קוק אויף דער זאַך; ער רעכנט, אַז דערווייל איז נאָך ניטאָ דער פּאַסיקער מענטשנ־מאַטעריאַל ביי דער ערד; און עס פעלן נאָך די נויטיקע מאַשינען; מיט אָקסן קען מען קיין קאָלעקטיוון ניט בויען. אָבער וועגן דעם, וואָס איבערוואַנדערער נעמען ביי דער רעגירונג ערד, ביים אַגראָ־דזשאָינט שטיצע, כדי צו ווערן פּראָדוקטיווע מענטשן, — ווען איר

לאָזט זיך אוועק האנדלען, איז דאָס ניט נאָר אַן עולה — עס איז אַ פאַרברעכן... די רעגירונג וועט סוף־כל־סוף פאַר אַזאַ פאַרברעכן גאַנץ האַרב באַשטראָפן.

— וואָס פאַר אַן ערד האָט מען אונדז געגעבן? אין אַ היסן סיביר האָט מען אונדז פאַרשיקט! — האָט זייטשיק געשריען — דאָ טריקנט מען; דאָ וועט מען אויסגעסאָכניעט ווערן!

— מע האָט גענומען דעם אידן, אַריינגעלייגט אים אין אַ פעסל מיט שפּיציקע טשוועקעס אינעווייניק, געלאָזט דאָס פעסל זיך קאַטשען באַרג־אַראָפּ, און ווי סע זאָל זיך נישט קייקלען, שטעכט עס אין לייב; אָט וואָס מע האָט געטאָן מיטן אידן!

דאָס האָט שוין ניט געקענט פאַרטראָגן צאַלקע שטיינבערג; כאָטש אים איז אויסגעקומען אַרויסצוטרעטן קעגן זיין אייגענעם טאַטן.

— איך זאָג דיר, טאַטע, קלאָר און אָפן — האָט זיך צאַלקע געהיצט — בעת מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון שטעטל, ווען דו זאָגסט מיר, אַז דו וועסט זיך ניט אָפּזאָגן פון האנדל, וואָלט איך מיט דיר ניט געפאָרן אהער. איצטער איז איינס פון די צוויי: אָדער טו דאָס וואָס אַלע טוען, אָדער פאָר דיר געזונטערהייט צוריק אין ווייס־רוסלאַנד; איך וויל זיך צופּאַסן צו דער נייער צייט!

— כאַ־כאַ־כאַ — האָט זיך מאיר שטיינבערג צעלאַכט — איך זאָל טאָן דאָס וואָס אַלע טוען?... און אויב אַלע ווערן געשוואָלן פון הונגער, זאָל איך אויך געשוואָלן ווערן, זונעלע מיינער?!

— אויף אייך זעט מען ניט, איר זאָלט פאַסטן צען מאָל אַ טאָג — האָט מיט אַ שמייכל לערנער זיך אָפּגערופן.

— גוט געזאָגט; איך עס נישט צען מאָל אַ טאָג... צי אין דעם צען מאָל אַ טאָג עסן גייט עס דאָ אָן? אָט איז דאָ נאָך אַ איד: חבר ברעזער, ער גיין איין! איך דערקען וואָס פאַרן יאָר דאָ איז געוואָרן פון אים. און דו, זונעלע מיינער, — האָט ער מיטן פינגער געטייטלט צו צאַלקען, — דו זאָגסט, אויב מיר איז שלעכט, זאָל איך אַוועק צוריק אין ווייסרוסלאַנד... פונקט ווי דו דאגה'סט פאַרן כלל, אַזוי דאגה איך אויך פאַרן כלל. ביז איך בין אהער נישט געקומען, האָב איך נישט געוואוסט וואוהין מען פאַרשיקט אידן. איצטער זע

איך: ערגער ווי אין צאַר ניקאָלאַיס צייטן! איך וועל נישט רוען, ביז איך וועל אַלעמען נישט אַראָפּטרייבן פון ערד־חלק!

—דאָס איז שלעכט, חבר, — האָט לערנער שטיל און ערנסט געזאָגט. — אויב דאָס כאַפּט זיך באַנ'אייך אַרויס פאַר כעס, איז עפּעס אַנדערש; נאָר אויב איר קלערט עס טאַקע צו טאָן, בונטעוועט, ווייסט איר דאָך מיט וועמען איר האָט צו טאָן: די סאָוועטישע מאַכט איז זייער שטרענג מיט די וואָס בונטעווען אַנטקעגן איר...

מיט שנעלע טריט איז לאַנע אָנגעקומען פון פעלד; הינטער איר האָט געאיילט יוסף. ביידע זיינען אָנגעקומען אויף לערנערס לעצטע ווערטער.

לאַנען איז מיטאַמאָל הייס געוואָרן; עס האָט איר אָנגעהויבן שטעכן אין לינקן שלייף. זי האָט באַטראַכט דעם עולם; האָט פאַרשטאַנען פון וואָס דאָ איז די רייד. וואָווע ברעזער איז געשטאַנען אַביסל אָן אַ זייט. איר איז ניט געווען קלאָר, צי ער האָט זיך דאָ אויך באַטייליקט אין שמועס.

— וועגן וואָס רעדט מען דאָ, חבר לערנער? — האָט לאַנע געפרעגט, בשעת זי האָט לערנערן דערלאַנגט די האַנט.

— איר ווייסט געוויס אַליין, חבר'טע ברעזער; מען רעדט מכוח דעם, וואָס אַרום אייער ערד־חלק קלייבט זיך אַ שטורם. פאַראַיאָרן האָט די מאַכט געקוקט דורך די פינגער אויף די וואָס האָבן געהאַנדלט אויף די ערד־חלקים; ס'איז געווען אַן אָנהייב, מען האָט אַליין ניט געוואוסט ווי אַזוי די איבערוואַנדערונג וועט אָנגיין. היינטיקן זומער איז די מאַכט שטרענג, און וועט באַשטראָפן איעדן, וואָס האָט גענומען ערד, און קלערט זיך אָפּגעבן מיט האַנדל. מען האָט אונדז פון דער רעגירונג וועגן דעם מודיע געווען. איך פאָר היינט איבער מיין ראַיאָן, און בין געקומען אַהער, אייך איבערגעבן די וואָרנונג.

— חברים, איך וויל זיין אָפנהאַרציק—האָט לאַנע אָנגעהויבן—אפירער האָט מען קרום געקוקט אויף די ברעזערס און אויף זייטשיקן; איצטער איז צוגעקומען אַ משפחה שטיינבערג... צום באַדויערן האָבן זיי זיך אַריינגעקליבן צו די ברעזערס... עס פאַרדריסט מיר, חברים; איך האָב ניט געוואָרט, אַז מיין צווייטער זומער וועט

זיך אזוי טרויעריק אָנהייבן. איך זאָג: די קינדער, וואָס קענען ניט גיין מיט די עלטערן, זאָלן זיי זיך אָפּטיילן באַזונדער; אונדזער צוקונפט...

טרערן האָבן געוואָרגן; לאַנען איז שווער געווען צו רעדן; מיט אַלע כחות האָט זי געקעמפּט ניט אַרויסצואווייזן איר שוואַכקייט. זי האָט די לעצטע ווערטער כמעט אויסגעשריען.

אויף לאַנעס לעצטע ווערטער איז בערע קאָוואַלסקי אָנגעקומען; זיין שטים האָט געקלונגען הייזעריקלעך:

— אין אַ גוטער שעה זענט איר געקומען, חבר לערנער; איך האָב געוואוסט, אַז איר וועט דאָ זיין אין דעם ראַיאָן. איר האָט דאָך אויך אַ שטיקל דעה; איך וויים ,אַז דער „אַגראָדזשאָינט" איז אין אַסך פּרטים ניט קיין פריינט פון דער סאָוועטנמאַכט; אָבער דאָס, גלויב איך, וויל ניט דער „אַגראָדזשאָינט", אַז נאָכדעם ווי מען באַזעצט אידן ביי דער ערד, מען בויט פאַר זיי אוים שטיבער, כדי זיי זאָלן ווערן פּראָדוקטיווע מענטשן ביי דער ערד, זאָל מען זיי נאָך אונטערהעלפן האַנדלען.

— איך בין פון דער פינפטער קאַטעגאָריע — האָט מאיר שטיינבערג ווידער קריגעריש אָנגעהויבן — מיר האָט מען געגעבן נאָר דאָס שטיקל ערד. אַ שטוב, פערד און מאַשינען — אויף דעם האָב איך פון מיין אייגענער קעשענע אויסגעלייגט!...

— איז צוליב וואָס זענט איר געקומען אַהער? — האָט אים בערע געפרעגט.

— בין נישט געקומען; מען האָט מיך אַהער פאַרשיקט!

— איר וועט עס פועל'ן ביי דער מאַכט; מען וועט אייך נאָך פאַרשיקן! — האָט בערע אים איבערגעהאַקט — יעמאָלט וועט איר צייט האָבן צו קלערן און זיך דערקלערן, אַז אַ רעוואָלוציע איז געווען, דער אַרבעטער־קלאַס און די אָרימע פויערים האָבן גענומען די מאַכט אין די אייגענע הענט, און אַזעטיקע ווי איר ווייזט מען אָן דעם ריכטיקן אָרט! אָבער אפריער גיט מען אייך די מעגלעכקייט צו ווערן דאָס, וואָס איר האָט באַדאַרפט זיין: מענטשן זאָלט איר זיין, אַרבעטן און פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט!

— הייסט עס, אַטאַ־דאַ, מיט דיר ביים זייט, וועל איך עס ווערן אַ מענטש... טפוי, זאָלסטו ווערן!

מאיר שטיינבערג האָט אויסגעשפּיגן, און איז אַוועק מיט דער לענג פון דאָרף.

אַ רגע האָבן אים אַלע נאָכגעקוקט.

— ניט גאָר לאַנג וועט מען זיי לאָזן שפּייען אויף אונדזערע קעפּ... — האָט בערע שטיל געזאָגט ווי פאַר זיך אַליין.

בערע איז געווען בלאַס, און האָט ניט געוואוסט וואו די אויגן אַהינצוטאָן. אַוועקצוגיין איצטער, איז אים געווען ניט גאָר אינגאַנצן באַקוועם; און עס איז אים אויך ניט געווען צום האַרצן, ער זאָל איצטער פאַר אַלעמען אַרויסזאָגן דאָס, וואָס ביי אים האָט זיך אָנגעקליבן.

אין דעם מאָמענט איז אונטערגעקומען בערעס מאַמע; איז צוגעגאַנגען צו בערען און צו אים גערעדט, גלייך ווי קיינער וואָלט דערביי ניט געווען:

— אַ כפּרה מיינע שונאים, וואָס דו עסט זיך אָפּ דאָס האַרץ, און ביסט אין אַלעמענס אויגן געוואָרן אַ שונא... זאָלן זיי טאָן וואָס זיי ווילן; אויף דעם איז פאַראַן ברוך השם ווער סע זאָל אָפּטונג געבן...

— אייער זון האָט ניט אַזויפיל שונאים ווי איר מיינט, — האָט לאַנע, מיט אַ בלאַסן שמייכל, געזאָגט צו רייזלען.

— איך בין געווען אַן עושר; איך שפּיי אויף דעם! איצטער בין איך מיט די באָלשעוויקעס, ווייל זיי פירן איין גערעכטיקייט פאַר אַלע מענטשן! — האָט לוי בירמאַן, מיט אַ נערוועזער הייזעריקייט, אויסגעשריען.

יוסף איז צוגעגאַנגען צו בערען און אים געקלאַפּט אין פּלייצע:

— איי, בערע, בערע... דו ביסט אָרנטלעך און נאַאיוו ווי אַ קינד. צי דען האַנדלען אידן אויף צום אמת'ן איצטער? אַ נעבעכ־טיקער טאָג! ווייסן גוט, אַז האַנדלען איז ניטאָ מיט וועמען, און ניטאָ וואו... דאָס איז נאָר צוליב אַן אַלטער געוואוינשאַפט; שפּילט מען זיך אין האַנדל: איך פאַרקויף, דו — קויף... וועלן אַזוי לאַנג זיך שפּילן, ביז זיי וועלן זיך אַרומזען, אַז דאָס איז אַ שפּיל פאַרן

טייוול. ווארט־וואָרט, בערע, קומענדיקן ווינטער וועלן אַלע אונדזערע סוחרים זיצן ביים אייוועלע, מען וועט עסן לאַטקעס און זינגען, ווי קליינע קינדער פלעגן זינגען: „דער טאַטע איז געפאָרן האַנדלען ראַזשינקעס מיט מאַנדלען..." עס זיך ניט אָפּ דאָס האַרץ, בערע!

אין עולם האָט מען הארציק געלאַכט פון יוספ'ס חכמה.

לאַנע האָט זיך אָנגעשלאָגן אויף לערנערס בליקן; האָט דערקענט, אַז לערנער קוקט אויף איר מיט אַ געפיל פון רחמנות. פאַר וועמען דער שטורם איז אויף אַ ווײַלע שטיל געוואָרן; פאַר לאַנען האָט ער זיך ערשט איצטער אָנגעהויבן.

זי האָט געבעטן לערנערן, אפשר וועט ער בלייבן, מען זאָל אין אָוונט האָבן אַ פאַרזאַמלונג, ניט דערלאָזן, אַ פייער זאָל זיך צעפלאַקערן אויפן ערד־חלק.

לערנער האָט אַ ווײַלע געשוויגן און דערנאָך האָט ער מסכים געווען; ער וועט איצטער אַוועקפאָרן און זיך אומקערן אין אָוונט צוריק.

לאַנע האָט אים, אָן ווערטער, פון טיפן האַרצן געדאַנקט.

* * *

נאָכדעם ווי לערנער איז אַוועקגעפאָרן, איז יוסף צוגעגאַנגען צו לאַנען און האָט איר איינגערוימט אַ סוד אין אויער:

— איך וויל דיר, לאַנע, עפּעס זאָגן...

יוסף האָט לאַנען פאַרנומען אין פעלד אַריין; זי איז אים גערן נאָכגעגאַנגען. אַ צייט האָבן ביידע געשוויגן. קיינמאָל ביז איצטער האָבן נאָך אַזוי טרויעריק ניט אויסגעקוקט די פעלדער צו לאַנען. דער טרויער האָט זיך געוויגט אויף די שפּיצן פון די יונגע ווייצנזאַנגען. ווען זי וואָלט זיך ניט געשעמט פאַר יוספ'ן, האָט זי איצטער געדאַרפט פריי לאָזן די טרערן, וואָס האָבן אַזוי געוואָרגן איר שטים מיט אַ ווײַל פריער. לאַנע האָט פאַרביסן די ליפּן און אָפּירגעקוקט צום בלוי ביים ווייסן מערב־ראַנד, וואוהין זי איז זייט־ביי־זייט מיט יוספ'ן געגאַנגען.

— איך קלער, לאַנע, — האָט ער ערנסט אָנגעהויבן, — אַזעלכע

מענטשן ווי לאַנע ברעזער אָדער יוסף ראַטנער, האָבן געדאַרפט געבוירן ווערן יעמאָלט, ווען די רעוואָלוציע וועט שוין האָבן דורכ־געפירט אַלע אירע פּלענער; ווען זי וואָלט שוין פריי געווען פון אַלע שטערער און קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן, כּדי מען זאָל שוין ניט באַדאַרפן חושד זיין די דאָזיקע, וועמעס ציל אין לעבן איז אָרנטלעכע אַרבעט, לעבן פאַרן כּלל און אַליין זיך באַנוגענען מיט אַזויפיל נאָר, וויפל אַ מענטש פון דער נייער צייט, פון אַ קלאַסנלאָזער געזעלשאַפט, באַדאַרף האָבן... לעבן מיר אָבער, לאַנע אין אַ צייט, ווען איינער טרויט ניט דעם אַנדערן. דיך געטרויט מען ניט אין דיין אומדער־מידלעכער אַרבעט און איבערגעגעבנקייט צו דער רעוואָלוציע בלויז דערפאַר, וואָס דו האָסט דאָס אומגליק געהאַט געבוירן צו ווערן פאַר דער מלחמה און פאַר דער רעוואָלוציע ביי פאַרמעגלעכע עלטערן, תּבואה־סוחרים. און איך, אַ זון פון אַ לאַטוטניק, משטיינסגעזאָגט, בין איך אויך אַרומגערינגלט מיט חשד בלויז דערפאַר, וואָס איך בין געווען אַ סטודענט, האָב געלערנט, און פאַרשטיי אַביסל מער ווי דער ברודער פּראָלעטאַריער; נאָר דערפאַר וואָס איך רעד וועגן דעם, וואָס לענין האָט אַזוי גוט פאַרשטאַנען; ווייל איך רעד פון אַ פאָלק; אַ אידיש פאָלק...

לאַנע האָט גוט געהערט יוסף'ס רייד. זי האָט איצטער גאָרניט געהאַט וואָס צוצוגעבן אָדער אָפּנעמען פון זיינע רייד. אויף איר אייגענער הויט טראָגט זי עס איבער. אמת, צו איר פּערזענלעך וועט קיינער ניט האָבן; קיינער וועט ניט חושד זיין, אַז זי שטיצט איר טאַטן אין זיינע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע גענג. אָבער אַביסל ווייטער פון טאַטנס שטוב איז פאַראַן דער מענטש, צו וועמען זי האָט זיך דערנעענטערט; דער מענטש, צוליב וועמען זי האָט גאָר אָן אַ מאָס צעשליידערט איבער קרימער סטעפּ אירע כּחות, און דער דאָזיקער מענטש איז צו איר פול מיט חשד; יעדעס מאָל, ווען ער פאַרבינדט זי אין געדאַנק מיט איר ברעזער־אָפּשטאַם — איז פאַר איר און פאַר אים ענג דער קרימער סטעפּ. אַזוי האָט עס שוין עטלעכע מאָל געטראָפן, זינט דער יונגער דאָרף האָט ווידער אויפגעלעבט. דאָס וואָס איז היינט פאַרלאָפן איז דאָך גאָר משוגעת: „מאיר שטיינבערג, אַ מענטש וואָס וואוינט ביי זיי אין שטוב, האָט אויפן הויכן קול

געשריען, אז ער וועט אויפבונטעווען אלע איבערוואנדרערער, זיי זאלן לויפן פונדאנען... געווים האט בערע איר טאטן ניט אפגעטיילט פון דעם דאזיקן שטיינבערגן."

— וואס זאל איך טאן, יוסף? אדרבה, איך פרעג דיך, וואס זאל איך טאן? מילא דו, איך מאל מיר ניט אוים, דו זאלסט דא בלייבן ביי דער ערד; אודאי וועסטו אויפן ווינטער אוועקפארן, און שוין ניט קומען צוריק. אין אמת'ן איז פאר דיר אפשר דא קיין תכלית ניט. אבער איך? אהער האב איך געבראכט מיינע יונגע, מיידלשע יארן, און פונדאנען וועל איך זיי ניט ארויספירן.

— מאכסט א טעות, לאנע; וואוהין זאל איך גיין, אויב איך זאל אוועק פון דאנען? אודאי קיין מאסקווע, אדער קיין כארקאוו; אדער אין אנדערע גרויסע שטעט; איך וועל דאך ניט ציען צוריק אין שטעטל אריין און דארטן פארשימלט ווערן!

— אודאי, יוסף, קלער איך ניט אנדערש: נאר קיין מאסקווע, אדער כארקאוו!

— דא פארשטייסטו מיך ניט, לאנע. איך בין ניט קיין משוגענער, ווען איך שריי, אז אן א נאציאנאלן געפיל וועט מען דא קיין היים ניט בויען. ברויט אליין איז קיין אידעאל ניט. אין מאסקווע, ווען אפילו דארטן וועלן מער ווי הונדערט טויזנט אידן זיין קאנצענטרירט אין איין געגנט — וועלן זיי זיך סוף־כל־סוף רוסי־פיצירן; וועלן זיך אסימילירן. איז צוליב דעם האט געדארפט זיין א רעוואלוציע, אידן זאלן בלוטיקן אין פאגראמען, שפעטער דעקלאַ־סירט ווערן, כדי זיי זאלן זיך גרינג קענען אסימילירן און פאר־שווינדן? דא, אין קרים, אדער אין כערסאן ארום און ארום, אז אידן וועלן זיך באזעצן ביי דער ערד, זיך פארווארצלען ביי דער ערד, זיצן אויף איין ארט און בויען א סאציאליסטיש לעבן ביי דער ערד — אזוי ארום וואלט דא אין א פאר צענדליק יאר געווארן א אידישע רעפובליק... יא, לאנע, א אידישע רעפובליק, מיט אונדזער שפראך און אונדזער קולטור... אמת, כ'האב אמאל אנדערש פאר־שטאנען; אבער די רעוואלוציע האט אין מיר דעם דאזיקן זינען אריינגעגעבן. איך זע איצטער קלאר ארוים וואס עס וועט ווערן פון אונדזערע ברייטע מאסן אין די גרויסע שטעט. מען שווימט ארום;

מען טראָגט זיך אַרום פון שטאָט צו שטאָט — הו־האַ, הו־האַ... און מען בויט ניט. הענדלער זענען מיר דאָרט ווי געווען... יאָ, לאַנע, דאָרטן, אין דער גרויסער שטאָט, זענען מיר געבליבן הענד־לער! פרעג איך דיך, ווי אַזוי קען איך פונדאַנען אַוועק?

— איך הער, יוסף, וואָס דו רעדסט; איך פיל, וואָס דו זאָגסט; נאָר מאָדנע ווי פאַרשידן מיר זענען מיט אונדזערע געפילן! גאָר אַנדערש איז מיין קוק אויף דער ערד, און אויף זיך אַליין ביי דער ערד. איך קוק אויף דער ערד ווי אַ פרוי, וואָס וויל זיך ניט אומקערן אין שטאָט, וואו ס׳לעבט נאָך דער אַלטער באַגריף וועגן ציוויליזאַציע. איך האָב איבערגעריסן מיין שטודירן אינמיטן; איך וועל נאָך אָנהייבן פונדאַסניי, אָבער ניט פאַר דער שטאָט...

— וועגן דעם וועלן מיר נאָך אויך באַדאַרפן רעדן, לאַנע. נאָר היינט, אויב דער אַגראָנאָם וועט זיך אָפּשטעלן אין דאָרף אויפן וועג צוריק, באַדאַרף מען זייער ערנסט אויפנעמען דעם ענין. דאָ איז בערע גערעכט; ניט דערפאַר, וואָס ער לאָזט ניט האַנדלען, נאָר אַזאַ חברה ווי די שטיינבערגס, זייטשיק און נאָך עטלעכע, וואָס דרייען זיך דאָ אַרום, זיי וועלן צעשטערן אַלץ, וואָס מיר האָבן דאָ אָנגע־הויבן. מען האָט ניט גענוג איבערגעזיפּט דעם מענטשנמאַטעריאַל. איך האָב אַ סך געהאָפט פון בערעס פאָרן איבער די שטעטלעך; לאָזט זיך אויס, די מענטשן וואָס ער האָט אויסגעקליבן, זענען אַוועק אויף אַנדערע ערד־חלקים. איך אַליין וואָלט אונטערגעשריבן אַ בקשה, מען זאָל זייטשיקן אַרויסשיקן פונדאַנען.

— און די שטיינבערגס?

— זעסטו, זיי וואָלט איך ניט געטשעפּעט; דער אינגערער זון איז אַ נוצלעכער מענטש.

— רחל האָט דיך ליב, יוסף; דו וואָלסט אויף איר געהאַט אַ גוטע ווירקונג, ווען דו ווילסט...

— עך, לאַנע... ביסט נאָך אַלץ אַ פרוי! דאָס איז גוט פון דיין זייט... גיב מיר דיין האַנט, לאַנע; זאָג מיר צו, אַז דו וועסט ניט זאָרגן; לאָז עס גיין ווי סע גייט! לאָמיר זיך אַליין זיין געטריי, ווי די ערד איז אונדז געטריי... זע, לאַנע, ווי שיין די פעלדער קוקן אויס!

לאַנע האָט געפילט די וואַרימקייט, בשעת ער האָט אירע הענט געקושט און גערעדט פון די געראָטענע פעלדער...

פּאַרנאַכטצו איז לערנער אָנגעקומען, זיך אָפּגעשטעלט נעבן די פּינטשוקס, פאַר דער שטוב — שוין ביז צו די קראַקוועס אַ פּאַר־טיקע, און ער האָט עטלעכע מאָל אַ רוף געטאָן מיטן אויטאָמאָביל־האָרן.

דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן ציען פון די הייזער און פון נאָנטן פעלד. מען האָט מיט אַ מידן שוויגן זיך צוגעזעצט אויף די שטיינער און ברעטער, וואָס זענען דערביי געלעגן. מען האָט געוואַרט, לערנער זאָל דער ערשטער אָנהייבן.

לערנער האָט עס געטאָן:

— נו, חברים, — האָט לערנער שטיל און באַשיידן גערעדט,— איך וועל אָנהייבן פון דעם, וואָס איך האָב היינט בייטאָג געזאָגט. בין געקומען, חברים, אייך וואָרענען, אַז מען קוקט קרום אויף אייער ערד־חלק. איך ווייס, ניט אַלעמען באַשולדיקט מען; איר באַדאַרפט, חברים...

לערנער האָט ווייטער ניט געקענט רעדן; די ווערטער זענען אים געבליבן שטעקן אין האַלדז. ער האָט באַמערקט לאַנען אָן אַ זייט אויף אַ שטיין, מיט דער פּלייצע צו אים; זי האָט זיך געוואָרגן מיט די טרערן.

— מעג איך עפּעס זאָגן? — האָט דער אַלטער פּינטשוק זיך אָפּגערופן — וויל איך זאָגן אָט וואָס... איך בין שוין נישט קיין יונגערמאַן; בין נישט קיין באָלשעוויק. אַזוי זענען מיינע קינדער אויך. איך בין געוועזן אַ פּויער ביי דער ערד נאָך פאַר צאַר ניקאָלאַי דעם צווייטן; מיין טאַטע איז געווען פּויער פאַר די צאַרן אַלעקסאַנ־דער דעם צווייטן און פאַר אַלעקסאַנדער דעם דריטן... און מיין זיידע איז געווען פּויער פאַר ניקאָלאַי דעם ערשטן. ווייסט איר דאָך שוין, אַז מיך האָבן פּאַגראָמשטשיקעס מיט די קאָרעניעס אַרויסגעריסן פון מיין ערד. האָב איך פאַרשטאַנען פונוואַנען די שנאה שטאַמט. די שנאה צו אידן האָבן געפלאַנצט די שוואַרצע מאה'ניקעס; און ביי די שוואַרצע מאה'ניקעס האָט מען די שנאה געפלאַנצט פון די סאַמע

הויכע פענצטער; פון פעטערבורגער הויכע פענצטער. די ערד, וואָס מען האָט אַמאָל אין אַ גוטער שעה געגעבן די זיידעס, האָט מען איצטער פון איר אויסגעקאָרעניעט די אייניקלעך... איז דאָס געווען פאַר דער רעוואָלוציע. נו, איז די רעוואָלוציע געקומען, פאַריאָגט אַלע שונאים פון אידן, און אַלע שונאים טאָקע פון אָרימען פויער, און פון ראַבאָטשי נאַראָד... ווי אַזוי האָט די רעוואָלוציע פאָבעדיעט? מיט דעם, וואָס זי האָט אויסגעראָטן אַלעמען, פון ניקאָלאַיען ביז אַראָפּ, ביז צום לעצטן שוואַרץ־מאה'ניק! און אידן, וואָס האָבן נישט געטאָרט וואוינען, נישט אין מאָסקווע און נישט אין קיעוו — זיי האָט מען פּאָזוואָליעט וואוינען וואו זיי ווילן, און זיי האָט מען נאַזנאַטשעט קרים צו באַזעצן זיך... אין כערסאָנער קאַנט בויט מען דערפער נאָך דערפער. דאָס טוט דאָך די סאָוועטישע וולאַסט... אלא וואָס, זי פאָדערט פון אידן, זיי זאָלן ווערן נוצלעכע מענטשן — ווער אין פאַבריק, און ווער ביי דער ערד — איז דאָס קיינעם נישט צו־להכעיס. הענדלער זענען אין מיינע אויגן שטענדיק געווען פוסט־און־פּאַסניקעס; פּיאַווקעס... זענען געקומען צו מיר, נאָכן אוראָזשאַי, באַצאָלט פאַר מיין פאַרפראַצעוועטע תבואה, און שפּעטער פאַרקויפט און גענומען טאָפּלט. פאַרוואָס איז דאָס זיי געקומען צו פאַרדינען גאָר אָן פּראַצע, פאַר קענען אונטערשרייבן שיין דעם נאָמען? געלעבט האָבן די קופּצעס ווי פריצים, און מיר — ווי חזירים! די סאָוועטישע וולאַסט וויל עס נישט מער; זי איז גערעכט. זאָג איך, אַז מע איז געקומען קיין קרים, גענומען דעם ערד־חלק, וואָס די וולאַסט האָט געגעבן, באַדאַרף מען אין זינען האָבן נאָר דאָס שטיקל ערד.

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זיך פּיניע זייטשיק צעלאַכט אויפן הויכן קול.

— וואָס לאַכסטו, זייטשיק? — האָט יוסף געפרעגט.

— איך לאַך, וואָס אים זענען ניט געפעלן געווען די סוחרים, וואָס האָבן באַנ'אים געקויפט די תבואה... נו, אַז ער האָט נישט געוואָלט פאַרקויפן, האָט אים אימיצער גענויט? און פאַראַיאָרן נאָך זשניווע איז מען געקומען פון דער מלוכה, מע האָט געפאָדערט תבואה, און מע האָט געמוזט אַוועקגעבן! אַ פּרייז האָט די מלוכה

געשטעלט; צי סע האָט מיר געלויענט, צי ניין, די תבואה האָב איך געמוזט אוועקגעבן. נאָך היינטיקער זשניווע וועט עס ווידער זיין...

— אויב דיר לויענט נישט, קענסטו גיין פונדאַנען! — האָט זיך נאָטע קרעטשמער אָפּגערופן.

— צי סע וועט אים לויענען, צי ניט, סאיווי וועט ער גיין פונדאַנען — האָט בערע טרוקן אַ פּריסקע געטאָן.

— איך וויל נאָכאַמאָל זאָגן, חברים — האָט לערנער שטיל אָנגעהויבן — איך רעד צו־אייך ווי אַ פריינט; איר זאָלט גוט איבערקלערן וואָס די מאַכט פאָדערט פון אייך. מען ווייסט, אַז אייך איז שווער; אַז איר האָט געהאַט אַ שווערן ווינטער. איר וועט די שווערע צייט איבערלעבן אַ סך גרינגער, ווען איר וועט געפינען אַ זינען אין דער גאַנצער אַרבעט דאָ. דער מלוכה איז ניט גרינג אָפּצונעמען ערד ביי די טאָטערן און אוועקגעבן אידן... איר זעט פונדעסטוועגן, אַז צום העכסטן לאָזט מען אַרויף בהמות אייערע פעלדער אויסצופּאַשען; דאָס איז אַלץ וואָס פון זייער כעם קומט אַרויס. אָבער, צי האָט דען ווען עס איז געטראָפן, מען זאָל אימעצן באַפאַלן? איר פאָרט דאָך מיט אייערע אָקסן־געשפּאַנען בייטאָג און ביינאַכט; אפילו קינדער פאָרן ביינאַכט דורכן סטעפּ, איז מען אַמאָל אימעצן באַפאַלן, אָדער אפילו איבערגעשראָקן? דערמאָנט אייך וואָס גאָרניט לאַנג, איידער די באָלשעוויקעס האָבן איבערגענומען די מאַכט, וואָס דאָ אַרום און אַרום האָט זיך אָפּגעטאָן... מען האָט זיך דאָך די העלדזער געשניטן! און איצטער, אידן בויען דערפער — קיינער שטערט אונדז ניט! קומט זייטשיק און פאַרגלייכט די מלוכה מיט דעם אַמאָליקן תבואה־הענדלער, און שטעלט דעם הענדלער אוועק נאָך העבער...

— איך וויל פרעגן דעם אַגראָנאָם, צי מען וואָלט מיר געגעבן באַזונדער אַ שטיקל ערד? איך וויל מיר אָפּטיילן באַזונדער.. .

אַלע האָבן אָנגעשטעלט די אויגן אויף צאַלקע שטיינבערגן, וואָס האָט אַזאַ אומגעריכטע שאלה געפרעגט. לאַנגע האָט אומגעקערט דאָס פּנים, און מיט חידוש באַטראַכט דעם דאָזיקן בלאָנדן, שמאָל־פּנימ׳דיקן צאַלקען.

— איך ווייס ניט, צי איר באַדאַרפט עס. גיכער פון אַלץ וועט

זיך אייער פֿאָטער אונטערגעבן... וואָס זאָגט איר, חבר שטיינבערג?
— האָט זיך לערנער געווענדט צו מאיר שטיינבערגן.

— מיר געפֿעלט מיין זון; ער וויל נישט, דער טאַטע זאָל אים אָנטאָן חרפּות; עס פּאַסט אים נישט אונטער איין דאַך מיטן טאַטן . . . וועט דער טאַטע מאָרגן אַוועק צוריק אין שטאָט אַריין, און זען זיין זון זאָל חלילה, כאַ־כאַ־כאַ...

מאיר שטיינבערג האָט ניט געענדיקט, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגן; איז אויפֿגעשטאַנען פֿון אָרט, אַוועק מיט דער גאַס און ניט באַהאַלטן זיין ביטערן געלעכטער.

דאָס האָט אַלעמען אויפֿגעהויבן פֿון אָרט. לערנער איז אַריין צוריק אין זיין אויטאָמאָביל. אַביסל צעטומלט מיט דעם וואָס עס איז פֿאָרגעקומען, האָט ער געזוכט מיט די אויגן אימעצן צו זאָגן אַ גוט וואָרט. ער האָט באַמערקט לאַנען, און אויסגעשטרעקט צו איר די האַנט.

לאַנע איז צוגעגאַנגען, און דערלאַנגט אים איר האַנט.

— אַ גוטע נאַכט, חבר'טע ברעזער; אויף אייער פֿעלד וועט זיך נאָך אויסלייטערן; איר זאָלט נאָר אייער מוט ניט אָנווערן...

ווען לערנער איז אַוועקגעפֿאָרן און דער עולם האָט זיך אַ רודער געטאָן, איז בערע גאָר אומגעריכט צוגעגאַנגען צו לאַנען, אַריינגעקוקט אין אירע אויגן אַריין און מיט אַ שמייכל געזאָגט:

—נו, לאַנע, האָסט געהערט וואָס נאָרוואָס האָט אַ יונגער מענטש געפֿרעגט? דאָס האָט מען פֿון דיר געדאַרפֿט דערוואַרטן; ביסט מער רעוואָלוציאָנערקע פֿון אים...

— פֿאַרשטייסט, בערע, ער איז אַ מאַן, און איך בין אַ פֿרוי.

— די רעוואָלוציע האָט אויסגעגליכט מאַן מיט פֿרוי.

— ניין, בערע, די רעוואָלוציע וועט זיי קיינמאָל ניט קענען אויסגלייכן; פּונקט ווי די רעוואָלוציע וועט ניט קענען מאַכן, אַז דער מאַן זאָל טראָגן די ניין חדשים דאָס קינד, און ניט די פֿרוי...

בערע האָט זיך צעלאַכט.

לאַנע האָט אויך מיטגעלאַכט; זי האָט געוואָלט אירם אַרויסזאָגן, און בערען קלאָר מאַכן וואָס זי האָט געמיינט מיט דעם, נאָר צוליב דער פּלוצלינגער נאָנטער באַגעגעניש זענען אַלע ווערטער

צעשמאָלצן געוואָרן. איינס איז איר איבערגעבליבן אויף דער צונג צו פרעגן:

— איך וויל דיר עפּעס פרעגן, בערע: זאָג מיר, פאַרוואָס בליען רויזן אַזוי שיין אויף שטעבעדיקע דערנער; און פאַרוואָס בליט אַזוי שלעכט די ליבע אויף דערנער?

— דאָס פאַרשטיי איך שלעכט, לאַנע; דאָס איז אַ בורזשואַזער געדאַנק... איך וויל דיר דערציילן, דו זאָלסט זיך ריכטן, אַז גאָר אינגיכן וועט מען דיין טאַטן פאַרנעמען אין דאָפּער אַריין אינאיינעם מיט זיין שותף זייטשיקן... די שטיינבערגס וועט מען אויך אָנווייזן זייער אָרט...

לאַנען האָט מיט אַמאָל אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן... אין דער ערשטער רגע האָט זי געפילט ווי זי פאַלט אום; אַ רגע שפּעטער האָט זיך איר אויסגעדוכט, ווי בערע דערווייטערט זיך, דערווייטערט זיך פון איר, און ווערט פאַרשוואונדן אין דער פאַרנאַכטיקער, סטעפּישער ווייט...

## XLIII

אַ שאַרפער שניידנדיקער ווינט האָט אַ בלאָז געטאָן דורכן דאָרף און צערודערט די געמיטער ביי אַ סך איבערוואַנדערער, וואָס זענען געקומען צו מאַמע־ערד, ווי צום לעצטן רואיקן ברעג.

— פאַרהאַנדלט דאָס אייגענע לעבן!...— האָט נאָטע קרעטשמער מיט טיפן באַדויערן געשאָקלט מיטן קאָפּ — צייט, אַ איד זאָל וויסן אין וואָס פאַר אַ צייט ער לעבט.

— פאַרהאַנדלט דאָס אייגענע לעבן, זאָגט איר?...— האָט אים צאַלקע שטיינבערג אָפּגעענטפערט — אַ איד איז ניט פויל צו פאַרהאַנדלען יענעמס לעבן אויך; איך מעג עס זאָגן אויף מיין אייגענעם טאַטן. ער האָט געוואוסט, אַז מיט האַנדלען ברענגט ער אַן אומגליק, ניט נאָר אויף זיך, נאָר אויף די קינדער אויך: ער האָט עוזר'ן אַריינגעצויגן אין האַנדל... איך קען עוזר'ן; אומזיסט און אומנישט האָט מען אים אַרעסטירט!

שוין געווען מער ווי א וואָך, זינט מען האָט פאַרנומען דעם אַלטן מאיר שטיינבערג און זיין עלטערן זון עוזר׳ן, אינאיינעם מיט זיי האָט מען אויך פאַרנומען זייטשיקן און וואָווע ברעזערן. א ידיעה איז אָנגעקומען פון ראַיאָנעם צענטער, אַז מען וועט זיי אַלעמען פאַרשיקן קיין סיביר. די פרייד איז דעריבער פון אַלעמענס פנים פאַרשוואונדן; אפילו די, וועמען עס האָט הנאה געטאָן, האָבן עס טיף אין הארצן באַהאַלטן.

אַזוי אַרום איז בערעס וואָרנונג מקוים געוואָרן. דעריבער האָט עס לאַנען מער ווי אַלעמען געפייניקט. זי קען ניט באַגרייפן, ווי אַזוי בערע קאָוואַלסקי האָט איר דערציילט, אַז איר טאַטן וועט מען „פאַרזעצן אין דאָפער", פונקט אין אַ מאָמענט, ווען ער האָט גערעדט צו איר מיט ליבשאַפט. זי האָט עס אין זיין פנים דערקענט יעמאָלט פאַרנאַכט, ווען ער האָט זי אָנגענומען ביי ביידע הענט און אַריינגעקוקט אין אירע אויגן אַריין. ווען ער האָט געוואָרנט, האָט זי יעמאָלט געמיינט, אַז דאָס איז ניט מער ווי אַן אָנשטעל, צו באַווייזן ווי געטריי ער איז דער רעוואָלוציע. לאָזט זיך אויס, אַז מער אמת איז יעמאָלט געווען אין זיין וואָרנונג ווי אין די ליבלעכע בליקן... אָ, ווי דאָס פייניקט איר! זי האָט קיינעם ניט מיט וועמען אַרומצורעדן אַזאַ טרויעריקן ענין. דאָס האָט ניט צו טאָן מיט איר טאַטן; אים שטראָפט מען פאַר זיינע חטאים; און זי פילט, ווי זינדיק ער זאָל ניט זיין אַנטקעגן דער רעוואָלוציע, זענען דאָס נאָך אַלץ ניט די זינד צוליב וועלכע אַ קינד זאָל דעם אייגענעם טאַטן אַרויסרייסן פון הארצן אַרויס. קיין מענטשן האָט איר טאַטע דאָך ניט דער׳הרג׳עט. ער האָט געהאַנדלט אינאיינעם מיט נאָך אַ פּאָר איבערוואַנדערער, ווייל ער האָט ניט קיין אמונה אין ערד־אַרבעט, און איז אויך ניט ביכולת צו גיין איצטער אַרבעטן אויף אַ זאַוואָד. איז אויב די מאַכט האָט דאָס רעכט אים צו באַ־קעמפן, ווי זי באַקעמפט יעדן איינעם וואָס שטעלט זיך איר אין וועג, און לאָזט ניט בויען קיין סאָציאַליזם — קען קיין שום מאַכט אויף דער וועלט ניט טויטן די געפילן, וואָס זי האָט נאָך דערווייל צו איר טאַטן, וואָווע ברעזער...

אַזוי טראַכט לאַנע פאַר זיך אַליין און האָט עס מורא הויך

פאר די ליפּן אַרויפצוברענגען. אַגב, איז ניטאָ פאַר וועמען אויס־צורײדן דאָס האַרץ. בערע לאָזט אַראָפּ די אויגן ווען ער געגנט זי אָן. יוסף ראַטנער האָט ווידער איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין די אַקסלען, קריכט אום איבערן סטעפּ; ער רעדט אויך ניט מיט קיינעם. און מיט לוי בירמאַנען... פון זיין שוואַרצן סורדוט אויף אים העננען שוין לאַכעס אַראָפּ; און זיינע באָרוועסע פיס זענען געוואָרן נאָך טונקעלער פון סטעפּ; ער זוכט אַ געלעגנהייט צו פילאָזאָפירן מכח די לעצטע געשעענישן, אָבער יעדערער מיידט אים אויס.

רחל שטיינבערג, וואָס שלאָפט, נאָך אַלץ מיט לאַנען אין איין בעט — זי איז געוואָרן ווי אַ צעשראָקענער פויגל אין אַ שטייג. אַ גאַנצן טאָג גייט זי אַפילו ניט אַרויס, אַ קוק טאָן ווי עס האַלט מיט דער שטוב, וואָס איז שוין מיט רויטע דאַכעוויקעס צוגעדעקט. ביי־נאַכט, ווען זי נעמט אַרום לאַנעס וואַרימען קערפּער, ציטערט איר אייגענער שמאָלער גוף מיט זיין גאַנצער לענג, און די ליפּן שעפּטשען צו לאַנען אין ברוסט אַריין: „וואָס וועט ווערן פון אונדז, לאַנע?... וואָס וועט ווערן פון אונדז אַלעמען דאָ?...“ אויך מיט איר האָט לאַנע ניט וואָס צו רעדן. ווייל ביז איצטער זענען רחל׳ס געדאַנקען געווען פאַרנומען מיט די בחורים אויפן ערד־חלק; געפּלאַפּלט פון ליבע, חתונה האָבן און געבוירן קינדערלעך... אַזוי האָט זי ליב געהאַט צו רעדן, בעת איר גאַנצער גוף האָט געברענט און געפיבערט. איצטער איז רחל׳ס גוף אויסגעקילט, גלייך ווי אַלע פייערן האָבן דאָרטן אויסגעברענט; און ווען ניט די „שטאַרקע לאַנע“, מיט וועמען זי שלאָפט שוין מער ווי אַ חודש, וואָלט זי שוין אפשר גאָר אינגאַנצן אויסגעלאָשן געוואָרן.

לאַנעס מורא איז ניט געווען קיין אומזיסטע. איצטער איז זי געבליבן אַליין. אמת, אַ סך בעלנים זענען פאַראַן אַרויסצוהעלפן איר אין פעלד. בעניע פינטשוק איז אַ פּאָר מאָל אַרויסגעקומען אין פעלד איר העלפן; צאַלקע שטיינבערג האָט זיך אויך אָנגעבאָטן — זי האָט פון קיינעם ניט געוואָלט אָננעמען קיין הילף. „ווען עס קומט אַריין אַ גוטע מחשבה אין ביילקען, און זי נעמט און קומט איצטער אַראָפּ...“ דאָס איז אַלץ וואָס זי וואָלט פאַרלאַנגט אין אַזאַ שווערער צייט. מיט ביילקען וואָלט זי זיך ווי עס איז צונויפגערעדט.

איצטער, ווען ביילקע קומט, וואָלט זי איר, לאָנען, אַ סך בעסער באַגריפן, און מיט איר געגאַנגען זייט־ביי־זייט.

דערווייל האָט געהערשט אויפן ערד־חלק אַן אָנגעשטרענגטע שטילקייט. אפילו די מוליאַרעס, וואָס האָבן געאַרבעט ביי די שטיבער פון די נייע איבערוואַנדערער, מוליאַרעס ניט אידן, אויך זיי האָבן פאַרמאַכט די מיילער; האָבן געקוקט אויף די איבערגעשראָקענע אידן, עפּעס יאָ פאַרשטאַנען און עפּעס ניט פאַרשטאַנען.

— האַנדלען... זשידעס וועלן אפילו אויף יענער וועלט אויך האַנדלען, כאַ־כאַ־כאַ...

אין איין שפּעטן נאָכמיטאָג האָט די שטילקייט אויפן ערד־חלק געפּלאַצט, ווען די מאַמע שטיינבערג איז אַרויסגעפאַלן אויף רייזל קאָוואַלסקי מיט אַ געוויין:

— גזלנים, רוצחים, וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיין לעבן ? ! — האָט מאַיר שטיינבערגס ווייב געשריען, איר שמאָל פּנים איז נאָך שמעלער געוואָרן — אייער זון איז אַ מסור, ער בעט אוים אומגליק אויף אידן... וואַרט, וואַרט, אייך וועט עס נישט אָפּגיין טרוקן ! וואַרט, וואַרט, ס'איז פאַראַן אַ גאָט אין הימל, וואָס קוקט אַראָפּ און וועט זיך אָפּרעכענען מיט אַזעטיקע רשעים !

פונדערווייטנס האָט מען געזען און געהערט איר געשריי און געוויין, אָבער מען האָט זיך געהאַלטן פונדערווייטנס.

— סטראַשעט מיר נישט מיט גאָט — האָט רייזל שטיל געענטפערט, בעת זי האָט הינטערוויילעכס אָפּגעטראָטן פון דער שמאָל־פּנים'דיקער שטנבערגיכע — דאָ אין לאַנד האָט מען נישט קיין מורא פאַר גאָט... און אויב ס'אי פאַראַן אַ גאָט, איז ער מער אויף דער זייט פון מיין זון, וואָס וויל פאַר זיך נישט מער ווי דאָס שטיקל ברויט און שווערע פּראַצע... איר ווילט ווידער לעבן גרינג אויפן חשבון פון די אָרימעלייט... איר ווילט — — — —

רייזל איז אַוועק מיט האַסטיקע טריט צו זיך אַהיים, ניט געוואָלט הערן מער, וואָס די שטיינבערגיכע האָט איר נאָכגעשריען.

און מען מוז מודה זיין, אַז כמעט ביי קיינעם איז ניט געווען קיין חשק זי אויסצוהערן. ווארום מיטפילן די שטיינבערגס האָט קיינער ניט געוואָלט, בעת ביי די שטיינבערגס גופא איז פאַראַנען אַ

זון, צאַלקע, וואָס בעט ניט ביי קיינעם קיין מיטגעפיל; וואָס בעט ביי דער מאַכט, מען זאָל אים אַליין אַרויסגעבן אַן ערד־חלק — „באַשר ער וויל זיך אַליין אָפּטיילן פון דער זינדיקער משפּחה שטיינבערג".

אָבער די שטילקייט אויפן ערד־חלק האָט שוין נאָכדעם מער ניט געקענט אויסהאַלטן. ווי נאָר די מאַמע־שטיינבערג איז פאַר־שוואונדן פון דער גאַס, און איר שניידנדיקער געוויין איז אַנטשוויגן געוואָרן — איז מינע בירמאַן, מיטן קליין קינד אויפדערהאַנט, אַרויס אין גאַס מיט אַזאַ ביטערן געוויין, גלייך ווי זי וואָלט באַקלאָגט אַ טויטן...

מינע, מיטן קינד אויפן האַנט, איז מיט איר שניידנדיקן געוויין, געלאָפן מיט דראָבנע און האַסטיקע טריט מיט דער לענג פון גאַס אין דער ריכטונג צו וואָווע ברעזער. מען האָט זי נאָכגעקוקט, און קיינעם איז ניט איינגעפאַלן צו פרעגן וואָס איז מיט איר דער מער.

לאַנע, וואָס איז געווען אין שטוב, האָט דערהערט דאָס געוויין און איז אַרויס פאַרן שוועל מינען באַגעגענען. זי האָט מינעס געוויין דערקענט. שוין ניט צום ערשטן מאָל וואָס מינע קומט צו איר, קוקט מיט אויגן פון אַ ניטדער'שחט'ענער טויב, און בעט ביי לאַנען אַ באַשייד אויף איר ביטער לעבן.

מינע האָט מיט איר אייגענעם גוף און געוויין אַריינגעשטויסן לאַנען צוריק אין שטוב אַריין. אין שטוב האָט דאָס קינד אויך אָנגעהויבן צו וויינען:

— וואָס וועט ווערן פון אונדז, חבר'טע ברעזער, וואָס וועט ווערן?... — האָט מינע געקוקט לאַנען אין די אויגן, בעת די טרערן האָבן געווייקט אירע איינגעפאַלענע באַקן.

לאַנע האָט דאָס קינד אַריבערגענומען צו זיך; האָט עס איינגע־שטילט מיט אַ שטיקל צוקער:

— אַז איר וועט אויפהערן צו וויינען, חבר'טע בירמאַן, וועל איך מיט אייך קענען רעדן. גוט וואָס איר זייט געקומען; הערט אויף צו וויינען, טוט נאָך אייער קינד... איר זעט ווי סע שמייכלט? מער ווי אַ שטיקל צוקער באַדאַרף עס ניט. מיר באַדאַרפן אויך ניט

קיין סך מער; ווען מיר וועלן זיך באַנוגענען מיט דעם, וואָס מיר האָבן — וועט אונדז זיין גוט, חבר'טע בירמאַן. איר טוט ניט גוט, וואָס איר קריגט זיך מיט אייער מאַן; אין אַלץ מאַכט איר אים אומ־גערעכט. ער איז דאָך ניט קיין נאַר; ער פאַרשטייט נאָר צו גוט, אַז שלאָגן זיך מיט דער צייט, גיין אַנטקעגן דער רעוואָלוציע איז אַ נאַרישקייט. ער טוט וואָס ער קען. ער וויל ניט גיין אַרבעטן אויף אַ זאַוואָד, צו ערגעצוואו אַנדערש, איז אים דאָ גוט. פאַרוואָס זאָל אייך ניט זיין גוט? מיט וואָס זייט איר אַנדערש פון מיר? איך בין אויך אַ קינד פון... איר זעט דאָך, מען האָט מיין טאַטן צוגענומען. לאָז איך מיר איבערן דאָרף וויינען?

מינע האָט געהערט לאַנעס רייד, און עס איז איר אויסגעקומען, גלייך ווי די רייד וואָלטן צו איר געקומען פון אַן אַנדער וועלט, וואו מענטשן האָבן אויפגעהערט צו פילן ווי מענטשן; וואו מענטשן זענען פאַרהאַרטעוועט געוואָרן. וואו פרויען אפילו האָבן פאַרלאָרן זייער גאָרע צערטלעכקייט. וואָרום ווי אַזוי קען עס טאָקע אַזאַ צאַרטע מיידל, ווי לאַנע, רעדן אַזוי? צי דען פילט ניט לאַנע ווי זי גייט איין; ווי זי ווערט אויף יעדן שריט באַליידיקט, גלייך ווי זי וואָלט געווען פון די סאַמע נידעריקסטע?...

פונדעסטוועגן, אַז לאַנע רעדט, פאַרשליסן זיך ביי מינען אונטער די אויגן די טרערן־קוואַלן. מער ניט, די פאַרטריקנטע טרערן אויף די באַקן לאָפּטשען, שמאַרצן, און די הויט ווערט איינגעשרומפּן. זי האָט כמעט ניט וואָס צו ענטפערן אויף לאַנעס רייד. און דעריבער, יעדעס מאָל ווען זי לויפט צו לאַנען מיט אַן איבערגעפילט געמיט און צעפלאַגט האַרץ, וויל אַזויפיל, אַזויפיל זאָגן, רעדן און קלאָגן — איז מער ווי די איינציקע פראַגע: „וואָס וועט פון מיר דאָ ווערן?“ מער קען זי ניט אַרויסברענגען.

— פאַרוואָס ענטפערט איר מיר אויף דעם ניט, חבר'טע בירמאַן? איר הערט ניט וואָס איך זאָג? צי אייך קומט אויס, אַז לאַנע רעדט נאַרישקייטן און האָט אָנגעוואָרן אפילו איר שטיקל ווערדע אויף דער ערד?

אין דעם מאָמענט איז אין געאייל אַריינגעקומען לוי בירמאַן.

ער האָט אויסגעשפרייט די הענט צו לאַנען, און ביי איר געבעטן אַן עצה און אַ ראַט וואָס צו טאָן:

— זייט מיר מוחל, חבר'טע ברעזער, וואָס מען איז אייך באַפאַלן מיט זייטיקע צרות, ווען אייך פעלן ניט קיין אייגענע... נאַר, ווען סע האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט, מען איז אינאיינעם, און קיינער הערט ניט, בעט איך אייך: זאָגט מיר, וואָס זאָל איך טאָן? וואָס זאָל טאָן אַ מאַן, וואָס האָט זיך מיטן גוטן ווילן אָפּגעזאָגט פון זיין פריערדיקן שווינדלערישן לעבן, וויל אָנהייבן לעבן אַן אָרנטלעך לעבן באַ דער ערד, און זיין ווייב באַקלאָגט אים דאָס לעבן?... אָט אַזוי ווי איר זעט, חבר'טע ברעזער; מען איז אַרויסגעלאָפן אויף בייז וואונדער; מען קען מיינען, אַז איך באַהאַנדל זי חלילה שלעכט. אָט באַלד וועט זיין אַ שטוב, אַ דאַך איבערן קאָפּ; באַלד וועט זיין אַ שטיקל ברויט פון אייגענעם פעלד... רעדט מיט איר, חבר'טע ברעזער, גיט איר צו פאַרשטיין, אַז זי איז ניט אַנדערש פון אייך...

— פונוואַנען ווייסט איר, אַז איך בין ניט אַנדערש פון איר, חבר בירמאַן? כ'מיין, פונוואַנען ווייסט איר, אַז מיר איז גוט אָן אַ שיעור?

לאַנע האָט געשמייכלט, אירע בליקן האָבן געבלאָנדזשעט צווישן די טראַנטעס פון בירמאַנ'ס סורדוט.

מינע בירמאַן האָט עס באַמערקט, און געזאָגט:

— אויב דו מיינסט, אַז מיר זעען אוים בעסער פון דיין סורדוט, מאַכסטו אַ טעות. אָט אַזוי איז מיין האַרץ צעפּליקט געוואָרן!...

מינע האָט ווידער אָנגעהויבן צו וויינען; דאָסמאָל ניט אויפן הויכן קול. בירמאַן און לאַנע האָבע געשוויגן, געלאָזן זי זאָל זיך אויסוויינען. אין אַן אַנדער צייט וואָלט לאַנע געפונען די פּאַסיקע ווערטער צו דערמונטערן אַזאַ מינען; אָבער איצטער, ווען איר אייגן לעבן איז אַזוי צעטרייסלט געוואָרן; ווען אויפן ערד־חלק גופא הערשט צווישן עולם אַזאַ געפּאַלנקייט — מיט וואָס אַזעלכעם קען זי איצטער פאַרגרינגערן דאָס געמיט פון אַזאַ מינע בירמאַן, וואָס הערט ניט אויף צו קלאָגן אויף איר ביטער לעבן?

פונדעסטוועגן האָט לאַנע געפונען פאַר נויטיק עפּעס צו זאָגן,

ניט אַזוי צו מונטערן מינע בירמאַן, ווי אונטערצושטיצן דעם שלים־מזל׳דיקן מאַן. דעם אַמאָליקן פּאַבריקאַנט. ער איז איצטער גע־שטאַנען פאַר איר ווי אַן אויסגעטריקנטער קוראַי־קאָרטש, וואָס האָט זיך אינאיינעם מיט אַ שטיק ערד אויסגעריסן, זיך געקײַקלט איבערן סטעפּ, און צו איר אין שטוב אַריין זיך דערקייקלט.

— אַז איר ווײנט, חבר׳טע בירמאַן — האָט לאַנג געגלעט מינעס פּלייצע — איז מיר שווער צו רעדן מיט אייך. מיר וואָלט גאָרניט געפעלט, ווען מיין טאַטע וואָלט זיך אונטערגעגעבן; וואָלט זיך אומגעקערט מיטן פּנים צו דער ערד, ווי צום איינציקן אָרט, וואו ער קען רואיק אויסלעבן זיינע יאָרן. ווען מיין אינגערע שוועסטער, וואָס איז איצטער אין מאָסקווע, וואָלט אַהער אַראָפּגעקומען און זייט־ביי־זייט מיט מיר טאָן דאָס אייגענע וואָס איך טו — וואָלט מיר אודאי גוט געווען. איך וואָלט געלאַכט פון דער גאַנצער וועלט. איצטער איז מיר שלעכט. אָט בין איך געבליבן איינע־אַליין מיטן אַלטן זיידן. אָבער ווען מען וועט זיך קאָלעקטיוויזירן, איינער וועט דעם אַנדערן ארויסהעלפן, אַלע אינאיינעם — מיט אַ הונדערטפּאַכיקן מוט, יעמאָלט וואָלט איך דאָ ניט אומגעגאַנגען איבער די פעלדער ווי איצטער, נאָר געשוועבט ווי דער ווינט. איך בין זיכער, אַז דאָס וועט נאָך זיין. מיין טאַטע, ניט אייביק וועט מען אים האַלטן פאַר־שפּאַרט; ער וועט זיך אונטערגעבן. כאָטש איצטער איז מיר ביטער אויפן האַרצן, ווייס איך, אַז איך וועל אַלע צרות איבערלעבן... נו, און איר, חבר׳טע בירמאַן, באַנ׳אייך איז פּונקט פאַרקערט... פאַרלאָזט אייך אויף אייער מאַן. ער האָט אייך ניט פאַרפירט אין קיין אומ־גליק. פאַרקערט, ער האָט אייך געבראַכט צו אַ לעבן, וואו איר וועט קענען רואיק אָנשפּאַרן דעם קאָפּ; אייערע קינדערלעך וועלן אויס־וואַקסן געזונטע און שטאַרקע, און פאַר זיי וועט די מלוכה זאָרגן...

— קום, מינע, לאָמיר חבר׳טע ברעזער ניט פאַרדורען דעם קאָפּ — האָט לוי בירמאַן מיט חנינה געערעדט צו זיין ווייב — גוט וואָס דו גייסט אַהער; גוט וואָס דו הערסט זיך צו וואָס חבר׳טע לאַנע זאָגט דיר. קום, מינע...

ער האָט גענומען דאָס קינד אויפן האַנט און איז אַרויס פון שטוב. מינע האָט אַן ווערטער געקושט לאַנען, און מיט אירע נאַסע,

פאַרווײנטע באַקן פייכט געמאַכט לאַנעס באַקן. דערנאָכדעם איז זי מיט א געבויגענעם קאָפּ אַרויסגעגאַנגען דרויסן.

גלייך נאָך איר איז אַרײַנגעקומען דער אַלטער יאָשע. אויך ער איז געעלטערט געוואָרן פאַר די לעצטע עטלעכע טעג, דער קאָפּ פאַר־נייגט אויף לינקס, ווי ער וואָלט זיך צו עפּעס אײַנגעהערט.

— וואָס האָבן זיי דאָ באַדאַרפט? — האָט ער געפרעגט מיט אַ קינדישקייט אין זיין שטים — ס'איז איר נעבעך שלעכט; אַלעמען איז שלעכט...

— פאַרוואָס, זיידע, זאָלסטו עס זאָגן? וואָס פעלט דיר דאָ? צי דען באַדאַרפסטו האָבן מער וויפיל דו האָסט?

— ווער שמועסט דען פון זיך, אייניקל מיינס? מיר איז גוט, ווייל איך באַדאַרף טאַקע נישט מער. בין שוין באַלד ביים שוועל פון יענער וועלט... אָבער אַ יונגער מענטש, דיין טאַטע; אָדער ווי זי־אָ, די ווייב זיינע...

— ביסט אויך אַ לעבעדיקער מענטש. אויב דו זאָגסט, אַז דו באַדאַרפסט ניט מער, אַז דיר איז דאָ גוט, איז דאָך עס דער רעכטער אמת, זיידע. דעם טאַטן האָט אויך געקענט זיין גוט ווי דיר, ווי מיר.

— וואָס הערט מען עפּעס, מיין קינד, וועלן זיי טאַקע פאַר־משפּט'ן?

— פונוואַנען זאָל איך וויסן? מסתמא וועט מען זיי פאַר־משפּט'ן.

— איך פרעג דיר, קינד מיינס, וואָס איז דער גרויסער חטא, אַז אַ מענטש האַנדלט?

— אוי, זיידע, וואָס איז די פּעולה, אַז מיר וועלן זיך ביידע צעקריגן? מיינסט, מיר טוט ניט וויי פאַרן טאַטן?

— רעד מיט אים. אפשר...

— מיט וועמען?

— מיט קאָוואַלסקים זון... צו דיר וועט ער זיך צוהערן. ער וועט הייסן, וועט'ן דעם טאַטן אַרויסלאָזן.

— כאַ־כאַ־כאַ, — האָט לאַנע זיך צעלאַכט.

— וואָס לאַכסטו, ס'איז אַזאַ נאַרישקייט? ער איז דאָך דאָס אייגענע וואָס דער אַמאָליקער אורעדניק, אָדער פּריצטאַוו; נישט מער, וואָס ער איז אַ איד, און לאָזט זיך נישט אונטערקויפן.

— טאָ ווי אַזוי קען איך באַנ'אים בעטן?

— דו... מע האָט געשמועסט... אַלע זאָגן, אַז דיר וועט ער פאָלגן.

— ניין, זיידע; ניט ער איז אין דעם שולדיק. פאַראַן אַ סאָוועטנמאַכט וואָס טוט עס. די סאָוועטנמאַכט וויל אויסקאָרעניען האַנדל און הענדלער. די סאָוועטנמאַכט וויל, מענטשן זאָלן לעבן נאָר פון נוצלעכער אַרבעט. מען האָט דעם טאַטן אַ סך מאָל געוואָרנט. איך אַליין האָב אים כסדר געוואָרנט, ער זאָל זיך ניט שטעלן אַנט־קעגן דער מאַכט.

— טאָ וואָס־זשע זאָל מען טאָן?

— דאגה ניט, זיידע; ער וועט קומען צוריק.

— מע האָט עס דיר צוגעזאָגט?

— איך קלער, מען וועט אים אַרויסלאָזן, ווי מען האָט אים שוין איינמאָל אַרויסגעלאָזן.

— האָסט גערעדט מיט אים?

— מיט וועמען?

— מיטן שמידס זון...

— טראַכט ניט פון אים, זיידע. שטיינבערג, דער טאַטע און זייטשיק האָבן געהאַנדלט און האָבן זיך אַליין פאַרהאַנדלט. אונדזער לעבן איז אָטאָ־דאָ, וואו עס וואַקסט אַ יונגער אידישער דאָרף. קום גאָר, זיידע, מיט מיר אַרויס דרויסן.

— כאָטש גוט, וואָס דו האַלטסט זיך נאָך אויף די פיס.

— אוי, זיידע, זיידע! וואָלט זיך עס מיר איצטער געגלוסט אויסוויינען... נאָר ווי אַזוי קען איך עס טאָן, אַז די ווייבער האָבן שוין היינט געקלאָגט אויפן הויכן קול, כאַ־כאַ־כאַ...

— איך ווייס, מיין קינד, ביסט גערעכט. נאָר אַ טאַטע איז אַ טאַטע; ער איז דיין טאַטע... איך בין זיין טאַטע, מיין קינד... צי דען ווייס איך אויף וואָס פאַר אַ וועלט איך גיי אום?...

לאַנע און דער אַלטער יאָשע,ביידע אַביסל געבויגן, האָבן זיך געלאָזט שפּאַצירן מיט דער לענג פון דאָרף. די זון האָט זיך פאַר־נייגט צום מערב־ראַנד, און האָט באַלויכטן די יונגע שטיבער און די שווייגעוודיקע מוליאַרעס דערביי, וואָס האָבן געהאַלטן ביים פאַר־ענדיקן דעם טאָג אַרבעט.

# XLIV

גאָר אומגעריכט זענען צו לאַנען צוריקגעקומען די פּיינלעכע איבערלעבונגען. ווען זי איז אין אָנהייב פרילינג געשטאַנען פאַרן שוועל און אַרויסגעקוקט צום וועג, צום נייעם לעבן, וואָס האָט געצויגן פון שטאָט צום קרימער סטעפּ אינאיינעם מיט די איבער־וואַנדערער, יעמאַלט, מיטן גראָז, וואָס האָט געשלאָגן פון דער ערד אַרויס, איז איר איינגעדרעמלטע יוגנט צום לעבן געקומען. און איצטער ,אָנהייב זומער, און עס איז ניטאָ וואוהין צו ווענדן די בליקן און זוכן די פאַרלאָרענע פרייד.

די לעצטע נאַכט איז געווען אַ פאַרפּייניקטע נאַכט. דער מאַמעס געשטאַלט איז איר ווידער געקומען אַנטקעגן; ווי אין די פּאָגראָמען, נאָכדעם ווי די רוצחים האָבן אירע בריסט אָפּגעשניטן און דערשטאָכן צום טויט. איר מאַמע איז אַ פאַרבלוטיקטע, מיט צוויי גליענדיקע וואונדן אַנשטאָט בריסט, געקומען פאַרן דמיון; מיט שטומע בליקן, מיט קאַלטע, בלוי־שוואַרצע בליקן, האָט די מאַמע גערעדט צו איר און גע'מוסר'ט פאַר איר אומ'רחמנות'דיקער באַנעמונג מיטן פאָטער אירן.

לאַנע שפּירט, אַז אַנטקעגן איר פאָטער האָט זי ניט געזינ־דיקט. זי האָט אים כסדר געוואָרנט, ער זאָל זיך ניט שטעלן אַנטקעגן דער מאַכט. איז דאָס אַ פאַרברעכן? זי האָט אים אָנגע־וויזן אויפן יונגן דאָרף, געוואָלט אים געבן צו פאַרשטיין, אַז די אַמאָליקע טעג פון האַנדל און שווינדל זענען שוין פאַרביי; איז דאָס אַ פאַרברעכן פון איר זייט געווען?

דער מאַמעס פאַרבלוטיקט געשטאַלט האָט איבערגעלאָזן אין איר ווען אַ שווידער וואָס לויפט דורכן לייב און פאַרנעבלט צומאָל

די אויגן, פאַרשטעלט די ליכטיקע שיין. ניט קיין חלום, און ניט קיין וואָר; און דאָך איז עס אי חלום, אי וואָר...

צאַלקע שטיינבערג איז אַ פּאָר מאָל צוגעגאַנגען, געוואָלט אָנציען אַ שמועס וועגן די אַרעסטירטע; ער האָט געוואָלט לאַנען געבן צו פאַרשטיין, אַז עלטערן מיט קינדער האָבן קיינמאָל אײנס מיטן אַנדערן קיין שייכות ניט געהאַט; אַז נאָר אַ פאַלשע גע־זעלשאַפטלעכע אָרדענונג האָט געקענט באַפעלן די קינדער צו פאָלגן, ווען אַפילו טאַטע־מאַמע זענען אומגערעכט: איצטער האָט די רעוואָלוציע קלאָר געמאַכט פאַר אַלעמען: אַז פונקט ווי מען קען זיך שטעלן אַ ווילדפרעמדן אַנטקעגן, אויב ער איז אומגערעכט, אַזוי מעג מען זיך שטעלן אַנטקעגן אַן אייגענעם טאַטן...

— מיר פאַרדריסט ניט פאַרוואָס מען האָט מיין טאַטן אַרעס־טירט — האָט צאַלקע אַריינגעטענה'ט — מיר וועט ניט אַרן, אויב מען וועט אים אַוועקשיקן קיין סיביר; הלוואי פאַרנעמט מען דער מאַמען אויך, אים זאָל דאָרטן זיין היימלעכער.

לאַנע האָט אויף דעם ניט געענטפערט. ווען צאַלקע האָט איר אָנגעבאָטן אַרויסצוהעלפן אין פעלד, האָט זי אָן ווערטער געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

— ביסט ניט קיין אמת'ע רעוואָלוציאָנערקע, לאַנע, — האָט צאַלקע געפרואווט איר אַ שטאָך טאָן.

— דאָס זאָגט אויך בערע קאַוואַלסקי — האָט לאַנע שטיל געענטפערט.

— ער איז אויך גערעכט!

— איר אַלע זייט גערעכט; נאָר איין לאַנע ברעזער איז ניט גערעכט, דערפאַר וואָס זי לאָזט זיך ניט אַרויס פאַר שמחה מיט אַ טענצל איבערן דאָרף, צוליב דעם וואָס מען האָט איר טאַטן אַרעסטירט...

—איך טאַנץ אויך ניט, חבר'טע לאַנע. איך וויל דיר נאָר אַרויסהעלפן; ביסט געבליבן איינע־אַליין.

— כאַ־כאַ־כאַ, איינע־אַליין...

— וואָס לאַכסטו?

— איך וועל נעמען אַ טאָרבע און אַרויסגיין בעטלען: גוטע רעוואָלוציאָנערן, שענקט מיר פאַר אַ קאָפּיקע ליבע, כאַ־כאַ־כאַ... דאַגה'ט ניט פאַר לאַנען; דער טאַטע האָט איר סיי־ווי ווינציק אַרויס־געהאָלפן פאַראיאָרן אויך; זי אַליין האָט די שטוב פון דער ערד אַרויסגעשלעפּט. עך, חבר צאַלקע, גוט איז מיר געווען פאַראיאָרן, ווען איר אַלע זייט נאָך דאָ ניט געווען!

אַזוי האָט לאַנע אָפּגעשניטן איר שמועס מיט צאַלקען. זי האָט עס בכיון געטאָן, מחמת זי האָט געוואָלט די שטיינבערגס זאָלן זיך צעטיילן מיט זייער אייגענער שטוב, און אַרויסציען פון איר שטוב. לאַנע האָט געוואָלט זיין אַליין.

מיט אַן אַנדער פּנים און מיט אַנדערע רייד איז צו לאַנען געקומען בעניע פינטשוק. אויך אים איז געקומען אויפן שכל, אַז מען וואָלט באַדאַרפט לאַנען אַרויסהעלפן. אַפילו זיין טאַטע ירחמיאל האָט עס דערמאָנט און געזאָגט: „אויף דער מיידל איז ממש אַ ביטערער רחמנות...״ דער אַלטער פינטשוק האָט ניט אויסן געווען, אַז דוקא דער מיטלסטער זון זיינער זאָל אַריבערגיין געוואָוירוועגן ביי די ברעזערס, טאָמער באַדאַרף דאָס מיידל האָבן, מען זאָל איר אונטערהעלפן.

— איך זאָג, חבר'טע ברעזער, ס'וואָלט ניט געווען קיין עולה, די יאָטן, וואָס דרייען זיך דאָ אַרום, זאָלן אַרויסהעלפן. מע באַ־דאַרף די קוקורוזע נאָך אַמאָל אַרומשאַרן... בין פאַרבייגעגאַנגען נעבן דיין פעלד, לאַנע...

— יאָ, ביסט געווען נעבן מיין פעלד? אָפּגעלאָזן מיין פעלד, האַ, בעניע?... ביסט דאָך עפּעס אַ געבוירענער פּויער; וואָס זאָגסטו, ניט אַ געלעכטער צו זען אַ מיידל אַליין, נאַריש איינגע־עקש'נט?

בעניע האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן; די בושה האָט גערויטלט זיינע באַקן.

— וואָס טראַכסטו, בעניע?

— האַ?

— ביסט ניט געראָטן אין דיינע ברידער, כאָטש דו ביסט אַ פאַרמורזעטער ווי זיי.

בעניע האָט אַ לאַך געטאָן, און די ברוינע הויט אין פּנים האָט געגליט ווי אַ רויט שטיק אייזן, וואָס מען האָט עס אָפּגערוקט פון פייער.

— אמת, בעניע, ניט קיין תכלית צו זיין אַליין? ווען איך וואָלט געקלערט חתונה צו האָבן, וואָלט איך אפילו קיין רגע ניט געטראַכט, וואָלט צוגעקומען צו דיר, בעניע, דיך גענומען פאַר די הענט און דיר אַריינגעזאָגט גלייך אין פּנים אַריין: זיי מיין מאַן, וואָרום אין פעלד איז פאַר אַ פרוי שווער אַליין אָן אַ מאַן...

בעניע האָט ניט גאָר אינגאַנצן באַנומען לאַנעס מיין; ער האָט געפילט, אַז לאַנע רעדט עס מיט פאַרביטערטקייט. מחמת דוקא איצטער, ווען מען האָט איר טאַטן אַרעסטירט, ווערט איר ניט ליגן אין קאָפּ אַזאַ זאַך.

— איך ווייס, דיר, לאַנע, ליגט איצטער ניט אין קאָפּ אַזעלכע נאַרישקייטן...

— כאַ־כאַ־כאַ, נאַרישקייטן זאָגסטו... ליבע פאַר אַ קאָפּ־קע פאַסט ניט פאַר אַזאַ מיידל ווי לאַנע צו בעטן? איך ווייס, בעניע, דו מיינסט עס מיטן גאַנצן האַרצן מיר אַרויסצוהעלפן. איך זאָג דיר צו, אַז איך וועל זיך שוין פילן גאָר אָן כוח, און וועל באַ־דאַרפן צו אימעצן אָנקומען, מען זאָל מיר אַרויסהעלפן, וועל איך צו קיין אַנדערן ניט קומען נאָר צו דיר, בעניע...

דאָס איז פאָרגעקומען הינטער איר שטאַל, ווען בעניע איז צוגעקומען און געבראַכט זיין גוטסקייט צו לאַנען. האָט אים לאַנע דאַריבער אַרומגענומען, האָט זיך איינגעגראָבן מיט איר פּנים אין זיין פּנים, און שטיל געזאָגט:

— פון דיר, בעניע, שמעקט מיט ערד און מיט געזונטע לייב... יאָ, בעניע, אַז איך וועל שוין ניט האָבן קיין כוח אַליין, וועל איך דיך בעטן... איך דאַנק דיר, בעניע — — —

נאָר אויב אימעצן האָט דאָס האַרץ ווי געטאָן פאַר לאַנען — איז דאָס געווען כאַסיע אַסטראַוווער. זי האָט זיך ניט פאַרגונען איר אייגענע פרייד, וואָס איר שטוב איז מיט אַמאָל דערהויבן גע־

וואָרן; ווען איר לעבן האָט זיך אויסגעגליטערט מיט דעם וואָס צו איר איז אַראָפּגעקומען איר טאָכטער דבורה; ניט אַליין, נאָר מיט איר מאַן חיים בערגער. כאַסיע האָט ווי אַ מאַמע איבערגעלעבט אַלע פרײדן און לײדן וואָס זענען אָנגעקוואָלן אויפן ערד־חלק פון יונגן דאָרף. ניט אומזיסט האָט זי אַ נאָמען געהאַט: "מאַמע כאַסיע". האָט זי קײן קינדער ניט געהאַט נעבן זיך —— זענען אַלע, אַלט און יונג, געווען אירע קינדער. און איצטער, ווען זי איז אַ מאַמע פון אמת'ע קינדער, איז איר האַרץ נאָך אַלץ ניט מיט דעם אינגאַנצן פאַרנומען. אויך זי האָט געשעפּט נחת מיטן פולן עמער, ווען אָנהייב פרילינג „האָט זיך די וועלט אַראָפּגעלאָזן קײן קרים צו בויען אידישע דערפער..."; און עס האָט איר האַרץ געבלוטיקט, ווען מען האָט פאַרנומען עטלעכע איבערוואַנדערער אין טורמע אַרײַן צוליב פאַרווערטן האַנדל. מער פון אַלץ איז איר לאַנע געלעגן אין זינען. מיט וואָס איר צו העלפן האָט זי ניט געוואוסט. און גוטע רייד, האַרציקע רייד פאַר לאַנען — אויף דעם איז איצטער כאַסיע ניט געווען קלוג גענוג.

— עס גייט מיר מײַן לעבן נישט אײַן, לאַנע; קען מיט אַן אויג נישט צומאַכן, זינט מע האָט זיי פאַרנומען... וואָס וועט זײַן, וואָס וועט זײַן?...

בשעת מעשה האָט כאַסיע געווישט די טרערן.

— איר באַדאַרפט ניט וויינען, חבר'טע אַסטראָווער, אויב איך וויין ניט. ניט נויטיק איצטער צו וויינען, ווען דער דאָרף וואַקסט אַזוי; ווען אייערע קינדער זענען געקומען...

— ביסט געבליבן אַליין; אויף דעם טוט מיר וויי מײַן האַרץ.

— איך בין ניט אַליין; בין קײנמאָל ניט געווען אַליין.

— די בחורים וועלן דיר אַרויסהעלפן.

— פאַרוואָס דווקא בחורים? דער אַלטער פינטשוק וועט מיר אויך העלפן. דער אַלטער קאָוואַלסקי... אַפילו זלמן קאַסאַי האָט אויך צייט מיר אַרויסצוהעלפן...

— צוליב וואָס זאָלסטו, לאַנע, אַזוי רעדן? פאַראַנען בחורים

וואָס האָבן דיך ליב; הלואי וואָלט מיין זון אַהער אַראָפּגעקומען, אפשר וואָלט ער דיר געפעלן געווען.

— איר ווילט מיך צו פרי חתונה מאַכן, כאַ־כאַ־כאַ... איך בין ניט אַליין; צוליב דעם באַדאַרף איך ניט חתונה האָבן. פאַראַן אַ גרויסער אידעאַל צוליב וועלכן איך לעב; ער שטאַרקט מיינע כוחות. איר, חבר'טע אַסטראַווער, לעבט אויך מיט דעם אייגענעם אידעאַל. אַפילו אייער מאַן, כאָטש אַ פרומער איד, לעבט אויך מיט דעם אייגענעם אידעאַל. נאָר מיין טאַטע, די שטיינבערגס און זייער גלייכן, האָבן דאָ קיין אידעאַל ניט געפונען; ביי דער ערד איז זייער לעבן פוסט און וויסט.

— דיין טאַטן וועט'ן מסתמא היינט־מאָרגן אַרויסלאָזן.

— הלואי לאָזט מען אים אַרויס! איך זאָג עס ניט דערפאַר, וואָס איך וועל ניט באַדאַרפן זיין אַליין; מיט אים אינאיינעם איז מיר נאָך ערגער. נאָר איך גערפין ניט קיין זינען אין אַרעסטירן אים, און אַריינזעצן אים אין תפיסה... ס'איז פונקט ווי די רעד־וואָלוציע וואָלט זיך גע'עסק'ט מיט טויטע מענטשן... יאָ, איר קוקט מיך אָן, חבר'טע כאַסיע; מיין טאַטע לעבט ניט. ער איז ניט קיין מענטש מער: עפּעס אַ שאָטן פון אַ מענטשן פון אַ געשטאָרבענער וועלט האָט זיך דאָ אַרומגעדרייט אויפן ערד־חלק און גערעדט פון האַנדל — — —

— רעדסט ווי אַ חכמה; הלואי וואָלטן עס מיינע קינדער געהערט. קום אַריין, לאַנע, צו מיר היינט אין אָוונט; כ'וויל דו זאָלסט זיך דערנענטערן צו מיינע קינדער. מיין דבורה זאָגט אויך דאָס אייגענע; זי זאָגט: הלואי וואָלט זי דאָ פאַראיאָרן געווען, און געהאָלפן ביי דער שטוב. זי ווייסט, אַז פאַראיאָרן האָסטו איינע אַליין געשלעפּט געהילצן פון שטאָט.

— האָט ניט קיין צער, חבר'טע אַסטראַווער; ס'וועט נאָך זיין גוט.

— פאַרוואָס זאָלן טאַקע אַלע נישט פאַרשטיין אַזוי ווי דו? אַלע אינאיינעם ווי איין מענטש טאָן נאָר איין זאַך — בויען, בויען — — — אַז איך קוק ווי סע וואַקסן די שטיבער פון ביידע

זייטן גאַס... און די קינדערלאַך — זעסט די קינדערלאַך, ווי גוט זיי איז אין שטוב...

כאַסיע האָט ווידער געווישט די טרערן, און עס איז געווען צו דערקענען, אַז ניט גאָר אַלץ האָט כאַסיע אָראָפּגעערדט פון הארצן.

שוין פאָרן אוועקגיין האָט כאַסיעס פּנים אויפגעלויכטן פון א קינדערשן שמייכל:

— פונדעסטוועגן האָט ער זיך נאָך פון דיר נישט אָפּגעוואָרפן; ער גייט אום ווי אָן א קאָפּ. אַלע זאָגן עס...

— איך ווייס ווען איר מיינט. ער טראַכט ניט פון מיר, און איך טראַכט ניט פון אים... מיר טוען דאָביידע דאָס אייגענע, נאָר מיט גאָר באַזונדערע מחשבות טוען מיר עס.

— ער גייט דאָך פאָרט אַרום אָן א קאָפּ...

— הלמאי האָט איר נאָרוואָס געוויינט?

— דאָס איז עפּעס אַנדערש; ביסט א יונגער מענטש; אַלע האָבן געקלערט, אַז וועסנע־צייט וועט באַנ'אייך זיין חתונה...

— כאַ־כאַ־כאַ, — האָט זיך צעקלונגען לאַנעס אומגעריכטער געלעכטער — גוט, חבר'טע אסטראַוועד, היינט ביינאַכט קום איך צונ'אייך; ווי נאָר איך וועל אויסמעלקן די קי, קום איך צונ'אייך!

פונדערוויטנס, פון אַנדערן עק דאָרף, האָט זיך באַוויזן קאַ־וואַלסקים געשפּאַן. לאַנען האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן אין הארצן... זי האָט געוואוסט, אַז בערע דארף היינט קומען פון שטאָט; זיין פאָרן אין צענטער האָט געהאַט צו טאָן מיטן אַרעסט אויפן ערד־חלק.

כאַסיע האָט אויך באַמערקט דעם געשפּאַן, און געזאָגט:

— דוכט מיר, דאָרטן איז בערע אָנגעקומען... האָט אודאי געבראַכט א גרוס; ווילסט נישט אונטערגיין? איך זע, מע קלייבט זיך אַרום אים דאָרטן.

— גייט איר, חבר'טע אסטראַוועד; מיר איז שוין אַלץ איינס...

— גוט, לאַנע, איך וועל געוואוירוועדן; אפשר פּאַסט דיר טאַקע ניט באַנ'אים צו פרעגן.

ווען כאַסיע איז אוועקגעגאַנגען, איז לאַנע אַריין אין שטאַל. זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט דער ברוסט אָן דער ראַבער קו, און זיך צוגעהערט צום טעמפּן ווייטיק וואָס האָט געקלעמט ביים הארצן.

די קו איז רואיק געשטאַנען, ווי צוגעהערט צו לאַנעם האַרץ, וואָס האָט אומרואיק געקלאַפּט. פאַר לאַנעם דמיון איז ווידער אָנגעקומען דאָס פאַרבלוטיקטע געשטאַלט פון איר דער'הרג'עטער מאַמען; אין דער טונקלקייט פון שטאַל איז דאָס געשטאַלט נאָך בולט'ער געווען...

— ביילקע, אוי, ביילקע... פאַרוואָס קומסטו ניט צוריק? — האָט לאַנע ביי דער טונקלקייט אין שטאַל געפרעגט.

די וואַרימקייט, וואָס האָט געצויגן פון דער קו, האָט געלינ־דערט דעם שטומפּן ווייטיק אַרום איר האַרצן, און עס האָט אויפ־געוואַכט דער חשק צוריק אַרויס צום פאַרנאַכטיקן דרויסן. זי האָט געדאַרפט מעלקן די קו, אָבער זי פילט אַ שוואַכקייט אין די הענט; די פינגער, גאָרניט אירע פינגער זענען זיי. עס וואָלט איר קיין שאַנד ניט געווען צו בעטן אימעצן, מען זאָל פאַר אירעטוועגן אויס־מעלקן די קו...

לאַנע האָט דערהערט טריט; שווערע טריט הינטערן שטאַל. זי האָט זיך געשטאַרקט, אַרויס דרויסן און געגאַנגען די טריט אַנטקעגן:

יוסף איז אָנגעקומען. אים איז געווען אַ חידוש צו באַגעגענען לאַנעס איבערגעשראָקענעם פּנים.

— נייס, וויכטיקע נייס, לאַנע! — האָט יוסף, אַן אָנגעצונ־דענער אויסגעשריען — זייטשיקן האָט מען פאַרקנאַקט אויף פינף יאָר; דעם אַלטן שטיינבערגן — אויף צען חדשים; זיין עלטערן זון — אויף פינף חדשים; און דיין טאַטן — אויף אַ חודש...

לאַנע איז געשטאַנען אַ בלאַסע; אירע ברייט־צעעפנטע אויגן האָבן שטאַרק געקוקט צו יוסף'ן.

— וואָס'אי, לאַנע? — איז יוסף צו נענטער.

— ווער האָט עס געבראַכט די נייס? — האָט לאַנע מיט אַ שוואַכער שטים געפרעגט.

— בערע קאָוואַלסקי איז געקומען צוריק.

— וואָס מאַכט ער, בערע?

— כאַ־כאַ־כאַ, — האָט יוסף אַ לאַך געטאָן.

— איך פרעג דאָך דיר, וואָס מאַכט בערע?

— דיר חידושט ניט דער משפּט?

— ניין.

— וואָס איז מיט דיר, לאַנע?

— איך זע, דו ביסט צופרידן, וואָס מיין טאַטן האָט מען נאָר אויף איין חודש טורמע פאַרמשפּט...

— אודאי טוט עס מיר הנאה.

— פאַר מיר איז עס אַלץ איינס, יוסף. אַ חודש, אַ יאָר, צי צען יאָר... פאַרמשפּט, דאָס איז דער עיקר; צוליב אים בין איך אויך אַ פאַרמשפּטע!

— מיט דיר, לאַנע, האָט עס ניט צו טאָן.

— איך בין נאָך דערווייל אַ מענטש, יוסף. ער איז מיין טאַטע, יוסף. און אויב דו ביסט נאָך אַ שטיקל מענטש, און עס טרעפט, מען אַרעסטירט דיין טאַטן, וואָלסטו אויך אַזוי געפילט. עך, וואו נעמט מען פאַראיאָריקן מוט, יוסף?

— זיי ניט אַזוי נידערגעשלאָגן, לאַנע. איך מיין דיר ניט צו טרייסטן; נוויטיקסט זיך ניט אין דעם. זעסטו, איך בין אַפילו ניט געקומען דיר פאַרצולייגן מיין הילף. איך וויים, דו באַדאַרפסט ניט מיין הילף. נאָר, אַז איך זע דיך אַזאַ נידערגעשלאָגענע, פאַרדריסט מיר ביז גאָר. מיין עצה, לאַנע, דו זאָלסט ווי וויים מעגלעך ווירקן אויף דיין טאַטן, ווען ער וועט אַרויס פון טורמע, ער זאָל זיך אַהער ניט אומקערן. זאָל ער בלייבן אין שטאָט; די שטאָט איז פול מיט אַזעלכע ברעזוערס. דאָרטן וועט ער געפינען זיין גלייכן.

— און וואָס זאָל איך איצטער טאָן, יוסף?

— מיט דיר, לאַנע, בין איך ניט קלוג; זאָגסט אַפילו ניט קיין וואָרט וועגן דעם וואָס איך האָב דיר איצטער דערציילט.

— איצטער איז פאַר לאַנען פאַראַן אַן אַנדער זאָרג: דאָס איז לאַנע אַליין...

יוסף האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן, און געקוקט צו זיינע באָרוועסע, פאַרשטויבטע פיס.

לאַנע האָט אים מיט די בליקן אָפּגעמאָסטן פון אויבן ביז אַראָפּ, און אירע בליקן זענען אויך געפאַלן אויף זיינע שווערע,

פארשטויבטע פיס. אויפן שפּיץ גראָבן פינגער פון זיין רעכטער פוס איז געווען א פארגליווערטער בלוט־פלעק, וואָס האָט פון אונטערן שטויב ארויסגעגליט.

— אז איך וועל בעטן ביי דיר הילף, יוסף, וואָלסטו מיר גע־קומען אנטקעגן מיט דיין הילף?

— ביי מיר הילף וועסטו קיינמאָל ניט קומען בעטן.

— קענסט מיר אפשר דערקלערן פארוואָס דאָס איז אזוי?

— ניין, לאַנע; אויב דו אליין קענסט עס זיך ניט דערקלערן, קען איך שוין ניט העלפן.

— עס איז אפשר דערפאר, יוסף, וואָס איך זוך א סך, א סך ליבע, א גרויסע ליבע ווי די גאַנצע ערד... און די רעוואָלוציע האָט דערלויבט נאָר ליבע פאר א קאָפּיקע, און ניט מער... קום מיט מיר, יוסף, צו בערן; איך וויל באַנ'אים אויספרעגן, וואו מען האָט מיין טאַטן פארזעצט... קום, יוסף!... און אפשר גאָר איז בילכער צו גיין די קי אויסמעלקן. וואו האָסטו צע'הרג'עט דעם גראָבן פינגער פון פוס?

— איצטער, אויפן וועג צו דיר.

— צוליב מיר בלוטיקסטו, יוסף...

גאָר אומגעריכט האָט יוסף פארקערעוועט אויף צוריק; מיט נערוועזע טריט איז ער אוועק מיט דער לענג פון דאָרף.

לאַנען האָט ווידער פארקלעמט ביים הארצן; כאָטש איר האָט ניט פארדראָסן פארוואָס זי האָט אזוי באַגעגנט יוסף'ן. זי ווייס, אז מיט אים וועט זי זיך שטענדיק צונויפרעדן. און דאָך קלעמט עס איצטער אזוי ביים הארצן; ניטאָ וואו די קלעמעניש איינצו־שטילן.

— ליבע פאר א קאָפּיקע קומען יונגע מענער ביי מיר בעטן, בעת מיין יוגנט, מיין מוט איז...

לאַנע האָט זיך אויסגעגלייכט, אויסגעווישט די אויגן, א ווײַלע געקוקט צום אנדערן עק דאָרף, וואו א רעדל מענטשן איז נאָך אלץ געווען פארזאַמלט ארום בערע קאוואַלסקיס געשפאַן. א רגע האָט זי

געטראַכט זיך לאָזן אַהין; אָבער אַ גאָר אומגעריכטער כוח האָט זי אָפּגעהאַלטן דאָס צו טאָן. זי האָט אַ טרייסל געטאָן מיט איר געקרויזטן קאָפּ, ווי אָפּצוטרייסלען די שווערע מחשבות, און פאַר־קערעוועט צוריק צום שטאַל, וואו שווייגנדיקע קי האָבן געוואַרט אין דער טונקלקייט פון שטאַל, לאַנג זאָל זיי קומען מעלקן...

# XLV

אַ סך אויגן האָבן איצטער לאַנגען נאָכגעקוקט: מיט חידוש און מיט מיטלייד האָט מען זי נאָכגעקוקט. זינט איר טאַטן האָט מען איינגעזעצט אין טורמע, זעט מען זי זעלטענער גיין לענג־אויס מיטן דאָרף. זי איז בלאַס געוואָרן, און דעם דאָרף שניידט זי איב־דערברייט; סיידן, ווען זי טרייבט די בהמות צום ברונעם.

רייזל קאַוואַלסקי האָט זיך די ליפּן געביסן זינט מען האָט וואָווע ברעזער איינגעזעצט. מיט איר לייזערן האָט זי שוין ניט איינמאָל גערעדט, און אויסגערעדט דאָס גאַנצע האַרץ, געגעבן לייזערן צו פאַרשטיין, אַז בערע האָט זיך אָנגענומען מיט צופיל בייזקייט; און דער סוף וועט זיין, מען וועט אין זיינע דלד אמות ניט וועלן שטיין.

ווען רייזלען איז עס אַריבערגעגאַנגען איבער דער מאָס, האָט זי זיך אָנגענומען מיט האַרץ, פאַרשטעלט בערען דעם וועג, נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעגעסן איר צוגעגרייטן פאַרנאַכטיקן מאָלצייט, און געקליבן זיך גיין אין פעלד אַריין אָנפּאַשן די פערד, באשר ער דאַרף אינערגעצן פאָרן:

— בערע, זון מיינער, איך וויל דו זאָלסט מיך אויסהערן, קינד מיינס...

רייזל האָט אַ ווײַלע אַרויפגעקוקט צו בערען, וואָס איז שוין געשטאַנען ביי דער טיר, אירע צעשראָקענע אויגן זענען געווען פאַר־גאָסן מיט טרערן.

בערען האָט עס צענויפגעדריקט; ער איז קלענער געוואָרן אונטער דער מאַמעס פאַרגלייזטע בליקן:

— איך וועל דיך אויסהערן; רעד, האָב קיין מורא ניט... מע וועט מיך שוין באַלד אָננעמען פאַר אַ גזלן, כאַ־כאַ־כאַ...

ער האָט אַ טרוקענעם לאַך געטאָן, געמאַכט אַ פּאָר טריט נענ־טער צו רייזלען, זי אַרומגענומען, און אַ קוש געטאָן.

— איך ווייס, אַז דו ביסט נישט קיין גזלן; דערווייל ביסטו נאָך מיין קינד. איך וויל נישט, מיינע קינדער זאָלן אָנטאָן אימעצן רשעות... אין דעם, וואָס נחום האָט אָפּגעטאָן מיט לאַנעם שווער־טער, ליגט, מיין קינד, געגנוג רשעות... נאָר, ניין, ניין, בערע, הויב זיך נישט אויף... איך וויל גאָר איצטער מיט דיר נישט רעדן וועגן נחומ'ען; ס'האָט זיך מיר אַרויסגעכאַפּט פון מויל... כ'וויל דיר נאָר זאָגן, אַז דו באַגייסט זיך אָן רחמנות מיט לאַנען. איך ווייס, אַז דו ביסט נישט שולדיק, וואָס מען האָט איר טאַטן אריינגעזעצט; איך ווייס, ווען נישט דו, וואָלטן זיי אים אַריינ־געזעצט אויף אַ יאָר. אודאי, מיין זון, אַלע זאָגן עס. נאָר איך וויל, דו זאָלסט אויף לאַנען רחמנות האָבן; זי וועט חלילה פאַלן פון די פיס. כאָטש אין פעלד זאָלסטו איר אַרויסהעלפן. וואָרן, איך זאָג דיר, מיין קינד, קוק זיך צו, און זע אַליין, צי סע איז גאָר פאַראַן אויף דער וועלט נאָך אַזאַ ווי לאַנע...

בערע האָט געדולדיק אויסגעהערט וואָס די מאַמע רעדט. דאָס וואָס זי האָט אים דערציילט, אַז קיינער איז אים ניט חושד; און, אדרבה, אַלע גלויבן, אַז ער, בערע, האָט זיך אין דעם אַריינגעלייגט, מען זאָל וואָוועץ ניט פאַרזעצן אויף לאַנג — דערפון ווערט אים גרינגער אויפן האַרצן. ער וואָלט ניט וועלן דער מאַמען ווי טאָן; אירע טרערן איז אים שווער צו פאַרטראָגן.

— דו הערסט, מיין קינד, וואָס איך רעד צו דיר? — האָט רייזל געפּאָרשט דעם אויסדרוק אין זיין פּנים.

— יאָ, מאַמע, איך הער גוט וואָס דו רעדסט; איך קלער נאָר, פאַרוואָס מוז איך דוקא גיין אַרויסהעלפן לאַנען; קאַרג בחורים זענען פאַראַן אויפן ערד־חלק? יעדער איינער וואָלט לאַנען אַרויסהעלפן, ווען זי וואָלט נאָר וועלן, מען זאָל איר העלפן.

— אַלעמען זאָגט זי אָפּ, אָבער דיר, מיין זון, וועט זי נישט אָפּזאָגן.

— מיר, הייסט עס, וועט זי טאָן אַ טובה, כאַ־כאַ־כאַ!

— נישט קיין טובה, מיין זון; ביסט דאָך נישט נחום;

ביסט דאָך אַ מענטש מיט נשמה. אַ מענטש קען, מיין קינד, די נשמה נישט אויסשפּייען.

— און וואָס וועט זיין, אַז איך וועל גיין איר העלפן, און זי וועט נעמען און זיך אויסלאַכן?

— האָסט דאָך נאָך דערווייל נישט געפּרואווט.

בערען איז ענג געוואָרן מיט דער מאַמען:

— איך ווייס, אַז די נשמה קען אַ מענטש ניט אויסשפּייען... דיין זון איז אָבער קיין מענטש שוין ניט מער אפילו אין די אויגן פון דער מאַמען זיינער... ווייס איך וואָס כ'האָב צו טאָן..

ביי די ווערטער האָט זיך בערע פלוצלונג אויפגעהויבן, און איז האַסטיג ארויס פון שטוב. זיין ברודער נחום איז אים געקומען אויפן זינען:

— אַזאַ פּאַסקודניאַק... אפילו קיין קאָנטר־רעוואָלוציאָנער איז ער אויך ניט... ווען ער באַווייזט זיך דאָ, וואָלט איך אים דורגעטריבן ווי דעם קרעציקן הונט...

אַזוי האָט בערע צו זיך אַליין גערעדט כמעט אויפן קול. ער האָט געשפּרייזט מיט דער מעזשע צווישן צוויי ווייצנפעלדער, געמאַכט אַ ווינט מיט זיין פעסטן און ברייטן טראָט — אַזש די יונגע זאַנגען האָט עס מיטגעצויגן.

— ער איז פאָרט דער איינציגער מענטש מיט וועמען מען קען נאָך אַרויסרעדן אַ וואָרט...

בערע האָט איצטער געטראַכט וועגן יוסף'ן, צו וועמען ער האָט אוועקגעשפּרייזט.

— אַז מיט אייגענע טאַטע־מאַמע איז מען ניט ביי זיך אינדערהיים — האָט בערע ווידער גערעדט, און געקוקט צי אימעצער הערט ניט אונטער — אַ מענטש קען די נשמה ניט אויסשפּייען... ווער איז דאָס דער מענטש באַנ'איר? נחום איז דאָך אויך אַ קינד, און אַ מענטש, טפוי זאָל ער ווערן!... וואָווע ברעזער איז אויך אַ מענטש...

יוסף, וואָס האָט זיך געפּאָרעט ביי אַן אָרים שטיקל קוקורוזעפעלד, האָט פונדערווייטנס באַמערקט בערען; האָט אוועקגעלייגט זיין אַרבעט, זיך אויסגעגלייכט און געוואַרט ביז בערע וועט צו־

קומען. יוסף האָט פאַרשטאַנען, אַז בערע קומט אָן אָנגעלאָדענער; מסתמא, איידער ער וועט זיך אויסלאָדן, וועט ער, ווי זיין שטייגער, חרטה האָבן אויפן גאַנצן שמועס, אינמיטן דרינען זיך אָנבלאָזן שטייף און אַוועק.

דאָסמאָל אָבער האָט יוסף ניט געטראָפן. בערע איז צו אים געגאַנגען מיט אַן אונטערגעבראָכענעם געמיט. ערשטנס, איז טאַקע, ווי זיין מאַמע האָט אין אים אַריינגעטענה׳ט: „אַ מענטש קען די נשמה נישט אויסשפּייען...״ בערע קען די נשמה ניט אויסשפּייען. נאָר, ווען פאַר זיין מאַמען איז פאַראַן בלויז איין סיבה, פאַרוואָס ער גייט אַרום אָן אַ קאָפּ, און דאָס איז לאַנע — איז פאַר אים אַליין פאַראַן מער ווי איין סבה. מען האָט איבערוואַנדערער פון זיין ערד־חלק פאַרזעצט אין טורמע; דאָס שטילט ניט זיין בלוט; און טאַקע צוליב דעם וואָס אין דעם צעטל געפינט זיך לאַנעס טאַטע אויך... און אודאי צוליב דעם וואָס זיין ברודער האָט גענומען און פאַרפירט לאַנעס שוועסטער — אינאיינעם איז עס אַ ביטערער סך־הכל.

— אַ חידוש, בערע, דו האָסט צייט אַרומצוגיין פּוסט־און־פּאַס; האָסט געקענט לאַנען אַ ביסל אַרויסהעלפן, כאַ־כאַ־כאַ...

— כאַ־כאַ־כאַ — האָט בערע, גאָר ניט ווילנדיק, אָפּגעענטפערט מיט אַ טרוקענעם לאַכן אויף יוספ׳ס געלעכטער.

ביידן איז מיטאַמאָל אומעטיק געוואָרן. אָנגעשטאַנען אַ רגע, וואָס ביידע האָבן גערעדט מיטן האַסטיקן פּולסירן פון אייגענעם האַרצן, און ניט מיטן מויל און ווערטער. יוסף האָט צייט געהאַט צו באַטראַכטן בערען, ער האָט דערקענט אין בערעס פּנים די זאָרג, וואָס האָט ווי פאַרשמעלערט זיין פּנים.

— פאַרוואָס, בערע, שערסטו ניט אָפּ דיין בערדל? זעסט דאָך שוין באַלד אויס ווי דיין טאַטע!

— וואָס דיר ליגט אינזינען, יוסף...

— איך ווייס, בערע, אַז דאָס ליגט דיר ניט אינזינען. גלויב מיר, דאָס זאָג איך גלאַט אַזוי, ווייל איך ווייס ניט פון וואָס איצטער אָנצוהייבן. איך מיין צו זאָגן, אַז דו זעסט אויס די לעצטע צייט ניט אַזוי פריילעך.

— איך וויל הערן פון דיר, יוסף, וואָס דו האָסט צו זאָגן אויף די חברה׳ליים, וואָס מען האָט אַריינגעזעצט אין טורמע?

— איך האָב גאָרניט וואָס צו זאָגן; רעוואָלוציע — איז רעוואָלוציע. אַ רעוואָלוציע גייט ניט אום מיט זיידענע הענטשקעס.

— רעכט אויף זיי; די מלוכה האָט זיי געגעבן ערד, האָבן זיי באַדאַרפט וויסן ווי דאָס אָפּצושאַצן.

— כמעט איטלעכער זאָגט דאָס אייגענע; פונדעסטוועגן איז אויף אַלעמען אָנגעפאַלן אַ מרה שחורה זינט מען האָט זיי פאַרזעצט.

— זענען טרוסען, אָט וואָס!

— אַלץ דאָס אייגענע מיט דיר, בערע. רעדסט וועגן די איבערוואַנדערער און זאָגסט שטענדיק: „זיי זענען טרוסען... זענען קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן...״ האָסט זיך אָפּנים אויך איינגערעדט, אַז יעדער איינער, וואָס איז ניט צוגעפאַלן מיטן פּנים צו דער ערד, און אין איר זיך ניט באַגראָבן לעבעדיקערהייט, איז אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנער, אַ פאַרברעכער... האָסט, בערע, אָפּנים ניט געקענט אונדזערע אידן פון שטעטל!

— איך האָב זיי געהאַט פיינט, — האָט בערע שטיל אַ ברום געטאָן.

— אין דעם שטעקט די צרה, בערע; האָסט זיי געהאַט פיינט, און איצטער האסטו זיי ניט ליב... אַמאָל האסטו פאַר זיי מורא געהאַט: דו — דער אַרבעטער; און זיי — שטעטלשע יחסנים! איצטער האסטו זיי פיינט... אַ טראַגישער ענין זאָג איך דיר, בערע. אונדזערע אידישע צרות, זענען אונדזערע צרות. אויב דו, בערע, וועסט זיך ניט שפּירן ווי אַ רופא, וואָס איז געקומען מיט געדולד אויסצוהיילן חלאים, איז שלעכט...

בערע האָט טרוקן אַ לאַך געטאָן און געקלאַפּט יוסף׳ן אין פּלייצע:

— איך בין אויף דיר ניט אין כעס, הלמאי דו ווילסט מיר דוקא איינרעדן, אַז אַ איד איז צו איידל; איידעלער ווי דער גוי... אָט בין איך דאָך אויך אַ איד; ביסט דאָך אויך אַ איד... און די

פינטשוקס, קרעטשמערס, אפילו דער פרומער אָסטראָווער; אפילו קאסאי... איז דאָך לאַנע אויך אַ אידיש מיידל...

יוסף האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן, געקוקט אויף די באָרוועסע פיס, און געשמייכלט.

בערע האָט זיך אַראָפּגעלאָזן ביים ראנד פעלד און מיטגעשלעפּט יוסף'ן.

— וואָס טראַכסטו, יוסף?

— איך טראַכט, אַז דו האָסט איצטער באַדאַרפט חתונה האָבן מיט לאַנען.

— האָב דו מיט איר חתונה!

— מיך האָט זי ניט ליב.

— זי האָט דיך ליב, יוסף; איך וויים עס.

— רעד ניט קיין נאַרישקייטן, בערע; ווען איך הייס דיר חתונה האָבן מיט לאַנען, מיין איך עס ערנסט.

— איך רעד ניט מיט איר די לעצטע צייט.

— דאָס מאַכט ניט אוים.

— זי קלערט אודאי, אַז איך האָב פאַרזעצט איר טאַטן אין דאַפּער.

— פאַרקערט, זי טראַכט, ווען ניט דו, וואָלט מען אים אויך פאַרזעצט אויף אַ גאַנץ יאָר.

בערע האָט געשוויגן. זיינע אויגן האָבן געבלאַנדזשעט איבער די ווייצנפעלדער וואָס זענען פאַרלאָפן ביז צום ראנד פון הימל; אין הארצן האָט געגליט אַ פאַרדראָס, און אויפן פנים — סמנים פון בושה.

יוסף האָט עס באַמערקט:

— איך וויים, בערע, אַז לאַנע זיצט דיר גוט אין די ביינער... מיט אַזעלכע געפילן טאָר זיך אַ מענטש ניט באַהאַלטן.

— איך קלער ניט חתונה צו האָבן, יוסף. איך בין צו הארט; בין אַ שטרענגער מענטש. בין געווען אין בירגערקריג; בין נאָך איצטער אויך אין בירגערקריג. פריער האָב איך זיך געשלאָגן מיט פרעמדע; איצטער שלאָג איך זיך מיט אייגענע.

לאַנע שלאָגט זיך ניט ווינציקער ווי דו. וואָס וואָלט אונדז

איצטער געפעלט, ווען אנשטאט די צעשראָקענע ווייבער, וואָס באַקלאָגן אונדזערע קעפּ און באַוויינען אונדזער זיין דאָ, וואָלטן מיר געהאט אַזעלכע לאַנעס? טוסט אַמאָל אַ טראַכט פון דעם?

— לערנסט מיך ווי צו קוקן אויף אונדזער זאַך; הא, יוסף?

— איך קלער דיך ניט צו לערנען; אַ מיינונג מעגסטו אויסהערן, אַזוי ווי איך הער גערן אויס דיינע רייד.

— דו הערסט אויך ניט וואָס איך זאָג.

— מיט דעם וואָס דו ביסט ניט צופרידן, בין איך מסכים. דיך באַגייסטערט ניט די אַרבעט היינטיקן זומער, כאָטש דער דאָרף וואַקסט ווי אויף הייוון; מיך באַגייסטערט עס אויך ניט. אויב וואָווע ברעזער, שטיינבערג, צי אַפילו זייטשיק, האָבן זיך ניט באַנוגט מיט דעם וואָס זיי האָבן, און זענען אַוועק האַנדלען, פיל איך זיי אויך מיט. אַ ענערגישער מענטש קען דאָ איינשלאָפן. כ'האָב דיר שוין ניט איינמאָל געזאָגט, בערע, אַז איך בין מקנא דעם אַרבעטער אויף דער פאַבריק, וואָס בויעט אַ סאָציאַליסטישע וועלט. מיר דאָ, בערע...

— דאָס זענען דאָך מיינע רייד, יוסף!

— זעסטו, אַז איך פאַרשטיי דעם ענין ווי דו. ווען אימעצער קען מיר נאָר פאַרזיכערן, אַז איבער דריי יאָר אין דער צייט וועלן מיר דאָ האָבן אַ סאָציאַליסטישן דאָרף...

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ, — האָט יוסף זיך צעלאַכט.

— וואָס לאַכסטו?

— כ'האָב דיך ליב, בערע; ביסט אַ גרויס קינד — אָט וואָס דו ביסט... האָסט פאַרזעצט אידן אין טורמע, און איצטער פאַרדריסט עס דיר...

— מיר פאַרדריסט, וואָס וואָווע ברעזער האָט געקראָגן אַ קלענערע שטראָף; איצטער זאָגט מען, אַז איך האָב זיך אין דעם אַריינגעלעגט, באַשר לאַנע...

— ווילסט היינט אַריבערגיין צונ'איר?

— הא?

— איך וויל היינט — — — איך מיין, ס'איז אַ פאַרברעכן, וואָס קיינער העלפט איר ניט אַרויס. קום, מיר וועלן זיך היינט

דורכשמועסן מיט איר... לאַנע איז דיר ניט חושד, אַז דו האָסט דערטראָגן אויף איר טאָטן. קיינער איז דיר ניט חושד. מען וויים, אַז אויסער דיר, איז פאַראַן ווער סע זאָל אַכטונג געבן. די מלוכה האָט דאָ עטלעכע פּאָר אויגן, ניט נאָר דיינע...

— מיינסט מיט דעם מיר גרינגער מאַכן אויפן האַרצן? דאַרפסט עס ניט, יוסף. ביסט אַ שניידערס אַ זון; האָסט געוואָלט זיין אַ דאָקטער... איז אַ שאָד וואָס דו ביסט עס ניט געוואָרן. איך בין אַ שמידס אַ זון, וואָס האָט געלערנט ביי דער צייט, און ביי דער רעוואָלוציע; איך פאַרשטיי ניט קיין חכמות. מיר געפעלן ניט מיינע אייגענע ליט. איך וועל זיך פון זיי אָפּטיילן. ביי מיר איז ניטאָ קיין איבערקלייב. יאַ טאַטע־מאַמע, ניט טאַטע־מאַמע; מיין אייגענער ברודער, ווען ער קומט אַהער, וואָלט איך אים פאַר־זעצט אין טורמע.

— ער האָט פאַר דיר ניט קיין מורא; ער איז איצטער מער יחסן פון דיר. ער איז אין מאָסקווע אויף אַ זאַוואָד... עך, בערע, מיר רעדן אָבער ניט צו דער זאַך! לאָמיר זיין אָפנהאַרציק: אונדז ביידן גייט עס ניט!

— וואָס מיינסטו?

אויב מיר מיינען טאַקע ערנסט בלייבן דאָ ביי דער ערד, האָבן מיר נאָך פאַראיאָרן באַדאַרפט חתונה האָבן.

— רעדסט ניט צו דער זאַך, יוסף.

— איך רעד יאַ צו דער זאַך... פאַרוואָס קענען מיר ניט רואיק צוגיין צו אונדזערע לעבנספּראָבלעמען ווי מענטשן?

— מיין מאַמע טענה'ט אויך, אַז אַ מענטש קען די נשמה ניט אויסשפייען.

—יאַ, בערע, איך זאָג אויך דאָס אייגענע... איך וויל, דו זאָלסט מיר זאָגן, וואָס פאַר אַ וואַנט האָט זיך אַנידערגעשטעלט צווישן דיר און לאַנען?

— קיין שום וואַנט ניט... איך געטרוי ניט איר קלאַס. ווען זי זאָל אַפילו פון צען פעלן אַרויסקריכן, וועט זי אַנדערש ניט ווערן. זי זעט אין מיינע אויגן אויס ווי אַ פאַרשטעלטע... היינט,

מאָרגן, וועט אַרויסשפּרינגען איר אמת'ער פּנים, אַ וואָווע ברעזער פּנים.

— דאָס רעדסטו שוין פאַרביטערט, בערע.

— בכלל איז ליבע אַ בורזשואַזער ענין... אַ רעוואָלוציאָנער דאַרף אויף דעם אַ שפּיי טאָן!

— אויב אַזוי, האָב איך ניט מיט דיר וואָס צו רעדן.

— יאָ, אַן אמת'ער רעוואָלוציאָנער באַדאַרף שפּייען אויף אַלע בורזשויסטע ירושות... וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן? איך ווייס וואָס איך רעד! אַז די צייט וועט קומען, איך זאָל מיר נעמען אַ ווייב, וועל איך צוגיין צו אַ מיידל אַ האַרעפּאַשניצע, וואָס אין איר פּנים וועל איך דערקענען, אַז זי איז ווי איך, אָן חכמות, אַ רעוואָלוציאָנערקע, וואָס האָט אַ שפּיי געטאָן אויף דער אַלטער וועלט; יאָ, כ'וועל זי נעמען פאַרן האַנט און זאָגן: זיי מיין ווייב...

— און ווי, אַז פּונקט יענע מיידל וועט דיך ניט וועלן?

— האַ?...

— פּשוט און פּראָסט: זי וועט זיך צו דיר אויסדרייען מיט דער פּלייצע?

—פאַרוואָס זאָל זי עס טאָן?

—אַ פרוי טראָגט אין האַרצן באַהאַלטן ליבע צום מאַן; און גלאַט אַזוי קומט עס פון האַרצן ניט אַרויס. די ליבע איז באַנ'איר אין האַרצן ווי אַ קערנדל אין דער ערד; דער מאַן קען מאַכן, סע זאָל אויסוואַקסן, אַט ווי דער זאַנג...

ביי די ווערטער האָט יוסף אָפּגעריסן אַ זאַנג, און אַ פיר געטאָן מיט אים אויף בערעס פאַרברוינטן האַלדז.

בערע איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ; יוספ'ס רייד האָט ער גוט פאַרשטאַנען, און האָט בשעת מעשה ניט געהאַט מיט וואָס זיך צו ווערן אנטקעגן דידאָזיקע רייד.

יוסף האָט ווידער גערעדט:

— דו גלויבסט ניט זייערע מענטשן, באַשר זיי זענען אַמאָל געווען יחסנים. שיעור, שיעור וואָלט איך געקענט ווערן איינער פון זיי; ווען ניט די רעוואָלוציע, ווען ניט דער בירגערקריג... יאָ, בערע, איך פאַרשטיי דיך זייער גוט. דו ווילסט ניט, אַז מענטשן

זאָלן ווערן צוריק דאָס וואָס זיי זענען געווען פאַר דער רעוואָלוציע. ווילסט ניט, מענטשן זאָלן ווידער ווערן פּאַראַזיטן; אפילו אין ליבע זאָלן זיי ניט זיין קיין פּאַראַזיטן. די בורזשואַזיע האָב איך פּונקט אַזוי פיינט ווי דו.

— האסטו זי פיינט? — האָט בערע אָנגעשטעלט די אויגן אויף יוספ'ן.

— איך האָב שטענדיק פאַרשטאַנען צו געפינען דעם חילוק. פון דער בורזשואַזיע זענען אַרויסגעקומען די בעסטע רעוואָלו־ציאָנערן. קינדער פון דער בורזשואַזיע פירן אָן מיט דער רע־וואָלוציע. קינדער פון בורזשואַזע עלטערן, וואָס האָבן געשטודירט און זיך דערשלאָגן צום אמת... געטרויסט אפשר ניט לענינען? קאַרל מאַרקסן?...

— זייערע נעמען מיש ניט אַריין, יוסף! — איז בערע אַזש בלאָס געוואָרן.

— כ'ווייס, זיי זענען ביי דיר שוין הייליקע געוואָרן; טראַכסטו דאַריבער ניט פון זייער אָפּשטאַם... וואָס שווייגסטו, בערע?

— איך גלויב דיר אויך ניט...

בערע איז אויפגעשטאַנען, און געקוקט צום דאָרף.

— יאָ, בערע, — האָט יוסף צו אים אַרויפגעקוקט — אַזוי טויג עס ניט. מיר זענען געבליבן אָן אַרבעט. די תבואה וואַקסט אָן אונדזער טרחה. פאַראַיאָרן האָבן מיר געבויט, און הייַנטיקן זומער קוקן מיר ווי אַנדערע בויען. איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, בערע, פאַרוואָס אונדז ביידן איז אומעטיק; ווי זאָגט דיין מאַמע? אַ מענטש קען די נשמה ניט אויסשפּייען... מירביידע האָבן די נשמה אויסגעשפּיגן. איך האָב ליב געהאַט ביילקען, און ניט גע־וואוסט ווי אַזוי צו מאַכן, זי זאָל מיך ליב האָבן; האָט זי דער־פאַר אויסגעקליבן דיין ברודער...

— און איך?

— דו, בערע... דיך וועל איך קליגער ניט מאַכן. די צייט וועט דיך אויסלערנען. די צייט וועט דיך אַנידערשטעלן מיטן פּנים צום לעבן.

— איך שטיי ניט מיטן פּנים צום לעבן?!

— מיינסט, ביסט נאָך אַלץ אין בירגערקריג; יאָגסט נאָך אַ שונא; דאריבער ביסטו אַלעמען חושד. דאריבער האָסטו זיך איינגערעדט, אַז לאַנע וועט נאָך ווען עס איז אַרויסשפּרינגען פון איר הויט, און אַרויסשטעקן דיר און דער רעוואָלוציע אַ לאַנגן צונג... מאַכט ניט אויס וואָס איר טאַטע זיצט אין טורמע. מאַך זיך אַ האַרץ, און לאָמיר היינט ביידע צוג׳איר אַריבערגיין. וועסט זען, לאַנע איז נאָך אַלץ די אייגענע. זי וועט דיך גוט אויפנעמען. בפרט, מען באַדאַרף איר אַרויסהעלפן... ס׳איז לאַנע; אונדזער לאַנע, באָלשעוויק מיינער! אָדער, ווייסטו וואָס? קום, לאָמיר זי גיין אויפזוכן... וואָס ביסטו געפּענטעט? קום, איך ווייס וואו זי איז איצטער.

יוסף האָט אַוועקגעשפּרייזט מיט זיינע שווערע, באָרוועסע טריט מיט דער מעזשע צווישן די ווייצנפעלדער, און געהאַלטן בערען פאַרן האַנט.

בערע האָט זיך געשפּירט ווי אַ באַשטראָפט קינד, געלאָזט יוסף זאָל אים פירן.

* * *

לאַנע, אַן איינגעבויגענע אין דער בראָזנע נעבן אירע שוין אַ ביסל צוגעטריקנטע אוגערקע־בייטן, האָט אַרומגעשאַרט די פלאַנצן, און אַרויסגעריסן ווילדע גראָזן פון דער צעטריקנטער ערד. אין אַן ענגערן קרייז דערביי זענען געזעסן יונגע און עלטערע מאַמעס און אַ פּאָר מיידלעך; ניט אַזוי העלפן לאַנען זענען זיי געקומען, נאָר אַרויסצואווייזן מיטגעפיל און איבערגעבנקייט זענען זיי געקומען.

— מאַמע־ערד און מאַמע־מענטש קערן זיך אָן גאָר נאָנטע, אַז כ׳קוק דיך, לאַנע, איצטער אָן...

אַזוי האָט כאַסיע אָסטראָווער געזאָגט. ביי איר אין האַרצן איז געקוואָלן גאָר די ליבשאַפט צו לאַנען; ווען כאַסיע שעמט זיך ניט, וואָלט זי איצטער לאַנען אַנידערגעלייגט אין בראָזנע און אויסגעקושט אירע אַלע גלידער.

ביי לאַנען האָט כאַסיעס פאַרגלייך, מאַמע־מענטש מיט מאַמע־ערד, אויפגעריזלט דאָס בלוט אַרום האַרצן.

— איר זייט ביי אונדז די אינגסטע, חבר'טע אסטראָוווער; איר זייט די איינציקע, וואָס האָט פאַרשטאַנען וואוהין מיר זענען געקומען — האָט לאַנע גערעדט, מער אין בראַזנע אַריין — זעט, חבר'טע בירמאַן, ווי אייער קינד האָט זיך פאַרפּליאָנטערט צווישן די ווייצן דאַביי... איר זייט דאָך אַ יונגע מאַמע; איך אויף אייער אָרט, ווען איך האָב אַן אמת קינד, וואָלט איך אַזוי געפּילט ווי מאַמע־ערד...

— ווענען, ווי ווענען, דיר האָט שוין טאָקע געפּאַסט צו האָבן אַ פּאָר קינדערלאַך באַ דער זייט — האָט זלמן קאַסאיס שווערע אידענע געזאָגט, און דערביי אַ דראָבנעם לאַך געטאָן — מילא, איך, וואָס האָב איך שוין אָנצואווערן? אַז די זון בלישטשעט, ס'איז וואַרים, איז מיר דאָ אויך ניחא; און אַז דער זומער וועט אַוועק, ס'וועט זיך איבער'חזר'ן דאָס פּאַראַיאָריקע, וועט זיין אָך־און־וויי... מאַמע־ערד וועט טאָקע פון קעלט נישט קראַפּירן; אָבער מאַמע־מענטש, צו אים איז אָך־און־וויי... גוט איז דיר, לאַנע, וואָס דו האָסט נישט קיין קינד; וועט דיר דאָ זיין שלעכט, וועסטו קענען פּטור ווערן פון דער פינסטערער דאָליע!

— דאגה'ט ניט פאַר מיר, חבר'טע קאַסאי, — האָט לאַנע גערעדט, און בשעת מעשה גענומען בירמאַנ'ס קינד אויפן האַנט — מיט קינדער, צי אָן קינדער, מיר איז אַלץ איינס; פונדאַנען וועל איך ניט אַנטלויפן. איך זאָג אייך, איר זאָלט זיך אויף מיר ניט פאַרקוקן; אויף קיינעם זאָלט איר זיך ניט פאַרקוקן, נאָר גוט אין זיך אַליין אַריינקוקן. אַביסל גערענק איך נאָך ווי אַזוי ווייבער האָבן אין אָרימקייט געלעבט דאָרטן אין שטעטל. שלעכט, אַז מען נעמט און מען צעטיילט די צייט אויף זומער און ווינטער; זומער, ווען אין פעלד וואַקסט און דרויסן איז וואַרים, דעריבער איז גוט אויפן האַרצן; און ווינטער, ווען סע שטייען אָן קעלטן, אין שטוב פעלט דאָס ביסל נויטיקע, יעמאָלט איז שלעכט... איצטער איז אַ שווערע צייט פאַר אונדז אַלעמען, כאָטשבע עס איז זומער. ווייל מאַמע־ערד איז אַ האַרטע מאַמע, אויב מען הערט זיך צונ'איר ניט צו. אודאי וועט ווינטער ווידער זיין שלעכט, אויב אַ סך פון אונדז וועלן אַוועק אין שטאָט אַריין. נאָר אויב אַלע וועלן בלייבן וואוינען אין די שטיבער וואָס מען בויט; די קינדער וועט מען ניט אַוועקפירן

צוריק אין שטאָט אריין, וועט איר זען, אַז ווינטערצו וועלן מיר האָבן אַ שול פאַר קינדער; אַ שול פאַר די מאַמעס... מירן אַלע אָנהייבן לערנען ווי אַזוי איבערצובויען אונדזער לעבן. אַ גרויסע צייט איז געקומען פאַר די פרויען אין אונדזער סאָוועטנלאַנד. די פרויען אויף די זאַוואָדן ווייסן וואָס די רעוואָלוציע האָט פאַר זי געטאָן; און מיר דאָ וועלן פון זיי ניט אָפּשטיין. ווער זאָגט נאָך, אויב דאָ וועט טאַקע פון די איינצעלנע באַשאַפן ווערן איין גרויסער קאָלעק־טיוו... ווי אַזוי קענט איר זאָגן, אַז קומענדיקן ווינטער וועט אונדז זיין אַזוי שלעכט ווי פאַראַיאָרן?

— לאַנעס טאַטן האָט מען אַריינגעזעצט אין טורמע, ווילט איר מיר איינרעדן אַז לאַנען איז גוט? מיין מאַן איז דאָך משוגע; אַ קלאָרער מענטש פרייט זיך ניט, ווען די מלבושים ווערן אויף אים צעפאַלן אויף שטיקער!...

מינע בירמאַן האָט עס אָפּגעזאָגט, דערביי אָפּגעקערט אָן אַ זייט איר פּנים, און געווישט די טרערן. איר קינד ביי לאַנען אויפן האַנט האָט אַ ווײַלע נאָכגעקוקט דער מאַמען, און האָט אָנגעהויבן צו וויינען אויפן הויכן קול.

— קום צו מיר — האָט דבורה, כאַסיעס טאָכטער, אויסגע־שטרעקט צום קינד די הענט, — דו האלסט אויך מיט דיין מאַמען?... מענער, זענען מענער; אפשר זענען מענער אַנדערש... דאָס קלאָגט שוין אין קינד די צוקונפטיקע מאַמע... איך וויל אייך ניט ווי טאָן, חבר'טע ברעזער; איך בין דאָ נאָר אַ קורצע צייט; מיין מאַן זאָגט, אַז אים געפעלט דאָ... אויב איך וועל דאָ בלייבן, וועט עס זיין נאָר דערפאַר, ווייל איך האָב ליב דער מאַמען, און קען זי דאָ ניט איבערלאָזן אַליין. אייך, לאַנע, קען איך ניט נעמען פאַר קיין ביישפּיל. וואָרום איך אויף אייער אָרט, ווען מיין טאַטן וואָלט מען אַרעסטירט, וואָלט איך פונדאַנען אַנטלאָפן וואוהין די אויגן וואָלטן מיך געטראָגן.

— סע וועט זיין, טאָכטער מיינע, ווי לאַנע זאָגט; סע ליגט נישט אין אונדזערע הענט. פאַראַיאָרן זענען דאָ געווען אַ הייפעלע מענטשן; היינטיקער זומער, סע צעגייט מיר מיין האַרץ פאַר נחת. וועסט, טאָכטער מיינע, גאָר אינגיכן זאָגן, אַז לאַנע איז גערעכט.

ביי די ווערטער האָט כאַסיע זיך אויפגעהויבן, איז איבערגע־גאַנגען צו מינען, האָט זי אַ קוש געטאָן אין פּנים, און מיט אַ מאַ־מישער צערטלעכקייט גערעדט:

— זעסטו, דיינע טרערן זענען דיין ערגסטער שונא; וועסט מיט דיין וויינען פאַרדאַרבן דיין שיינעם פּנים...

מינע האָט גענומען איר קינד אויפן האַנט, מיט שטילע טריט זיך געלאָזן גיין צום דאָרף.

— מאַמע־ערד, און מאַמע־מענטש... איך זאָל עס גלויבן, אַז דער אידישער מאַמע וועט עס אַזוי שווער אָנקומען! מיין שמערל, ווען ער וואָלט זיך עקש'ענען, ער וויל דוקא זיין אַ מלמד... נו, האָט ער געזאָגט, אַז דאָס איז אויך פון גאָט... ערד, — האָט ער געזאָגט, איז אויך פון גאָט. און איצטער, מע זאָל אים אָפּשיטן מיט גאָלד, וועט ער פונדאַנען נישט אַוועקגיין. הלואי, לאַנע, זאָלן טאַטע דיינע גוטע רייד מקוים ווערן; מע זאָל טאַקע ווינטער האָבן אַ שול פאַר די קינדער, און אַ ווינקל פאַר זיך אַליין. ווי זאָגט בערע? מאָסקווע טראַכט פון אונדז...

— האסט אים, מאַמע, דערמאָנט, גייט ער אַהער!

די ווייבער האָבן אויסגעדרייט די קעפּ, אַ ווייַלע געקוקט אַריבערן פעלד... בערע און יוסף האָבן זיך פונווייטנס באַוויזן.

— איך גיי שוין אַוועק — האָט דבורה זיך אויפגעהויבן און דו, לאַנע, וועסט דאָך נאָך אודאי בלייבן...

דבורה האָט מיט אַ שמייכל אַ ווינק געטאָן צו די ווייבער, גע־געבן צו פאַרשטיין, מען זאָל לאַנען לאָזן אַליין.

לאַנע האָט געשפּירט, אַז די ווייבער גייען אומישנע אַוועק. האָט זיך ניט געמאַכט וויסן; געבליבן אַראָפּגעבויגן אין בראָזנע מיט די אויגן אין ברוינעם שטויב, איר בלוט האָט זיך צוגעהערט צו די פרויען־טריט וואָס האָבן זיך דערווייטערט; און צו די שווערע מענער־טריט, וואָס האָבן אַלץ נענטער אָפּגעהילכט.

ווען די צוויי בחורים זענען שוין געשטאַנען נעבן איר, האָט אין איר איינגעבויגענעם גוף געקוואָלן דאָס געלעכטער; אָבער מיט אַלע כחות האָט זי זיך איינגעהאַלטן ניט צו לאַכן. ווייל יוסף, ווי יוסף; בערען האָט זי דאָ ניט דערוואַרט; האָט זיך ניט געקענט אויסמאָלן

צוליב וואָס ער איז געקומען, און פון וואָס מען וועט דאָ איצטער אָנהייבן צו רעדן.

— די ווייבער האָבן זיך דערשראָקן, און אַוועק! נאָר דו האסט ניט קיין מורא צו זיין מיט מענער אַליין אין פעלד, — און בשעת מעשה האָט יוסף מיט אַ זאַנג געקיצלט לאַנען הינטערן אויער.

לאַנע איז נאָך אַליין געבליבן אַזוי איינגעבויגן, און האָט זיך גע'עסק'ט מיט אַ דינעם אוגערקע־וואָרצל.

— איר שטייט ניט אָן צו קוקן אויף אונדז, קום, יוסף! בערע האָט גענומען פארקערעוועז צוריק.

— ווארט, בערע, אַנטלויף ניט! גוט וואָס די ווייבער זענען אַוועק...

יוסף האָט אַרומגענומען לאַנען אַרום האַלדז, האָט זי אויסגע־צויגן אין דער בראָזנע, אָנגעלייגט זיך אויף איר ברוסט, און גע־קוקט איר גלייך אין די אויגן אַריין;

— מאַכט ניט אויס, ביי דיר אין די אויגן זיצט דער אייגענער רוח ווי ביי איעדער פאַריסענער מיידל!... ווילסט אַ קוק טאָן, בערע?

— כ'וויים עס שוין פון פריער.

לאַנע האָט זיך באַפרייט פון יוספ'ן, געבליבן זיצן אין בראָזנע, מיט איין אָרעם אָנגעשפּאַרט אָן בייט; האָט אַרויפגעקוקט צו בע־רען, און מיט אַ פאַריסענעם שמייכל געפרעגט:

— וואָס, למשל, ווייסטו פון אַפריער, אַז לאַנע איז אַ פרוי? דאָס איז ניט קיין ווילדער חידוש; אודאי איז לאַנע אַ פרוי! און טאָקע ווי כאַסיע אסטראָוועד האָט נאָרוואָס פאַרגליכן מאַמע־ערד מיט מאַמע־מענטש... איך בין מאַמע־מענטש!

— סטאַרע זיך ניט צו זיין קליגער ווי דו ביסט, לאַנע; און ביי כאַסיע אסטראָוועד באַדאַרפסטו קיין חכמה ניט לערנען... בערע און איך, מיר זענען געקומען פרעגן, אפשר דאַרפסטו מען זאָל דיר אַרויסהעלפן.

— אָ, דאָס איז שיין פון אייך! אויב בערע איז צוליב דעם געקומען, וויים לאַנע ווי דאָס אָפּצושאַצן...

לאַנע איז אויפגעשטאַנען, צוגעגאַנגען צו בערען, אים אַרום־

געגומען, און אַ שטאַרקן קוש געטאָן; דאָס אייגענע האָט זי געטאָן מיט יוסף׳ן.

— גוט געטאָן, וואָס איר זייט צו מיר אַרויסגעקומען — האָט לאַנע גערעדט מיט אַ ציטער אין שטים, און דאָס פּנים האָט גע־פלאַמט — מענסט קוקן אויף מיין זייט, בערע; איך באַשולדיק דיך ניט פאַר וואָוע ברעזער, מיין טאַטן. פאַרקערט, איך גלויב, ס׳איז אמת וואָס מען זאָגט אויף דיר...

— וואָס זאָגט מען אויף מיר? — האָט בערע, אַ צעהיצטער, מיט אַ שוויים אויפן שטערן, אָנגעשטעלט די אויגן אויף לאַנען.

— מען זאָגט, אַז דו האָסט מיין טאַטן פאַרטיידיקט; און נאָר צוליב דיר האָט מען אים געגעבן אַזאַ קליינע שטראָף.

— ניט אמת; איך האָב קיינעם ניט פאַרטיידיקט. נאָר, ווען עס וואָלט זיך וועגדן אָן מיר...

בערע האָט ניט פאַרענדיקט די ווערטער; געבליבן שטיין מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

אַ ווײַלע איז אָנגעשטאַנען אַ שטילשווייגן.

יוסף האָט איבערגעריסן די שטילקייט:

— יאָ, לאַנע, — האָט יוסף אַ פאַרזאָרגטער אָנגעהויבן — מיר האָבן גאָר אַ סך פון וואָס צו רעדן, און איך ווייס אַליין ניט פון וואָס פריער אָנצוהייבן... דער אמת איז, וואָס אַלע דריי געהערן מיר צו אַן אַנדער דור, און צו אַן אַנדער צייט ווי. אונדזערע עלטערן. דאָס, וואָס האָט געטראָפן מיט לאַנעס טאַטן, קען טרעפן מיט מיין טאַטן; און אַפילו מיט דיין טאַטן, בערע. מער ניט וואָס די רעוואָלו־ציע, לאָמיר פשוט און פראָסט זאָגן, די מאַכט, איז צו שטרענג מיטן מענטשן; און ווען מיר וויסן נאָך, אַז די מאַכט באַשטייט אויך פון מענטשן, קומט אויס, אַז מענטשן שטיקן מענטשן...

— ניין, יוסף, מיין טאַטן זאָלסטו ניט פאַרענטפערן, פונקט ווי איך פאַרענטפער אים ניט. אַז די מאַכט האָט אים אַריינגעזעצט אין טורמע, וועט פון דעם די וועלט ניט אונטערגיין; ווייל אַ טורמע איז פאַר אים דערווייל דאָס גאַנצע לאַנד. און אַז אין עטלעכע וואָכן אַרום וועט מען אים אַרויסלאָזן, וועט ער דען ניט בלייבן אין טורמע? וואָס וועט פון אים יעמאָלט זיין? אים קומט דאָך אָן אָרט אויף דער

ערד! אויב ער קען זיך ניט צופּאַסן צו דעם וואָס מען וויל, וואָס זאָל ער טאָן? אדרבה, איך פרעג דיר, בערע, וואָס זאָלן טאָן די אַלע, וואָס קענען זיך ניט צופּאַסן צו דער נייער צייט? צאַלקע שטיינבערג באַרימט זיך, אַז ער וועט זיך אָפּטיילן פון זיין טאַטן, ווען ער וועט קומען צוריק פון דער טורמע; נו, וועט דאָס פאַר־ענטפערן זיין טאַטן?...

לאַנע האָט געענדיקט רעדן, און זיך אַנידערגעזעצט. אָן ווער־טער האָבן זיך די צוויי מענער אַראָפּגעלאָזן נעבן איר. געווען שוין אַ שטיק נאָך האַלבן טאָג; אַ טרוקנקייט איז געהאַנגען איבערן סטעפּ. לאַנעס בליקן זענען געפאַלן אויף אַ בערגעלע טרוקענע אוגערקע־בלעטער, וואָס זי האָט אָפּגעריסן פון די אוגערקע־וואָרצלען. זי האָט וועגן דעם געוואָלט עפּעס זאָגן, געוואָלט פאַרגלייכן איר טאַטן, און זיין גלייכן, צו די פאַרטריקענטע בלעטער; אָבער זי האָט זיך איינגעהאַלטן און דאָס ניט געטאָן.

בערע האָט גענומען איר האַנט, באַטראַכט אירע פינגער, און גערעדט ווי צו די פינגער!

— אַלע זייט איר געראָטן איינס אין אַנדערן — האָט ער גע־שמייכלט, בעת ער איז געבליבן מיט לאַנעס מיטלסטן פינגער אין זיין שווערער האַנט, — איר אַלע קרעכצט; מיין מאַמע קרעכצט אויך. ס'איז אמת, פאַר דעם אַלטן דור האָט מען געדאַרפט האָבן אַן אַנדער לאַנד, כאַ־כאַ־כאַ...

— לאָמיר, בערע, די גאַנצע פילאָזאָפיע לאָזן אויף אַן אַנדערש מאָל; איצטער זענען מיר דאָך געקומען צו לאַנען! דו, לאַנע, ביסט דאָך לאַנע; מיט דיר באַדאַרף מען זיך ניט שפּילן אין באַ־העלטעניש. וואָס האָסטו עפּעס פאַר אַן אַרבעט צו טאָן אין פעלד? מען קען ניט לאָזן, דו זאָלסט זיך אַרויסשלאָגן פון די כחות. מיר טוט הנאה, לאַנע, וואָס דו קוקסט ניט אויף בערען ווי אויף דיין שונא; בעט זיך איבער, און זייט שלום צווישן זיך!

— וואָס ביסטו, יוסף, אַ זיידע, צי אַ יונגער בחור? רעדסט, ווי דו קלייבסט זיך שוין אַליין שטאַרבן; כאַ־כאַ־כאַ, — האָט געקלונגען לאַנעס געלעכטער — איך וויל אייך אָנזאָגן אַ נייס: ביילקע קומט אין צוויי וואָכן אַרום...

— זי קומט? ! — איז יוסף אזש אויפגעשפרונגען פון ארט.
— ער קומט אויך מיט איר? — האט בערע געפרעגט.
— זי קומט אליין; ער האט שוין אן אנדערע.
— זי וועט דא בלייבן? — האט יוסף נייגעריק געפרעגט.
— אויב אימעצער פון אייך וועט מיט איר חתונה האבן, כא־כא־כא.
—לאכסט, לאנע; ס'איז א ביטערער געלעכטער... דיין בראטאק, בערע, איז ווערט מען זאל אים אריינפאקן אין טורמע.
— איך פארטיידיק אים ניט; ווען איך האב די מאכט, וואלט איך אים לאנג שוין אריינגעזעצט אויף א פאר יאר, כאטש ער איז מיינער א ברודער.
— דו, בערע, וואלסט אים באשטראפט מסתמא פאר עפעס אנדערש, פאר זיין אויסשלאפן זיך מיט א בורזשויקע...
— רעדסט, לאנע, ניט ווי א פרוי דארף רעדן — האט בערע לאנען א שטאך געטאן.
— א פרוי, צי א מענטש; וואס איך בין, בין איך, קינדער... אלץ האב איך ליב אנצורופן ביים נאמען. יא, חברים, לאמיר קוקן דעם אמת אין די אויגן אריין. דארטן וואו עס הייבט זיך אן דער מאן, דארטן ענדיקט זיך די רעוואלוציע... יא, יא, האב קיין מורא ניט, כ'וועל דער פרוי אויך ניט שאנעווען! דארטן, וואו עס הייבט זיך אן פרוי, דארטן ענדיקט זיך די רעוואלוציע... ווייסט איר פאר־וואס? ווייל דארטן האט אייער רעוואלוציע ניט קיין שליטה; דארטן איז לעבן; און אין לעבן גופא זענען פאראן א סך בלאטיקע, אדער שמוציקע ווינקלען. די רעוואלוציע ווייסט נאך דערוויילע ניט ווי זיי בייצוקומען. איך פארגלייך אייך ניט, חברים, צו נחום'ען. אבער ביילקע איז געווען א נאיווע מיידל, און אפשר נאך מיט א שוואכן כאראקטער, האט זי געוואלט פארזוכן דאס לעבן... אודאי, חברים, איז פאראיאריקער זומער געווען א פריילעכער ביי אונדז!
— מיט וואס איז פאראיארן געווען בעסער? — האט יוסף געפרעגט.
— פאראיארן... פאראיארן זומער האב איך געמיינט, אז איך בין איינגעליבט אין בערע קאוואלסקין; דו, ווידער, ביסט געווען

איינגעליבט אין מיין שוועסטער; און היינטיקן זומער זענען פאַראַן נאָך מיידלעך ביי אונדז, און קיינער, קיינער איז אין קיינעם ניט פאַרליבט, כאַ־כאַ־כאַ...

— הא, רוח דו איינער! — האָט בערע זיך אַ לאָז געטאָן צו לאַנען, האָט זי גרינג ווי אַ פעדרל אויפגעהויבן — פאַראַיאָרן האָסטו ליב געהאַט בערע קאַוואַלסקין... אַ טעות האסטו געמאַכט וואָס דו האָסט ליב געהאַט אַזאַ הארטן מענטשן... הארט ווי שטאָל איז ער דער בערע קאַוואַלסקי! אים, יוסף ראַטנערן, דעם ארץ ישראל׳דיקן, אים האסטו באַדאַרפט ליב האָבן פאַראַיאָרן, וואָלט ער דיך איצטער אויך ליב געהאַט... נאַ, יוסף, נעם זי ביי מיר צו; דיר געהערט זי, ניט צו מיר...

מיט גוטמוטיקן געלעכטער האָט בערע אַריבערדערלאַנגט לאַנען צו יוסף׳ן.

— ניין, בערע, דיך האָט זי ליב...

גוט איז איר געווען, וואָס די בחורים האָבן זיך מיט איר ווי קליינע קינדער פאַרשפּילט, און הין־און־צוריק, איינס צום אַנדערן זי אַריבערדערלאַנגט. אויף אַ רגע איז גאָר די שווערקייט פאַרשוואונדן פון איר געמיט; און יונג, ווי אַ קליין מיידעלע, האָט זי זיך אויף אַ ווײַלע דערשפּירט.

אויף אַ ווײַלע איז אויך בערע באַפרייט געוואָרן פון אַ שווערן שטיין וואָס האָט די לעצטע טעג געפּרעסט זיין האַרץ.

— איך דאַנק אייך אַזוי שטאַרק, וואָס איר ביידע זייט צו מיר געקומען... ווען איר קומט ניט צו מיר, וואָלט איך היינטיקע נאַכט אויך אָפּגעווײַנט אַ גאַנצע נאַכט, ווי איך האָב עס געטאָן נעכטן. כאָטש כ׳האָב ביי קיינעם ניט צו פרעגן, און קיינער קען מיר קיין ענטפער ניט געבן, ווי אַזוי מיין טאַטע און איך וועלן בויען אַ וועלט אינאיינעם... איך בין אויף דיר, בערע, ניט אין כעס. דאָ ליגט מאַמע־ערד גרויס ווי די וועלט, און איך בין ניט מער ווי מאַמע־מענטש — — — האָט, חברים, אויף מיר קיין פאַראיבל ניט...

לאַנע האָט זיך אַראָפּגעלאָזן מיטן פּנים אין בראָזנע, און איר גוף האָט געציטערט מיט דערשטיקטן געוויין.

ביי ביידע מענער האָט זיך דאָס לשון ווי אָפּגעטאָן. שטום

האָבן זיי זיך ביידע אָנגעקוקט, און אומקלאָרע שולד האָט זיי ביידן געשטראָפט. ביידע מענער האָבן אין האַרצן געזוכט אַ וועג, ווי נענטער צוצוקומען צו דער געפּייניקטער פרוי, וועמעס לייב עס האָט זיך געקאָרטשעט אויף דעם טרוקענעם, ברוינעם פּנים פון מאַמע־ערד.

לאַנע איז שנעל געקומען צו זיך; האָט זיך אויפגעזעצט; איר פּנים איז געווען אינגאַנצן אויסגעלאָשן.

פונדעסטוועגן האָט זי אַ בלאַסן שמייכל געטאָן, אַרויפגעקוקט צו די צוויי מענער, און געזאָגט:

— עס וואָלט געווען שלעכט, חברים, ווען מאַמע־ערד וועט דעם מענטשן ניט אויסלערנען ווי אַזוי צו זיין אַ מענטש... איך דאַנק אייך, חברים, וואָס איר זייט איצטער דאָ נעבן מיר...

ביידע מענער האָבן זיך נאָך אַלץ איבערגעקוקט און געשוויגן; ביידע האָבן איצטער קיין ווערטער ניט פאַרמאָגט פאַר לאַנען.

# XLVI

די תבואות אין פעלד האָבן אָפּגעבליט; די זאַנגען האָבן שוין אָנגעהויבן צו שפּירן דאָס לייב פון די קערנדלאַך, זייער אָנקוועלן האָט זיך שוין אָנגעהויבן, און מיט אַמאָל איז אַ טריקעניש געבליבן הענגען איבערן סטעפּ. דער רעגן, וואָס האָט באַדאַרפט קומען איבערן פעלד, האָט פאַרשפּעטיקט. בלויער הימל איבערן סטעפּ; אַ הייסע זון גייט אויף טאָג־נאָך־טאָג און לאָזט איבער נאָך זיך אומרו און פּחד:

— וואָס וועט זיין, ווען טאַקע אונדזער פּראַצע די טריקעניש און די דער אויפפּרעסן?

זלמן קאָסאָי, וואָס איז דעם צווייטן זומער אַנטקעגן געגאַנגען מיט אַ סך בטחון, האָט ממש באַגריפן די טענות פון די יונגע; ער האָט דערשפּירט, אַז דער זאַמד אונטער די באָרוועסע טריט איז הייסער און טרוקענער; ער האָט געקוקט אויף די ווייצענע זאַנגען, און געשפּירט זייער דורשט.

ביי די פּאַראַיאָריקע, ביי די צוביסלעך איינגעוואָרצלטע, האָט די

טריקעניש אויפגעוועקט די דרעמלענדיקע אומרואיקייט. אין דער אייגענער צייט האָט מען אויך געזוכט ווי־עס־איז זיך צו בארואיקן:

— נישטאָ וואָס אַראָפּצופאַלן ביי זיך—האָט נאָטע קרעטשמער, ניט מיט צופיל זיכערקייט, בארואיקט דעם עולם וואָס האָט זיך אין אַ קרייז צונויפגענומען אַרום ברונעם — אויפן ערגסטן פאַל איז פאַראַן אַ מלוכה, וואָס מיט איין האַנט שטראָפט זי, און מיט דער אַנדערער העלפט זי אַרויס. פאַראַיאָרן האָט די מלוכה ביי אונדז צוגענומען אַ ביסל איבעריקע תבואה; און דאָסמאָל וועט זי שוין באַדאַרפן אומקערן כופל־כפלים...

די אומדערפאַרענע האָבן אַרויסגעקוקט צו די אמת'ע פּויערים, צו די פּינטשוקס: וואָס האָבן זיי עפּעס צו דערציילן מכוח אַ טרי־קעניש?

דער אַלטער ירחמיאל פּינטשוק האָט גוט פאַרשטאַנען וואָס אַזאַ טריקעניש מיינט, אויב אין די קומענדיקע צוויי וואָכן וועט קיין רעגן ניט אַרויספאַלן.

— אודאי איז אַ גאָטס רחמנות אויפן פעלד; מיר ברענט ממש מיין לייב, אַז איך קוק ווי אַלץ ווערט אויסגעטריקנט; כאָטש אויף דעם באַדאַרף זיך אַ פּויער שטענדיק ריכטן... פּונקט ווי דאָס פעלד לעבט עס איבער, אַזוי וועט דער מענטש עס אויך איבערלעבן...

דאָס איז געווען ניט זיין אייגענע פילאָזאָפיע; דאָס איז געוועזן די קלוגשאַפט פון ירחמיאל'ס טאַטן. זיין טאַטע האָט אים דערציילט פון די טריקענישן, וואָס זענען אָנגעשטאַנען ווי אַ שטראָף פאַר זינד. ער, ירחמיאל אַליין, געדענקט אויך אַ פּאָר מאָל טריקענישן אויף כער־סאָנער פעלדער, אַלץ איז פאַרברענט געוואָרן, און פונדעסטוועגן:

— איר קוקט מיר אוים ווי צעשראָקענע שאָף — האָט ירחמיאל געערעדט צום עולם — דערוואָקסענע מענטשן דאַרפן זיין שטאַרק ביי זיך. איך קוק אויך צום הימל, האָב שוין באַלד מיינע אויגן אויסגע־קוקט, און קיין סימנים, אַז היינט־מאָרגן וועט עס רעגענען, איז דער־ווייל נישטאָ; דעם בטחון באַדאַרף מען נישט טיעראַיען... איין רגע'לע זאָל אַ גאָס טאָן אין משך פון דער וואָך, איז דאָס פעלד גע־ראַטעוועט...

לוי בירמאַן איז פאַר דער צייט געוואָרן אויסגעטריקנט. אים

האָט ניט נאָר די דאגת־הכלל געקוועטשט; אים האָט זיין מינע מיט הייסע טרערן געבריט די טריט. איצטער האָט ער אַליין אויסגעזען ווי אַן אויסגעטריקנטער וואָרצל. זיין שטוב איז שוין געשטאַנען מיט אַ דאַך און רויטע דאַכעווקעס; טיר און פענצטער האָבן נאָר געפעלט; און ביים זייט פון דער אויסגעוואָקסענער שטוב האָט ער אויסגעזען נאָך קלענער און אויסגעטריקנטער.

— זעט איר, דאָס איז שוין ניט גוט; דאָס איז שוין פּע... דאָס איז מיט דער רעוואָלוציע ניט שייך. ווען ס'וואָלט געווען גענוג וואַסער, און נאָענט צו מיין ווייץ, וואָלט איך עס באַוואַסערט; וואָלט אפשר מיין ווייץ אָפּגעאָטעמט..

ערגער איז געווען מיט די בהמות; דער סטעפּ האָט זיך אָנגע־הויבן איינצוקאָרטשען, אויף אים איז דאָס ווילד־גראָז איינגעשרומפּן געוואָרן. די טריקעניש איז דאַריבער קענטיק געוואָרן אויף דער פעל פון די בהמות; די טריקעניש האָט אַרויסגעקוקט פון די אויגן ביי די קי און אָקסן; די טריקעניש האָט אַראָפּגעגלאַנט פון די שפּיצן הערנער ביי די אָקסן.

לאַנע האָט זיך אַרויסגעשלאָגן פון די כוחות צו דערהאַלטן איר גאָרטן. די אוגערקעס זענען שוין כמעט אינגאַנצן צעברענט געוואָרן; עס האָבן זיך געל צונויפגעדרייט די בלעטער און זיך געקאָרטשעט ביי די וואָרצלען. די בליאַכע אַרום דראָבנע אוגערקעלעך האָבן מיט לײדנ־שאַפט געשאָטן פון זיך דעם געלן בליטן־שטויב... טראָגן וואַסער פון ברונעם — איז קיין תכלית ניט געווען; כסדר אַרומצושאַרן די וואָרצלען, זען, די ערד זאָל דאָס ביסל פייכטקייט ניט אוועקגעבן די ברענעדיקע זונענשטראַלן; אַרומשאַרן, און אַרומשאַרן די פּלאַנצן, דאָס איז אַלץ וואָס לאַנע האָט געקענט טאָן.

אין אַזאַ נאָכמיטאָג, ווען לאַנע איז געזעסן ביי איר גאָרטן, אַן אַריבערגעבויגענע איבער דער בראָזנע, מיט ביידע הענט אין צעוואַ־רימטן און טרוקענעם לייב פון מאַמע־ערד, איז פּלוצלונג אַנטקעגן לאַנען אויסגעוואַקסן בעניע פּינטשוק. ער איז אָנגעקומען אַנטקעגן לאַנען, און מיט אַ ברייטן שמייכל אַראָפּגעקוקט צו אירע הענט. זיין פּנים איז געווען ברוין ווי די ערד; געדיכטע, שוואַרצע האָר האָבן זיך געקלעפּט אַרום זיין גאָמבע; און אַזעלכע שוואַרצע האָר האָבן

פון הינטער זיין גרוי־פארשטויבטן היטל ארויסגעקוקט און זיך גע־קלעפּט צו זיין שטערן.

דאָס איז ניט געווען צום ערשטן מאָל וואָס בעניע פּינטשוק קומט צו פאַרפירן אַ שמועס מיט לאַנען. זינט די געבליבענע שטיינבערגס האָבן ארויסגעצויגן צו זיך אין דער נייער שטוב אריין, און לאַנע איז געבליבן אַליין מיטן זיידן — האָט בעניע זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן פארן שטוב. אַ פּאָר מאָל איז ער אריין אין שטאל אריין און דאָרטן געבראַכט אָרדענונג; האָט די אומנויטיקע מיסט ארויסגע־נומען פון אונטער די בהמות און ארויסגעוואָרפן הינטערן שטאַל. לאַנע האָט עס אָנגענומען פאַר נאַטירלעך; זיין ארויסהעלפן איר איז ניט געווען פאַרבונדן מיט הוילער גוטסקייט; עס איז גיכער געווען די פליכט, וואָס אַ געזונטער און שטאַרקער מענטש פילט, בעת ער באַגעגנט זיך מיט דעם שוואַכערן, וואָס שלאָגט זיך ארויס פון די כוחות ביי אַן ארבעט, וואָס איז איבער די כוחות.

איצטער איז בעניע געקומען בלויז זען, צי לאַנע טוט גוט, און צי איר מי וועט זיין באַלוינט. אגב, וואָלט ניט שאָדטן אַ ביסל ארומרעדן די לעצטע געשעענישן אין דאָרף.

— קוקסט, ווי איך מאַך זיך נאַריש, האַ? וואָס מיינסטו, די טריקעניש איז ניט שטאַרקער פון דער נאַרישער לאַנען?

לאַנע האָט גערעדט, מיט די אויגן אין דער ארבעט, און מיט די הענט אין ברוינעם שטויב. זי האָט געפילט, ווי זיינע בליקן גייען אום ארום אירע הענט.

— ס'איז ניט נאַריש, חבר'טע ברעזער; סע באַווייזט, אַז דו האָסט זיך צוגעבונדן צו דער ערד... מיר איז דאָס טאַקע אַ גרויסער חידוש, ווי דאָס קומט צו אַ שטאָטיש מיידל. איך קוק ווי דו קאַפּאַ־שעסט זיך כסדר ביי דער ערד. אָט אזוי באַדאַרף עס זיין. די ערד, ווי אַ לעבעדיקע באַשעפעניש, ווי אַ קו, צי ווי אַ פערד, האָט ליב מען זאָל זי כסדר אָנרירן, און ניט לאָזן שלאָפן.

— וואָס זאָגסטו, בעניע, אויף דער טריקעניש?

— די טריקעניש וואָלט ניט געווען אזוי פּאַסקודנע, ווען די מענטשן זענען אַ ביסל שטאַרקערע... איך האָב מורא צו זאָגן אינ־

דערהויך; ס'איז אַ זינד צו זאָגן... איך מיין, אַז אידן ווייזן זיך אַרויס צו זיין גאָר פּאַסקודנע; האָב זיי גאָרניט געקענט אַזויפיל.

לאַנע האָט אַ לאַך געטאָן.

— לאַכסט פון מיינע רייד... מיינסט, איך בין אַ האַרטער מענטש; ניין, דאָס בין איך ניט. דאָס זענען ניט די פינטשוקס; כאָטש מיר זענען אַלע אין דיינע אויגן אַ ביסל אומגעלומפּערט. אַ פּויער איז ניט האַרט; אַ פּויער איז געזונט און וואַרים. אַ פּויער איז ווי אַ בוים; אָבער ניט ווי אייזן, אָדער שטיין...

לאַנע האָט ווידער אַ לאַך געטאָן; זי האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט זיין לעצטן פאַרגלייך איז בעניע עפּעס אויסן.

— רעכנסט, בערע קאַוואַלסקי איז אַ האַרטער מענטש?

— איך מיין ניט אים; אויב ער געפעלט מיר ניט, איז עס צוליב גאָר עפּעס אַנדערש. ער איז דאָ אויפן ערד־חלק ניט קיין פּויער; ער איז אַ שמיד, ניט קיין פּויער. און דאָס טויג ניט. ער זאָגט דעות דאָ ווי אַ שמיד, און ניט ווי אַ פּויער.

— וואָס איז דער חילוק, בעניע?

— אַ גרויסער חילוק: אַ פּויער האָט געדולד; אַ שמיד — ניט. איך זע, סע האָט זיך אָנגערוקט אַ טריקעניש... די טריקעניש האָט זיך אַריינגעכאַפּט צו די מענטשן אין די הערצער אַריין, פּונקט ווי אין ברונעם וואָלט ניט געווען קיין וואַסער צו טרינקען... באַדאַרפן האָבן געדולד; איך דערקען, אַז אין אַ וואָך אַרום וועט עס רעגענען. ער איז אָבער אומגעדולדיק געוואָרן ווי אַ שלעכטער בעל עגלה, וואָס שמייסט די פערד, ווען מען באַדאַרף זיי גאָר אויסשפּאַנען, געבן אַ טרונק, און אונטערהענגען די טאָרבע מיט פּאַשע. ער געהער ניט צום דאָרף...

לאַנע האָט זיך אויסגעגלייכט; זי האָט אַרויפגעקוקט צו דעם יונגן פּויער, וואָס האָט די ערשטע עטלעכע וואָכן גאָר געשוויגן, און וואָס איצטער איז ער מיט אַמאָל געוואָרן רעדעוודיק; זאָגט אַרויס אַזאַ שאַרפן אמת!

— מיינסט עס, בעניע?

— איך קלער געגנוג איבער, איידער איך זאָג אַרויס אויף אימעצן אַ שלעכט וואָרט.

— דאָס איז ניט קיין שלעכט וואָרט, בעניע; ער איז אַן אמת'ער רעוואָלוציאָנער; און אמת'ע רעוואָלוציאָנערן געפינען זיך אין די שטעט, ארום די זאַוואָדן. דאָ, אין פעלד, איז פאר זיי דער־ווייל קיין אָרט ניטאָ.

— וואָס פאר אַ רעוואָלוציאָנער איז ער?

לאָנען האָט עס שטארק געחידושט; זי האָט ניט געהאט קיין ווערטער אים אָפּצואוועגדן. זי האָט געוואָלט, ער זאָל נאָך רעדן, ער זאָל זיך אויסרעדן וואָס ער האָט אויפן הארצן, איר פאר'חידוש'טער פנים האָט אים אראָפּגעשלאָגן פון פריערדיקן מוט. ער האָט אראָפּ־געלאָזן די אויגן, און מער ניט גערעדט.

— פארוואָס ביסטו אנטשוויגן געוואָרן, בעניע? איך וויל זייער הערן וואָס דו האָסט צו זאָגן... אַלץ, וואָס דו האסט מיר איצטער ארויסגעזאָגט, איז זייער טשיקאַווע צו הערן. פארוואָס קלערסטו, אז בערע קאוואלסקי איז ניט קיין רעוואָלוציאָנער? ער איז דאָך געוועזן אין בירגערקריג; האָט זיך אויסגעצייכנט ווי איינער פון די בעסטע; און איצטער, ער האָט אוועקגעוואָרפן דאָס שטעטל און געקומען אהער צו דער ערד!

— דאָס, וואָס געוועזן, איז געוועזן. די פּאָגראָמטשיקעס האָט מען אויסגעראָטן; די פּריצים, אָפּגעראַמט! די בורזשועס, די קאפּיטאַליסטן, געוויזן דעם וועג... דאָס איז שוין נאָך אַלעמען. איצטער איז געבליבן פאר די, וואָס האָבן עס אָפּגעטאָן, צו בויען אַ גוטע וועלט. דאָס מיינט: צו ווערן מענטשן פראַצעוואטע... און אז אַ מענטש איז אַן האָרעפּאַשניק, קומט אים אַ קוקאַרדע דערפאר אויפן היטל? ווערט ער דערפאר אַ רעוואָלוציאָנער? ער רעדט פון קאָלעקטיוון; נאָר קאָלעקטיוון... די צייט וועט קומען, וועט'ן מאַכן קאָלעקטיוון! די צייט וועט קומען, מען וועט דערשמעקן, אז איינ־איינעם איז בעסער, אינאיינעם איז גרינגער; אינאיינעם שטעקט מזל און ברכה, וועט מען עס טאָן! דאָס איז ניט קיין רעוואָלוציע... אַ מענטש זאָל ווערן אַ בעסערער מענטש; אַ מענטש זאָל ווערן אַ פארגינער און לאָזן דעם אנדערן אויך לעבן; אזא מענטש, איז אַ מענטש. וואָס קומט אים דערפאר?!

לאָנע איז אויפגעשטאנען, האָט באהאלטן אויפהינטן די פאר־

שטויבטע הענט, און מיט אַ גוטן שמייכל אים אַריינגעקוקט גלייך אין די אויגן אַריין. זי האָט געזוכט אין בעניעס אויגן דאָס שלעכטע פֿייערל, וואָס ברענט מיט ליבע און אייפֿערזוכט... ווייל ער, בעניע, ווייס, ווי אַלע אַנדערע אין דאָרף ווייסן, אַז צווישן בערען און איר איז דער וועג ניט אַזאַ גלאַטיקער. ס'האָט דאָך שוין צאַלקע שטיינבערג, איידער ער האָט אַרויסגעצויגן פֿון איר שטוב, פֿאַרגעלייגט, אַז ער און זי זאָלן בעטן אַ שטיקל ערד באַזונדער... יעמאָלט האָט זי נאָך געהאַט דעם מוט צו זאָגן, אַז פֿאַר אַ קאָפּיקע ליבע זאָל אַ מענטש ניט באַגראָבן דעם קאָפּ אין שטויב... ניין, ביי בעניען אין די אויגן, אין זיין גאַנצן פּנים איז איצטער ניט געווען קיין סימן פֿון יענעם אויסדרוק, ווען אַ מענטש ווערט אויסגעוועפּט, און פֿון יענעם אויסגעלאַכט.

— עס איז מיר אַ גרויסער חידוש, דו זאָלסט עס זאָגן! — האָט לאַנע גאָר נאָנט צו אים גערעדט.

— פֿאַרוואָס איז עס אַ חידוש, ווייל איך רעד נאַרישקייט?

— ניין, דאָס איז ניט קיין נאַרישקייט; ס'איז אַזוי אומגערעכט... איך קלער, ביז מענטשן וועלן אַליין אָנהייבן צו פֿאַרשטיין ווי דו פֿאַרשטייסט עס, וועט נאָך אויסקומען צו וואַרטן. מיט גוטן וועט מען עס ביי קיינעם ניט אויספֿירן.

— באַ דיר וועט מען עס אויך ניט אויספֿירן מיט גוטן?

לאַנע האָט אים אָנגעקוקט פֿאַרוואונדערט; האָט נאָך אַליץ ניט געוואוסט ווי אַזוי צו פֿאַרשטיין זיינע רייד. זי איז צוגעגאַנגען צו אים אַזוי נאָנט, זי האָט כמעט געשפּירט זיין אָטעם, און דעם שווייסיקן ריח וואָס האָט געצויגן פֿון אים.

— ווי מיינסטו, בעניע, דאָס וואָס די מאַכט האָט אַרעסטירט מיין טאַטן... ווי מיינסטו?

לאַנעס שטים האָט געציטערט; אין די אויערן האָט ביי איר אָפּגעקלונגען דאָס שטאַרקע האַמערן פֿון איר אייגן האַרץ. זי האָט אים נאָך אַמאָל געפֿרעגט:

— ווי מיינסטו, בעניע, האָט מען גוט געטאָן מיט דעם?...

— דאָס איז פֿאַר מיר אַ פֿינסטערער ענין.

— דו וואָלסט אים געלאָזן האַנדלען?

— צוליב וואָס פרעגסטו עס?

בעניע האָט באַטראַכט פון נאָענט לאַנעס שמאָלגעוואָרענעם פּנים, וואָס די זון קען זיך ניט קיין עצה געבן מיט דער בלאַסקייט אין דער הויט; ער האָט נאָך קיינמאָל אַזוי נאָענט ניט אַריינגעקוקט לאַנען אין פּנים אַריין; קלענער ווי שטענדיק האָט זי אים אויסגעזען. דורכ׳ן דין קליידל און בלוזקע האָט זיך אָפּגעצייכנט איר שמאָלער גוף; נאָר די אויגן אירע — שוואַרצע, ברייט־געעפנטע אויגן — האָבן אים אַדורכגעבויערט און געגליט. עס האָט אים אָנגעהויבן שטיקן אַרום האַלדז. ער האָט אַליין ניט געוואוסט, צי זאָל ער מיט אַ געפיל פון רחמנות אָנהייבן צו איר רעדן... צי זאָל ער נעמען און זאָגן, אַז פאַר אַזעלכע אויגן האָט ער פּשוט מורא...

— אין אמת׳ן בין איך דיר געקומען זאָגן, דו זאָלסט זיך ניט שרעקן פאַר דער טריקעניש...

בעניע האָט געשטאַמלט, און שווערע, פערלדיקע שווייסטראָפּנס האָבן זיך אויסגעזעצט אויף זיין שטערן, און נאָך מער צוגעקלעפּט זיינע שוואַרצע האָר צום שטערן.

— איך וויל דיר זאָגן, לאַנע, — האָט ער אַראָפּגעשלונגען אַ קנופּ, וואָס איז אים אין האַלדז געשטאַנען — אַז די מענטשן זעען נאָך ערגער אויס ווי דער פאַרטריקנטער סטעפּ. זעסט, אַז מען רייסט אַרויס אַ וואָרצל, איז אונטער אים פייכט; ער פּאַטשאַפּעט נאָך פייכטקייט אָטאָ־דער וואָרצל... וואָס לענגער דער וואָרצל, זעסט, אַלץ גרינער איז דאָס בלעטל אויבן... די מענטשן דאָ, צו אַלדי גוטע יאָר, גאָר אָן וואָרצלען דרייען זיי זיך אַרום; ווי אין גאָלער טריקעניש זענען זיי אויסגעוואַקסן! אַז עס וועט אַ פּליוכע טאָן אַ רעגן, וועסטו זאָגן, בעניע איז געווען גערעכט.

לאַנען איז אַריין אין זינען אַ גאָר אויסטערלישע זאַך אים צו זאָגן; כאָטש איר איז איינגעפאַלן דאָס האַרץ פאַרן געדאַנק; אָבער זי האָט שוין ניט געקענט העלפן:

— ווייסט, בעניע, איך טראַכט, אַז שוין צופיל קלערט מען ביי אונדז פון די פעלדער, און מען פאַרגעסט גאָר אינגאַנצן אַליין אָן זיך. קוקסט מיך אָן, ווי איך בין פאַרשטויבט... ביסט דאָך אַ שטאַרקער, בעניע; היינט ביינאַכט וועסטו מיר העלפן אַרויסברענגען

אהער עטלעכע עמער וואַסער, און מיר וועלן באַגיסן מיין גאָרטן... איך קען ניט צוזען ווי עס ווערט איינגעטריקנט.

— דאָס איז אַ קלייניקייט; האָב עס דיר אַליין געוואָלט פֿאָר־שלאָגן.

— איך מיין נאָך עפּעס דיר צו זאָגן: מען זאָל אַרויס־ברענגען גענוג וואַסער; דו וועסט דאָס וואַסער גיסן אויף מיר, און איך וועל זיך אַרומוואַשן... וועסט פֿון אַן עמער וואַסער אויף מיר גיסן, און פֿון מיר וועט זיך דאָס וואַסער אַראָפּגיסן אויפֿן בייט... קיין אַנדערן וויל איך דאָס ניט בעטן...

בעניען האָט אַ זעץ געטאָן די היץ אין קאָפּ אַריין — אַזש דער קאָפּ האָט זיך אים גענומען דרייען, און אויף אַ ווײַלע האָט לאַנעס געזיכט געשווינדלט פֿאַר זיינע אויגן. ער האָט געוואָלט אויפֿכאַפּן דעם אויסדרוק אין לאַנעס פּנים, און ער האָט געפֿילט, אַז זיין פּנים מוז איצטער אויסזען נאַריש און אַנגעצונדן, בשעת איר פּנים איז רואיק ווי געווען. איר פּנים, קינדיש־גוט און קינדיש־ערלעך.

לאַנע האָט דערקענט יעניעס צעטומלטקייט; אָבער צוריק נע־מען דאָס, וואָס זי האָט אַרויסגעזאָגט, האָט זי איצטער ניט געקענט. האָט זי געפּרואווט גיין נאָך ווייטער:

— פֿאַרוואָס האָסטו זיך פֿאַרשעמט, בעניע? איך בין אַזוי טרוקן ווי דאָס פֿעלד, ווי מיין גאָרטן! מיין גאַנצער קערפּער לעכצט נאָך אַ ביסל וואַסער. וואָלט מיין שוועסטער איצטער געווען מיט מיר, האָבן מיר עס געקענט טאָן איינס דער אַנדערער. האָט מיין שוועסטער גענומען און מיך אַוועקגעוואָרפֿן... האָב איך קיין אַנדערן ניט צו בעטן. יאָ, בעניע?... — און זי האָט גענומען זיין האַנט — דו ביסט אַזאַ רואיקער, אַזאַ גוטער... היינט ביינאַכט וועל איך נעמען מיינע עמער, פֿולע מיט וואַסער, און דו וועסט אַרויסקומען מיט דיינע פֿולע עמער!

— איך קען מיטן פֿעסל עס טאָן; וועל איינשפּאַנען די פֿערד, אָנגיסן אַ פֿול פֿעסל וואַסער... אַ פֿופֿצן עמער וואַסער גייען אַריין אין אונדזער פֿעסל; און אַרויספֿאָרן אַהער צום גאָרטן!

— זאָגסט מיר צו?

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ — האָט זיך בעניע פּלוצלונג קינדיש צע־לאַכט — האָסט דאָך ניט געמיינט דאָס, וואָס דו האָסט נאַרוואָס גע־זאָגט...

—איך האָב געמיינט, בעניע... ביידע וועלן מיר זיך ארומגיסן מיט וואסער, ביידע זענען מיר אויסגעטריקנט.

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ — האָט בעניע ווידער געלאַכט, און האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך.

— יאָ, בעניע, דאָס וואָס איך האָב פון דיר היינט געהערט, וועל איך שטענדיק געדענקען. אודאי, צו זיין אַ גוטער מענטש, באַדאַרף מען ניט זיין קיין רעוואָלוציאָנער. איך וועל זיין אַזוי גוט ווי דו. איך וויל זיך לערנען פון דיר, בעניע.

לאַנעס פּנים איז ווידער געוואָרן שמאָל און ערנסט. שנעל און מיט אויפרעגונג האָט זי איצטער גערעדט:

— איך וועל זיך מער ניט עסק׳ן מיטן גאָרטן... בעסער, מיט אַ גאַנץ פּעסל וואסער אַהער ארויסקומען... הויב מיך אויף, בעניע; איך בין עפּעס אַ שווערע?...

לאַנע האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין זיינע אָרעמס.

בעניע האָט זי גענומען אויפן האנט, און אָנגעהויבן מיט איר צו שפּרייזן.

— וואוהין טראָגסטו מיך? טראָג מיך ניט צום דאָרף, מענטשן וועלן דאָך לאַכן פון אונדז ביידן!... אוי, עס וואָלט געוועזן גוט, ווען דו קענסט מיך אַזוי ברענגען צו טראָגן אין דאָרף, און איך זאָל קענען אָנזאָגן, אַז די טריקעניש איז אַריבער...

בעניע איז געבליבן שטיין, האָט לאַנען אַראָפּגעלאָזן. ער האָט געקוקט אין איר פּנים, אין אירע אויגן, און דערקענט, אַז ווי אַ טרוקן פעלד, וואָס וואָלט האָבן אויף דעם אויסגעלערט זייערע רעגנס, אַזוי איז איצטער איר פּנים. איר פּנים איז ברייטער געוואָרן, און די בלאַסקייט איז פון דעם אָפּגעטראָטן.

— גוט, לאַנע; היינט ביינאַכט וועל איך אַהער ארויסקומען, אַזוי ווי דו האָסט מיר געבעטן...

לאַנגע האָט אים אָנגעקוקט, און מיט בײדע הענט האָט זי פאַר־דעקט איר ברוסט, ער זאָל ניט זען, װי איר האַרץ װיל צום דרױסן אַרױסשפּרינגען...

# XLVII

— זעט, זעט, װי די ערד טאַנצט אונטער אַנטקעגן דעם רעגן; אַלע גרעזעלעך האָבן די מײַלער געעפנט און טרינקען גאָטס ברכה!

אַזױ האָט כאַסיע אָסטראָװער אונטערגעטענצלט, בשעת דער גלײַכער און קילבלעכער רעגן האָט אַ גאָס געטאָן פון די נידעריק־אַרונטערגעהאַנגענע װאָלקנס.

— דען צום בױם אין פעלד איז דער מענטש געגליכנט — האָט שטיל און פרום, קײנער זאָל ניט הערן, פאַרטײַטשט כאַסיעס מאַן — אָט װי דער בױם, אַז מען שנײַדט זײַנע קראַנקע צװײַגן, טוט דעם בױם װײ, אָבער עס איז פאַר זײַן געזונטװעגן, אַזױ איז דאָס מיט דעם מענטשן...

מיט דעם האָט שמערל אױסן געװען עפּעס אַנדערש: געמײנט האָט ער די עטלעכע איבערװאַנדערער, װאָס מען האָט פאַר׳משפּט פאַר האַנדלען, און פאַרזעצט אין טורמע. דער פרומער אָסטראָװער איז ניט געװען דער אײנציקער; נאָך דעם װי עס האָט אַ גאָס גע־טאָן אַ רעגן, און אָפּגעראַטעװעט די פעלדער; נאָך דעם װי די קער־נער אין די זאַנגען האָבן זיך אָנגעגאָסן, און עס איז שױן געװען אַ בפירוש׳ער אָנגזאַג אױף אַ געזונטער געראָטעניש — האָבן אפילו די שװײַגער מצדיק געװען די שװערע שטראָף, װאָס זײַטשיק, די שטײנבערגס און װאָװע ברעזער האָבן געקראָגן פאַרן האַנדל.

און טאַקע װי אַ בױם אין פעלד איז דער מענטש... נאָכן אױס־געבענקטן רעגן איז ניט נאָר יעדער יונגער, און שױן פאַר׳חלש׳טער געװיקס, אױפגעקומען צום לעבן, געװאָקסן העכער און זיך אױפסנײַ געצױגן צו דער זון — די מענטשװעלט, װאָס איז מיט דער טרי־קעניש אײַנגעשרומפּן געװאָרן, און אָנגעװאָרן אַ װײַלע דעם שװאַכן קשר מיט דער ערד —איז אױך אױפגעריכט געװאָרן. די פרײד

האָט אַרויסגעשיינט כמעט פון אַלעמענס אויגן. מונטערער האָט געקלונגען די שפּראַך פון די איבערגעשראָקענע.

פונדעסטוועגן, די וואָס האָבן געטראָטן די ערד מיט פעסטערע טריט, און האָבן מיט די בליקן זיך געוואָלט אָנבינדן אָן אַ בעסערער צוקונפט, דוקא די זענען אָנגעלאָדן געוואָרן מיט שטילשווייגן.

בערע קאָוואַלסקי, זינט געוויסע איבערוואַנדערער האָבן אויף אים אָנגעהויבן קוקן מיט פאַרבאָרגענעם פּחד, צומאָל מיט האַס — האָט ער גערנער געקוקט צו דער ערד... שווער איז אים געוואָרן צו קוקן מענטשן גלייך אין די אויגן אַריין. ווען לאַנע איז אים געקומען אויפן רעיון, יעמאָלט האָט ער אָנגעוואָרן זיין גלייכגעוויכט; האָט ער גערנער געקוקט צו דער ערד, ווי צום מענטשן: „שווער צו בויען די וועלט מיט דידאָזיקע לייט, וואָס ווילן אויפסניי זיך אָנ־זעצן אויפן האָרעפּאַשניק...“ האָט בערע כסדר צו זיך אַריינגעע־טענה׳ט, כאָטש אין הארצן האָט ער לאַנען בשום אופן ניט געוואָלט פאַר׳משפּט׳ן אינאיינעם מיט איר טאַטן; כאָטש ער האָט גוט באַ־מערקט וואָס לאַנע האָט פאַר איין יאָר מקריב געווען, פונדעסטוועגן, זינט מען האָט איר טאַטן פאַר׳משפט אויף אַ חודש תפיסה — קען ער מיטן רעיון זי ניט אָפּטיילן פון איר טאַטן. ער אַליין באַגרייפט אפילו, אַז עס וואָלט באמת שוין געווען צופיל צו פאָדערן פון איר, זי זאָל זיך אָפּטיילן פון איר טאַטנס שטוב. אָפּנהאַרציק איז ער דאָך צו איר נאָך קיינמאָל ניט צוגעגאַנגען; ער האָט מורא געהאַט צו עפענען זיין האַרץ פאַר אַ מיידל וואָס האָט איר בורזשואַזן אָפּשטאַם, דעם ברעזער אָפּשטאַם, מיט זיך מיטגעבראַכט, איך וויל זיך פון אים ניט שיידן.

עס טרעפט אַ רגע, ווען בערע וואָלט וועלן באַגעגענען לאַנען ערגעץ אָן אַ זייט, האָבן מיט איר אַ נאָענטן און ערנסטן שמועס, אויפ־ווייזן איר די גערעכטיקייט פון דער רעוואָלוציע, אויב זי האָט אַפילו ניט קיין רחמנות אויף אַזעלכע ווי איר טאַטע. כאָטש ער ווייסט, אַז לאַנע וועט אים פּילדייטיק אָנקוקן און שמייכלען; זי קען נעמען און אַ זאָג טאָן: „ווער האָט עס דיך אָנגעשטעלט פאַר אַ שומר ביי דער רעוואָלוציע? אַז איך וועל וועלן זוכן חטאים אויף דיר און דייניקע, וועל איך אויך געפינען...“

צו דעם אַלעמען איז צוגעקומען נאָך אַ סיבה, פאַרוואָס בערע האָט זיך באַגראָבן אין זיין אייגענעם שווייגן: אַ בריוול האָט ער דערהאַלטן פון נחום׳ען, פון אָט דעם, לויט בערעס מיינונג „פאַסקוד־נעם ברודערל, וואָס איז געקראָכן צו לאַנעס אינגערער שוועסטער ביילקען, און זי פאַרפירט...״ פון אים האָט ער דערהאַלטן אַ בריוול פון מאָסקווע, וואו נחום גאָר, זאָגט בערען מוסר — הלמאי ער האָט גענומען און זיך לעבעדיקערהייט באַגראָבן אין קרימער סטעפ, באשר ער וויל בויען קאָלעקטיוון מיט די אידישע קרעמער. „מאַכט ניט אויס, וואָס דו האַלסט מיך פאַר אַ אינגל; זאָג איך דיר: אויף אַ מעטאַל־זאַוואָד איז דיין אָרט; דאָ בויעט דער אַרבעטער אַ קאָמו־ניסטישע וועלט; דאָ איז לעבן; און דאָרטן, אין קרים, וועסטו ליגן אין דרערד. דעם טאַטן היים אויך אַרוים פון דאָרטן; ער איז אַ שמיד פונדערהיים, דאָ וועט ער אויך פאַרשטיין ווי צו האַלטן דעם האַמער...״

ווען בערע טראַכט זיך אַריין אין די דאָזיקע ווערטער, פילט ער צומאָל, אַז ניט זיין ברודער, וואָס האָט אים, בערען, פאַרשוואַרצט דאָס פּנים, שרייבט עס צו אים. בערען דוכט זיך אויס, גלייך ווי דער מעטאַל־זאַוואָד אַליין שרייט אַריבער צו אים, פאָדערט אים אויף, ער זאָל פאַרוואַרפן דעם סערפּ, און גיין צוריק צום האַמער... אַז בערע טראַכט פון דעם, ווערט אים היים אַרום הארצן, און אַ פרעסטל קילט אים זיין פּלייצע. „מיט וועמען, מיט וועמען קען איך וועגן דעם רעדן? — פרעגט ער זיך אַליין — פאַר וועמען קען איך דאָ מיין הארץ אויסרעדן, מען זאָל מיך פאַרשטיין?״

אודאי האָט ער ניט פאַר וועמען אויפצודעקן זיין הארץ. „יוסף ראַטנער — טראַכט בערע — וועט זיך כאַפּן פאַר די זייטן און לאַכן, און אַ זינג טאָן זיין אַלט לידעלע: אָן אַ נאַציאָנאַלן געפיל קען מען ניט אויפבויען קיין אידישע רעפובליק... נו, גיי, פאַרלייג דעם קאָפּ, העלף בויען אַ אידישע רעפובליק, וואו אידעלאך זאָלן האָבן אַ גרויסן מאַרק, וואו די זייטשיקס און די שטיינבערגס, און די ברעזערס זאָלן קענען האַדלען, טפוי, זאָלן זיי ווערן!״

פונדעסטוועגן, אַז דער רעגן האָט אַ גאָס געטאָן, און דאָס פאַר־חלש׳טע פעלד האָט ווידער אויפגעבליט, מען האָט שוין אָנגעהויבן

ארויסצוזען די גערעטעניש און נאָנטן שניט — האָט עס בערען אויך אָנגעגאָסן מיט זומערדיקער, זוניקער בענקשאַפט, און מיט פאַרלאַנ־גען, וואָס זענען געלעגן אין פאַרנאַכטיקער זיסער מידקייט און ביי־נאַכטיקער טוי־קילקייט.

בערע האָט זיך אָנגענומען מיט כוח, גערעכנט גאָר פשוט און פּראָסט, אַוועק צו די ברעזער, איבערערדן מיט לאַנען מכוח דעם אופן, ווי מען וועט היי־יאָר דרעשן די תבואה; און אפשר מכוח דעם בריוו וואָס ער האָט דערהאַלטן פון נחום׳ען.

געווען ארום האַלבן טאָג. געטראַכט האָט בערע צו געפינען לאַנען אין שטוב, האָט ער גאָר דעם אַלטן יאַשען געטראָפן אין שטוב; ער איז געזעסן ביים אָפענעם פענסטער און געזאָגט תהילים. קיין עולה ניט מיטן אַלטן פאַרוואַרפן א פאָר ווערטער" — האָט בערע א טראַכט געטאָן.

— פאַרוואָס, זיידע, גייט איר ניט ארויס א ביסל אין פעלד? א גרויסע גערעטעניש אויף די פעלדער!

דער אַלטער האָט מיט חידוש באַטראַכט בערען; עס האָט זיך אים גאָר ניט געגלויבט, אז בערע זאָל אריינקומען. ער האָט אויס־גערעכנט, אז מסתמא איז דער „עלטסטער" געקומען אָנזאָגן א בשורה; אפשר גאָר א שלעכטע בשורה.

— וואָס הערט מען עפּעס פון דאָרטן, וועט׳ן אפשר מיין זון באַלד ארויסלאָזן פון תפיסה?

— אין א פאָר וואָכן ארום וועט מען אים אודאי ארויסלאָזן, אויב ער וועט זיך גוט אויפפירן...

— צי מען ווייסט ביי היינטיקע צייטן ווי אזוי זיך אויפצופירן; געהערט, אין שטאָט לאָזט מען אפילו קיין תהילים אויך ניט זאָגן...

בערען איז געוואָרן קאַלעמוטנע מיטן אַלטן; ער האָט מיט אים געוואָלט פאַרפירן א שמועס וועגן פעלד, און ער גאָר...

— איר, זיידע, האַלט דאָך אודאי מיט אייער אייניקל, מיט לאַנען; זי זאָגט דאָך אויך, אז אידן באַדאַרפן פאָלגן דער מאַכט... מען האָט גענומען און אידן אָפּגעגעבן אַזויפיל ערד, כדי זיי זאָלן ווערן נוצלעכע מענטשן ביי דער ערד; ווילן זיי מאַכן א מאַרק פון

דעם אַלעמען. די סאָוועטנמאַכט וויל ניט, אידן זאָלן פון דעם מאַכן אַ מארק...

— וואָס וועט זיין דער תכלית פון דער אינגערער, פון בייל־קען? זאָל ער זי גט'ן, אויב ער וויל מיט איר נישט לעבן.

— איך האַלט ניט פון מיין ברודער; קען איך אייך דאריבער גאָרניט ענטפערן.

— איך פאַרלאָז מיר אויף דעם, וואָס אין הימל; ער וועט מסתמא רחמנות האָבן; מע וועט זיך ארומזען, אַז מיין וואָווע איז אומשולדיק...

בערע איז נאָך געבליבן צו באַטראַכטן אביסל די ווענט און דעם ערדענעם דיל, איידער ער גייט ארויס. געווען אים אַ חידוש, ווי זויבער עס איז אין שטוב. אַ פוקסל־וואַזאָן האָט געבליט אויפן פענצטער מיט ארויפגעהאַנגענע, רויטע גלעקלעך. אים איז אַ ווארימע בייסעניש דורכגעלאָפן העכער איבערן הארצן. ער האָט נאָך באַ־מערקט דעם ווייסן טישטעך אויפן טיש, און אַ העלפט פון אַ לענג־לעכן לעבל ברויט, וואָס האָט ארויסגעקוקט פון אַהינטער אַ געלב־לעכן טישטעפל. דערנאָכדעם זענען אים מיט אַ הייסן טוי פאַר־לאָפן די אויגן; און „אַ גוטן טאָג" איז ער ארויס דרויסן. אים האָט ניט פאַרדראָסן וואָס ער איז געגאַנגען צו די ברעזער, כאָטש ער האָט מיט דעם אַלטן געקענט פאַרפירן דעם שמועס, וואָס ער האָט חשק; אים אַרט ניט, אויב לאַנע וועט זיך דערוויסן, אַז ער איז דאָ געווען.

ווען בערע איז ארויס דרויסן האָט אים אויסגעוויזן, אַז ער האָט געהערט געאיילטע טריט הינטערן שטוב. האָט אים ארומגע־כאַפּט אַ פאַרלאַנג פאַרקוקן הינטערן שטאַל, געוואוירוווערן צי אימע־צער... און, צו זיין גרעסטער איבערראַשונג, האָט ער געטראָפן לאַנען, אָנגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע אָן וואַנט פון שטאַל,ביידע הענט פאַרלייגט אויפן ברוסט — ווי זי וואָלט זיך באַשיצט. פון איר פּנים האָט ארויסגעבליקט פאַרוואונדערונג אויסגעמישט מיט שרעק. עס האָט אויסגעוויזן, ווי זי וויל אינגאַנצן אריין אין דער שטיינערנער וואַנט אריין. געווען שוין מער ווי צוויי וואָכן זינט

זי האָט אויסגעמיטן פאַרבייצוגיין נעבן די קאָוואַלסקיס, סיידן ווען זי האָט געטריבן די בהמות צום ברונעם.

בערע איז רואיק צו איר צוגעגאַנגען, אַראָפּגענומען אירע הענט פון ברוסט, זיי אַרומגעוויקלט אַרום זיין האַלדז, און זי פעסט אַריינגענומען אין זיינע אָרעמס. אין אים האָט אָפּגעהילכט איר האַסטיקער האַרצקלאַפּ; און, ווי אין געיעג, האָט אָפּגעהילכט אין איר בלוט זיין האַרצקלאַפּ. זי האָט געפילט אַ טעמפּן ווייטיק אַרום האַרצן; דאָס לשון איז פון איר איינגאַנצן פאַרשוואונדן. אים האָט אַ היץ אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ אַריין — אַזש די שיין פאַר די אויגן איז מיט גרין און ראָז פאַרלאָפן.

אין אַ ווייל אַרום האָט זיך לאַנע באַפרייט פון אים, אָפּגעטראָטן אַ פּאָר טריט אַנטקעגן; אַ בלאַסע, מיט ברייט־צעעפנטע אויגן, האָט זי אים אָנגעקוקט. אירע ליפּן זענען געווען אַ ביסל אָפן; ער האָט אירע ווייסע ציין געזען, און אים האָט אויסגעוויזן, אַז לאַנעס קלאַפּט אַ צאָן־אָן־אַ־צאָן. „איר איז קאַלט, און מיר איז הייס...״ — איז אים דורכגעלאָפן אַ מחשבה. ער האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט צו איר, אויסגעשטרעקט די הענט, זי ווידער אַרומצונעמען.

לאַנע האָט ווידער אָפּגעטראָטן פון אים אַ פּאָר טריט; ער איז אויסגעקומען מיט דער פּלייצע צום שטאַל; און זי — אַנטקעגן אים.

— ווילסט טאַקע מיט מיר ניט רעדן, לאַנע?

זי האָט אים אָנגעקוקט, און ניט געענטפערט.

— איך ווייס, דו ביסט קליגער פון מיר... דו פאַרשטייסט מיך, אָבער איך פאַרשטיי דיך אויך.

— וואָס קומט פון דעם אַרויס?

— איך בין געווען ביי דיר אין שטוב, געוואָלט מיט דיר רעדן.

— שיין פון דיר, וואָס ביסט געקומען.

— עס קומט מיר אויס, ווי איך וואָלט צו דיר געגאַנגען גאַנצע צוויי וואָכן.

— כאַ־כאַ־כאַ־ — — —

— וואָס לאַכסטו?

— איך לאַך, וואָס פאַר צוויי וואָכן צייט ביסטו ניט גאָר ווייט פאַרגאַנגען...

בערע האָט אויך אַ לאַך געטאָן; ער האָט אָפּגעטראָטן פון וואַנט, און האָט געוואָלט מאַכן אַ פּאָר טריט נענטער צו איר; ער איז אָבער צו איר ניט דערגאַנגען, ווייל איר פּנים איז פאַרצויגן געוואָרן מיט טרויער.

— יאָ, בערע, פאַראַן אַ סך פון וואָס צו רעדן, און עס ווילט זיך שווייגן. איך האָב געהערט, ביסט געוועזן באַנ׳אונדז אין שטוב; האָסט גערעדט מיטן זיידן?

— קום אַרויס אַביסל אין פעלד; וויל מיט דיר אינאיינעם באַטראַכטן אונדזער גערעטעניש.

— ווי פאַראַיאָרן, בערע?

— עס ווייזט זיך אַ גרעסערע גערעטעניש ווי פאַראַיאָרן!

לאַנע איז צוגעגאַנגען צו בערען, האָט גענומען זיין שווערע רעכטע האַנט, און מיט איר געגלעט אירע איינגעצויגענע באַקן.

— וואָס האָסטו היינט געטאָן, וואָס דיינע הענט זענען היינט ווייכער?

— מיינע הענט?...

לאַנע האָט באַטראַכט זיין האַנט:

— די הענט זענען ביי דיר צו ריין... האָסט זיך געפּוילט, האַ... גאַנצע צוויי וואָכן ביסטו געגאַנגען אַהער!

זי איז געפאַלן אין זיינע אָרעמס, באַגראָבן דאָס פּנים אויף זיין ברוסט; און שטיל האָט זי גערעדט צו אים אין ברוסט אַריין:

— וואָס ביסטו געקומען צו מיר? אונדזערע וועלטן זענען זיך פרעמד... מיר זענען פאַרשאָלטן צו לעבן אויף איין ערד...

מער האָט זי ניט געקענט רעדן; זי האָט זיך פון אים באַפרייט. זי האָט געאיילט אין שטוב אַריין, נאָר ביים טיר איז זי געבליבן שטיין; זי האָט אָנגעשטעלט די אויערן, און זיך איינגעהערט צו יעדן גערויש וואָס איז געקומען פון הינטערן שטאַל.

זי האָט געהערט טריט, וואָס האָבן זיך דערווייטערט; זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס דערווייטערט זיך בערע פון איר שטוב; ער

גייט אוועק אין אַן אַנדער ריכטונג, זי אויסצומיידן. לאַנע האָט גע־שפּירט, ווי איר לעבן שרומפּט איין, און עס ציט זי צו דער ערד. זיך לאָזן נאָך בערען — האָט זי אַ באַהאַלטענער כוח איינגעהאַלטן דאָס ניט צו טאָן. זי האָט די ליפּן געביסן, און איר געוויין דערשטיקט אין האַלדז.

אַ ווײַלע איז לאַנע אַזוי געבליבן מיט אירע צעשטרייטע, און מיט טרערן־פאַרנעבלטע מחשבות, ביז עס איז אינגאַנצן שטיל גע־וואָרן אַרום. צייטנווייס האָט זיך נאָר דערטראָגן דאָס קלאַפּן פון די בעל־מלאכות ביי די נייע שטיבער. זי האָט אויסגערעכנט, אַז בערע האָט זיך שוין געגנוג דערווייטערט פון איר שטוב. איר איז געווען שווער צו פאַרבלייבן לענגער ביים טיר; אַריינגיין אין שטוב אַריין, האָבן די פיס ניט געדינט. איז זי דאַריבער אַוועק צוריק הינטערן שטאַל און זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דרערד, מיט דער פּלייצע אָנגעשפּאַרט אָן וואַנט.

לאַנע האָט זיך געפּרואווט דורכקלייבן אין דעם, וואָס דאָ איז נאָרוואָס פאָרלאָפן. בערע, וואָס האָט מער ווי צוויי וואָכן קיין איין וואָרט צו איר ניט אַרויסגערעדט, איז פּלוצלונג, אַט אַזוי, אָנגעקומען און אַרויסגעוויזן ליבשאַפט צו איר. „וואָס האָט אים אַזוי אין מיטן העלן טאָג געבראַכט אַהער?... וואָס איז ער געקומען זאָגן?"

תחילת האָט זי חושד געווען, אַז אים רודערט איר פריינטשאַפט צו דעם פשוט'ן געזונטן בעניען. עס איז ניט קיין סוד, אַז בעניע, זינט מען האָט איר טאַטן פאַרנומען אין תפיסה, האָט איר אין פעלד עטלעכע מאָל אַרויסגעהאָלפן; און טאַקע צוליב זיין טרחה איז איר גאָרטן אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון דער טריקעניש. לאַנע האָט חושד געווען, אַז בערע וועט וועגן בעניען פאַרציען אַ שמועס. זי האָט געוואָלט, דאָס זאָל געשען; זי וואָלט בערען באַוויזן, אַז נאָר אַזעלכע פינטשוקס געהערן זיך אָן מיט דער ערד, ווי אַ בוים געהער זיך אָן מיט זיינע וואָרצלען צו דער ערד. נו, איז בערע געקומען, און מען האָט אפילו ניט געפונען די פּאַסיקע ווערטער, כאָטש רעדן איז געווען פון וואָס.

— פאַרוואָס איז בערע ניט נאַטירלעך מיט זיינע באַנעמונגען? זאָל ער קומען פשוט און פּראָסט ווי אַ מאַן, און זאָגן אַלץ וואָס ער

טראָגט אין הארצן... אזוי ווי ער האָט נאָר ליב אַ מאַן, וואָס האָט זיך דערשראָקן פאַר דער רעוואָלוציע...

פונדעסטוועגן, וואָס אַ רגע ווייטער, ניט נאָר פארשווינדט ניט בערעס געשטאַלט פון איר, אדרבה — זיין געשטאַלט טרעט פון איר איצטער ניט אָפּ. זי שפּירט נאָך זיינע הענט; זי פילט זיין ברוסט, וואו אָט נאָר וואָס האָט זי געהאַלטן איר מידן קאָפּ אָנגעשפּאַרט.

— צוליב וואָס איז ער געקומען? וואָס האָט ער געוואָלט?...

פונדעסטוועגן פארדריסט איר ניט הלמאי זי האָט זיך מיט אים אזוי אומרואיק געהאַלטן; זי באַדאַרף פאַר אים ניט פארדעקן וואָס אין איר ווען קומט פאָר, זינט זי איז געבליבן אליין. איר פעלט באמת איצטער אוים יוסף ראַטנער. ער איז מיט פינף טעג צוריק, נאָכן רעגן, אַוועק באַזוכן די נייע דערפער. איר איז אַ שאָד, וואָס זי איז מיט אים ניט מיטגעפאָרן; און איר איז אַ שאָד, וואָס ער איז איצטער ניטאָ נאָענט נעבן איר. מיט אים קען זי זיין אָפן־הארציק; מיט יוסף׳ן קען זי רעדן ניט ווי צו אַ געליבטן — נאָר ווי צו אַ מענטשן וואָס,פּונקט ווי זי, איז ער געקומען זוכן ביי דער ערד רו, און רעכט צו ארבעטן פון באַגינען ביז זונפארגאַנג...

— אַ שאָד וואָס יוסף ראַטנער איז איצטער ניטאָ...

לאַנע האָט דערהערט דאָס אָנקומען פון אַן אָקסן־געשפּאַן, דעם ניט ריטמישן אָפּהילך פון אָקסן־טריט. זי האָט געהערט ווי דער גע־שפּאַן שטעלט זיך אָפּ פארן שטוב, און ווי אימעצער איז אַראָפּגע־שפּרונגען פון וואָגן. זי האָט אויך געהערט ווי אימעצער איז אריין אין שטוב און איז גלייך צוריק ארוים. לאַנע האָט זיך ניט גערירט פון אָרט; דאָס הארץ האָט נאָר אָנגעהויבן הייסער און האַסטיקער צו קלאַפּן. אין אַ ווײַלע ארום איז פאַר איר אויסגעוואַקסן בעניע פינטשוק. ער האָט געבראַכט צוויי קליינע בעזימלעך פון ווייצנזאַנ־גען; ווי פאַר אים וואָלט געוועזן גאַנץ נאַטירלעך דאָס וואָס לאַנע זיצט אויף דער ערד אין שאָטן פון שטאַל.

— זעסט, לאַנע, איך האָב געזאָגט, דער רעגן וועט קומען אין צייט און אָפּראַטעווען אונדזערע פעלדער; זעסט, דידאָזיקע זאַנגען זענען פון דיין פעלד, און די־אָ פון אונדזער פעלד. די זאַנגען — אַלע איין גרויס... אין צוויי וואָכן ארום, אָדער אין דריי, וועט מען

שוין באַדאַרפֿן שנײַדן די תבואה. זעסט ווי די קערנער זענען אָנגע־גאָסן מיט מילך... אמת'ע מילך! ווייצענע מילך, כאַ־כאַ־כאַ־... נאַ, לאַנע, טו אַ קוועטש די קערנער.

בעניע האָט פֿון די זאַנגען אַרויסגעטריבן די גרינע קערנער, זיי צעדריקט און באַוויזן, אַז די אומרײַפֿע קערנער האָבן מילך. פֿון זײַן ברוינעם פּנים האָט אָפּגעשײַנט די געזונטע ברוינקייט פֿון סטעפּ. ווי דער שטייגער, האָט פֿון אים געשלאָגן אַ שטאַרקער, שווייסיקער ריח.

— זאָגסט, די פֿעלדער זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן? — האָט לאַנע, מיט אַ מידער, אָבער באַרואיקטער שטים, געפֿרעגט.

— צי דו דערקענסט ניט?

— און ווי, אויב עס וועט מער ניט רעגענען?

— ערשטנס באַווײַזט עס ווידער אויף רעגן; אָבער דער שווע־רער טוי פֿון בײַנאַכט איז שוין אַליין גענוג צו דערהאַלטן די תבואה ביז שניט.

לאַנע האָט אים געקוקט גלײַך אין פּנים אַרײַן בעת ער האָט גע־רעדט; ווי אַן איבערגעוואַקסן, גרויס קינד האָט ער אויסגעזען.

— פֿונוואַנען האָסטו, בעניע, געוווּסט, אַז איך זיץ דאָ, דאָס האַרץ האָט דיר געזאָגט, אַז איך זיץ דאָ?

— אפֿשר...

— אייער שטוב איז שוין אינגאַנצן פֿאַרטיק?

— עס פֿעלט אַ מיידל, וואָס זאָל זי אַביסל צופּוצן.

— דו קענסט ניט אַליין אויסקאַלכן די ווענט פֿון אינעווייניק?

— אפֿשר וועל איך עס טאָן.

— נאַ דיר מײַנע הענט און העלף מיר אויפֿשטיין... ניט, בעניע, מענטשן זענען ווי גראָזן אין פֿעלד? זיי טריקענען אויך, און ווערן אײַנגעשרומפּן אָן רעגן...

— כאַ־כאַ־כאַ, דו ווערסט אויסגעטריקנט, לאַנע, ניט צוליבן רעגן וואָס קומט ניט אין צײַט. איך וועל דיך ניט לאָזן טריקענען. מיר באַדאַרפֿן זיך שוין אָנהייבן גרייטן צום שניט. אמת'ע פּויערים גרייטן זיך אַנדערש ווי די געוועזענע קרעמער...

— וועסט, בעניע, מאַכן אַז לאַנע זאָל ניט טריקענען?... איז

גוט, בעניע. דו פּאַרסט איצטער אהיים; איך וועל מיר אויפזעצן ביי דיר אויפן וואָגן; איך וועל אַ קוק טאָן וואָס איך קען טאָן באַנ'אייך אין שטוב. איך וועל זיין דאָס מיידל וואָס וועט מאַכן שענער אין שטוב; גוט?

בעניע האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ קינדיש־פאַרחידושט פּנים; זיין האַרץ האָט זיך אויף אַ רגע אָפּגעשטעלט, און מיט אַמאָל אָנגעהויבן קלאַפּן — אַזש אין די אויערן האָט עס אָפּגעהילכט.

— נאַ דיר, בעניע, מיינע הענט און העלף מיר אויפשטיין... היינט בין איך גאָר אינגאַנצן אויסגעטריקנט — נאַ דיר מיינע הענט, בעניע...

ווי גראָז צום רעגן, אַזוי האָט לאַנע צו אים אירע הענט אויסגעשטרעקט.

## XLVIII

וואָווע ברעזער האָט זיך אומגעקערט פון זיין חודש אָפּזיצן אין תפיסה און געבראַכט, צו זיינע גרויע האָר און באָרד, אַ פאַרדעכטיקן שמייכל אויפן פּנים — אַ געמיש פון שפּאָט און גוטמוטיקייט. עס האָט אויסגעזען, אַז ער האָט אויף אַלץ־מיט־אַנאַנדער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

לאַנע איז אים געפאָרן באַגעגענען און ברענגען אהיים; מיט אַפּאָר טעג פריער האָט ער באַפוילן, זי זאָל אים קומען נעמען אין דאָרף אַריין. לאַנע איז די נאַכט געפאָרן מיט איר פערד־געשפּאַן, און קעגן באַגינען איז מען אַרויסגעפאָרן צוריק. די באַגעגעניש איז געווען צווישן לאַנען מיטן פאָטער אַ גאַנץ נאַטירלעכע. עס האָט געקענט אויסזען גלייך ווי ער וואָלט פון צוגאַסט אָנגעקומען, וואו ער האָט פאַרבראַכט אַ חודש צייט.

— ווייסט, עס האָט זיך מיר שוין געבענקט אהיים; ערב שניט, מען האָט געשמועסט, אַז די טריקעניש האָט די תבואה געשעדיקט.

לאַנען איז געווען אַ חידוש צו הערן פון וואָווען דערמאָנען דאָס וואָרט „היים”.

— צי האָלט ער טאַקע פאַר היים דאָס אָרט וואָס ער האָט אַזוי פאַרשאָלטן ?...

לאַנג האָט געשוויגן און געשמייכלט. זי האָט ניט געוואָלט אָנציען מיט אים קיין שמועס וועגן דער תפיסה, פרעגן ביי אים, ווי עס איז געגאַנגען אין תפיסה, און מיט ווענמען נאָך ער איז געזעסן פאַרשפאַרט. איר איז ליבער געווען אַריבערצונעמען דעם שמועס אויף היימישע ענינים.

— ווייסט דעם דאַרף ניט דערקענען; איצטער שטייען שוין די צוויי שורות שטיבער, אַ גאַס אַ לאַנגע!! עס וועלן האַי יאָר געווים זיין גאַנצע פופציק שטיבער. עס וועט זיין אַ גערעטעניש, די פעל־דער האָט דער רעגן אָפּגעראַטעוועט.

באמת האָט מען אויפן וועג אַהיים מער געשוויגן ווי גערעדט. ביידע האָבן געטראַכט פון עפּעס אַנדערש. ביירע האָבן איינס דאָס אַנדערע גוט פאַרשטאַנען. אין אמת'ן האָט וואָווע גוט געוואָלט וויסן ווי לאַנען איז עס געגאַנגען אַליין, און צי בערע האָט איר אַרויסגע־האָלפן. זי אַליין וואָלט חשק געהאַט דעם טאַטן אירן געבן צו פאַר־שטיין, אַז זי איז צו קיינעמס הילף ניט אָנגעקומען. ביידע האָבן עס פאַרן מויל ניט אַרויסגעבראַכט.

וואָווע האָט אויך וועגן ביילקען פאַרוואָרפן עטלעכע ווערטער:

— עס טוט מיר באַנג, וואָס איך בין נישט אַראָפּגעפאָרן קיין מאָסקווע, אָוועקנעמען ביילקען פון גראָבניונג, און ברענגען זי אַהיים.

דעם „גראָבניונג" האָט וואָווע אַרויסגעזאָגט מיט אַ סך ביטער־קייט; נאָך דעם איז ער אַנטשוויגן געוואָרן, ביז מען איז אָנגעקו־מען אַהיים.

דער דאָרף האָט תחילת וואָווען דוקא באַגעגנט מיט אַ סך פרייינטלעכקייט, ווי אַ גאַסט וואָס איז פון ווייטן וועג געקומען. יעדער איינער האָט אים געוואָלט געבן צו פילן, אַז מען קוקט ניט אויף אים קרום; אדרבה — מען באַטראַכט אים ווי איינעם, וואָס איז געפאַלן אַ קרבן, און פאַרנעמט שטראָף ניט נאָר פאַר זיך אַליין.

— מיר זענען קיינער נישט קיין גרויסע צדיקים — האָט זלמן קאָסאַי געקלאַפּט וואָווען אין פּלייצע— ווער וווינטשט עס דער מלוכה אַלדאָס גוטס? נאָר, ווער סע שווייגט; און ווער עס קען די

צונג נישט באַהאַלטן. דו, וואָווע, האָסט זיך שוין אַרויסגערעדט פאַר איעדן באַזונדער, כאַ־כאַ־כאַ... זיצן מסתמא אַ וועלט מיט מענטשן אין חד־גדיא, האַ?

אויף דער הייסער מינוט האָט יעדערער צו אים אַנטקעגן גע־טראָגן אַ פרייליכן און מוטיקן פּנים. אַביסל שפּעטער האָט מען אים שוין אָנגעהויבן נאָכצוקוקן מיט באַדויערן, און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי איינער זאָגט:

— די סאָוועטנמאַכט וועט אים איינברעכן; אַ שפּיל פאַרן טייוול...

לאַנע האָט, ווי ווייט מעגלעך, אויסגעהיט אים ווי צו טאָן; האָט זיך מיט אים באַנומען ווי מיט אַ קינד וואָס האָט באַקומען אַ שווערע שטראָף. וואָווע איז צוביסלעך אַריינגעקראָכן אין זיין איינגענער פעל אַריין — ווי אַ טשערעפּאַכע אין איינגענעם פּאַנצער. לאַנע האָט גע־וואוסט וואָס ביי אים אין האַרצן קומט פאָר. זי האָט אַ סך געהאָפט אויף דער גוטער גערעטעניש; שניט וועט אַ ברויז טאָן איבער די פעלדער — וועט עס אים אויך רודערן.

דער וואוקס פון דאָרף האָט אויף וואָווען יאָ געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. קיינער זאָל ניט הערן, האָט ער עס איבערגערעדט פאַר זיין טאַטן.

—אַ חידוש, ווי זיי בויען און בויען; שוין אַ גרויסער דאָרף אויסגעוואַקסן! דאָרטן לאַכט מען אין די פויסטן...

— וואו דאָרטן, מיין זון?

— וואו איך בין געזעסן. די וואָס זענען מיט מיר מיטגעזעסן זאָגן, אַז אידן וועלן צוריק לויפן אין שטאָט אַריין; זאָל נאָר אַ בלאָז טאָן פון דאָרטן מיט אַביסל חיונה.

— דאָס זאָלסטו ניט זאָגן, מיין זון; די מענטשן ציען דאָ זייערע אָדערן; מיינען מיט דעם צונויפצושאַרן אַביסל שטיינער אונטערן קאָפּ. אודאי וועט דאָ זיין רואיקער ווי אין שטאָט. אַז דו האָסט שוין אָנגעהויבן צו רעדן, מיין זון, וויל איך דיר זאָגן: קוק זיך צו צו זיי; אפשר זענען זיי נישט משוגע; אַ וועלט מיט מענטשן קענען דאָך נישט אַראָפּ פון זינען.

— גוט, טאַטע, איך וועל זיך צוקוקן... מיר איז מער נישט

געבליבן ווי צו קוקן אויף מיין געראָטענער טאָכטער און שמייכלען.

האָט וואָווע ברעזער טאָקע געקוקט און געשמייכלט; געשמיי־כלט און געשוויגן, ביז אַ צייט איז געקומען, ער זאָל פונדעסטוועגן אויך אַ וואָרט אַרויסרעדן.

דערפאַר איז אָבער אויך צוגאַסט געקומען ערב שניטצייט סימקע קרעטשמער; די האַרטע, קנאָביקע סימקע, וואָס האָט איר טאַטן געהאָלפן פאַראַיאָרן זומער אויפשטעלן אַ שטוב, און ווינטערצו איז זי אַוועק צוריק אין שטאָט אַריין.

פונקט ווי פאַראַיאָרן איז סימקע געווען פאַר לאַנען אַ חידוש מיט אירע אָפענע רייד וועגן לעבן, חתונה האָבן און קינדער גע־בערן — אַזוי איז זי איצטער אָראָפּגעקומען אַ באַרעדעוודיקע, אַ דער־פאַרענע און אַ ווייסערקע. געקומען איז סימקע נאָר צוגאַסט, אַ קוק טאָן וואָס איריקע טוען, און אַ קוק טאָן וואָס פאַרן יאָר איז געוואָרן אויפן דאָרף. די גרויסע שטאָט האָט אַרויסגערופן אַ הונגער אין איר לייב; אַ אומרואיגקייט, וואָס האָט ניט געפּאַסט צו די אַלטגעזעסענע פון פאַראַיאָרן, צו די טיילווייז איינגעוואָרצלטע.

— איך האָב ניט געקלערט דיך דאָ צו געפינען — האָט סימקע געזאָגט צו בערען ביי דער ערשטער באַגעגעניש — האָב געקלערט, וועסט נאָכטאָן דיין ברודער.

— זעסטו, צו טאָן האָב איך ליב; אָבער אימעצן נאָכצוטאָן האָב איך פיינט.

— איך מיין, דו זאָלסט גיין אין שטאָט אַרבעטן אויף אַ זאַ־וואָד; דאָרטן איז דיין אָרט.

— פאַר מיר האָט די סאָוועטנמאַכט אָנגעצייכנט אַן אָרט: איך האָב ליב די ערד, האָב איך ליב...

— און די מענטשן ביי דער ערד?

— דאָס וועלן מיר אויך בייקומען. עס וועט זיין ווי די רעוואָ־לוציע פאָדערט.

— האָסטו דאָ דערווייל ניט קיינעם צו זיך?

— איך בין דאָ; איך בין דאָ מיטן האַרצן בין איך... מיט וועמען באַדאַרף איך דען זיין?

— מען זאָגט, אַז דו רעדסט ניט מיט איר...

סימקע איז דערביי רויט געוואָרן, און איז נאָענט מיט איר ברוסט צוגעשטאַנען צו בערען. דאָס איז געווען ביים ברונעם, וואו זיי האָבן זיך באַגעגנט אין אייגענעם פאַרנאַכט, ווען סימקע איז אָנגעקומען.

— דו ביסט ניט די אייגענע — האָט בערע געזאָגט, און פון איר זיך אָפּגערוקט אויף אַ פּאָר טריט — דאָ איז דיר שווער געווען... אַ סך פון אייערע לייט, כאָטש איר זייט געווען אין בירגער־קריג גאַנצע העלדן, דאָ זייט איר דערנאָכדעם געוואָרן פּוסטאונפּאַסניקעס. איך ווייס, וואָס אויף די זאַוואָדן טוען חברים; איך ווייס, זיי איז דאָרטן שוין גרינגער; זענען אַלע פון איין פלייש און בלוט. זיי בויען סאָציאַליזם; און דאָ אַקערט מען מיט דער נאָז די ערד, ניט צוליבן ברויט, נאָר צו דערלאָזן, די פיינע לייט, וואָס ווילן דאָ צוריק דעם מאַרק אויפשטעלן... דאָ וועל איך בלייבן ביז דער עולם וועט זיך איבערזיפּן.

— פאַראַן דאָ אַ סך געזונטע יאַטן; ביסט ניט מער קיין יחסן...

— האָב ניט געוואָלט זיין קיין יחסן; איך אַנטלויף פון יחסנים.

— ביסט ניט אין איר אַ קאַפּעלע פאַרליבט?

בערע האָט גענומען סימקען, און פאַרדרייט איר ביידע הענט אויף הינטן, און זי אַוועקגעזעצט אויף דער ערד.

— איך ווייס וואָס דו ביסט אַהער געקומען... אויסהוליען זיך ביינאַכט אין פעלד!... האָסט שוין דערשמעקט, אַז ס'איז פאַראַן מיט וועמען; עך, ניטאָ אויף וועמען צו האָפן און אויף וועמען זיך פאַרלאָזן!

סימקע האָט פון איר אָרט אויף דער ערד אָנגעשטעלט אַ פּאָר דערשראָקענע אויגן, געוואַרט, ער זאָל אַרויסזאָגן וואָס ער טראַכט.

בערע האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג וואַרטן; ער האָט זי אָנגענומען פאַר ביידע הענט, אויפגעהויבן פון דער ערד; אָבער ער האָט געלאָזן פלאַץ צווישן זיך און איר. מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל האָט ער געזאָגט:

— איך האָב ליב דיין טאַטן, וואָס איז אַהער געקומען ווי אונדזערער אַ מענטש, כאָטש ער איז אַ פאַרצייטיקער איד. איך האָב אויף דיר געקוקט פאַראַיאָרן זומער בעת דו האָסט געאַרבייט ביים שטוב. יאָ, סימקע, איך האָב דיך נאָכגעקוקט. האָב געגלויבט, ביסט

א האָרעפּאַשניצע פון רעוואָלוציאָנערן קלאַס. מיר האָט פּאַרדראָסן וואָס דו האָסט גענומען און אַוועק. איך זע, ביסט אַוועק זוכן אַ גרינגער לעבן, כאָטש דו האָסט געקוקט קרום אויף דער בורזשויקע, לאַנען...

פּאַר סימקען איז דאָס געווען גאָר אומגעריכט. זי האָט גע־גלויבט אין בערעס ערנסטקייט; אָבער דאָס גאָר, אַזוי צו איר רעדן!... דאָס פּנים אירס האָט זיך אויסגעלאָשן; אירע אויגן זענען ברייטער געוואָרן; אירע זומערשפּרענקלעך זענען בולט'ער געוואָרן אין פּנים; די קינביינער האָבן ווי דורכגעשניטןביידע זייטן פּנים.

סימקע האָט אַרויסגעצויגן אירע הענט פון זיינע, און אָפּגע־טראָטן אַ פּאָר שריט אָן אַ זייט, געקוקט צו דער ערד.

— יאָ, סימקע, עס באַדאַרף דיר ניט פאַרדריסן הלמאי איך זאָג עס — האָט בערע גערעדט מיט דעם אייגענעם ערנסט — די רעוואָ־לוציע האָט אַרויסגעלאָזן אויף דער וועלט אַ סך פּוסטאַונפּאַסניקעס אויך, וואָס מיינען, אַז זייער חלק האָבן זיי שוין אָפּגעצאָלט מיט דעם, וואָס זיי זענען געווען אין בירגערקריג. האָסטו טאַקע שוין אָפּגע־צאָלט דיין חלק, האָ?

— וואָס מיינסטו מיט דעם? — האָט סימקע אַ צושראָקענע געפּרעגט.

— איך מיין, וואָס איך זאָג; זוכסט אַ גרינגער לעבן.

— איז דאָס קאָנטר־רעוואָלוציע, אויב איך געפין ניט גענוג פרייד אין אייער אַרבעט דאָ?

— ווען אַהער וואָלטן געקומען מענטשן, רעוואָלוציאָנערן, האָבן מיר דאָ געקענט געפינען גענוג פרייד אין אונדזער אַרבעט. דאָ האָט שוין באַדאַרפט זיין אַ קאָמוניסטטיש לעבן. ווער זאָל באַשאַפן אַרבעט און פרייד, אויב אַזאַ ווי דו, אַ טאָכטער פון אַ האָרעפּאַשניק, איז גע־קומען אַהער, אַ שמעק געטאָן און אַנטלאָפן? און איצטער, זינט דו ביסט אַראָפּגעקומען, הער איך ווי דו דערציילסט מעשיות פון דער שטאָט, פון די נייע זאַוואָדן, וואוהין די יוגנט פון די קליינע שטעט־לעך ציט אַוועק... צוליב וואָס טוסטו עס?

— ווערסט מיט דער צייט אויך אַזוי טראַכטן.

— איך טראַכט עס איצטער אויך; איך ווייס, אַז דאָרטן בויט

מען אַ סאָציאַליסטישע וועלט; באַדאַרפסט עס מיר ניט דערציילן. איך ווייס אָבער, אַז זיי, די אמת'ע בויער, איז דאָרטן אויך ניט גרינג. נאָר אַזעלכע ווי דו, וואָס דרייען זיך אַרום פּוסטאָונפּאַס אויף דער סאָוועטישער ערד, זיי דוכט זיך אויס, אַז דאָרטן איז גרינגער. איך זאָג דיר, דאָרטן איז גרינג, וואו סע איז ליב; און דאָרטן איז ליב, וואו אַ קאַמף גייט נאָך אָן. דאָ אין פּעלד וועלן מיר כסדר באַדאַרפן קעמפן מיט די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן.

— הייסט עס, סימקע איז אַ פּוסטאָונפּאַסניצע, האַ, בערע? — האָט סימקע איראָניש געפרעגט.

— יאָ, דו ביסט עס.

— דערפאַר וואָס סימקע פאַרשטייט דאָס לעבן אַנדערש?

— יאָ, טאַקע דערפאַר. דיר קען דאָ זיין זייער גוט. דאָס פעלד איז גרויס און ברייט... אין די ווייצן קען מען זיך נאָך אויסבאַהאַלטן... די נעכט זענען מחיה'ריקע...

דאָס לעצטע האָט בערע גערעדט מיט אַ סך ביטערקייט.

סימקע האָט אים אָנגעקוקט, בעת טרערן האָבן פאַרגאָסן די אויגן. אין דער ערשטער רגע האָט זי אים געוואָלט אָפּענטפערן; זאָגן אים, אַז ער לעבט נאָך מיט אַלטע, בורזשואַזע באַגריפן... אַז זיין קוק אויפן לעבן איז אַן אָפּגעשטאַנענער. די ווערטער זענען סימקען געבליבן שטעקן אין האַלדז.

— ניט נאָר מענער אַליין דאַרף די רעוואָלוציע האָבן; די רעוואָלוציע דאַרף אַזויפיל פרויען ווי מענער!

— כאַ־כאַ־כאַ — האָט סימקע מיט געלעכטער געוואָלט פאַרטומלען איר פאַרלאָרנקייט — איך הער וואָס דו רעדסט, בערע, און איך מוז לאַכן, כאַ־כאַ־כאַ...

— פון וואָס איז דאָ פאַראַן צו לאַכן? — האָט בערע אַביסל צעטומלט געפרעגט.

— איך לאַך, וואָס דו דערציילסט די גרויסע נייס, אַז די רעוואָלוציע באַדאַרף האָבן מענער און פרויען; און לעבן האָט די רעוואָלוציע פאַרבאָטן?

— איך פאַרשטיי וואָס דו מיינסט, סימקע. האָסט ניט וואָס צו לאַכן פון מיינע רייד. איך פאַרשטיי וואָס ביי דיר הייסט לעבן.

ביי די ווערטער זענען זיי זיך ביידע פאנאנדערגעגאנגען. ביידע זענען געווען צעטומלט. בייביידן איז פונדעסטוועגן געווען א פאר־לאנג צו באגעגענען זיך נאך אמאל און אפווישן די ביטערניש, וואס איז ביי יעדן איינעם געבליבן אויפן געמיט.

נאר סימקע האט זיך שפעטער אביסל בארואיקט. איר איז געווען שווער צו פארטראגן די באליידיקונג און ניט אראפרעדן פון הארצן וואס זי פילט. זי איז דאריבער אינאוונט געקומען צו די ברעזער און געבליבן נעכטיקן. געווען ביי איר א חשק צו שלאפן מיט לאנען אינאיינעם; און זיך צוהערן צום קלאפן פון אייגענעם הארצן.

ביי לאנען איז דאס געווען שטארק אנגעלייגט; זי האט געוואלט אויף אזא נאנטן אופן אויסהערן דער „דערפארענער" סימקען, וואס איז פארן ווינטער געווען אין מאסקווע און אין כארקאוו. אויסגעקור־מען איז אבער ניט ווי לאנע האט געהאפט. סימקע האט געוואוסט וואס איר קוועטשט; און לאנען איז טיילווייז קלאר געווען, פארוואס סימקע האט זיך ניט געקענט איינהאלטן אויפן ערד־חלק, וואוהין זי איז תחילת געקומען צו דער ערד מיט א געזונטן געפיל.

לאנע האט באגריפן, אז סימקע האט אויסגעקוקט אויף בערען; כאטש אין אירע שמועסן מיט לאנען, האט זי פון אים געמאכט חוזק.

— ביסט דיגער געווארן, לאנע — האט סימקע געזאגט, נאכ־דעם ווי זי האט ארומגענומען, און צוגעצויגן צו זיך לאנעס גוף — דיר איז דא ניט געגאנגען גרינג.

— דערווייל גייט אונדז קיינעם נאך ניט גוט.

— עס וועט אונדז דא קיינעם ניט זיין גוט. אזוי זאגט מען אין מאסקווע אויך. דעם פויער וועט קיינמאל ניט זיין גוט.

—פון וועמען האסטו עס געהערט?

— מען רעדט; מען זוכט אן ארט וואו צו קענען ארבעטן אין לעבן... מען האלט אונדז ווי פאר'משפט'ע.

— אזוי גאר?

— יא, לאנע; איך קוק ווי איר האט זיך אלע פארן יאר אראפגערוקט. צופיל האט באנ'אייך די ערד צוגענומען.

— וואס מיינסטו?

— אין שטאָט גייט דער אַרבעטער אין פאַבריק מיט אַ פאַר־ריסענעם קאָפּ. די מיידלעך דאָרטן בליִען, שטיפן און לאַכן; אַרבעטן בייטאָג; פאַרזאַמלונגען ביינאַכט... טעאַטער, קאָנצערטן... איך רעד עס ניט פאַר קיינעם; אָבער דו, לאַנע, דו ביסט מיר אַ שאָד... וואָס שווייגסטו, לאַנע?

— רעד, רעד, איך וויל הערן וואָס דו האָסט צו דערציילן.

— יאָ, לאַנע: דאָס וויל איך דיר זאָגן. עס איז ניט פאַר אידן צו ווערן פּויערים, און באַגראָבן זיך לעבעדיקערהייט אין דער ערד.

— האָסט זיך באַקאַנט מיט דער משפּחה פּינטשוק? דער אַלטער מיט די דריי זין — האָסט זיי געזען?

— וואָרום וואָס?

— זענען פון אַמאָליקע צייטן נאָך פּויערים; וואָס פעלט זיי דאָ?

— אפשר... איך האָב זיי נאָך גוט ניט אָנגעקוקט.

— דריי געזונטע בחורים פאַראַן ביי זיי; קענסט דאָרטן איינעם אויסקלייבן.

— פאַרוואָס, לאַנע, זאָל איך מיר אויסקלייבן איינעם? דער־וויל איז איינער — קיינער...

— וואָס ביסטו געקומען אַהער?

— איך וויל דעם טאַטן פונדאַנען אַרויסרייסן. אינדערהיים איז ער געווען אַ בעקער, וועט ער קענען אין מאָסקווע אויך זיין אַ בעקער.

— הייסט עס, סימקע, ווילסט אַז אידן זאָלן אַוועק קיין מאָסקווע; דאָרטן וועט זיי זיין גוט... דאָרטן האָט מען פאַר זיי אַלצדינג צוגעגרייט. ווער האָט עס פאַר זיי צוגעגרייט?

— איז ניט מאָסקווע; אָבער דאָ טויג ניט. אויב מען וועט אַזוי טריקענען ווי איך קוק עס אָן, איז אָך־און־וויי.

— און דאָס וואָס פאַר צוויי זומערן איז אַזאַ גרויסער דאָרף אויסגעוואַקסן?

— שטיבער... שטיבער מיינען פאַר מיר גאָרניט.

— מען קלייבט זיך ווידער שניידן תבואות; פאַר וועמען איז דאָס, האַ, סימקע? דער שטאָטמענטש זאָל האָבן ברויט... ניט אַזוי, סימקע?

— איך האַלט אביסל פון לעבן.

— איך האַלט אויך פון לעבן.

—האָסטו אימעצן ליב?

— יאָ, סימקע, איך האָב שטאַרק, שטאַרק ליב.

— וועמען?

— קוק זיך אַרום, וועסטו דערגיין וועמען איך האָב ליב.

—איך ווייס, האָסט נאָך אַלץ ליב דעם שומר פון דער רעוואָ־לוציע... ער איז אויך אויסגעטריקנט געוואָרן; פאַראַיאָרן זומער איז ער נאָך געווען אַ בחור; איצטער איז ער...

דערביי האָט סימקע אַריינגעלאַכט לאַנען אין ברוסט אַריין.

לאַנען איז אומעטיק געוואָרן. אין סימקעס רייד איז געווען פאַרוויקלט אַן אמת, וואָס האָט לאַנען טיף אָנגערירט. בערע און יוסף — יעדערער אויף זיין אופן קלאָגט; נאָר בעת זיי קוקן ניט אַרויס צו דער שטאָט; פאַרקערט, זיי ווילן ביי דער ערד זאָלן אידן בויען אַ ניי, געזונט לעבן, וואָס זאָל אויף לאַנג דעם אידן אָפּווענדן פון שטאָטישן לעבן; — איז סימקע, גאָר געקומען איר טאַטן צונעמען פון דער ערד. גאַנץ אָפן זאָגט סימקע אַרויס דאָס וואָס זי טראַכט.

אָבער לאַנען רופּט דאָס, וואָס סימקע האָט נאָך דערמאָנט וועגן ליבע.

— געדענקסט, סימקע, פאַראַיאָרן האָסטו גערעדט פון חתונה האָבן ביי דער ערד; האָבן אַ סך קינדער... הא, געדענקסט?

— יאָ, ס'האָט זיך מיר פאַראַיאָרן אַזוי אויסגעדוכט.

— מיינסט טאַקע ערנסט אַרויסצורייסן פונדאַנען דיינע לייט?

— איך מיין עס ערנסט; און נאָך אימעצן אויך, אויב איך וועל קענען.

— נאָך אימעצן?... זעסטו, דערפאַר האָב איך ניט קיין מורא; דעם נאָך אימעצן קענסטו פּרוואוון אוועקנעמען פונדאַנען.

— יאָ, לאַנע, אידן וועלן אויפבויען דערפער און דערנאָך אוועק; ניט־אידן וועלן אַמאָל וואוינען אין די אידישע דערפער...

לאַנען איז מיט אַמאָל קאַלט געוואָרן. ווי מיט אַ קאַלטן, שאַרפן מעסער האָבן סימקעס רייד איר אַ שניט געטאָן איבערן לייב. דער־נאָכדעם האָט לאַנע שטיל געפרעגט:

— דאָס וואָלסטו געזאָגט בייטאָג, אויפן מיטן דאָרף, אַלע זאָלן עס הערן? האַ, סימקע?

— איך האָב ניט קיין מורא דאָס צו זאָגן. בין געווען אין מאָסקווע; איך זע וואוהין עס ציט אידן. אין שטאָט איז אונדז אַ סך בעסער.

נאָך דעם האָבן זיי ביידע אַ לאַנגע צייט געשוויגן; ניט לאַנע און ניט סימקע האָבן חרטה געהאַט אויף דעם אָפּנהאַרציקן שמועס.

— טאַ לאָמיר איצטער שלאָפן, סימקע... איך וויל טאַקע מאָרגן הערן ווי דו וועסט עס פאַר אַלעמען זאָגן...

— איך וועל עס זאָגן, וועל עס פאַר אַלעמען זאָגן...

ביידע האָבן אינדערנאַכט מער ניט גערעדט. ביידע האָבן שלעכט געשלאָפן די נאַכט.

# XLIX

ווידער האָבן די „שטאָלענע היישעריקן", די שניידמאַשינען, פול געמאַכט די לופט מיט שטאָלענעם גערויש, ווען זייערע מעסער־און־צאָן האָבן געשניטן די צייטיקע ווייצן; גלייך, ווי אינאיינעם מיט די תבואות, האָט מען דעם דערשטאַנענעם זומער אונטערגעשניטן, אים געטריבן אַנטקעגן צפון.

— מען שניידט פאַרזייטע האָפענונגען; שווער צו קוקן ווי די געשאָכטענע זאַנגען פאַלן אום מיט אַ שטילן גערויש...

דאָס האָט דווקא געזאָגט לוי בירמאַן; דער, וואָס האָט זיינע האָפענונגען געבראַכט קיין קרים, און האָט צומאָל חשש געהאַט אַליין פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ גרודע ערד. פון אַ זייד־פאַבריקאַנט ביז צו זיין נייעם אָנהייב, ווי אַ פויער, איז אַ גרויסער שפּרונג. וואָס קומט אָבער אַרויס, אַז פונקט יעמאָלט, ווען זיין שטוב איז געווען פאַרטיק, און אידן האָבן שוין אַרויסגעקוקט צום דערשטאַנענעם פעלד, האָט גענומען זיין ווייב מינע, די וואָס האָט אים טאָג־טעגלעך

באַקלאָגט דעם קאָפּ — זי האָט פאַרנומען ביידע קינדער און אַוועק צו איר מאַמען, ערגעץ הינטער קיעוו. האָט בירמאַן ניט מיט וועמען צו טיילן זיינע פריידיקע איבערלעבונגען; האָט אים אַ טרויער אַרומגעכאַפּט — אַזש שווער איז אים צוצוזען ווי די זאַנגען פאַלן אונטערן שניידמעסער. ער איז אַרומגעגאַנגען פון איינעם צום אַנדערן, געזוכט מיטגעפיל; אָבער דווקא אין סאַמע ברען פון שניט האָט ער געפילט, אַז אַ סך פון די וואָס עסק'ן זיך איצטער אין פעלד ביי דער איבערגעשטאַנענער תבואה, זיי זענען מיטן געדאַנק ווייט פון דאַנען.

— וואָס וועל איך טאָן, וואָס וועל איך טאָן, אויב מינע עקשנ'ט זיך איין און וויל ניט קומען אַהער צוריק אויפן ווינטער?

ער האָט עס געפרעגט ביי לאַנען, און לאַנע האָט אים ניט געהאַט וואָס צו ענטפערן. זי, די אויסגעפּרואווטע, די דערפאַרענע פון פאַר־איאָרן, האָט גוט געוואוסט ווי צו וועגן און שאַצן איינעמס רייד, און דעם אַנדערנס שווייגן; איינעמס איבערגעטריבענע התפּעלות, און דעם אַנדערנס קאַלטע פילאָזאָפיע. זי האָט אויך געפילט, ווי אַרום איר ווערט שאַרפער אַ גרעניץ־קרייז, וואָס טיילט זי אָפּ פון פאַר־איאָריקע ליכטיקע שעה'ן; טיילט זי אָפּ פון אַ לעבן וואָס איז געווען אי חלום, אי וואָר. איצטער איז איר לעבן הוילע וואָר, רויע וואָר, וואָס מאָנט אַלץ מער אחריות פאַר יעדן וועגד־און־קער.

יוסף ראַטנער איז געקומען פון זיין קורצן באַזוך איבער די יונגע אידישע דערפער; און, ווי דער שטייגער, האָט עס אים פאַר־שטאַרקט זיין פילאָזאָפיע וועגן אידנס איבערגיין צו דער ערד.

— דאָס גרעסטע אומגליק, וואָס אידן האָבן שטענדיק געמאַכט די ברכה: „המוציא לחם מן הארץ" אויף אַ פאַרטיקן לעבל ברויט; האָבן זיך דאַריבער איינגערעדט, אַז דער רבונו של עולם באַשאַפט גרייטע לעבלאַך ברויט... פילן ניט דעם תענוג, האָבן ניט די נאַ־טירלעכע פרייד ביי דעם וואָס זיי טוען איצטער. און דאָס איז אַלץ דערפאַר, וואָס זיי זענען אַהער געקומען זוכן ברויט ביי דער ערד, און ניט צו בויען אַ אידישע היים אויף דער ערד!

אין די אויגן האָט יוסף זיין אומעט כסדר אַרומגעטראָגן. צו לאַנען האָט ער געזאָגט:

— איך קוק דיר נאָך, לאַנע; ביסט ניט די אייגענע וואָס פאַר־איאָרן. ביסט אַ בעסערע ווי פאַראיאָרן; ביסט אויך קליגער ווי פאַראיאָרן. גוט טוסטו, וואָס דו האָסט אויפגעהערט צו קוקן אויף אונדזער זייט.

דערמיט האָט יוסף אָנגעוואונקען אויף דעם, וואָס די לעצטע צייט האָט מען אַלץ אָפטער און אָפטער געקענט זען ביים ברעזער־פעלד אָט דעם שווייגנדיקן, וואָרצלדיקן אָפּשטאַם פון פויער בלוט־און־לענד דעם בעניען פינטשוק. ער איז ניט געקומען צו לאַנען פרעגן, צי זי וויל הילף. ער איז אַריין אין ברעזער־פעלד ווי אין אַן אייגן פעלד, און געזען צו פאַרבעסערן וואו עס איז נויטיק געווען; און איצטער גייט ער זייט־ביי־זייט מיט לאַנען, זעט די תבואה זאָל אַקוראַט געשניטן ווערן; זעט, דאָס פעלד „זאָל דרך ארץ האָבן פאַרן שניידמאַשין.״ אין זיין אייגן פעלד טוען זייער אַרבעט און שווייגן — זיין אַלטער, קרעפּטיקער טאַטע, און די צוויי ברידער.

עס איז פּשוט, אַז אימעצער זאָל לאַנען אַרויסהעלפן; אָבער בע־ניעס הילף איז פונדעסטוועגן אַ מין זויערטייג, וואָס יערט, גייט אויף און שמעקט; יעדער איינער וואָרט, פון דעמדאָזיקן טייג זאָל מען אַ געשמאַקן ברויט אָפּבאַקן... עך, עפּעס טראָגט יעדערער אויף זיינע ליפּן אַ קלוג און צייטיק ווערטל מכוח דעם, און ווייס ניט ווי אַזוי דאָס אַראָפּצולאָזן פון די ליפּן.

— ווי קומט זי צונ׳אים? — פרעגט איינער.

— פאַר בערען פּאַסט זי מער?... — ענטפערט מיט אַ שאלה דער צווייטער.

— זי ווייסט ווי אַזוי אַ בחור צו פאַרדרייען דעם קאָפּ — זאָגט איינע.

— אויב זי פאַרשטייט ווי אַזוי צו לעבן, קומט עס איר; — ענט־פערט די צווייטע.

אַביסל סם האָט זיך געבלעזלט דאָ־און־דאָרטן, זינט מען האָט פאַרזעצט אין תפיסה עטלעכע איבערוואַנדערער; און ברעזערס צוריק־קומען, מיט זיין שטענדיקן שמייכל אויפן פריצייטיק פאַרעלטערטן פנים, האָט אויך געבראַכט צו אַלערליי רייד. ער, וואָווע, האָט אויך

מיט אַ פאַרדעכטיקן שמייכל געקוקט ווי בעניע פּינטשוק האָט זיך דערנענטערט צו זיין פעלד.

— עס ציט איר צום פויער — האָט וואָווע אַ זאָג געטאָן צום אַלטן טאַטן — הלואי קען איך אויף דעם אַלעמען אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט.

לאַנג אַליין איז, נאָך אַ טאָג שווערער האָרעוואַניע אין פעלד, געבליבן זיצן ביי אַ בערגל אָפּגעשניטענע תבואה; געבן איר איז גע־זעסן בעניע פּינטשוק. איןביידן איז געקוואָלן אַ שטילשווייגן; אויף ביידן האָט אין דער פאַרנאַכטיקער שעה זיך אָנגעליינט אַ זיסע מי־דיקייט. קיין חשק ניט געווען צו גיין אַהיים.

לאַנע האָט אים געבעטן בלייבן לעבן איר, באַשר זי פוילט זיך גיין אַהיים; באַשר אינדערהיים וועט זי באַדאַרפן רעדן דאָס וואָס איר איז ניט צום האַרצן, און דאָ איז אַזוי גוט צו שווייגן... זיי זענען געזעסן אַביסל אָפּגערוקט איינס פון אַנדערן; צווישן זיי איז געווען דאָס בערגל אָפּגעשניטענע תבואה. ביידע זענען געזעסן מיטן פּנים צום דאָרף.

— קוקסט צום נייעם דאָרף... יאָ, דאָרטן איז דער נייער דאָרף, בעניע. איך ווייס, דו האָסט פיינט צו רעדן; ביסט גערעכט, בעניע... פונדעסטוועגן ווייס איך, אַז דו טראַכסט אויך פון דידאָזיקע זאַכן, איבער וועלכע מיר קריגן זיך דאָ אַרום. זאָג מיר, דענקסט אויך, ווי יוסף ראַטנער, אַז דאָ אין קרים זאָל ווערן אַזאַ אידישע היים, ווי אידן ווילן עס מאַכן אין ארץ ישראל?

— כ'האָב פון דעם ניט געטראַכט; בין אַהער געקומען צו דער ערד, און פאַר מיר איז איינאַיינציקער דאָרף אויך גענוג.

— און ווי, אויב אין קרים וועלן זיין הונדערט אידישע דער־פער, אַלע נאָנט איינס צום אַנדערן; מען וועט קענען גיין דאָרף־איין, דאָרף־אויס, אַלץ אידישע דערפער?...

— אודאי וואָלט עס געווען גוט.

— דאַרף מען ניט רעדן וועגן דעם אין דער הויך, ווי יוסף ראַטנער טוט עס?

— איך הער וואָס ער רעדט.

— פאַרוואָס רופסטו זיך ניט אָפּ?

— דערווייל איז בילכער דאָס, וואָס בערע וויל; קאָלעקטיוון בויען.

— מיט וועמען ?

— נאָך שניט וועל איך דערקענען מיט וועמען... נאָך שניט, מען וועט זיך ארומטאָן, וועט'ן באַדאַרפן א קוק טאָן, ווער איז ווער... די אידן וואָס קומען איצטער אַהער וועלן שוין ניט ווערן קיין אמת'ע פּויערים, ווי מיר זענען עס געווען; וועלן קומען און אוועק־גיין; באַדאַרף מען זיי אינאיינעם בינדן...

— ביסט גערעכט, בעניע; דו האָסט דאָך אָבער פיינט די אַלע איבערוואַנדערער, געוועזענע קרעמער!

— איך האָב זיי ניט פיינט, ווי בערע מיינט. פאַרוואָס אַריינ־זעצן אין טורמע א מענטשן צוליב דעם, ווייל אים איז אונדזער אַרבעט ניט צו דער האַנט ? צוליב וואָס אַנטרייבן אַהער מענטשן ווי אויף א יאַריד ? די ערד האָט פיינט צו געבן ברויט א מענטשן, וואָס דרייט זיך אַרום אויף איר ווי אויף יענער וועלט.

— וואָס זאָל מען אָבער טאָן מיט אַזעלכע מענטשן ?

— רוסלאַנד איז גרויס; פאַר איעדן איז פאַראַנען וואָס צו טאָן. דיין טאַטע קען קויפן און פאַרקויפן פאַר דער מלוכה; צוליב וואָס אים ברעכן און צעברעכן, ווי מען האָט עס מיט אים געטאָן ?

— רעדסט אויך ווי א קאָנטר־רעוואָלוציאָנער. ווילסט מיר פאַרשאַפן א פאַרגעניגן, רעדסטו אַזוי. דו האָסט דאָך אויך פיינט אַזעלכע מענטשן ווי מיין טאַטע.

— אפשר האָב איך זיי ניט ליב.

— אודאי האָסטו זיי ניט ליב.

— איך וויים נאָר, אַז אין טורמע וואָלט איך זיי ניט פאַר־זעצט.

— אין א קאָלעקטיוו מיט זיי וועסטו גיין ?

— אודאי וועל איך גיין; אויב זיי וועלן נאָר חשק האָבן זיך צו שיידן מיט זייער פאַרמעגן... איך מיין, זיך שיידן מיט די ערד־חלקים; און איך מיין נאָך א סך זאַכן...

— דו וועסט עס טאָן ?

— אַז מיר וועט עס אויסזען בעסער — וועל איך עס טאָן.

וואָס איז מיר דער חילוק איצטער, צי איך שנייד די תבואה פון מיין פעלד, צי פון דיין פעלד? ווען אונדזערע פעלדער וואָלטן זיך געגרעניצט, וואָלט איך אפילו די מעזשע פאַראַקערט פאַר דער ווינ־טער־תבואה, מען זאָל ניט דערקענען וואו דיין פעלד לאָזט זיך אויס, און וואו מיין פעלד הייבט זיך אָן.

לאַנעס אויגן זענען אים נאָכגעגאַנגען בשעת ער האָט גערעדט. ער האָט אויף איר זייט ניט געקוקט; ער האָט די ווערטער אַרויס־געלאָזן פראַנק און פריי אין פאַרנאַכט אַריין. איר האָט אויסגע־וויזן, אַז ער רעדט עס ווי פון חלום. אויף דער וואָר האָט זי ניט דערוואַרט אַזעלכעס פון אים צו הערן. אַזוי פשוט און קלאָר רעדט דער דאָזיקער מענטש אַרויס דאָס, צוליב וואָס מען האָט אַזויפיל ביטערניש אויסגעטרונקען פאַרן יאָר ביי דער ערד. „עס גייט ניט פאַרביי פאַר אים דאָס לעבן גאָר אומבאַמערקט" — האָט לאַנע אַ טראַכט געטאָן. עס חידושט איר, וואָס בעניע רעדט אַזוי ווינציק. דער מענטש, וואָס האָט אַזוי ליב זיין ערד, איז גאָר גרייט אָפּ־צואווישן די גרעניץ פון צווישן מיינס־און־דיינס!...

גאָר אומגעריכט איז ביי לאַנען פאַרפאַלן געוואָרן דער פריער־דיקער איינדרוק וואָס זי האָט געהאַט פון דעמדאָזיקן מענטשן. זי געדענקט זיין פאַרשעמקייט, בעת ער איז אַרויסגעקומען ביינאַכט מיט אַ פעסל וואַסער צו איר גאָרטן אין צייט פון טריקעניש; און ווען ער האָט אָנגעהויבן באַגיסן דעם גאָרטן — האָט זי אונטער־געשטעלט איר נאַקעט לייב, ער זאָל אויף איר לייב אויך גיסן דאָס פרישע וואַסער. אָן אַ וואָרט דאַגעגן, אָן אַן איבעריקן טריט נענטער צו איר, האָט ער פאָלגעוודיק ווי אַ קינד עס געטאָן. אמת, זי האָט אין דער נאַכט געזען ווי זיין פנים האָט געברענט; אָבער ער האָט מיט איר קיינמאָל וועגן דעם קיין וואָרט ניט פאַרוואָרפן מער.

— יאָ, בעניע, — האָט לאַנע ווידער אָנגעהויבן, און דערביי אויסגעשטרעקט איר האַנט צו אים — איך האָב געהערט וואָס דו האָסט נאָרוואָס געזאָגט; איך טראַכט ניט אַנדערש; איך גלויב דיר. אָבער מיר דוכט זיך אויס, אַז מער ניט ווי צווישן אונדזער פעלד און דיין פעלד ווילסטו ניט האָבן קיין פאַרוואָקסענע מעזשע... דו לאַכסט, בעניע... איך רעד נאַרישקייט?

— און אז איך וואָלט דעם אָנהייב געמאַכט צווישן דיינע און מיינע פעלדער, איז שלעכט? איך ווייס, אז דו ווילסט בלייבן ביי דער ערד. מען זעט דאָך ווי די רעוואָלוציע האָט מענטשן איינ־געבראָכן!

— מיך, בעניע, האָט די רעוואָלוציע ניט געדאַרפט איינברעכן.

— ווען ניט די רעוואָלוציע וואָלסטו געווען עפּעס אַנדערש.

— בין איך צופרידן, וואָס איך בין איצטער עפּעס אַנדערש. אָבער איך זע, דו גלויבסט דאָך מיר, אז מיטן גאַנצן האַרצן בין איך צוגעקומען צו דער ערד... פאַראַן אָבער דאָ אַ מענטש וואָס גלויבט מיר ניט, כאַ־כאַ־כאַ...

— האַ, יענער מענטש!

בעניע האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, און איז געבליבן מיט די ווערטער אין האַלדז. ער האָט זיך אָנגעשלאָגן וואוהין לאַנע צילט; נאָר יעדעס מאָל, ווען לאַנע האָט זיך צו אים דערנענטערט, האָט אים אויסגעוויזן ווי זי טוט עס איבער די כחות. ער קען זיך ניט אָפּגעבן קיין חשבון, אָבער אַזוי קומט עס אויס. ער העלפט איר אַרויס וואו ער קען; ווי עס זאָגט אים אונטער זיין געזונטער געמיט.

לאַנע האָט ווי פאַרשטאַנען זיינע מחשבות; גאָר אומגעריכט פאַר בעניען האָט זי אַ פרעג געטאָן:

— איך קלער, ביי אונדז אין דאָרף זענען פאַראַן גענוג שלימ׳־מזל׳ניקעס וואָס פאַלן איבער די אייגענע פיס; מען באַדאַרף זיי אַרויסהעלפן; האָסטו גענומען און אויסגעקליבן דער נאַרישער לאַנע ברעזער אַרויסצוהעלפן...

— איך מעג אויסקלייבן וועמען מיר געפעלט; דיר באַדאַרף מען אַרויסהעלפן; אז ניט, קענסטו אין צוויי יאָר צייט ווערן אַזוי, דו זאָלסט זיך אַליין ניט דערקענען.

— איך ווייס עס; פאַר דעם האָב איך מורא.

— ווי מיר האָבן ביז איצטער געלעבט האָט געטויגט אויף כפּרות. באַנ׳אונדז אין שטוב זענען קיין מיידלעך ניטאָ; אָבער איך האָב געזען באַנ׳אונדז אין דאָרף וואָס פון די ווייבער איז געוואָרן נאָך דער חתונה.

— גוט וואָס דו זעסט עס איצטער אַרויס.

— איך קוק אויף דיר, און טראַכט פון דעם; דאַריבער בין איך אַ פריינט געוואָרן פון דער רעוואָלוציע. אפשר וועט מען אַ סך שלעכטע זאַכן אויסקאָרעגיען... דעריבער אַרט מיר ניט, אויב איך וועל מער ניט זיין קיין באַלעבאָס אַליין פאַר זיך.

— אין שטאָט, ווייס איך, איז די פרוי אַ פרייע געוואָרן; דאָרטן ווערט זי ניט אַזוי צוּבראָכן.

— האַ, האַ, מען טאָר עס ניט רעדן אינדערהויך! די שטאָט... די שטאָט האָט שטענדיק גענומען דאָס בעסטע פאַר זיך; וואָס זי האָט געקענט, האָט זי ביים פויער אוועקגענומען. צי איך ווייס ניט ווי מע האָט געלעבט אין שטאָט, און ווי אין דאָרף? האָב איך מורא, אַז איצטער וועט עס ווידער אַזוי זיין. מירן זיי געבן אונדזער שווער פאַרפּראַצעוועטע תבואה, און זיי אונדז... פאַרשטייסט, אַ פויער איז אַ געדולדיקע זאַך. דער שטאָט־מענטש מיינט, ער איז קליגער פון פויער; זאָל ער זיך מיינען! דער פויער האָט אַזויפיל שכל ווי ער. ניט מער, וואָס דער פויער קוקט און שווייגט; ער ווייסט ניט פון קיין גרינג לעבן; ער ווייסט ניט ווי מען לעבט אויף יענעמס פּראַצע... איך קוק און שווייג; בלינד בין איך ניט. אַז בערע קאָוואַלסקי הייבט אָן מיט זיינע ריידעלעך: „קאָלעקטיוון", „סאָציאַליזם" — זענען עס אויסגעדראָשענע ווערטער. אים איז דאָ בעסער; דאָ איז ער אי שמיד, אי פויער. ער איז מיט איין פוס אין שטאָט.

— זאָג עס ניט, בעניע, איך גלויב אים.

— ער איז מיט איין פוס אין שטאָט, זאָג איך דיר. וואָס האָט ער פאַר די מענטשן וואָס זענען אַהער געקומען, און מיינען, זיי זענען געקומען באַגראָבן דאָס לעבן? אָט ליגט שוין די תבואה באַלד אָפּגעשניטן; מען וועט עס אין אַ פאָר טעג אַרום מעלויטשען; באַלד וועלן זיי אַלע אויסזען אָט ווי די אַוועקגעקוילעטע זאַנגען...

— וואָס־זשע מיינסטו, בעניע, באַדאַרף מען טאָן?

— געווען אַ רעוואָלוציע; אונדז האָט זי געהאָלפן. פּאָגראָמ־שטשיקעס האָבן ביי אונדז די ערד אַוועקגענומען, האָט די מלוכה אונדז געגעבן אַנדערע ערד. מע היט אונדז אָפּ, מער קיין פּאָגראָמען

זאָלן ניט זיין... נו, איז מיר פּריקרע צו קוקן אויף דעם עולם ווי ער ווערט דאָ צעבראָכן! אַזאַ מענטש ווי בערע, ווען מע לאָזט אים —

שוין צום צווייטן מאָל, ווי בעניע פינטשוק האָט דערמאָנט בערעס נאָמען; קיין גוט וואָרט פאַר אים האָט ער ניט. לאַנע קען בעניען ניט חושד זיין, אַז ער רעדט עס אויס קנאה. איבערפרעגן, פאַרוואָס ער האָט פּלוצלונג אָנגעהויבן זוכן אויף בערען חטאים — דאָס האָט לאַנע ניט געוואָלט. דער גאַנצער שמועס האָט פאַר איר געהאַט אַן אַנדער באַדייט. דאָס וואָס בעניע האָט אַזאַ קוק אויף דער שטאָט; דאָס וואָס ער פאַרשטייט, אַז דאָס לעבן אין די אַמאָליקע דערפער האָט ניט געטויגט... איר ווערט דערביי קלאָר, אַז דער פּאַרטאַיעטער, אין זיך פאַרשלאָסענער בעניע, האָט אויף לאַנען אויך אַ געזונטן קוק. „אין אַ פּאָר יאָר אַרום וועסטו זיך ניט דערקענען...״ מיט דעם האָט ער דעם ביטערסטן אמת אַרויסגעזאָגט.

— האָסט, בעניע, פריער געזאָגט, אַז אין אַ פּאָר יאָר אַרום וועל איך זיך אַליין ניט דערקענען... וואָס קענסטו מיר עצה'נען צו טאָן, דאָס זאָל ניט טרעפן?

בעניע האָט אויף דעם ניט געענטפערט. ער האָט צו לאַנען אומגעוועדט דאָס פּנים, האָט צו איר אויפגעהויבן זיינע וואַרימע, ברוינע און אַביסל צעשראָקענע אויגן. ער האָט איר געקענט זאָגן: — אַז ליבע וואָלט איר יונגט געקענט דערהאַלטן; האָט ער דוקא דאָס ניט געהאַט קיין חשק אַרויסצוזאָגן.

ווייל שווער איז דאָס אים געווען צו זאָגן צו אַ מיידל, וואָס צו איר האָט ער אַזוי הויך אַרויפגעקוקט. ווי אַן איבערגעוואַקסענער אינגל האָט ער זיך נעבן איר געפילט, כאָטש טאָג־טעגלעך העלפט ער איר אַרויס ביי דער אַרבעט אין פעלד.

— אַז דו ווייסט, בעניע, אַכטונג געבן, מיר זאָל גאָרניט טרעפן, וועל איך זיך אַזוי אַנידערלייגן אויפן בערגל תבואה, צומאַכן די אויגן און טראַכטן, און חלומ'ען... גוט, בעניע?

לאַנע האָט זיך אויסגעצויגן מיטן פּנים אַרויף אויפן בערגל תבואה, פאַרמאַכט די אויגן, און ווי אין חלום זיך צוגעהערט צו בעניעס נאָרוואָס אַרויסגעזאָגטע איבעררייסענע ווערטער, וואָס האָבן איינ־

איינעם מיט די סוף זומער פליגן געזשומעט אַרום איר צווישן די אָפּ־געשניטענע ווייצנזאַנגען.

בעניע איז פאָלגעווודיק געזעסן, געקוקט צום דאָרף, געציילט די הייזער, ביז ער האָט מיט די בליקן דערגרייכט צו לאַנעס שטוב... ער האָט מיט דער מאַזאָליסטישער האַנט געווישט דעם שווייס וואָס איז אָנגעקוואָלן אויפן שטערן.

* * *

זיס און מיט ריח פון האָניק האָט געשמעקט די נאַכט. דאָס האָבער־פעלד האָט נאָך געהאַלטן אויף זיך דעם אָפּגעשניטענעם האָ־בער; און די גרילן, וואָס האָבן געשפּילט זייער סוף־זומערדיקע ליבע האָבן נידעריק ביי דער ערד זיך געשלייכט צווישן די טונקל־בלויע און וואַרימע פאַלדן פון דער נאַכט.

געווען אַ שטיק פּאַר האַלבע־נאַכט. אין מערב־ראַנד הימל האָט נאָך געריזלט אַן אויסגעבלייכטער ליכט־שטראָם, ווי עס ריזלט וואַ־רימע ליכטיקייט אונטער דער הויט פון אַ ניי־געבוירן, אין טיפן שלאָף פאַרזונקען קינד. די שטערן האָבן זיך איינגעשלייערט אין העלן גרוי, און דער מילכוועג, האָט מען געקענט מיינען, וועט אָט־אָט אויסלערן אַ שטראָם דראָבנע שטערן צום אָפּגעשניטענעם האָבער־פעלד, וואָס שמעקט זיס מיט האָניק־ריח.

לאַנע איז נאָך גאָר אַהיים ניט געגאַנגען. כאָטש זי האָט בע־ניען ניט געזאָגט, אַז זי בלייבט אין פעלד; און כאָטש ער האָט ניט געוואוסט אויף קלאָר, צי זי וואַרט ביים מזרח־ראַנד פון אָפּגעשניטע־נעם האָבער־פעלד, האָט אים, ניט נאָר דער געדאַנק אַנגעוויזן דעם וועג אַהין — זיין גאַנצער גוף איז פול געווען מיט גאָר אַן אַ צאָל אויגן, וואָס האָבן ווייט און קלאָר דורכגעבויערט די נאַכט; ווי ביי־טאָג האָט ער געזען, און נאָך ווייטער אַריבערגעקוקט, ווי די אויגן אין קאָפּ זענען ביכולת צו זען...

און אַזוי אויך לאַנע; איר גאַנץ בלוט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסער אויג וואָס האָט געקענט דורכקוקן די נאַכט. איר

געהער איז פֿאַרשאַרפֿט געוואָרן, מיט יעדן צעל אין איר גוף האָט זי פֿאַרנומען דאָס שפּילן פֿון די גרילן, און געהערט אַפֿילו דעם טרוקענעם זאַנגען־גערויש, ווען דאָס וואַרימע דרום־ווינטל האָט מיט די האַריקע זאַנגען געשפּילט אין די פֿאַלדן פֿון דער נאַכט.

דער ווינט מיט דעם האָניק־ריח האָבן געצויגן אַ לופּטיקע בריק, און פֿאַרבונדן דעם פֿאַראַיאָריקן זומער מיט איצטיקן. איין ברעג פֿון דעם האָניק־זיסן און לופּטיקן בריק האָט זיך אַרויסגעצויגן פֿון איר האַרצן, און דעם אַנדערן ברעג האַלט בערע קאָוואַלסקי. כאָטש עס טוט ווי אַרום האַרצן, ווייל ער, בערע, ציט איצטער אַזוי שטאַרק די לופּטיקע בריק פֿון איר האַרצן אַרויס, אָבער נעענטער צו איר קומט ער ניט. פֿאַרקערט, ער דערווייטערט זיך; און מיטן דערווייטערן — רייסט ער אַלץ מער ביז ווייטיק מיט איר האַרץ...

זי ליגט אויף דער פּלייצע און קוקט אַרויף צום מילכוועג. זי ווערט אָן די קאָנטורן פֿון איר אייגענעם גוף; דוכט איר, זי איז ברייט געוואָרן ווי דאָס גאַנצע האָבער־פֿעלד, זי איז מאַמע־ערד אַליין, און אויף איר ליגט אויסגעשפּרייט אין בינדט דאָס געשניטענע האָבער; די טויזנטער און טויזנטער גרילן האָבן זיך אויף איר לייב אַזוי צעשפּילט; דאָס ליד פֿון שפּעטן זומער שפּילן זיי אויס; אומעט און בענקעניש אין זייער שפּילן... דוכט איר, ביים עק דאָרף, נעבן ברונעם, שטייט בערע; כאָטש ער איז אַזאַ הויכער, שטייט ער פֿונדעסט־וועגן אויף די שפּיץ פֿינגער, ציט זיך פֿון דער ערד, און קוקט אַריבער צו איר האָבער־פֿעלד. ער דערזעט זי; עס חידושט אים וואָס זי איז געוואָרן אַזוי ברייט ווי דאָס גאַנצע פֿעלד. אָבער ער מאַכט ניט קיין איין שריט נעענטער צו איר. ער איז אַליין; ער האָט זיך אָפּגע'גנב'עט פֿון סימקען, פֿון דער קנאָכעדיק־שטאַרקער און מיט זומערשפּרענקלעך באַשאָטענער סימקע קרעטשמער... כאָטש זי האָט אים געבעטן, ער זאָל מיט איר אַרויסקומען אין פֿעלד — איז ער איצטער פֿאָרט אַליין; ער קוקט אַריבער צום פֿעלד וואו לאַנע ליגט...

לאַנע ווייס, אַז אָט באַלד, אָט באַלד וועט מסתמא אָנקומען בע־ניע, דער ברוינער, שטאַרקער געוויקס פֿון מאַמע־ערד; פֿון דער נאַכט וועט ער אַרויסקומען. און ווען ער קומט איר אַנטקעגן — קומט ער

ווי פון איר בלוט ארויס; גלייך ווי זי האָט אים געבוירן דאָ אין קרימער סטעפּ; גלייך ווי אין איר ליב האָט מען געאַקערט און גע־זייעט, און אינאיינעם מיט די ווייצן, האָבער און גערשטן איז ער אויפגעגאַנגען, און ער רעדט צו איר מיט דער שטים פון איר אייגן בלוט! דעריבער שווייגט ער אזוי שטענדיק, ווען ער וואַקסט אויס ביי איר זייט און העלפט איר. ער העלפט איר, ווי אַ קינד העלפט אַ מאַמען; און ווי אַ מאַמע, פילט זי די אייגנגעמאַטערטקייט פון איר קינד — בשעת זי אַליין איז גאָר מיד געוואָרן...

בעניע, בערע און יוסף — — — — — — —

אויך יוסף ראַטנער האָט זיך אַריינגעפּליאָנטערט אין דער זיסער מיט האָניק־ריח אָנגעזאַפּטער נאַכט. אָט גייט ער אום אין פעלד; ער איז אַזוי וואַך!... ער גייט אום מיט גרינגע טריט, גאָרניט ווי יוסף ראַטנער איז דאָס; כמעט ער רירט ניט אָן מיט די פיס די ערד. די אויגן זיינע קוקן אַריבער ווייט, ווייט, אַזש קיין מאָסקווע, וואוהין איר אינגערע שוועסטער ביילקע האָט זיין האַרץ אַוועקגעטראָגן. עס בלייבט שטיין איר אָטעם, ווען דער דמיון שטעלט זי אַוועק פּנים־אל־פּנים מיט יוסף'ן. זי פילט גאָרניט אין אים דעם גוף פון מאַן, כאָטש שווער און אומגעטעשעט איז ער; ווען זי וויל אים, מיטן דמיון, אַריינכעמען אין אירע אַרעמס, זענען זיינע אַרעמס פאַרנומענע... איר שוועסטער, די בלאַסע ביילקע, איז אין זיינע אַרעמס. אָט־אָט רייסט ער זיך מיט ביילקען אָפּ פון דער ערד און טראָגט זיך מיט איר צווישן הימל און ערד. אַזאַ שווערער און אומגעהובלעוועטער איז ער, און אַזוי דין, ווי צום איבערברעכן־דין איז איר שוועסטער; און ער האַלט זי שטאַרק, שטאַרק אין זיינע שווערע אָרעמס... זי קוקט צו זיי ביידן; יאָ איר שוועסטער, און ניט איר שוועסטער... וואָרום זי, לאַנע אַליין, איז דאָך איצטער ווי מאַמע־ערד; אויף איר האָט מען היינט בייטאָג געשניטן האָבער, פון איר ציט עס מיטן זיסן האָניק־ריח... זי און די זומערנאַכט האָבן זיך צונויפגערעדט היינט ביינאַכט צו לאָזן אַלע, אַלע גרילן זאָלן אויסשפּילן אָן אַ שיעור די בענקעניש פון שפּעטן זומער, ווען יעדער וואָרצל וואָס שיקט נאָך אַ גרעזל, צי אַ בלעטל ארויס פון דער ערד, שיקט מיט דעם די בשורה, אַז מאַמע־ערד בענקט שוין ווידער נאָך אַקער און בראָגע, וואָס זאָלן רייסן און ווייך מאַכן

איר ליב, פאַרזייען אויפסניי איר אייגענע ברכה — אירע אייגענע קערנער...

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ, און כאַ־כאַ־כאַכאַ — האָט עס שטיל אין איר געלאַכט, ווען קופּערבּרויִן, אַביסל אַריבערגעבויגן צו איר, איז פון דער נאַכט אַרויסגעקומען דער זון פון מאַמע־ערד, בעניע פּינטשוק...

— שלאָפסט? — האָט געציטערט זיין שטים אין קעל.

זי האָט געהערט ווי ער פרעגט; זי האָט פאַרנומען דעם ציטער אין זיין שטים... זי האָט אים ניט געקענט זאָגן, אַז זי איז איצטער וואַך, ווייל אויף איר האָט מען היינט דעם האָבער געשניטן, דעריבער שמעקט אַזוי זים און מיט האָניק די נאַכט; דאַריבער שפּילן אַזוי אָן אויפהער די גרילן — אַזש די ברעגן פון דער נאַכט וויגן זיך פון זייער שפּילן!

ער האָט זיך נעבן איר אַראָפּגעלאָזן; ער איז געווען באָרוועס, פּונקט ווי אירע פים זענען געווען באָרוועסע. ער האָט מיט די פינגער פון זיינע פים אָנגערירט אירע, און וואַרימער זענען געווען די פינגער פון אירע פים...

— ווייסט, בעניע, דו ביסט מיין זון, און איך — דיין מאַמע; דעריבער זאָלסטו אַזוי נאָנט מיך ניט אָנרירן.

— כאַ־כאַ־כאַ... גוט צו האָבן אַזאַ מאַמע... וואָס זאָל איך מיט מיין מאַמען טאָן? זי קוקט אויף דיר אויך ווי אויף אירם אַ קינד.

— איך בין איצטער ניט קיינעמס קינד; איך בין מאַמע־ערד. איך בין איצטער די זומער־נאַכט. טו אַ שמעק מיין ליב, אָט העכער, נעבן מיינע בריסט, שמעקט עס ניט מיט האָניק?...

— ס׳איז ניט דער ריח פון געשניטענעם האָבער אַליין; עס איז דער ריח פון יונגן, ווילדן קלעווער וואָס איז פאַרגלושעט געוואָרן צווישן האָבער... איצטער גיט ער עס אָפּ מיטן ריח פון שמעקעדיקן, זיסן האָניק.

— געדענקסט, בעניע, די פּאַגראָמען?

— ווען ניט די פּאַגראָמען וואָלט איך איצטער דאָ ניט געווען!

— איך וואָלט דאָ אויך ניט געווען... מיין מאַמען האָבן די

פאַגראָמטשיקעס אויף שטיקער צעשניטן; איז מיט בלוט אָפּגעגאַנגען; דעריבער בין איך אַזוי יונג אַ מאַמע געוואָרן. אפילו פאַרן טאַטן, אפילו פאַרן זיידן בין איך געוואָרן אַ מאַמע... האַ, בעניע, ווי גוט די ערד האַלט מיך אויף איר האַרצן! ווייסט, פריער האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז איך בין אַזוי ברייט, אַזוי שווער, ווי אונדזער האָבער־פעלד; גלייך ווי פון מיר זענען די תבואות אַרויסגעוואַקסן, אַזוי האָב איך געפילט...

— ווען, ווען דו ביסט געווען אַליין?

— איידער דו ביסט געקומען, בעניע. איצטער, אַז דו האָסט מיך אויפגעזוכט; גייסט אַזוי אַרום מיט דיינע הענט איבער מיין לייב, האָסטו מיך אויסגעפונען; בין איך ווידער מענטש, און לייב פון מענטש... זאָג מיר, ווי אַזוי קענען מענטשן ווערן אַזוי בייז, מיט אַזויפיל אכזריות אין די אויגן? לאָז מיר ניט טראַכטן איצטער פון מיין מאַמען... האָ, בעניע, קענען פאַגראָמטשיקעס ווערן רעוואָלוציאָנערן? די, וואָס האָבן געקוילעט אידן... מיינסט, מען האָט זיי אַלעמען דערשאָסן? זענען שוין ניטאָ מער? אידן ביי דער ערד, זאָגסטו, וועלן ווערן שטאַרקער... פאַרוואָס האָסטו זיך, בעניע, פון מיר אָפּגערוקט? אָ, בעניע, האַלט מיך שטאַרק, ביסט דער שטאַרקסטער פון אַלעמען דאָ; מיט דיר בין איך אַזוי זיכער... מיט דיר וועל איך קענען בייקומען די אַלע וואָס לאַכן פון אונדז. האָסט געהערט ווי סימקע מאַכט חוזק פון אונדז? האַ, בעניע, מאָרגן וועסטו זי פרעגן, צי אין מאָסקווער גאַסן קענען בחור און מיידל, אַט אַזוי ליגן אין אָפּגעשניטענעם האָבער, וואָס איז געוואַקסן פון אייגענע קערנער? וועסט זי פרעגן, בעניע... אָ, בעניע, מיט דיר בין איך אַזוי שטאַרק! כאָטש דו ביסט אַזוי גרויס, און איך—אַזוי קליין... כאַ־כאַ־כאַ, ביסט נאָך גאָר ווי אַ קליין קינד... האַ, בעניע, אַ בוים לעבט הונדערטער יאָרן, אפשר טויזנטער יאָרן... דו ביסט נאָך גאָר אַ יונג ביימעלע... דו ווייסט ווער לאַנע איז, בעניע?

— איכ׳ל דיך אויסהיטן, אויף דיר זאָל קיין שטויבעלע ניט פאַלן.

— ביסט אַזאַ גרויס קינד! צוליב וואָס מיך אַזוי אויסהיטן? איעדן פרילינג וועל איך ווערן יונג, ווי דאָס פאַרזייטע פעלד; זומער

וועל איך ווערן אזוי צייטיק ווי איצטער... ווינטער וועל איך אָפּ־שאָקלען די בלעטער... כאַ־כאַ־כאַ־כאַ, בעניע, ביסט נאָר גאָר אַ קינד; דיין מאַמע האָט דיך געפּיעשטשעט; האָסט מסתמא אפשר דריי יאָר געזויגן ביי דער מאַמען, ליגט נאָך דאַריבער דער מאַמעס מילך אויף דיינע ליפּן... שווייגסט? לאַכסט פון מיר? איך פּלאַפּל ווי אַ צעלאָזן מיידעלע. מיך האָט מען אויך צעלאָזן. די מאַמע האָט מיר שטענדיק אויסגעקעמט די האָר און אויסגעפלאָכטן צוויי צעפּלעך; די מאַמע האָט מיך נאָר אין ווייסע, דורכזיכטיקע קליידלעך אָנגעטאָן... די מאַמע האָט מיך געפּיעשטשעט... מיינסט טאַקע, בעניע, די רעוואָ־לוציע וויל ניט, יונגע מענטשן זאָלן זיך ליב האָבן? הערסט ווי עס קלאַפּט מיין האַרץ, בעניע? דיין האַרץ קלאַפּט נאָך שטאַרקער... האַ, בעניע, פאַרוואָס האָסטו ניט קיין שוועסטער?

— די מאַמע האָט נאָר געבוירן אינגלעך.

— כאַ־כאַ־כאַ...

— לאַכסט פון מיר?

— איך לאַך... יאָ, בעניע, פאַראַיאָרן האָב איך שטאַרק, אַזוי שטאַרק געבענקט נאָך דיר!

— האָסט דאָך מיך ניט געקענט.

— דערפאַר האָב איך נאָך דיר אַזוי געבענקט... אָ, בעניע, דיינע ליפּן זענען געזאַלצן, יאָ, אַזוי געזאַלצן דיינע ליפּן, כאַ־כאַ־כאַ... עסט מסתמא ברויט מיט זאַלץ... יאָ, בעניע, אַז דו וועסט נעמען אַ ווייב, וועסטו האָבן מיט איר אַ סך, אַ סך קינדער; אַלע יאָר אַ קינד... פאַרוואָס ווישסטו אָפּ מיט שטרוי די ליפּן דיינע? ווילסט ניט איך זאָל פילן ווי זיי זענען געזאַלצן?... זעסט, בעניע, די שטערן אויפן מילכוועג — קענסט דאָך אויסשטרעקן די האַנט און אַ טרייסל טאָן דעם הימל; טו דאָס, בעניע... מיט איין האַנט; די לינקע האַנט איז גענוג; און די רעכטע האַנט... האַ, ווען האָסטו זי געוואַשן, ווייך גע־מאַכט? יאָ, בעניע, וועסט שטענדיק נאָך אַ טאָג אין פעלד שייערן די הענט מיט זאַמד און וואַסער, די הויט זאָל זיין ווייכער; וועסט עס ניט פאַרגעסן?

— קיינער האָט עס מיר ניט געלערנט.

— איך ווייס, פֿאַראיאָרן אויך; יוסף, בערע האָבן פֿאַרנאַכט געשייערט די הענט מיט זאַמד און וואַסער. איצטער טוסטו דאָס...

— דו וועסט עס מיר ניט באַדאַרפֿן הייסן צו טאָן.

— וועסט שטענדיק אַזוי, ווען אַפילו דו וועסט האָבן קליינע קינדער ביי דיין ווייב אויפֿן האַנט?

— האַ?

— איך פֿרעג דאָך דיר, בעניע, פֿאַרוואָס מיינט מען, די רעוואָ־לוציע וועט זיין גוט נאָר צום אמת'ן האַרעפּאַשניק? האַ, דו ביסט ניט קיין רעוואָלוציאָנער? רעד ניט, בעניע; איך ווייס וואָס דו האָסט מיר אָנהייב זומער געזאָגט; דערפֿאַר האָב איך דיך ליב גע־קראָגן. דערפֿאַר האָב איך נאָך שטאַרקער ליב געקראָגן די ערד. וועסט איר מאָרגן זאָגן, סימקען, אַז אין מאָסקווע וואַקסט ניט קיין האָבער אין די גאַסן. וועסט איר זאָגן, אַז דער פֿויער זייעט די קער־נער אין זיין אייגענעם ליִיב... דעק מיך צו, בעניע; מיר איז קאַלט... איך גלויב די רעוואָלוציע וועט פֿאַרט די שלעכצקייט אויסראָטן. יוסף איז גערעכט; דאָ אין קרים וועט אויסוואַקסן אַ אידישע היים, אַלע אַזעלכע געזונטע ווי דו, בעניע.

— ווי דו, לאַנע.

— ניין, איך בין ניט שטאַרק, בעניע.

— ביסט שטאַרקער פֿון אַלע מיידלעך וואָס איך קען.

— ניין, בעניע; איך בין ניט גאָר שטאַרק. אין מיר לעבן נאָך אַלטע שרעקן. אין מיר לעבן נאָך די אַלע אויסגעקוילעטע וואָס איך האָב אַזוי יונג באַדאַרפֿט צוזען. איך האָב אַליין אַראָפּגעטריבן אַ געלן הונט וואָס איז געשטאַנען מיט די פֿאָדערשטע פֿיס אויף אַ טויטן, דער'הרג'ט אידן, און געגריזשעט זיין רעכטן אויער... דעק מיך צו, בעניע, מיר איז אַזוי קאַלט געוואָרן!

— איך ווייס, אַ מענטש קען עס ניט פֿאַרגעסן. אָבער איך זאָג דיר, מער וועט עס ניט געשען. איך זאָג דיר, אַנדערע מענטשן וואַקסן איצטער דאָ; אַנדערע אידן. ווען עס וואָלט יעמאָלט געווען אַ סך ווי אונדזערע — אָ, אָ, ווער וועט עס קענען קומען, מאַכן

פּאַגראַמען אויף אונדז, אויב דאָ וועלן זיין אַרום־און־אַרום געזונטע אידן, האָרעפּאַשנע מענטשן ביי דער ערד? ! דו האָסט גוט פאַר־שטאַנען צו אַנטלויפן אַהער, כאָטש דיין טאַטע האָט זיך דיר נאָכ־געשלעפּט.

— האַ, דו האָסט פיינט מיין טאַטן?

— איך האָב אַזעלכע אידן קיינמאָל ניט ליב געהאַט.

— מיינסט ניט, איצטער איז אויף אים אַ רחמנות?

— יאָ, איך זאָג ניט, אַז מע באַדאַרף ניט רחמנות האָבן.

— אויף מיר האָסטו רחמנות, בעניע, אמת?

בעניע האָט אויף דעם ניט געענטפערט; ער האָט קיין באַלדיקן ענטפער ניט געפונען. לאַנגעם דערציילן פון איר אַמאָליקע שרעקן, האָט אים אויך אַרויסגעפירט פון קרימער, זיסער און מיט האָניק־שמעקעדיקער זומערנאַכט, און פאַרפירט אויף די בלוטיקע פּאָגראָ־מען־פעלדער אַרום זיין דאָרף אין אוקראַינע. נאָר בשעת ער האָט זיך דאָ געזען אויף אַ נייער, באַפרייטער ערד, אין קרייז פון זיינע געזונטע טאַטע־מאַמע און ברידער, אומבאַשעדיקטע, דור פון דור אַרויסגעוואַקסן, גרייטע אויפצושטעלן פרישע, געזונטע דורות — האָט ער לאַנגען פלוצלונג דערזען אין זיין דמיון, אַן אָפּגעריסענע, אַ פאַרבלוטיקט קליין מיידל, וואָס שלאָגט זיך אַרום מיט הונגעריקע הינט, וואָס זוכן מענטשן־פּגרים איינצושטילן דעם בייזן הונגער. אין דער איצטיקער וואַרימער נאַכט, אויפן אָפּגעשניטענעם האָבער־פעלד, איז זי מיט אַמאָל אַזוי קליין געוואָרן אין זיין דמיון — ממש אַן אָפּ־געשניטענער האָבער־זאַנג צווישן מיליאָנען אַנדערע זאַנגען.

ער האָט אַליין ניט געפילט ווי ער האָט זיך אויפגעזעצט, גע־בליבן מיט דער פּלייצע צו איר, צו דער אויסגעלאָשענער לאַנען, וואָס איז נאָך אַלץ געלעגן אויף די אָפּגעשניטענע האָבער. זי האָט זיך ניט געפּרוּווט רירן פון אָרט; געוואַרט, ווי לאַנג בעניע וועט אַזוי בלייבן. זי האָט זיך דערקליבן צו זיינע מחשבות, און עס האָט איר ניט פאַרדראָסן, הלמאי אין מיטן ים פון ליבשאַפט, אין אָרעמס פון דער האָניק־זיסער זומערנאַכט, האָט זי גענומען און אָפּגעדעקט דאָס אַמאָליקע פּאָגראָמען־פעלד; דערציילט, ווי זי האָט געטריבן אַ

הונגעריקן הונט פון אַ דער׳הרג׳עטן אידן. זי וויל אויך ניט, דאָס לעבן אַרום איר זאָל זיך נעבעכן מיט רחמנות־געפילן; זי פאַרלאַנגט ניט, מען זאָל צו איר האָבן רחמנות־געפילן.

— בעניע... — האָט לאַנג שטיל געזופן, ווען עס איז פאַרביי אַ געוויסע צייט, און ער איז נאָך אַלץ געזעסן מיט דער פּלייצע צו איר — בעניע, דו האָסט נאָך קיינמאָל ניט געזאָגט, צי דו האָסט מיך ליב... רחמנות האָסטו אויף לאַנען, יאָ?

בעניע האָט אומגעווענדט דעם קאָפּ צו איר. זי האָט אין דער נאַכט אַרויסגעזען זיין פּנים, און זיינע אויגן וואָס האָבן צו איר גע־קוקט מיט שרעק און תּחנונים.

זי האָט צו אים אויסגעשטרעקט איר האַנט און אָנגערירט זיין אָרעם.

— זעסט, בעניע, דער מענטש איז אַנדערש פון די קערנדלעך, וואָס מען פאַרזייט אין דער ערד; דאָס קערנדל ווערט פאַרפוילט, און פון אים גייט אַרויס אַ שטרוי און אַ זאַנג מיט יונגע קערנער; אַ מענטש געבערט אַלערליי גוטע און שלעכטע זאַכן, און איז נאָך אַלץ ווי געווען. האָב ניט קיין רחמנות אויף לאַנען. לאַנען דאַרף מען ליב האָבן; יעמאָלט איז זי שטאַרק; יעמאָלט איז לאַנע ווי די ערד, וואָס ווערט ניט פאַרפוילט פון געבן צום מענטשן אַזויפיל ברויט... נאָר איצטער בין איך טאַקע אַביסעלע מיד; העלף מיר אויפשטיין, וועל איך גיין אַהיים.

בעניע האָט געשפּירט, אַז ער האָט פאַרפעלט צו געווינען די גרויסע זומערנאַכט פאַר זיך אַליין. ער האָט אָבער ניט געוואוסט ווי צו פאַרקניפּן די איצטיקע שפּעטע שעה פון נאָך האַלבער־נאַכט מיט דעם אָנהייב אָוונט, ווען ער האָט מיט טויזנטער אויגן געזען לאַנען אין פעלד; און ניט איינע — טויזנטער לאַנעס האָבן געשוועבט איבערן שפּעט־זומערדיקן פעלד. ער האָט געוואָלט פאַרריכטן דאָס וואָס איז אומגעריכט צעשטערט געוואָרן, און ניט געוואוסט ווי אַזוי.

ער האָט געפאָלגט: ער האָט פון דער ערד אויפגעהויבן לאַנען; מיט אַ געפיל פון אָפּשיי האָט ער עס געטאָן, ניט אָנצורירן צופיל איר לייב. ווי צוויי פאַרשולדיקטע קינדער זענען זיי געגאַנגען מיט

דעם אָפּגעשניטענעם פעלד; געגאַנגען צום יונגן דאָרף, וואָס איז גע־
לעגן פאַרזונקען אין שלאָף.

## L

דער אומדערוואַרטעטער רעגן, וואָס האָט אַ גאָס געטאָן איבערן
סטעפּ גלייך נאָכן שניידן און אָפּדרעשן די תבואה, האָט אַרויסגע־
בראַכט אַ צאַרטן גרין איבער די בערשטלדיק־שטעכיקע שטרעקעס,
און געוועקט טרויער ביי די האַיאָריקע איבערוואַנדערער, און אויך
ביי פיל פון די אַלט־געזעסענע. אַ שיינעם חלום האָבן די איבער־
וואַנדערער ווידער איבערגעלעבט. די גערעטעניש איז געווען שוין
אַן אויסגעדראָשענע; מען האָט פאַרזוכט פון איר פרישן ברויט, און
ניט פאַר יעדן איז דאָס פרישע ברויט געווען געגנוג בטעמ׳ט. דער
מלוכה האָט מען פאַרקויפט תבואה מיט אַ גוטן ווילן. מעגלעך, די
שטרענגקייט פון דער מאַכט, וואָס האָט מיט אַ פּאָר חדשים צוריק
באַשטראָפט די עטלעכע מוטוויליקע, האָט דערביי געווירקט.

וואָווע ברעזער האָט דאָסמאָל דער מלוכה געטראָגן אַנטקעגן;
ער האָט ניט געוואָלט האָבן אין שטוב קיין תבואה־זאַסיעק; ער האָט
מיט לאַנגען וועגן דעם גאַנצן ענין קיין וואָרט ניט אויסגערעדט.

צום אַלטן יאָשען האָט ער אפילו יאָ פאַרוואָרפן עטלעכע ווער־
טער:

— די טאָכטער האָט מיר איינגערעדט, אַז די מלוכה־פירער באַ־
שטייען פון גאָלע צדיקים, זיי נעמען ביי דיר, און בעטן גאָט פאַר
דיר, כאַ־כאַ־כאַ... איך זע דאָך שוין, אַז מיין קלוגע טאָכטער איז גע־
ווען גערעכט; געדאַרפט געווען פאַראיאָרן זיך אויך צוהערן צונ׳
איר...

דער אַלטער יאָשע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, האָט ניט גאָר
קלאָר פאַרשטאַנען וואָס זיין זון מיינט מיט דעם. ער האָט געשאָקלט
מיטן קאָפּ, מיט עפּעס מסכים געווען.

עס האָט זיך אויך באַצייטנס אַרויסגעוויזן, אַז בלויז געציילטע
איבערוואַנדערער קלייבן זיך אוועק צוריק אין שטעטל אַריין; אָבער
לגבי דעם, זענען גאָר די לעצטע טעג אַריבערגעקומען מענטשן פון

די שטעטלעך, און פולער געמאכט די שיטער־געזייטע משפחות; עס זענען נאך אויך צוגעקומען א עטלעכע קלענערע קינדער.

ביי די אלטגעזעסענע האט דאס אפגעשניטענע פעלד ניט ארויס־גערופן די פאראיאריקע זארג, און מורא צו בלייבן אין וויסטן סטעפ אויף א ווינטערלאנג. דאס דארף האט זיך כמעט באפעסטיקט אויף דער ערד; אין קרייז ארום, צו מזרח, צו צפון זענען אויסגעוואקסן צענדליקער נייע דערפער, און דעם טעם פון אייגענעם פארהארעוועטן ברויט האט מען שוין פארזוכט. עס האט צומאל אויגעזען, אז אין דער דערנענטערונג מיט מאמע־ערד איז שוין פאראן א טראפעלע ליב־שאפט, און אויך א טראפעלע געטריישאפט.

נאך פאר צוויי זומערן איז מען שווערער געווארן, און דידאזיקע „שווערקייט" האט ארויסגערופן זארג:

— נישט אויף ברויט אליין לעבט א מענטש — — — —

א סטאדע קינדערלעך, קלענערע און גרעסערע, זענען פראנק־און־פריי אומגעלאפן אויף סטעפישער רחבות, האבן פון קאפ ארויס־געווינטיקט דאס געדעכעניש פון געוועזענער היים און שטאט; צייט געווען א טראכט צו טאן פון א תכלית סאי פאר די קינדער, און סאי פאר די דערוואקסענע: „מען זאל נישט פארגרעבט ווערן ווי די ערד..." די־א זארג האט שוין אויף זיך געטראגן צייכנס פון פאר־זייטער און אויפגעגאנגענער האפנונג פאר די גלויביקע און שטארקע; א באווייז, אז מען שפאנט פארט בארג־ארויף.

געווען פארנאכטצו; ביי זייטשיקן אין דער פוסטער שטוב האט מען זיך צונויפגענומען, געזעסן אויף די צוויי אייזערנע בעטלעך וואס האבן דארט געזשאווערט. יוסף און בערע זענען תחילת אליין אריינגעקומען, האבן געשמעקט די לופט:

— שמעקט נאך מיט קאניוך, מיט פערדהענדלער — האט בערע א זאג געטאן — רעכט אויף אים, אויב ער האט נאך געקלערט אפ־נארן דער מלוכה! אט־דא וועלן מיר האבן די שול פאר די קינדער; און דארטן, אין קאמער — דאס לייענשטיבל וואס זאגסטו, יוסף?

יוסף האט אויף דעם ניט געענטפערט. אים האט געחידושט, ווי בערע נעמט אן אויף זיין קאפ די קולטורעלע דאגות:

— ווייזט אויס, עפּעס האָט דער האַרטער מענטש פּאָרט גע־לערנט פאַר דער צייט — האָט יוסף געטראַכט.

— וואָס שמייכלסטו, יוסף? — האָט בערע אָנגעקוקט יוסף׳ן דיר אפּנים גלויבט זיך ניט, אַז מיר ווען ווינטערצו האָבן אַ שול פאַר די קינדער. עס איז דאָך אַ פאַראָרדענונג פון דער מאַכט, אַז וואו סע זענען פאַראַן צוואַנציק קינדער, זאָל מען עפענען פאַרזיי־ערטוועגן אַ שול.

— איך וויים עס, בערע; נאָר איך וויל דיר זאָגן דעם אמת, כאַ־כאַ־כאַ... איך טראַכט, אַ איד איז פּאָרט אַ איד; זאָל אפילו זיין אַ אידישער רעוואָלוציאָנער.

— מיר אַרט ניט, אויב דו קוקסט אויף מיר ווי אויף אַ אידן.

— ניט אַבי־ווי אַ איד, בערע; איך מיין דעם אידן, וואָס באַ־גרייפט, אַז ניט נאָר אויף ברויט אַליין לעבט דער מענטש. דאָס איז געווען די אידישע מעלה פון אַלע צייטן אָן, וואָס אפילו אין גרויסער אָרימקייט האָבן טאַטע־מאַמע געוואָלט, די קינדער זאָלן קענען לערנען.

— מיינסט אודאי דיין תורה; איך מיין אונדזער תורה.

— כאַ־כאַ־כאַ!

— וואָס לאַכסטו?

— ביסט אייפערזיכטיק, בערע, טאָמער האָט נאָך אימעצער ליב די רעוואָלוציאָנערע תורה! איך פאַרזיכער דיר, בערע, איך וואָלט זיך די גאַנצע צייט מיט דיר ניט געקריגט, ווען דו זאָלסט פון סאַמע אָנ־הייב אָן ניט געלייגט אַזויפיל דיין רעוואָלוציאָנערן געוויכט אויף די דעקלאַסירטע אידן. ווען איך האָב פאַראיאָרן אַמאָל פאַרוואָרפן אַ וואָרט וועגן קולטור און פאַרגרעבטקייט, האָסטו דאָס ניט געוואָלט ליידן; האָסט חושד געווען, פון מיר רעדט אַרויס דער אינטעליגענט, וואָס קלייבט זיך ווידער רייטן אויפן האַרעפּאַשניקס פּלייצע. מיר איז שווער צו זען ווי אַ דור ווערט פאַרגרעבט; די ערד וואָלט מיר מיאוס געווען, אויב אויף דער ערד, וואָס די מלוכה האָט געגעבן אידן, זאָל ווידער בליען די פּויערשע, דורות׳דיקע פאַרגרעבטקייט. צוליב דעם באַדאַרף מען ניט טרייבן אידן פון שטעטל, זיי זאָלן קומען זיך באַזעצן אויף דער ערד פאַרגרעבט צו ווערן.

— דוכט מיר, דו רעדסט צו דער זאַך, נאָר פונדעסטוועגן ברענגסטו שטענדיק אַרויס דיינע געדאַנקען ווי אַ קאָנט־רעוואָלוציאָנער; אַזוי ביסטו, אַזוי זייט איר אַלע...

— ווער נאָך?

— אַזוי רעדט לאַנע; אַזוי רעדט אַפילו אַ געבוירענער פויער...

יוסף האָט אויף דעם ווידער ניט געענטפערט; וועגן אַזעלכע ווי בערע קאָוואַלסקי האָט יוסף געהאַט זיין מיינונג; ער האָט געוואוסט, די צייט וועט קומען און וועט ברענגען דידאַזיקע בערעס פּנים־אל־פּנים מיט דער רויער ווירקלעכקייט. יוסף'ן איז אָבער אַריין אין קאָפּ דאָס, וואָס בערע האָט דערמאָנט לאַנעס נאָמען, און מיטן פויער, האָט ער אודאי געמיינט דעם מיטלסטן פינטשוקן. יוסף באַמערקט, ווי בעניע פינטשוק האָט די לעצטע צייט אַריינגעוואָרפן בערען אין אַ צעטומלעניש: בעניע פינטשוק האָט צו אָפט גענומען רעדן פון קאָלעקטיוון. דער פשוט'ער פויער־יונג מיינט עס מיט אַן אמת! קען זיין, דערפאַר האָט בערע פּלוצלונג גענומען רעדן פון קולטור.

רעדסט אַזוי זעלטן מיט אים, מיט בעניע פינטשוקן, מיין איך— האָט יוסף ווי צו זיך אַ זאָג געטאָן.

— מיט אים האָב איך ניט פון וואָס צו רעדן — האָט בערע טרוקן געענטפערט.

— מעגסט אויף אים זאָגן וואָס דו ווילסט, אָבער קענסט אים ניט חושד זיין, אַז ער איז געקומען צו דער ערד ווי אַ פרעמדער גאַסט איבערצונעכטיקן; ווען בערע קאָוואַלסקי און יוסף ראַטנער וועלן שוין זיין אין דער גרויסער שטאָט, וועלן שוין האָבן לאַנג פאַרגעסן קרים, און אַלע גוטע און שלעכטע צייטן, וועט אַזאַ בעניע פינטשוק זיין דער פירער פון אַ גרויסן קאָלכאָז.

בערע איז געבליבן צעטומלט פון יוסף'ס לעצטע ווערטער; דאָס בלוט האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַריין. ער האָט פאַמעלעך געוואָלט צעקייען יוסף'ס רייד, אָבער אין דער אייגענער רגע זענען אַריינגעקומען סימקע, לאַנע, לוי בירמאַן, בעניע פינטשוק און דער אַגראָנאָם לערנער.

בערע האָט באַמערקט לאַנעס מונטערן פּנים; זיינע בליקן זענען אויך געפאַלן אויף בעניע פינטשוקן. „אַ שלעכטע פּאָר" — האָט

בערע אַ טראַכט געטאָן — פאַרוואָס קלעפּט זיך ניט צו צונ׳איר דער אַגראָנאָם לערנער? זיי פּאַסן זיך אַזוי איינער פאַרן אַנדערן...״
— האָט בערע ווייטער געטראַכט. און כאָטש בערען איז געוואָרן ענג מיט זייער אָנקומען, האָט ער זיך פונדעסטוועגן אָנגענומען מיט כוח, און געוואָלט אָנהאַלטן דעם שמועס וועגן איינאָרדענען די שול פאַר די קינדער אין זייטשיקס שטוב.
— איך רעד דאָ מיט יוספ׳ן; צייט אַ קלער צו טאָן מכוח די קינדער — האָט בערע אָנגעהויבן — פאַראַן אויפן ערד־חלק איבער צוואַנציק קינדער; די־אָ שטוב קלערן מיר פאַרנעמען.
— דערווייל קען די שטוב זיין גוט — האָט לערנער געזאָגט — ביז וואַנען די נייע איבערוואַנדערער וועלן אָנקומען וועט מען זי טאַקע פאַרנעמען. אָבער מיט דער צייט וועט מען באַדאַרפן מויערן אַ גרעסערע שול פאַר די קינדער.
— איצטער ווערט שוין אויף אַן אמת אומעטיק — האָט אומ־געריכט מיט אַ געוויסער פאַררינסנקייט, סימקע אָנגעהויבן — פריער, ווען עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אהער קומען מיר נאָר אויף איבערנעכטיקן, איז דאָס מיר געווען געפעלן. פאַראַיאָרן איז געווען גוט. איצטער האָב איך עס פיינט!...
סימקעס רייד זענען ניט געווען גאָר אומגעריכט; זינט זי איז אַראָפּגעקומען, הערט זי ניט אויף צו רעדן אַנטקעגן אידנס איבערגיין צו דער ערד. פונדעסטוועגן איז איצטער פאָרט געווען פאַר אַלעמען אַ חידוש אירע לעצטע ווערטער.
בערע האָט אַ נעם געטאָן סימקען פאַרביידע הענט און האָט זי אַ גוטן טרייסל געטאָן; איר האַלב־אָפּגעשפּילעטע ראָזע בלוזקע האָט זיך כמעט אינגאַנצן פאַנאַנדערגעעפנט, און אָפּגעדעקט צוויי רונדע, וואָגיקע בריסט; ס׳האָט געפּאַסט צו איר ברייט־קנאָכיקן, מיט זומער־שפּרענקלעך באַשאָטענעם פנים.
ביי סימקען האָט אויפגעזאָדן דאָס בלוט; זי האָט זיך באַ־פרייט פון בערען, פאַרדעקט מיט ביידע הענט די בריסט, און געוואָלט ארויס דרויסן.
לאַנע האָט איר פאַרשטעלט דעם וועג:
— אַנטלויף ניט, מען באַדאַרף דיך דאָ האָבן... ביסט אַראָפּגע־

קומען אַהער אימעצן צו פאַרנעמען פון דאָרף, כאַ־כאַ־כאַ, בלייב בעסער דאָ מיט אונדז! דיין שטוב שטייט דאָך דאָ; אין דער שטוב וועסטו נעמען אַ מאַן, און האָבן קינדער. דיין געזונטן גוף דאַרף די שטאָט ניט האָבן!

ביי סימקען האָט זיך צעפלאַמט דאָס פּנים, די אויגן האָבן געשפּיזלט מיט פייער; שווער געווען אויפצוכאַפּן, פאַרוואָס זי איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי אויפגערעגט. עס האָט אין איר געברויזט; זי האָט זיך געריסן אַרויסצוזאָגן דאָס, וואָס עס האָט זיך אויפן האַרצן אָנגעקליבן.

— איך וויים — האָט סימקע אָנגעהויבן אויפגערעגט — איר האַלט מיך דאָ פאַר אַ צעשטערעקע, ווייל איך זאָג אַרוים דאָס, וואָס איך טראַכט... קוק ניט אויף מיר אַזוי, לאַנע; איך מיין קיינעם ניט קיין שלעכטס! מיטן אַלטוואַרג האָב איך ניט וואָס איינצו׳טענה׳ן. די נויט האָט געבראַכט אַהער צו טרייבן די אַלטע טאַטעס און מאַמעס; די שטאָט באַדאַרף זיי איצטער מער ניט. אויף די זאַוואָדן קוקט מען אויף זיי אויך ניט אוים; וועלן זיי שוין דאָ דערשלעפּן די לעצטע יאָרן. אָבער די יוגנט, פרעג איך, צוליב וועמען און צוליב וואָס באַגראָבט זי דאָ די בעסטע יאָרן?! נאָך קיין אַנדערהאַלבן יאָר ניטאָ זינט מען איז אַהער געקומען, און איר זענט אַלע געעל־טערט געוואָרן; איר זענט דאָ געוואָרן שווער ווי גרודעס ליים. אַנטלויפט פונדאַנען כל זמן ס׳איז נאָך ניט שפּעט! לויף פונדאַנען, לאַנע; פאַר דיינעטוועגן האָט די רעוואָלוציע עפּעס בעסערס צוגע־גרייט...

אַ ווײַלע איז מען געבליבן צעטומלט. ענטפערן האָט מען סימ־קען געדאַרפט; אָבער וואָס צו ענטפערן איז אויף דער הייסער מינוט ביי קיינעם ניט אַרויסגעקומען. מען האָט זיך דורכגעוואָרפן מיט בליקן.

בערע איז גאָר געפּלעפט געוואָרן פון אירע רייד; ס׳האָט אים אויך צעטומלט סימקעס אָפּגעדעקטע ברוסט, אין וואָס ער איז שולדיק געווען. פונדעסטוועגן האָט זיין פליכט גובר געווען. אויף זיין שטייגער איז ער דער ערשטער אַרויסגעקומען.

— חבר׳טע קרעטשמער — האָט זיך בערע שטרענג אויסגע־

גלייכט — פאַר אַזעלכע רייד ווערט מען באַשטראָפט; ס'איז קאָנטר־רעוואָלוציע!

— יאָ־יאָ — האָט זיך לוי בירמאַן צעשריען — אַ פאַרברעכן אַזוי צו רעדן צווישן איבערוואַנדערער, וואָס זענען אַהער געקומען מיטן גוטן ווילן; אַז מענטשן בויען, שלאָגט זיי ניט איבער די הענט!

— זי מעג אַרויסזאָגן וואָס איר קוועטשט — האָט יוסף גע־קלאַפּט בערען איבער דער פּלייצע — מאַך ניט אַלץ פאַר קאָנטר־רעוואָלוציע; פאַרן ביסל נחת האָבן מיר דאָ גוט באַצאָלט.

— איר האָט דאָ דערפאַר גאָרניט געקראָגן?! — האָט בערע אויסגעשריען.

— באַדאַרפסט מיר, בערע, ניט דערמאָנען וואָס מיר האָבן געקראָגן; איך זאָג אויך, אַז אידן זענען בעסערס ניט ווערט. אגב, סימקע, דאָרטן, אויף די זאַוואָדן, וואַרט דעם אידן אויך ניט קיין בעסערס!

— אומעטום זענען פאַראַן צעשטערער — האָט בערע גערעדט מיט רוגזה — אויף די זאַוואָדן זענען אויך פאַראַן גענוג צעשטערער!

— האָט ער זיך געווענדט צו סימקען — וועסט אין שטאָט אויך ניט זיין צופרידן; אַ סימן, דו האָסט זיך אין שטאָט ניט געקענט אויסלעבן, און ביסט אַהער ווידער אַראָפּגעקומען. אָבער דאָ איז דיין אָרט; בלייב דאָ זיצן; טראָג זיך ניט אַרום ווי דער ווינט פון שטאָט צו שטאָט... מיינסט, עס איז נאָך אַלץ בירגערקריג?

בערע איז ווידער צוגעגאַנגען צו סימקען, האָט זי אַרומגענומען. זי האָט זיך אָבער פון אים מיט אימפּעט אַרויסגעריסן, און אַוועק דרויסן.

אָן ווערטער זענען נאָך איר אַרויס בערע און יוסף.

לוי בירמאַן האָט זיך מיט די הענט אַ פּאַטש געטאָן אין ביידע באָקעס, ווי מיט אַ פּאָר פליגל, און אויסגעשריען:

— דאָס אייגענע איז מיט מיין מינען; רק די שטאָט, גיב זיי די שטאָט... מיר איז דאָך ליבער אין שטויב צו ליגן באַגראָבן. אוי, אידן, פאַרוואָס לויפט איר ניט פון שטאָט אין פעלד אריין?!

די דאַזיקע ווערטער האָט לוי בירמאַן צו קיינעם ניט גערעדט; ער האָט די ווערטער אַרויסגעשריען גלאַט אין דער וועלט אַריין, איידער ער איז אַרויסגעלאָפן דרויסן. זיינע ווערטער זענען געבליבן הענגען אין די פיר ווענט פון זייטשיקס פאַרדומפּענער שטוב.

לערנער, וואָס האָט כמעט די גאַנצע צייט געשוויגן, איז געווען צופרידן וואָס ער איז איבערגעבליבן אַליין מיט לאַנען און בעניע פינטשוק. ער האָט איצטער, ביי דער זייט פון בעניען, ווי צום ערשטן מאָל באַטראַכט לאַנען. ער האָט געוואָלט דערקענען, צי דאָס, וואָס סימקע האָט פריער געזאָגט צו לאַנען, האָט אויף איר געמאַכט אַן איינדרוק. ביי דער זייט פון בעניע פינטשוקן האָט לאַנע איצטער אויסגעזען אַ סך קלענער.

לאַנע האָט אונטערגעכאַפּט לערנערס מחשבות; מיט אַ גוטן שמייכל האָט זי זיך געווענדט צו לערנערן:

— נו, חבר לערנער, אַז איר וועט באַזעצן אַלע אידן ביי דער ערד און אויסבויען אַלע דערפער, וואָס וועט איר יעמאָלט טאָן — בלייבן מיט אונדז, צי איר וועט אַוועק זוכן אייער מזל אין מאָסקווע?

פון לאַנעס אומגעריכטער פראַגע איז לערנערן געקומען דאָס בלוט אין פנים; ער האָט תיכף ניט געענטפערט.

— איך וויל ניט, חבר לערנער, איר זאָלט מיר אויף דעם ענטפערן; איך ווייס, עס איז ניט איידל געווען דאָס צו פרעגן באַנ'אייך.

— אדרבה, איר, חבר'טע ברעזער, האָט עס געמעגט פרעגן; איך בין אויפריכטיק און זאָג, אַז מקנא צו זיין אייער לעבן דאַרף דערוויייל קיינער ניט. פאַר דער צייט וואָס איר זענט דאָ, האָט איר קיין סך ניט צוגעוואונען. ווען זי האָט זיך אויסגערעדט, אַז אין שטאָט איז דעם אידן בעסער, האָט זי געוואוסט וואָס זי רעדט. אָבער איך בין זיכער און איך גלויב, אַז נאָך אַ יאָר, נאָך אַ יאָר, די סאָוועטנמאַכט וועט זיך אַביסל אַרומטאָן אַרום די זאַוואָדן, וועט זי אַראָפּקומען אין די דערפער, הייבן דעם מצב פון די דערפער. אויב דער ניט־אידישער פויער איז איצטער אויך ניט צופרידן, האָט מען

דאָך באַנ׳אים עפּעס צוגענומען. דעם אידן האָט מען ביי דער ערד אַלצדינג געגעבן! ער קאָן האָפן אויף אַ בעסערער צייט.

— וואָס זאָגסטו אויף דעם, בעניע?

לאַנע האָט עס געפרעגט. און ווי אַ מאַמע, וואָס וויל הערן אַ חכמה פון איר גערעטן קינד, אַזוי האָט זי געוואָלט איצטער פון בעניען הערן אַביסל שכל׳דיקע רייד, טאָקע לערנער זאָל עס באַנעמען און אין הארצן מיטפילן איר, לאַנען.

— אויף דיין חבר׳טע קרעטשמער האָב איך גאָרניט וואָס צו זאָגן — האָט בעניע געזייט דורך די ציינער — פּאַראַיאָרן האָט זי געבויט אַ שטוב, און האָט אין איר ניט חתונה געהאַט, דאַריבער איז זי אַנטלאָפן. איצטער איז זי ווידער דאָ; וואָס איצטער איז מיט איר, איז ניט מיין דאגה צו זאָגן. איך וויל נאָר, אַז אַלע די, וואָס ווילן צוריק אין שטאָט אַריין, זאָלן זיי לויפן וואָס־פריער.

— לערנער האָט זיך צעלאַכט:

— איך פאַרשטיי, ווי אַזוי אמת׳ע פּויערים קוקן אויף די דע־קלאַסירטע איבערוואַנדרער.

— זי זאָגט, אַז פאַר לאַנע ברעזער האָט די רעוואָלוציע עפּעס בעסערס צוגעטראַכט... גנבים און זשוליקעס זוכן דאָס גרייטע; פאַר דעם, וואָס וויל ניט, אימעצער זאָל פאַר אים אייננטונקען אַ האַנט אין קאַלט וואַסער, פאַר אים האָט מען גאָרניט צוגעגרייט. איך פאַרשטיי וואָס די רעוואָלוציע האָט אָפּגעטאָן. זי האָט דעם דערנידעריקטן מענטשן אויפגעהויבן פון דער ערד; זי האָט דעם דערנידעריקטן אידן אויך אויפגעהויבן פון דער ערד און אַנידערגעשטעלט אויף די פיס; נאָר איך וויים, פאַרן דאָרף וועט די שטאָט אַזוי גיך ניט זאָרגן... אָבער דער דאָרף קען שוין פאַר זיך אַליין זאָרגן! אַז עס וועט זיין אַ שול פאַר די קינדער, זיי זאָלן ניט אומלויפן ווי די ווילדע קיזשיקעס; עס וועט זיין אַ קאָלעקטיוו, די שוואַכערע זאָלן ניט פאַלן פון די פיס, וועט עס דערוויל זיין געגנוג פאַרן דאָרף.

און צו לערנערן גלייך אין פּנים אַריין האָט בעניע געזאָגט:

— איר ווילט דאָך אודאי, דער דאָרף זאָל קריגן אַ שטאָטיש

פנים; צוליב וואָס איבערמאַכן דעם מענטשן ביי דער ערד, ער זאָל ווערן שטאָטיש? וואָס, ער איז אפשר צו ערלעך?

— דאָס זענען אמת'ע רייד, חבר פינטשוק; גוט, וואָס איר זענט ניט דער איינציקער איצטער ביי דער ערד... און איר, חבר'טע ברעזער, איר האָט מיר פריער געפרעגט: צי נאָכדעם ווי איך וועל באַזעצן אידן ביי דער ערד, צי איך וועל יעמאָלט וועלן בלייבן מיט אייך דאָ... וויל איך, איר זאָלט ווּיסן, אַז מיטן וואוקס פון דער אידישער היים ביי דער ערד, וועט אייער אָגראָנאָם וואַקסן; און טאָמער וועט מיין ארבעט זיין ארויסגעוואָרפן, יעמאָלט וועט לערנער דער אגראָנאָם ווערן אַ זעמדעלע צווישן זאמד. איך בין ניט געקומען באַזעצן אידן ביי דער ערד, מאַכן פון שטאָטישע אידן גראָבע פויע־רים. איך בין געקומען העלפן בויען פאַר אידן ביי דער ערד אַן אייגענע נאַציאָנאַלע היים, וואָס דאָס איז דער ווילן פון דער סאָוועטנ־מאַכט.

לאַנען האָט פון ביידנס רייד פארקלעמט ביים הארצן. זי האָט איצטער ניט געוואָלט, די צוויי מענער זאָלן דערוויילע פון נאָך עפּעס רעדן. לאַנע האָט אָנגעהויבן צו באַטראַכטן די ווענט:

— איך וועל די ווענט אויסקאַלכן; און איר, חבר לערנער, זאָלט דאָ אָנידערלייגן אַ הילצערנעם דיל, כדי ווינטער זאָל די קינדער ניט זיין קאַלט אין די פיס. חבר פינטשוק וועט ערגעץ קריגן ביימ־לעך און פאַרזעצן פאַר די פענצטער; שיין, פאַר אַ שול זאָלן וואַקסן ביימלעך.

אין דער אייגענער צייט האָט לאַנע דערפילט אַ מידקייט אין די פיס; זי האָט זיך צוריק אָנידערגעזעצט אויפן אייזערנעם בעטל, געקוקט צו בעניען, וואָס איז אויך ווי אויסגעלאָשן געוואָרן.

לערנער האָט לאַנען און בעניען אַ רגע באַטראַכט, און שטיל געזאָגט:

— ווער עס איז דער ערד אַ פריינט, אים איז די ערד אַ מאַמע... אַן אגראָנאָם באַגרייפט עס... קומט דרויסן, איך וויל נאָך באַצייטנס אָוועקפאָרן.

— יאָ, חבר לערנער, דאָס איז אַ גרויסער אמת — האָט לאַנע בלאָס געשמייכלט אויף לערנערס זייט.

לערנער האָט לאַנגען אויפגעהויבן פון בעטל און אַרויסגעפירט אונטערן אָרעם דרויסן. בעניע איז שטיל און שווער נאָכגעגאַנגען...

# LI

ביים ראַנד פון זלמן קאָסאָיס צעאַקערטע פעלד זענען געזעסן עטלעכע איבערוואַנדערער פון עלטערן עולם. ער, זלמן קאָסאָי, איז אויפגעשטאַנען פון אַ שטאַרקער פאַרקילונג און איז אַרויסגעקומען צום פעלד, וואָס גוטע חברים האָבן אויפגעאַקערט פאַר דער ווינטער־זריעה ווען. די טונקעלע פלעקן אויפן סטעפּישן פנים האָבן פאַר־בונדן דעם אָנהייב הארבסט מיט די ראַנדן הימל וואָס זענען נענטער געוואָרן. די זון האָט זיך אַריבערגעקליבן פאַרגיין צום לינקן מערב־ראַנד, נענטער צו דרום. אַן אומעט האָט זיך געשפּרייט איבערן סטעפּ.

עס איז ניט געווען פאַר קיינעם קיין סוד, פאַרוואָס אַזאַ אומעט האָט געפּרעסט דאָס לעבן אין דעם בין־השמשות פון שניט און דרעשן — ביז צום נייעם אַקערן און בראַנעווען. ניט ווייל דער זומער איז אַוועק, און דער ניט גאָר ווייטער ווינטער האָט אַרויסגעקוקט צו די, וואָס האָבן געשפּאַנט נאָך דעם פּאַוואָלעדיקן אָקסן־געשפּאַן און אומעטיקן אַקער; ווייטע און נאָנטע גרוסן זענען אָנגעקומען פון דער ווייטער און פאַרט נאָך אַזוי נאָנטער שטאָט. גרוסן, וואָס האָבן דערציילט פון ניי לעבן, פאַבריק און אַרבעט, און פאַרבאָרגענעם האַנדל. אַזעלכע גרוסן האָבן געווירקט. דוקא אין דער צייט, ווען געזונטע פרייד האָט באַדאַרפט יעדן איינעם אַרומנעמען, קרעפטיקן די האָפענונג, וואָס מען האָט געבראַכט צו דער ערד — איז גאָר אַנשטאָט דעם, ווי אַ מין ווידערוואוקס, פון דער ערד אַרויסגעקומען אַ בענ־קעניש, און געריסן ביי יעדן אבר. אויגן האָבן פאַרבלאָנדזשעט ווייט, ווייט אַריבערן פעלד.

גרוסן — — —

פונוואַנען זענען די גרוסן געקומען?

אַז מען וויל, האָט מען געקענט זאָגן: צום אידישן איבערוואַנ־דערערס אויער זענען געקומען גרוסן פון גאָר אַלטע צייטן, ווען אַ

ניי אָרט איז ניט געוואָרן קיין זיכערע היים פאַר אידן; האָט פאַרן אידן געמיינט בלויז נאַכטלעגער, ווייל דער נייער טאָג האָט קיין שלוה ניט געבראַכט; סאַי־ווי וועט מען זיך באַלד ווידער באַדאַרפן לאָזן אין וועג אַריין...

— מיר זענען פאַרטריבן געוואָרן אין גלות ווי אין די צייטן פון ירמיהו...

דאָס האָט דאָך אַמאָל אַ זאָג געטאָן אַן איבערוואַנדערער, וואָס האָט אָפּגעשטעקט אַ באַזוך אין דאָרף. און נאָך עפּעס האָט ער געזאָגט:

— מען גיט אייך ערד, אָבער אויף דער דאָזיקער ערד וועט סאַי־ווי פאַר אייך קיין היים ניט זיין; באשר אידן און היים איז ווי איינער וואָס טרינקט זיך אין חלום, און זעט אַ וויספּע פאַרביי־שווימען פאַר די אויגן...

אַזאַ פאַרנאַכט איז דאָס געווען, ווען דער אומעט האָט געלאָזט דאָס האַרץ זיך אויסרעדן. זינט צו זלמן קאָסאָי איז אַראָפּגעקומען זיין שווערע אידענע, האָט ער אָנגעהויבן אַביסל אונטערקרענקען. זיינע וויציקע רייד זענען אויסגעווינטיקט געוואָרן; בכלל האָט ער די לעצטע צייט ליב געהאַט אימעצער אַנדערש זאָל רעדן, און ער זאָל בעסער הערן:

— עס איז נישט דאָס, חברים, — האָט קאָסאָי אָנגעהויבן, — די ערד וויגט זיך אונטער דעם אידנס פיס! איך וואָלט וועלן, אימע־צער זאָל מיר געבן צו פאַרשטיין דעם חילוק צווישן גוי און איד: פאַרוואָס דער גוי, אַוואו ער זאָל זיך נישט אַוועקזעצן, איז ער ווי אַ שטיין, נישט צו רירן פון אָרט; און דער איד, ווי אַ קוועקזילבער קען ער נישט איינשטיין אויף אַן אָרט? אָט דערציילט מען ווידער מעשיות פון דער שטאָט; כאָטש לאָז אַלץ־מיט־אַנאַנדער און לויף פונדאַנען!

— ווייל אַהער איז מען געקומען נאָר צוליבן שטיקל ברויט, און מער ניט; קומט דאָס שטיקל ברויט אָן צו שווער. אין שטאָט באַדאַרף מען ניט אַקערן, בראָנעווען און זייען, אויסקוקן דעם רעגן, און ברענען אין דער זון חדשים־לאַנג, כדי מע זאָל דערלעבן אַ שטיקל אייגן, שלעכט־אויסגעבאַקן ברויט. אין שטאָט, ווען סע איז פאַראַן

פאַרוואָס, גייט מען אַריין אין אַ קראָם און מע קויפט דאָס שטיקל ברויט...

דאָס האָט נאָטע קרעטשמער געזאָגט און דערביי צוגעגעבן:

— די אינגערע ווייסן דוקא יאָ וואָס זיי ווילן; ביי זיי איז נישט נאָר דאָס שטיקל ברויט דער עיקר. סאָציאַליזם, אַ אידישע היים — דאָס איז שוין מער ווי אַ שטיקל ברויט. איז גערעכט דער אינגערער זון ראַטנערס, יוסף, וואָס ער טענה'ט; און גערעכט איז דעם שמידס זון, אונדזער עלטסטער, וואָס ער טענה'ט. מיין טאָכטער ווידער טענה'ט מיט מיר איין, איך זאָל זיך נעמען צוריק צו מיין בעקעריי; זאָלן שוין אַנדערע, זאָגט זי, מאַכן קאָרן און ווייץ פאַר מעל; פאַר דיר, זאָגט זי, וועט זיין געגוג, דו זאָלסט באַקן ברויט, כאַ־כאַ־כאַ.

— דער יונגער עולם זיצט אויך נישט אויף אַן אָרט; קומען גרוסן, אַז פון אַ סך דערפער קלייבט זיך דאָס יונגוואַרג אַנטקעגן ווינטער אַוועק אין שטאָט אַריין, זוכן עפּעס גרינגערס.

— אידן האָבן כסדר געזוכט עפּעס גרינגערס, און אויסגעקומען איז דאָס שווער.

— הלואי וואָלט איך איצטער געווען מיט אַ פערציק יאָר אינגער, איך וואָלט מיך שוין צו די שטאָטישע גרוסן נישט איינגעהערט.

אַזוי האָט פּאַמעלעך געטריפט די רייד צווישן די עלטערע; געטריפט צו דער ערד און אויסגעוועפּט אין האַרבסטיקן פאַרנאַכט.

ג ר ו ס ן — — —

די יוגנט האָט אויך דערהאַלטן גרוסן פון שטאָט. סאַי בערע און סאַי יוסף ראַטנער האָבן אַזעלכע גרוסן געקראָגן פון דער שטאָט; און לאַנען האָבן אויך די דאָזיקע גרוסן ניט אויסגעמיטן.

אַ בריוול האָט לאַנע דערהאַלטן פון ביילקען. די אינגערע שוועסטער רעדט צו לאַנען ווי צו אַ אינגערער, באַשר זי, ביילקע, איז פאַר דער קורצער צייט אין שטאָט אויסגעוואָקסן. זי מאַכט חוזק פון לאַנען, וואָס האָט זיך פאַר'משפּט „אויסגעטריקנט צו ווערן אין סטעפּ..." דאָס וואָלט שוין לאַנען שטאַרק ניט געאַרט, ווייל דאָס איז

ניט צום ערשטן מאָל, וואָסביילקע שרייבט צו איר און זאָגט איר מוסר.

אָבער אין לעצטן בריוו צו לאַנען איז יוסף ראַטנערס נאָמען אויך אַריינגעפּלאָנטערט. דאָס האָט תחילת לאַנען שטאַרק צעטומלט. „זאָג יוספ'ן,—שרייבט ביילקע,—אַז איך ווייס וואָס ער קלערט. זאָג אים אַז איך בין איצטער עלטער און דערפאַרענער. אויב ער וויל מיר באַווייזן, אַז ער טראַכט טאַקע פון מיר, זאָל ער קומען צו מיר. קענסט אים זאָגן, אַז איך בין אים איבערגעגעבן; איך וועל עס אים אַרויסווייזן, אויב ער וועט קומען...״

א וואָך צייט האָט לאַנע זיך געוואָרגן מיטן בריוו. זי געטרויט ניט איר שוועסטער. פונדעסטוועגן, כאָטש אין תוך איז איר יוסף איצטער א סך נענטער ווי איר אייגענע שוועסטער, פילט לאַנע, אַז זי האָט ניט קיין רעכט אויסצובאַהאַלטן פון יוספ'ן דאָס, וואָס איר שוועסטער שרייבט. ניט דערפאַר וואָס צווישן לאַנען און איר אייגע־נער שוועסטער זענען געווען פאַרוויקלט געפילן פון איפערזוכט; ניין, דאָס אודאי ניט. ווען איר שוועסטער ביילקע וואָלט פאַרקניפּט איר לעבן מיט יוספ'ן ביי דער ערד, וואָלט עס לאַנעס לעבן א סך פולער געמאַכט. אין איצטיקן מאָמענט קען זיך לאַנע ניט אָפּגעבן קיין חשבון, ווי אַזוי פאַראיאָרן וואָלט זי געקוקט אויף בערען, ווען צווישן איר און יוספ'ן וואָלט ניט געשטאַנען איר אינגערע שוועסטער. אָבער דאָס איז דאָך געווען אַמאָל — גאָר אַמאָל, כאָטש איין יאָר איז אַוועק פון יענעם אַמאָל; פאַר דעם יאָר איז דאָך לאַנע שוין ניט די אייגענע. ניין, ניט קיין געפיל פון קנאה האָט לאַנען ניט דער־לאָזן צו באַווייזן תיכף יוספ'ן ביילקעס בריוו. לאַנען האָט געשראָקן דער געדאַנק, אַז יוסף קען נעמען און אַוועק אין שטאָט. „אַזעלכע ווי יוסף בויען; דאָ, ביי דער ערד, באַדאַרף ער זיין, דאָ זאָל ער בויען...״ דאָס האָט לאַנע צו זיך אַליין גערעדט.

מער ווי א וואָך האָט לאַנע ניט געקענט אויסבאַהאַלטן דעם בריוו. זי האָט יוספ'ן פאַררופן צו זיך, בשעת קיינער איז ניט געווען אין שטוב. געווען אַרום האַלבן טאָג.

ווען יוסף האָט געלייענט דעם בריוו, האָט לאַנע אים אָנגעקוקט, געפאָרשט וואָס פאַר אַן איינדרוק ביילקעס גרוס מאַכט אויף אים.

זי האָט באַמערקט, ווי אַ ראָזע פאַרב בליט אויף אין זיינע באַקן; זי האָט באַמערקט, ווי די ווארימקייט פון זיינע באַקן פאַרשווינדט און אַ בלוילעכע בלאַסקייט ריזלט איבערן פּנים; זי האָט באַמערקט, ווי זיינע טונקל־ברוינע אויגן ווערן ברייטער: יוסף קוקט צו די ווערטער אין בריוו, אָבער זיינע מחשבות זענען ווייט פונדאַנען. לאַנע האָט ניט איבערגעשלאָגן זיינע מחשבות; האָט גאָרניט געפרעגט; געוואַרט, ביז ער אַליין וועט קומען צו זיך און זאָגן עפּעס וועגן דעם.

יוסף האָט אַריינגעלייגט דעם בריוו אין קאָנווערט אַריין, אים איבערגעגעבן צוריק לאַנען. ער האָט מיט דער שווערער האַנט געווישט דעם שווייס, וואָס האָט אים אַרויסגעשלאָגן אויפן שטערן, און שטיל געזאָגט:

— איך וואָלט, לאַנע, וועלן הערן דיין מיינונג וועגן דעם...

— מיר איז שווער צו רעדן וועגן דעם, יוסף; ניט נאָר צוליב דעם, וואָסביילקע איז מיינע אַ שוועסטער. דיין גורל, יוסף, איז מיר ניט ווינציקער נאָנט. וואָס־ווייטער זע איך אַרויס, אַז צו דיר האָבן מיר זיך פון סאַמע אָנהייב געמעגט צוהערן; אפילו בערע, וואָס האָט פּאַראַיאָרן געלאַכט פון דיר, הייבט אָן צו רעדן מיט דיינע ווערטער.

— כאַ־כאַ־כאַ — האָט יוסף אַ לאַך געטאָן — נו, אויב אַזוי, מעג איך דאָך שוין טאַקע אוועקפאָרן פונדאַנען!

— לאַך ניט, יוסף; צום ווינציקסטן זענען מיר דאָ עטלעכע חברים, וואָס האָבן אַמאָל צייט אַריינצוקוקן איינער דעם אַנדערן גלייך אין די אויגן אַריין. איך פאַרשטיי, אַז דו קוקסט נאָך לאַנען, באַדויערסט וואָס פון איר איז געוואָרן פאַר די אָנדערהאַלבן יאָר...
איך קוק אַמאָל נאָך יוסף ראַטנערן, און באַטראַכט אים אויך אויף מיין אופן. איך פרעג נאָר: וואָס אַרט זיי דאָרטן אין שטאָט, אויב מיר האָבן פאַר זיך אויסגעקליבן דעם סטעפּ? פאַרוואָס קומט זיי אויס, אַז מיר טריקענען דאָ, מיר גייען דאָ אונטער, אין דער צייט וואָס מיר האָבן זיי שוין צוויי מאָל געשיקט אונדזער ברויט? ווען פאַר מיינע און דיינע אויגן, יוסף, איז אויסגעוואָקסן אונדזער דאָרף, און אַרום אונדז אַ סך אידישע דערפער! עס איז דאָך אַ גרויסער

אַנהייב, יוסף! און וואָס עס איז שייך די ערד, און אַ מיידל וואָס הייסט לאַנע... איך קען זיי מיינע איבערלעבונגען ניט איבערגעבן. איך בין דער ערד איבערגעגעבן און פאַרליר זיך אין איר, און ערשט יעמאָלט שפּיר איך, ווי איך און די ערד לעבן ביידע איבער טריקע־ניש און שלאַקסרעגן... אָ, ווי דורך מיר און מיין האַרצן גייט אויף די זריעה, יוסף!... פאַרוואָס שווייגסטו, יוסף? ווילסט טאַקע אוועק פונדאַנען צוליב ביילקען?

יוסף איז נאָך אַלץ ניט געקומען צו זיך פון ביילקעס גרוס צו אים. אַ געוויסע צעשטרייטקייט איז אָנגעשטאַנען אין זיינע אויגן. אין אמת'ן האָט ער מיטן גאַנצן האַרצן איצטער באַגערט צו בלייבן אַליין, איבערקלערן און איבערלעבן אַליין מיט זיך די אומגעריכטע פּאַסירונג; אָבער אין דער אייגענער צייט האָט ער שוין לאַנג ניט געהאַט קיין געלעגנהייט אַזוי נאָענט צו זיין מיט לאַנען, און האַרץ־צו־האַרץ מיט איר רעדן. ער איז זיכער, אַז לאַנע טראַכט געוויס איבער וועגן אים און ביילקען; זי פרעגט אודאי ניט איינמאָל: „וואָס האָט זיך דער נאַר איינגעקליאַפּעט אין דער ביילקען?...‟

יוסף האָט באַשטימט ניט אָנצורירן איצטער דעם ביילקע־ענין; ער וועט בעסער איבערגיין צום שמועס, וואָס לאַנע האָט פריער אָנגעהויבן:

— איך האָב גוט געהערט, לאַנע, וואָס דו האָסט נאָר־וואָס געזאָגט. איך טראַכט, ס'איז דאָס שענסטע וואָס אַ יונגע פרוי קען איבערלעבן ביי היינטיקן טאָג. איך זאָג: ביי היינטיקן טאָג, ווייל די רעוואָלוציע, וואָס האָט געהאַט די צוויי צילן פאַר זיך, אַפּריער צו צעשמעטערן דאָס אַלטע און דערנאָכדעם — אָנהייבן בויען אַ ניי לעבן אויף נייע, באַפרייטע יסודות... איך זאָג דיר, לאַנע, אַז קיינער האָט נאָך דערווייל ניט באַוויזן די גרעניץ צווישן אַלט און ניי, צווישן חורבן און בויען. ווייס איך אויך ניט, אויף וויפל מיר, יונגע מענטשן, קינדער פון דער רעוואָלוציע, באַדאַרפן פריער צעשמעטערט ווערן, ביז מיר וועלן באַנייט ווערן... מיר, יונגע, זענען דאָ צונויפגעטריבן געוואָרן אינאיינעם מיטן אַלטן דור, וואָס איז פאַר־משפּט געוואָרן צום אונטערגאַנג; פונדעסטוועגן בויט דאָך דער אַלטער דור אינאיינעם מיט די יונגע; און מיר דוכט זיך אויס,

אַז ביי די עלטערע איז פֿאַראַן מער אמונה אין דעם נייעם לעבן בײַ דער ערד, ווי ביי די יונגע... „וואו איז דאָ דער אמת?״ — פֿרעגט סטו. אודאי, לאַנע, זאָג איך דיר, אַז מיר אידן ווערן דערווייל מער צעשטערט, ווי אויפגעריכט. די, וואָס זענען אַנטלאָפֿן צוריק אין שטאָט אַריין, האָבן עס געטאָן, מחמת זיי איז באַפֿאַלן אַ פּחד פֿאַר דער ערד. אין שטאָט טומלען זיי זיך צווישן די געזעמלען. אידן זענען צעריבן אויף שטויב; שוין אַ סך דורות אַז מיר זענען ווי שטויב. איז אונדז איצטער שווער זיך אָנצוהייבן פֿילן ווי אַ גאַנץ פֿאָלק, ווי אַ געזונט פֿאָלק. אודאי, לאַנע, אידן האָבן דאָך באַדאַרפֿט טאַנצן און שפּרינגען פֿאַר שמחה אויף דער באַפֿרייטער ערד, וואָס די רעוואָלוציע גיט זיי מיט אַזאַ ברייטער האַנט! דאָ האָבן זיי באַדאַרפֿט זיין; און פֿונדאַנען אַריבערשרייען צו די וואָס אין שטאָט: „אַנטלויפֿט פֿון לעצטן יאַריד, קומט אַהער צו דער ערד, און לאָמיר אינאיינעם ווערן אַ גאַנץ, געזונט פֿאָלק!...״ נו, קומען זיי, אַנטלויפֿן צוריק אין שטאָט אַריין, און רופֿן אונדז אַריבער צו זיך... קוקסט מיך אָן, לאַנע? טראַכסט אודאי: ווי אַזוי קומט עס, וואָס אַזאַ מיידל ווי ביילקע האָט גענומען, אויסגעריסן מיינע וואָרצלען און אַרויסגעשליידערט צום דרויסן, דער ווינט זאָל זיי טריקענען...

— איך פֿרעג עס דיר ניט, יוסף, — האָט לאַנע שטיל געזאָגט,— ניט דערפֿאַר, וואָס ביילקע איז מיין שוועסטער, ווייל איך אויף איר קיין שלעכט וואָרט ניט זאָגן; ניט דערפֿאַר, יוסף. דאָס, וואָס דו האָסט מיר איצטער געזאָגט, באַגרייף איך שוין אַליין, און איך פֿאַרשטיי; איך פֿרעג קיין קשיות ניט קיינעם — פֿאַרוואָס ער איז איינגעליבט אין דער אָדער אין יענער מיידל. איצטער אַרט מיר נאָר אויף אַזויפֿיל, אויף וויפֿל מיין שוועסטער רופֿט דיך פֿונדאַנען; איך וויל וויסן, ווי דו קוקסט אויף דעם.

— האָסט מורא, אויב איך וועל פֿאָרן צו איר קיין מאָסקווע, וועל איך דאַרטן בלייבן?

— איך ווייס איצטער אַליין ניט פֿאַר וואָס איך האָב מורא; קען זיין, נאָך אימעצער צו דיר וועט אויך געפֿינען אַ תירוץ, און אַוועק אין שטאָט אַריין.

— נאָך אימעצער? ווער איז דאָס?

— איך קען עס דיר ניט זאָגן.

— יוסף האָט אָנגעשטעלט אויף לאַנען זיינע אויגן, געוואָלט אויספאָרשן וועמען זי מיינט.

— אפשר דו, לאַנע, אפשר קלייבסטו זיך גאָר אוועק צוריק אין שטאָט?

לאַנע האָט געשמייכלט און אָנגעקוקט יוסף'ן.

— לאַכסט פון מיר, לאַנע...

— חלילה; איך טראַכט נאָר, אַז אין שטאָט האָט די יוגנט מער צייט אויף אויסצופירן ליבעס... צי קען מען שוין ליב האָבן אָזעלכע פיס און אָזעלכע הענט, יוסף?

לאַנע האָט צו אים אויסגעשטרעקט אירע באָרוועסע פיס, און באַוויזן די מאָזאָליעס אויף די הענט.

— יאָ, יוסף, — האָט לאַנע ניט געוואַרט, וואָס יוסף וועט אויף דעם זאָגן, — איך זע, איך האָב מיין שוועסטער גאָרניט געקענט. איר פאַרשלאָסענעם כאַראַקטער האָב איך גאָר אַנדערש פאַרשטאַנען. כאָטש דער סטעפּ האָט זי ניט פאַרכאַפּט, האָט זי אָבער געוואוסט וואָס זי וויל. איז אויף גאַנצענע נעכט פאַרפאַלן געוואָרן; און גיי טרעף, אַז די בלאַסעביילקע זוכט פאַר איר ליבע אַ ברייטערע בעט ווי די־אָ, כאַ־כאַ־כאַ... אין סטעפּ איז זי פרייער געווען . דאָס איז די יוגנט, יוסף. מיר זענען שוין ביידע אַלט געוואָרן; אמת, יוסף?

— ביסט אויך ווי דיין שוועסטער יונג; אפשר נאָך אינגער. דו טראָגסט דעם יאָך ווי מיר אַלע... אָ, דו געפינסט צייט ליבעס אויסצופירן!

לאַנע האָט זיך פאַרשעמט; זי האָט יוסף'ן אָנגעכאַפּט פאַר אַן אויער און אים צוגעצויגן צו זיך:

— אַלטער דזשאַד, דו, — האָט זי אים אומגעוואָרפן אויפן בעט — שלעפסט אויף זיך אַן גרויסע אמת'ן און ווערסט אונטער זיי געבויגן... צי וואָלט מיר שלעכט געווען, ווען ביילקע וואָלט ניט פון נחום'ען, נאָר פון דיר וואָלט זי טראָגן אַ קינד; זי וואָלט עס פון זיך ניט אַרויסגעריסן, ווי זי האָט עס געטאָן... איך ווייס, דעם אינגערן קאָוואַלסקי האָט זי פיינט. איך ווייס עס, יוסף. פאַר צונ'איר קיין מאַסקווע, באַוויז, אַז דו ביסט שטאַרק און יונג; פאַר און

ברענג זי אהער, ווי די צוקינפטיקע מאַמע פון דיינס אַ קינד! אַט אַזוי, ווען דו פאָרסט און ברענגסט זי אַהער, טרעט איך אייך ביידן אָפּ די־אָ שטוב!...

— און דו?

— פאַר מיר, יוסף, זאָלסטו ניט דאגה'נען. לאַנע ווייסט וואו זי איז. לאַנע וועט ווי אַ צווייג אַרומשמעקן פרעמדע ווענט... פאָר קיין מאָסקווע, יוסף, ברענג זי אויפן ווינטער צוריק אַהער. זי האָט דיין האַרץ אָוועקגעטראָגן; פאָר און ברענג אַהער צוריק דיין האַרץ, יוסף!

לאַנע האָט גערעדט, און איר שטים האָט אַזוי לויטער געקלונגען. יוסף האָט זי אָנגעקוקט, און איז געווען מלא חידוש פון איר גאַנצן אויסזען. ער האָט ביי זיך געזוכט געראָטענע און גוטע ווערטער צו באַלוינען לאַנען פאַר די קלוגע רייד.

„זי טרעפט דאָך וואָס מיט מיר איז" — האָט ער געטראַכט — „אַלץ אמת, ביילקע האָט דאָך פאַרשלעפּט מיין האַרץ קיין מאָסקווע..."

יוסף'ן איז גאָר ניט איינגעפאַלן איצטער אַ קוק צו טאָן נענטער אויף לאַנען, און דערקענען אין אירע אויגן אַזאַ פייערל, וואָס צינדט זיך אָן אין די אויגן נאָר יעמאָלט, ווען דערביי איז פאַראַן דער ווינט, וואָס בלאָזט אויף דאָס פייער אין בלוט.

לאַנע איז פלוצלונג אַריבער צום פריערדיקן שמועס:

— יאָ, יוסף, ביסט גערעכט. די רעוואָלוציע האָט צעשטערט דעם מענטשס אַלטע וועלט. די צעשטערונג איז איר גרינגער אָנגעקומען ווי דאָס בויען... אָ, הלואי וואָלט זי עס געקאָנט באַווייזן, און וואָס־גיכער אויפבויען אונדזערע נייע וועלטן. די יוגנט קוקט אַריבער קיין מאָסקווע, קיין כאַרקאָוו, קוקט צום גרויסן, אָפענעם לאַנד; דו, יוסף, האָב איך מורא, ביסט דאָ אויך ניט מיט דיין גאַנצן האַרצן. ניט נאָר צוליב ביילקען אַליין ציט עס דיך פונדאַנען...

— דאָס איז אמת, לאַנע. וואָס מיך שרעקט דאָ, איז פשוט און פראָסט: מיר ווערן דאָ פאַרגרעבט! די רעוואָלוציע מיינט אודאי ניט, אידן זאָלן ביי דער ערד פאַרגרעבט ווערן. און אויב מיט דעם שכל פון אַזעלכע בערע קאָוואַלסקיס וועט דאָ די רעוואָלוציע בויען אין אידישן דאָרף אַ נייע קולטור, וואָלט איך שוין ליבערשט געוואָלט

אין שטאָט אַריין, פאַרשווינדן אין דער ניט־אידישער וועלט, און פאַרשפאָרן צו טראָגן אויף זיך דעם נאַציאָנאַלן יאָך.

— מיינסט, אַזוי וועט עס שוין בלייבן?

— ניין, לאַנע. איך גלויב, די רעוואָלוציע, וואָס איז געקומען אויפצוהייבן פון שטויב אַלע דערנידעריקטע פעלקער, וועט ניט אויס־לאָזן דאָס אידישע פאָלק... זאָג מיר, לאַנע, ווער נאָך פאָרט קיין מאָסקווע?

— ווער נאָך? אַ סימן, דו פאָרסט!!

— איך ווייס נאָך ניט; געווענדט אָן דיר; ווי דו וועסט מיר הייסן, אַזוי וועל איך טאָן.

— וועסט פאָלגן?

— יאָ, לאַנע.

— פאָר קיין מאָסקווע!

— די וואָרצלען אונדזערע זענען ווידער אויפדרויסן אָפּגעדעקט. אפילו דיינע וואָרצלען, לאַנע, האָט נאָך מאַמע־ערד ניט פאַרנומען צו זיך.

— פאַרזיי, יוסף, די ווינטער־תבואה, און פאָר קיין מאָסקווע!

יוסף האָט אָנגעשטעלט אויף לאַנען אַ פּאָר צעטומלטע אויגן; לאַנע איז איצטער פאַר אים געווען נאָך אַ גרעסערע רעטעניש...

## LII

די לעצטע צייט בלייבט בערע קאָוואַלסקי גאַנץ אָפט שטיין אינמיטן פעלד, קוקט פונוווייטנס אַריבער צום דאָרף, און עס איז אים גלייך ווי מיטן פנים צו זיך וואָלט ער געבליבן שטיין, באַטראַכט וואָס פון אים איז געוואָרן פאַר דער צייט, זינט ער איז געקומען קיין קרים צו דער ערד. בערעס חשבון הנפש.

בערע קאָוואַלסקי, אָט דער גלייכער און שטאַרקער יונגער שמיד, וואָס קען אַזוי ניט סובל זיין די דעקלאַסירטע, שטעטלשע אידן, וואָס קומען צו דער ערד ווי פאַר׳משפּט׳ע אָפּצוקומען אַ שטראָף, — ער, בערע, ווייסט, אַז אים און זיין גלייכן האָט די רעוואָלוציע אַרויסגעפירט אין לעבן אַריין, באַפוילן צו ווערן די פירער, די בויער

פון א נייער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, וואו מענטש זאָל מענטש מער ניט אויסנאָגן זיין בלוט; וואו מענטש זאָל מער ניט קענען לעבן אויף זיין מיטמענטשנס קאַרק. סאָציאַליזם הייסט עס. בערע האָט אָן ווערטער איינגעשטימט, און איז אַוועק אין לעבן אויף דער רעוואָלוציעס באַפעל. ביז ער האָט פאַרדינט צו קריגן זיין אָרט אויף א באַפרייטער ערד, איז ער אין בירגערקריג געגאַנגען; גע־האַלפן פאַרטרייבן די פּאָגראָמשטשיקעס; געהאָלפן פאַרטרייבן די, וואָס האָבן מיט שווערד און קאַנאָנען־פייער געוואָלט אומקערן צו דער גרויסער רוסלאַנד די אַלטע, רשעות׳דיקע ממשלה.

איצטער וויל בערע קאַוואַלסקי בויען, און באַגעגנט אומעטום אַזויפיל שטערונג. פון האַמער האָט עס אים געצויגן צום סערפּ; און געטראַכט האָט ער, אים וועט געלינגען ביי דער ערד צו פאַר־אייניקן האַמער מיט סערפּ אינאיינעם. האָט ער זיך גאָר ביי אַלעמען פאַרשוואַרצט דאָס פּנים; פאַר זיינע אמת׳ן, רעוואָלוציאָנערע אמת׳ן, האָט ער כמעט פון קיינעם קיין ליבע ניט געקראָגן.

— וואָס וועט זיין ווייטער? — פרעגט ער אַליין ביי זיך, ווען ער באַטראַכט פונוויטן דאָס דאָרף — אידן זענען גרויסהאַלטער; אפילו ווען זיי טוען שוין עפּעס, איז דאָס אויך ניט פון גאַנצן האַרצן... וואָס וויל איך דען פון זיי? איך וויל, זיי זאָלן אויספאָלגן וואָס די רעוואָלוציע פאַרלאַנגט! א מענטש זאָל ניט כסדר אינזינען האָבן זיך אַליין — אָט וואָס די רעוואָלוציע פאַרלאַנגט פון זיי... נו, כאָטש נעם א האַמער און קלאַפּ אַרויס פון זייערע קעפּ די אַלטע גענגעלעך זייערע...

אמת, קיינער איז בערען ניט חושד, אַז ער פאַרלאַנגט עפּעס פאַר זיך; אַז דאָס וואָס ער טוט — איז נאָר צוליב זיין אייגענער טובה־וועגן.

זיין מאַמע האָט שוין דערויף די אויגן אויסגעקלאָגט:

— מיין זון, א רעוואָלוציאָנער איז אויך א מענטש; א רעוואָלו־ציאָנער מעג זיך אַליין אויך האָבן אינזינען. מעגסט טאַטע־מאַמע אויך האָבן אינזינען. ביסט געעלטערט געוואָרן; קוקסט זיך אפילו ניט אום אויף דיין גאַנצן הילוך.

זיין מאַמע רייזל האָט שוין מורא געהאַט אפילו צו דערמאָנען,

אַז מיט די דאָזיקע רייד איז זי אויסן לאַנען — הלמאי ער האָט זיך דערוווייטערט פון אַזאַ געראָטן מיידל וואָס האָט אים ליב געהאַט... בערע האָט עס אָבער גוט פאַרשטאַנען, כאָטש ער האָט ניט געוואָלט אפילו אין געדאַנק פאַרקניפּן זיינע פּערזענלעכע גוטע און שלעכטע מינוטן מיט אַזאַ אָדער אַן אַנדער מיידל. ער פילט, אַז די רעוואָלוציע האָט אים אַרויסגעהויבן און אַנידערגעשטעלט מיטן פּנים צו אַ גרויסער צייט, באַפוילן אים צו בויען אַ נייע וועלט... נו, זענען די הענט ניט בכוח צו בויען ווי ער פאַרשטייט; אַלץ צוליב דעם, וואָס מענטשן זענען, לויט זיין שכל, „מיאוסע ברואים". אַז ער דערמאָנט זיך אָן די עטלעכע איבערוואַנדערער וואָס זיצן אין תפיסה צוליבן ניט־וועלן אויספאָלגן די באַפעלן פון דער סאָוועטנמאַכט, ווערט אים ענג אַרום הארצן.

— ווער זענען די דאָזיקע מענטשן? — פרעגט ער אַליין ביי זיך — זענען זיי טאַקע ווערט געווען, די מלוכה זאָל זיי געבן באַפרייטע ערד? און אויב מען האָט זיי יאָ געגעבן ערד צווישן די האָרעפּאַש־ניקעס, הייסט עס דאָך, אַז די סאָוועטנמאַכט האַלט זיי אויך פאַר מענטשן. די מלוכה האָט זיי מיט אַלעמען אויסגעגליכט; אפילו שטימרעכט זיי אומגעקערט; טאָ ווער זענען זיי איצטער?

בערע ווייסט, אַז מען האָט אים דאָ ניט שטאַרק ליב. אמת, ער טרייבט אפילו איבער די באַציאונג צו זיך; אין אמת'ן האָט קיינער אים ניט חושד געווען, אַז ער האָט אינזינען אייגענע טובות. אפילו בנוגע לאַנען — אַלע ווייסן, אַז לאַנע האָט אים ליב געהאַט; מען האָט פאַרשטאַנען, אַז ער איז צו לאַנען אויך געווען צוגעלאָזן. מען האָט שוין אין דאָרף אפילו אַרומגערעדט ווען די חתונה וועט זיין. טאַקע איצטער, נאָך שניט, האָט מען געוואַרט, אַן אמת'ע שמחה'לע וועט זיין אין דאָרף. נו, האָט ער דאָך גענומען און אָפּגעשטויסן פון זיך אַזאַ שטיק גליק.

יוסף ראַטנערס רייד קומען צומאָל אָן און לאָזן ניט רוען: „וועסט קומען צום שכל, בערע", האָט אים יוסף מיט עטלעכע טעג צוריק געזאָגט, „אַ פאָלק איז ניט קיין גרודע ערד, וואָס מען קען עס צעאַקערן, פאַרבראָנעווען און זייען אין דעם וואָס מען וויל. דאָס אידישע פאָלק", האָט אים יוסף ראַטנער געזאָגט, „וואַרט שוין באַלד

צוויי טויזנט יאָר אויף אַזאַ רעוואָלוציע, וואָס זאָל באַפרייען פאַר־שקלאַפטע מאַסן און אונטערדריקטע פעלקער. פאַר אַלע פעלקער אויף רוסישער ערד איז די אידישע האָפענונג מקוים געוואָרן; נאָר פאַרן אידישן פאָלק אַליין איז די האָפענונג ניט מקוים געוואָרן... ווייל דו און אַזעלכע פון דיין גלייכן האָבן זיך אַריינגענומען אינזינען, אַז סע איז ניט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אַ אידיש פאָלק... ווי אַ באַפרייט פאָלק" האָט יוסף אויסגעשריען, „וועלן אידן יעמאָלט בויען ווי פּיאָ־נערן, ווי די פּיאָנערן בויען ארץ־ישראל; אויב אָבער ווי באַפרייטע מאַסן, וואָס באַדאַרפן בויען פאַר אַלעמען און פאַרגעסן אָן זיך... יעמאָלט וועלן אידן קיין פּיאָנערן ניט ווערן!"

דערביי ווערט בערען ענג אין קאָפּ. יעדעס מאָל, ווען יוסף דער־מאָנט אים ארץ־ישראל, אידיש פאָלק — זעט בערע אין יוספ'ן אַ קלאַסן־שונא. צום לעצטן מאָל האָט יוסף גערעדט מיט ביטערניש, ממש ער האָט געשריען אויפן הויכן קול; אַזש בערען האָט עס צומאָל גע'חידוש'ט, הלמאי דער יוסף עסט זיך אַזוי אָפּ דאָס האַרץ. איצטער וויל בערע די זאַך פאַר זיך אַליין צעקייען: „צוויי טויזנט יאָר האָט דאָס אידישע פאָלק געוואַרט אויף דער רעוואָלוציע, וואָס וועט באַפרייען פאַרשקלאַפטע מאַסן און אונטערדריקטע פעלקער..." „כאַ־כאַ־כאַ, אַזעטיקע ברעזוערס, שטיינבערגס אָדער זייטשיקס האָבן עס געוואַרט אויף דער רעוואָלוציע? נו, איז דאָך די רעוואָלוציע געקומען! וואָס האָבן זיי געטאָן? כאַ־כאַ־כאַ, געהאַנדלט! גע־האַנדלט מיט אַלץ און מיט אַלעמען פאַר דער מלחמה; געהאַנדלט אין דער מלחמה; האָבן געקויפט און פאַרקויפט אין בירגערקריג, פאַרקויפט צו איעדן וואָס האָט גוט באַצאָלט! האָבן געהאַנדלט מיטן שונא, און געהאָלפן דעם שונא צו קעמפן אַנטקעגן דער רעוואָ־לוציע..."

— כאַ־כאַ־כאַ, ער אַליין איז אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער, אויב ער האָט אַ גוט וואָרט צו זאָגן אויף יענע לייט; אַזאַ יוספ'ן האָט מען אויך געדאַרפט געבן צו פאַרזוכן טורמע, וואָלט ער אפשר געקומען צום שכל...

פונדעסטוועגן, נאָכדעם ווי דאָס קומט בערען אויפן זינען, בלייבט ער אַ ווײַלע פאַרטראַכט. פאַרן דמיון וואַקסט אויס דער

געזונטער פויער־יונג, בעניע פינטשוק. יענער איז דאָך אַן אמת'ער פויער, אַ האָרעפּאַשניק; קוקט ער אויך אויף די אַמאָליקע סוחרים'־לעך קרום; אָבער ער קוקט אויך קרום אויף אים, אויף בערען אויך; „איר זענט אַ נייע אָנשיקעניש אויפן האָרעפּאַשניק", האָט אים בעניע איינמאָל אַרײַנגעזאָגט, „איר זענט נאָך גרעסערע בעל־גאווה'ס געוואָרן פון די אַמאָליקע בורזשוקעס..." כאַ־כאַ־כאַ — טוט בערע אַ לאַך — איך אַ בעל־גאווה, איך אַ גרויסהאַלטער...

דאָס האָט דאָך אָבער איינמאָל אים אַרײַנגעזאָגט לאַנע אויך; זי האָט עס אים אַרײַנגעזאָגט, און דערביי אויף אים געקוקט פון אויבן אַראָפּ.

ער וויל פאַר זיך אויף אַ רגע אויסמאָלן זיין לעבן אין דעם דאָרף, וואָס ער האָט געהאָלפן בויען; חתונה האָבן טאַקע מיט דער דאָזיקער לאַנען, וואָס ער האָט אַ סך מאָל געהאַלטן אין זיינע אָרעמס... צי האָט ער אָפּשיי פאַר איר? צי גאָר האָט ער מורא פאַר איר? זי האָט דאָך אים ליב געהאַט! אַזויפיל מאָל זיך געהאַלטן פאַר אים אונטערטעניק, נידעריק ווי דאָס גראָז; זי האָט אים אָן ווערטער איבערגעגעבן גאָר איר ליבשאַפט פאַראיאָרן, בעת ביידע זענען געווען שיכור פון בויען.

בערען קומט פאָרן דמיון די נאַכט, ווען ער איז געפאָרן צוריק אין דאָרף מיט די יונגע אַקאַציע־ביימלעך, און דער פרימאָרגן, ווען ער האָט אַ העלפט פון די ביימלעך פאַרפלאַנצט פאַר זיין שטוב און אַ העלפט האָט ער פאַרזיכטיק, ציטעריק געטראָגן צו איר שטוב... וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ צייט? וואָס איז מיט אים יעמאָלט געווען? פאַרוואָס האָט עס אים יעמאָלט אַליין געטריבן צו טאָן אַזאַ זאַך? פאַרוואָס קומען אַזעלכע פרימאָרגנס מער ניט צוריק? ער הערט כמעט די שטים, וואָס שרייט פון זיין האַרצן אַרויס און פרעגט: „פאַרוואָס קומען אַזעלכע פרימאָרגנס מער ניט צוריק?"

און פאַרוואָס צו בערען קערן זיך ניט אום דערווייל מער אַזעלכע פרימאָרגנס, איז ניט פאַר בערען אַליין צו געבן אויף דעם אַן ענטפער. ער איז יונג און שטאַרק, און דאָך איז געדעכט זיין מאַמע, ווען זי וואַרפט אים אויף, אַז ער איז געעלטערט געוואָרן פאַר דער צייט, ווייל ער האָט אַליין אָן זיך פאַרגעסן. ער פאָדערט פאַר זיך ניט מער

צוליב דעם, וואָס ער איז אין צייט פון בירגערקריג געגאַנגען אין מאַרש אַ באָרוועסער, הונגעריקער און אָפּגעריסענער; געמאַרשירט אין שטורם און רעגן, געטאָפּטשעט די בלאָטע; אינאיינעם מיט די באַפרייער געיאָגט דעם „ווייסן שונא", געיאָגט די פּאָגראָמשטשיקעס... יעמאָלט איז ער ניט געווען אַליין. פאַרקערט, יעמאָלט, ווען ער בלייבט אַליין — וואָלט פון אים גאָרניט געבליבן! וואָלט ער אפשר אויך צעריבן געוואָרן פון דער רעוואָלוציע; נאָר ווייל ער האָט זיך יעמאָלט גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן אָן זיך אַליין, ווייל ער איז געווען בלויז אַ פּיצלדיקער טייל פון אַ גרויסער אַרמיי באַפרייער — דעריבער איז ער יעמאָלט געווען יונג און פול מיט היים בלוט, וואָס האָט געטריבן אין די גרעסטע געפאַרן, און אַרויסגעפירט פון די גרעסטע געפאַרן!...

דאָס שיינע צוקונפט־בילד, ווען איבער אידישע פעלדער וועלן זיין פאַרשפּרייט קאָלכאָזן, ווען אַלע אינאיינעם וועלן אַרבעטן פאַר יעדן באַזונדער, און יעדער באַזונדער פאַר אַלעמען — דער דאָזיקער חלום זיינער איז נאָך דערווייל ניט מקוים געוואָרן. „די סאָוועטנמאַכט וועט זיך נעמען פאַר דעם פויער; די סאָוועטנמאַכט וועט סערפּ מיט האַמער אויף צום אמת'ן פאַרבינדן; דאָס וועט שוין זיין אויף אייביק פאַרבונדן!"

ער פּרובירט אַרויסברענגען די שטאָט פאַרן דמיון; ער פּרוּווט זיך אַליין אַנידערשטעלן אויף אַ מעטאַל־זאַוואָד, צווישן הונדערטער און טויזנטער מעטאַל־אַרבעטער — און ער דערשפּירט זיך דאָרט פרעמד. ניט אומזיסט האָט עס אים געצויגן צו דער ערד. פון אַ קוזשניע הינטערן שטעטל, וואו מען האָט געשמידט סאָכעס, אָנגע־צויגן שינעס אויף רעדער, געשאַרפט און געטאָטשעט העק און מע־סערס, — פון דעם אַלעמען איז אַ סך נענטער צו דער ערד ווי צום מעטאַל־זאַוואָד.

צוויי מיידלעך קומען אים פּלוצלונג אַרויס פאַרן דמיון; ביידע שטעלן זיך נאָענט פאַר אים. ביידע מיט אַ פרויען־פייערל אין די אויגן. דוכט אים, ביידע מאַכן אין האַרצן חוזק פון אים.

איינע איז אַזוי ווייט פון זיין באַגריף געווען שטענדיק; אַזאַ צאַרטע איז זי, כאָטש ביי דער ערד; בלאַס איז איר פּנים, כאָטש די

זון ברענט עס טאָג־איין, טאָג־אויס; אַזאַ בריה איז זי, כאָטש אַזוי איידל; ווי אַ געוויקס ביי מאַמע־ערד איז זי; ווי די גלי־ווערים אין אַ וואַרימער זומער־נאַכט, אַזוי גליען אירע אויגן און עקבערן זיין האַרץ. דוכט אים, אומשולדיק איז זי, און פונדעסטוועגן טראָגט זי פאַרט אין זיך דאָס דורות׳דיקע בלוט פון „קלאַסן־שונא”. לאַנע הייסט זי.

— ווינציק דערפער וואַקסן אין קרים? וואָס איז איר טאַטן, דעם וואָווע ברעזער, אויסגעקומען פונקט אַהער צו פאַרקריכן?!

גרינג אַזוי צו טראַכטן... די רעוואָלוציע האָט דעם וואָווע ברעזער געבראַכט אַהערצוטרייבן אינאיינעם מיט זיין אַלטן טאַטן און צוויי טעכטער: לאַנע און ביילקע. זיין ברודער האָט גענומען און פאַרפירט דער דאַזיקער פאַר׳חלום׳טער ביילקען; און מעגלעך, אַז פאַר זיין ברודערס חטאים צאָלט איצטער בערע; צוליב זיין ברודער, וואָס איז צו־נאָענט דערקראָכן צו אַ טאָכטער פון אַ קלאַסן־שונא, — דאַריבער האַלט ער, בערע, זיך שוין פונדערווייטנס פון לאַנען.

און וואָס, אויב זי וועט שוין נעמען און זיך אָפּזאָגן פון איר טאַטן — וועט זי ווערן אַנדערש?

דאָס אַנדערע מיידל איז זיינס אַ גליכן; אַ בעקערס אַ טאָכטער, אַ ברייטביינערדיקע, און מיט אַ סך גבורה — גאָרניט ווי פאַר אַ פרוי. ווען זי דערנענטערט זיך צו אים מיט איר פולער ברוסט און מיט זומערשפּרענקלעך באַשפּרענקלט פּנים — יעמאָלט זעצט אַזש אַ היץ פון איר. זי איז גרייט פאַרלאָרן צו גיין אין זיינע אָרעמס. אין בירגערקריג איז זי געווען; געשפּאַנט מיט רעוואָלוציאָנערן אין איין ריי; אין איר איז עפּעס פאַרבליבן פאַרהאַרטעוועט. בערען חידוש׳ט ווי אַזוי ער האָט זי איינמאָל געטראָפן אין טרערן... יאָ, סימקע קרעטשמער איז פאַראיאָרן געקומען מיט איר טאַטן, געהאָלפן ביי דער שטוב, און איז אויפן ווינטער אַוועק אין שטאָט אַריין. איצטער איז זי ווידער דאָ. ער, בערע, פאַרשטייט פאַרוואָס זי איז געקומען צוריק. זי וויל איר טאַטן פאַרנעמען אין שטאָט, ער זאָל ווערן צוריק בעקער ווי געווען; אָבער אין אמת׳ן איז סימקע גאָר אויסן אים, בערען, אַרויסצורייסן אים פונדאַנען, און פאַרפירן אין שטאָט אַריין...

— ווער פון די צוויי מיידלעך איז מער רעוואָלוציאָנערקע, האַ?

בערע ווייסט, אַז אין צייט פון דער רעוואָלוציע איז סימקע געווען ווי אַ העלישער פייער וואָס האָט געצונדן; ווען זי האָט גע־שפּאַנט זייט־ביי־זייט מיט די לעגיאָנערן אין מאַרש — האָט זי זייער בלוט געצונדן. אין רגע׳ס פון אָפּגעשטאַנענקייט האָט זי זיי געטריבן פאָרויס. זי איז געווען געליבטע און מאַמע; געווען אי זעלנער, אי דערמונטערונג נאָך אַ טאָג וואָגלעניש איבער בלוטיקע וועגן...

און לאַנע... „וואָס איז זי געווען?" — פרעגט בערע. און ער ענטפערט: — „אַ צעשראָקענע בורזשויקע איז זי געווען, ביי וועמען די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן די מאַמע אוועקגע׳הרג׳עט... נאָך עד היום קען זי עס ניט פאַרגעסן; ביי איעדער געלעגנהייט דערמאָנט זי עס; פאַרגיסט טרערן, ווען זי רעדט פון איר גע׳הרג׳עטער מאַמען! איצ־טער, ווען די רעוואָלוציע האָט איינגענומען דאָס לאַנד, אויסגערייניקט דאָס לאַנד פון פּאָגראָמשטשיקעס; ווען די רעוואָלוציע האָט די רוסישע ערד באַפרייט, און אפילו אַזעלכע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן ווי איר טאַטן איינגעטיילט אַ חלק — יעמאָלט איז זי געקומען און — — — "

— האַ, וואָס איז זי איצטער ביי דער נייער צייט?

בערעס אויגן פאַלן ווידער אויפן דאָרף, אויף לאַנעס שטוב. שוין מער ווי אַ חודש, זינט ער איז געווען אין איר שטוב. שוין מער ווי צוויי וואָכן, זינט ער האָט מיט איר קיין וואָרט ניט אויס־גערעדט. זי האָט ליב די ערד. ער האָט ליב די ערד. ווען ער גייט נאָך דעם אַקער אין דער בראָזנע פון אויפגעריסענער ערד, דוכט אים, פון זיין הארצן רינט אויס גאָר די וואַרימקייט, רינט אַראָפּ אין דער נאָר־וואָס אויפגעאַקערטער ערד. האָט די רעוואָלוציע די דאָזיקע געפילן ביי אים אויפגעוועקט? ער האָט שוין די ווינטער־זריעה פאַרזייט; זי גייט שוין אויף; און מענטשן רעדן איצטער פון ווינטער און שטאָט; און ער האָט מורא דערוויייל פוןביידן צו טראַכטן.

— די צייט וועט פאַרהיילן וואונדן; וועט אויך אויסברענען די שנאה, וואָס הערשט צווישן קלאַס און קלאַס...

דאָס האָט ערגעץ בערע געהערט, און אפשר געלעזן. ער פילט, עס איז אמת; אזוי וועט עס מוזן זיין. אָבער דערווייל איז ניט דאָס, וואָס ער האָט געהאַפט. בערע פילט, אַז ער און זיין גלייכן זענען מיט שונאים אַרומגערינגלט. ער פילט, אַז אפילו צווישן אים און זיין טאַטע־מאַמע שטייט אויך אַ וואַנט. ניט איינמאָל האָט זיך אים געגלוסט נעמען און אַ זאָג טאָן זיין טאַטן: — אַז כאָטש ער האַנדלט ניט, כאָטש ער גייט ניט אַנטקעגן דער מאַכט, פונדעסטוועגן איז ער ניט בעסער פון די ברעזערס.

— וואָלט זיין אַ יושר צו נעמען און זיך אַריבערכאַפּן קיין מאָסקווע, אַליין מיט אייגענע אויגן זען וואָס די רעוואָלוציע טוט דאָרטן. גוט, ווען קיינער זאָל ניט וויסן דערפון.

נאָר ווען בערע הייבט אָן קלערן פון מאָסקווע, ווערט ער אָן די זיכערקייט; ווערט ער אָן דעם באָדן אונטער די פיס.

— פויערים זענען פאַרשאָלטענע מענטשן — האָט אים סימקע איינמאָל אַ זאָג געטאָן — באַדאַרפן אַ יאָר צייט טריקענען ביי דער ערד, כדי אָנצוזען שפּעטער אַ שטיקל ברויט.

בערע פילט אַ שטיק אמת אין די דאָזיקע רייד, כאָטש ער קען מיט אַזאַ אמת ניט מסכים זיין. ער ווייסט, אַז דער פויער פון אַמאָל וועט מוזן פאַרשווינדן פון דער סאָוועטישער ערד; ער איז זיכער, די צייט וועט קומען, ווען דער שטאָט־מענטש וועט מקנא זיין דעם פויער. דאָס וועט נאָר זיין יעמאָלט, ווען אַלע פויערים אין פעלד וועלן זיין פאַראייניקט, ווי געטרייע ברידער אין איין גרויסן קאָלכאָז... „יאָ, דאָס וועט זיין; איך וועל עס נאָך דערלעבן צו זען״ — זאָגט בערע צו זיך אַליין, און עס כאַפּט אים אַרום אַזאַ בענקעניש. אָט דערשפּירט ער זיך ווי אַ קליין אינגל, וואָס באַדאַרף נאָך וואַקסן, באַדאַרף ווערן שטאַרק, גרויס און געזונט, כדי ער זאָל קענען איינגעמען די וועלט פאַר זיך. און אָט דוכט אים אויס, ער איז פאַר אַ גאָר קורצער צייט געעלטערט געוואָרן; גלייך ווי דער יוגנט־כוח האָט אים אָפּגעלאָזן; גלייך ווי דער יוגנט־חשק איז פון די ביינער אויסגערונען...

און טאַקע אין אמת׳ן: ווען ער איז אַראָפּגעקומען אַהער, ווען די אויגן זענען געווען ברייט־אָפן צו אַלע געשעענישן אַרום; ווען

די אויגן האָבן זיך ניט געקאָנט אָנזעטיקן מיט דער באַפרייטער רחבות וואָס שפּרייט זיך אַרום; יעמאָלט, בסך־הכל מיט קיין אַנדער־האַלבן יאָר נאָך ניט צוריק. איידער מען האָט די צוויי מאָל שניט־צייט איבערגעלעבט, — יאָ, יעמאָלט האָט ער מיט גאָר זיין חיות דערשפּירט, אַז אויף דעם אייגענעם ערד־חלק גייט אום אַ יונגע, צאַפּלדיקע פרוי, וואָס האָט, פּונקט ווי ער, גאָר איר יוגנט, אַלע אירע האָפענונגען געבראַכט אין קרימער סטעפּ. זיין האַרץ האָט יעמאָלט העכער געקלאַפּט, ווען זי איז ערגעץ נאָנט פאַרבייגעגאַנגען, ערגעץ נאָנט אין פעלד געווען. ער האָט אירע טריט דערהערט — ווייל אירע טריט האָבן אָפּגעהילכט אין זיין בלוט, ווען זי איז ערגעץ נאָנט געווען!

— וואָס איז דאָ געשען? איז טאַקע די שטרענגע רעוואָלוציע שולדיק אין דעם, וואָס אָנשטאָט דער וויברירנדיקער וואַרימקייט אַרום זיין האַרץ פון פאַראַיאָרן אין דער צייט, איז איצטער אַרום האַרצן גאָר אַזוי אָפּט אַ קלעמעניש, אַזאַ טיפער ווייטיק... די בענקעניש באַפאַלט אים אַלץ אָפטער און אָפטער, און עס איז ניטאָ וואוהין צו אַנטלויפן: קאָמוניזם, אידיש פאָלק, רעוואָלוציע, קאָנטער־רעוואָלוציע, מאָסקווע, קרים סערפּ און האַמער, און די דעקלאַסירטע אידן, וואָס ווילן דוקא איינפירן האַנדל אויף קרימער פעלדער — — —

בערען ווערט ענג אין זיינע אייגענע דלד־אמות, אין שכנות מיט טאַטע־מאַמע. די שטומע בענקעניש גיט אים אויך ניט קיין רו אפילו אין פעלד. דער אָפּגעשניטענער, אָפענער סטעפּ, און דער צאַרטער גרין פון דער ווינטער־זריעה, וואָס גייט אויף דאָ־און־דאָרטן — דאָס אַלץ דערציילט פון אַ ווינטער און ווינטערדיקן שווייגן.

— ניין, אַזוי טויג עס ניט. אַזוי גייט אַ מענטש באַרג־אַראָפּ. און אַן אמת'ער רעוואָלוציאָנער באַדאַרף זיך אַליין באַשטראָפן פאַר אַזעלכע צעקראָכענע מחשבות!

בערע האָט באַטראַכט די רעכטע האַנט, אָנגערירט די מאָזאָליעס; עטלעכע מאָל האָט ער געעפנט און צוגעמאַכט די האַנט, ווי געפילט די שטייפקייט אין זיינע פינגער. דערנאָכדעם איז ער אַוועק מיט פעסטע שריט צו זיך אַהיים. ער האָט פאַנאַנדערגעבלאָזן אַ פייער אויף דער האָרנע, וואָס האָט שוין אַ פּאָר וואָכן גערוט אַן אוים־

געקילטע; האָט אַ שטאָלענעם טעמפּגעוואָרענעם אַקער־שפּיץ אַריינגע־רוקט צווישן די צעגליטע קוילן, און געוואַרט ביז דער שטאָל וועט רויט ווערן.

ווען די לינקע האַנט האָט מיט דער צוואַנג אָנגענומען דעם אָנגעגליטן אַקער־שפּיץ, אַנידערגעלייגט אויף דער קאָוואַדלע, און די רעכטע האַנט האָט אָנגעהויבן צו האַמערן און שמידן דעם שטאָל — האָט בערע געשפּירט, גלייך ווי זיין אייגן האַרץ ליגט איצטער אָן אָנגעגליטס צווישן האַמער און קאָוואַדלע, ער האַלט עס מיט דער צוואַנג אויף דער קאָוואַדלע, און די רעכטע האַנט שמידט און האַ־מערט זיין אייגן האַרץ אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער...

די קלעמעניש אַרום האַרצן האָט נאָכגעלאָזן; די שטומע בענקעניש איז צערונען געוואָרן, בעת פונקען האָבן פון אונטער זיין האַמער געשפּריצט, און זיך געלאָשן אַרום זיינע הענט.

## LIII

— אַ נאָמען איז אייביק!

— אַ נאָמען איז געגליכנט צו אַ פּנים...

— אונדזער דאָרף איז אונדזער קינד — קומט אים אַ נאָמען, וואָס זאָל קלינגען איבער גאַנץ קרים!

— אוי, וויי, דערלעבט אונדזער דאָרף זאָל ווערט זיין אַן אייגענעם נאָמען!...

— אַ נאָמען אויף אייביק, אויסגעקריצט אויף די טאָוולען פון דער נייער צייט!

דאָס לעצטע האָט געזאָגט לוי בירמאַן; ער איז אַליין געווען שטאַרק באַגייסטערט פון דעם דאָזיקן איינפאַל.

די צייט איז געקומען, אַ יום־טוב צו מאַכן און אַ נאָמען געבן דעם יונגן דאָרף; צייטיק געוואָרן אַזאַ פאַרלאַנג ביי איבערוואַנדערער־פּיאָנערן.

האָבן אויגן מיט יוגנט אויפסניי זיך אָנגעצונדן; מידע געמיטער האָבן פרישע כוחות דערשפּירט. פּיס האָבן געגאַרט זיך אַרויסצולאָזן אין אַ טענצל מיט דער לענג פון דער דאָרפישער גאַס. האָפענונגען

פארזייטע, און נאָך ניט אויפגעגאַנגענע, האָבן לויטער זיך אַ צאַפּל געטאָן אין האַרצן.

— איצטער ערשט זעט מען, אַז אַפילו אַ שטיין, ווען מען לייגט אַנידער אויף אַן אָרט, ווערט נישט פארפאַלן; אַ פּשיטא שוין, ווען אידן פאַרוואָלטע האָבן אויף אַן אייגענער ערד אַ פּוס אַנידערגע־שטעלט...

— ניט קיין דאָרף, דאָס איז אַ אידיש לאַנד; אַזוי האָט די סאָוועטנמאַכט געוואָלט! — האָט געשריען צאַלקע שטיינבערג.

און פּונקט ווי די כוחות וואָס יערן און מאַכן פּלאַצן יעדע זריעה אין דער ערד, פון איר זאָל אַ פלאַנץ אַרויסשפּראָצן צום דרויסן, אַזוי האָט אין דער טיפעניש פון אייגענעם לעבן אויפגע־ברויזט דער פאַרבאָרגענער כוח, וואָס האָט מעגלעך געמאַכט ביז איצטער צו דערנערן די בלייכע האָפענונגען ביי מענטשן, וואָס זענען פון שטעטל געגאַנגען צו דער באַפרייטער ערד.

זלמן קאָסאָי, וואָס האָט די לעצטע צייט אַ סך געשוויגן, ער האָט געוואָלט הערן וואָס דער אַלטער ירחמיאל פּינטשוק האָט צו זאָגן וועגן אַזאַ יום־טוב:

— דאָס איז, מיין איך, נישט קיין אינגל אַ נאָמען צו געבן; קיין מיידל אודאי נישט, כאַ־כאַ־כאַ. אָן אַ נאָמען איז ווי אָן אַ סימן; וואָס זאָגט איר, חבר פּינטשוק?

— וואָס זאָל איך זאָגן? — האָט דער אַלטער און שטאַרקער ירחמיאל פּאַוואָליע גערעדט, און אַרויסגעקליבן שטרויעלעך פון זיין געדיכטער, גרויער באָרד, — ווען די מלחמה האָט געבושעוועט, און נאָכדעם, אַז די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן זיך צעיושעט, האָט מען שוין געקוקט דעם טויט אין די אויגן אַריין; האָט מען נאָר גע־קלערט: כאָטשבי צו קבר־ישראל קומען; כאָטשבי נישט ווערן אַ נבלה פאַר די הונגעריקע הינט... איז, אַפּנים, לעבט מען אין אַ צייט, וואָס נישט אַלץ קען מען צעקייען; אודאי באַדאַרף מען אַ נאָמען געבן דעם דאָרף; אַ נאָמען וואָס זאָל טאַקע דעם דאָרף מאַכן זנאַטשנע אין דער געגנט. די יונגע חברה האָבן שוין אַ נאָמען, זאָגט מען; ווילן נישט אַרויסגעבן אים אַפריער, כאַ־כאַ־כאַ. מען

שמועסט, נאַטשאַלסטוואָ פון מאָסקווע קומט אַראָפּ לכבוד דער דאָזי־קער סאָביטיע...

בערע קאָוואַלסקי האָט לכבוד דעם געפּלאַנטן יום־טוב געזוכט אַ געלעגנהייט צו באַגעגענען לאַנען ערגעץ אַן אַ זייט, און פאַר איר אויסלייגן די פּלענער פון גרויסן יום־טוב. ניט קיין בחור־געפילן האָבן אין אים איצטער דערוואַכט און מיט בענקעניש אָנגעפילט זיינע אויגן, מיט אַ קלעמעניש אַרום זיין האַרץ — וואָס צו לאַנען האָט עס אים איצט געצויגן צו זוכן דערלייזונג... צו לאַנען, ווי צו דער ערשטער, וואָס האָט דאָ פאַראיאָרן איר בריה'שקייט אַרויסגעוויזן, איר שטוב זאָל די ערשטע פּאַרטיק ווערן; צו דער דאָזיקער „שלאָג־לערקע" האָט אים געצויגן, אַביסל צו דערמאָנען יענע צייט, ווען צווישן איר און אים איז אָנגעגאַנגען אַ מין שטילער געוועט, וועמעס שטוב עס וועט פריער פּאַרטיק ווערן.

עס חידוש'ט אים, בערען, ווען ער טראַכט פון יענער צייט, בסך־הכל מיט אַן אַנדערהאַלבן יאָר צוריק; דוכט אים, יעמאָלט איז ער יונג געווען, שטיפעריש געווען; און יעמאָלט איז נאָך די „בור־זשויקע" לאַנע אויך נאָר גאָר גאָר אַ קינד געווען, גערייצט זיך מיט אים אין איבעריאָגעניש... כאָטש ער ווייסט אַליין ניט וואָס אים וועט אַרויסקומען צו רעדן מיט איר, איז אים פונדעסטוועגן לאַנע איצטער די איינציקע מיט וועמען עס ציט אים צו רעדן. אמת, צו די פאַראַ־יאָריקע, וואָס האָבן מיט חשק געבויט, געהער דאָך יוסף ראַטנער אויך; אָבער מיט יוסף'ן האָט בערע די לעצטע צייט כמעט ניט פון וואָס צו רעדן. פאַרקערט, בערע וואַרט אויף דער צייט, ווען יוסף וועט קלאָר און אָפן אַרויסקומען מיט קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע רייד. „עפּעס וועט דער דאָזיקער יוסף אָפּטאָן, וואָס אַלע וועלן מודה זיין, אַז איך בין געווען גערעכט..."

בערע האָט לאַנען געטראָפן ביים ברונעם. זי האָט שוין געהאַט איר פעסל פול מיט וואַסער, האָט זיך געקליבן אָפּצופאָרן פון ברונעם —ווען בערע איז מ'כלומר'שט אויך אַרויסגעקומען נאָך וואַסער.

לאַנע האָט פאַרשטאַנען, אַז בערע איז פונקט איצטער אָנגעקומען ניט דורך אַ צופאַל: „עפּעס האָט אים אָנגעשפּאַרט" — האָט לאַנע געטראַכט, און שיעור ניט אַ לאַך געטאָן. אָבער זי האָט באַ־

שטימט אין הארצן, און אויב ער איז יאָ אַנגעקומען, זאָל זי אים אויס־הערן וואָס ער האָט צו זאָגן.

בערע האָט ניט געוואַרט, לאַנע זאָל זי אָפּרופן; איז אַליין אַרויס־געקומען מיט אומדערוואַרטעטע רייד:

— מיין מאַמע האָט זיך אויף דיר היינט שטאַרק נאָכגעפרעגט.

— האָט דיין מאַמע ניט געזאָגט, וואָס זי באַדאַרף מיך האָבן?

— מעגסט אַריינקומען, ווען אפילו זי באַדאַרף דיך ניט האָבן.

— אַזוי רעדט אַ רעוואָלוציאָנער, בערע?

— היינט בין איך אַלעמען מוחל; היינט בין איך ניט קיין רעוואָלוציאָנער. אַלעמען האָט אַרומגעכאַפּט אַ פרייד צוליב דעם וואָס מען האָט באַשטימט געבן אַ נאָמען אונדזער דאָרף; אַלעמען— פון לוי בירמאַנען ביז צאַלקע שטיינבערגן; און פון נאָטע קרעטש־מערן און די פינטשוקס, ביז צום אַלטן ברעזער, דעם זיידן דיינעם... נו, וואָס האָב איך זיך שוין צו באַרימען? אין דעם יום טוב בין איך איינער גלייך מיט אַלעמען.

— אַלעמען האָט אַרומגעכאַפּט אַ פרייד, זאָגסטו?

— אפשר שטייסטו אָפּ פון אַלעמען, ווער ווייסט דיך... קום אַריין היינט אין אָוונט צו אונדז, מירן אַרומרעדן ווי אַזוי מען זאָל צוגרייטן דעם יום טוב, און מאַכן אים וואָס שענער.

לאַנע האָט אים אָנגעקוקט, געהערט ווי ער רעדט; אויף אַ רגע איז איר אָנגעשטאַנען אַ באַגער צו נעמען און אַ טרייב טאָן די פערד מיטן פעסל וואַסער; גאָרניט ענטפערן אויף בערעס ווערטער. זי האָט זיך אָבער ניט געקענט באַהערשן, און אַ פרעג געטאָן:

— דיך האָט אויך אַרומגעכאַפּט די אייגענע פרייד, וואָס מיין זיידן... אַזוי ווייט איז שוין בערע קאָוואַלסקי פאַרקראָכן?

אויף די לעצטע ווערטער האָט לאַנע תיכף חרטה געהאַט:

— איך מיין ניט, בערע, קיין חוזק צו מאַכן; די לעצטע ווער־טער זענען ניט קיין געמיינטע. איך וויל דיר נאָר זאָגן, אַז איך גרייט זיך ניט צום יום טוב.

בערע האָט זי אָנגעקוקט, ניט באַגריפן וואָס זי מיינט; ער האָט געוואָלט דערקענען אין איר פּנים דעם מיין פון אירע ווערטער.

— וואָס קוקסטו מיך, בערע, אַזוי אָן? גלויבסט מיר ניט, אַז

דער יום טוב איז ניט מיינער? פאַרוואָס זאָל ביי מיר טאַקע זיין אַ יום־טוב, אויב עס שטייט אַ שיינער דאָרף, וואָס איבערוואַנדערער האָבן פאַר אַנדערהאַלבן יאָר צייט... כאַ־כאַ־כאַ, וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן, בערע?

— אודאי פאַרשטיי איך עס ניט; סע וועלן אַראָפּקומען מענטשן פון דער מלוכה פון מאָסקווע און פון קרים... מע וועט אונדז באַגריסן פון דער מלוכה, און אַזאַ שיינעם נאָמען וועט מען אונדזער דאָרף געבן; דאָס איז ניט קיין יום טוב?

— אַ גרויסער יום טוב, בערע, פאַר די וואָס האָבן טאַקע גע־בויט...

— דו האָסט ניט געבויט?

לאַנג האָט אָנגעקוקט בערען און געשמייכלט; פון אירע שוואַרצע אויגן, אינאיינעם מיטן שטענדיקן גלי, האָט אַרויסגעקוקט טרויער. זי האָט געוואוסט, אַז בערע איז ניט אויף אַזויפיל נאַריש, ער זאָל ניט פאַרשטיין דעם באַדייט פון אירע איצטיקע רייד. זי האָט ניט געוואַרט, בערע זאָל נאָך עפּעס פרעגן, זי האָט איצטער אָנגעהויבן, און קענען איר ווילן האָט זי גערעדט מיט אַ סך ביטער־קייט:

— יאָ, בערע, קענסט ניט פאַרשטיין פאַרוואָס איך בין טרויעריק פונקט יעמאָלט, ווען דיך און אַלעמען האָט אַרומגעכאַפּט אַזאַ גרויסע פרייד... ווער נאָך, ווי דו, האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן אין איין אויפקלערן, אַז די רעוואָלוציע פאַרלאַנגט פון באַפרייטן מענטשן, ער זאָל אויפהערן אינזינען האָבן רק זיך אַליין? „אַ מענטש, אַן אמת'ער רעוואָלוציאָנער, באַדאַרף בויען פאַר יענעם, און פאַרגעסן אַליין אין זיך...” דאָס האָב איך געטאָן, בערע. פאַר זיך אַליין וואָלט איך פאַראַיאָרן ניט איינגעריסן די וועלט, מיין שטוב זאָל זיין די ערשטע פאַרטיק. יאָ, בערע, קוק מיך ניט אָן אַזוי; איך בין ניט אַראָפּ פון זינען, בערע...

— נו, אמת; אויב דאָס איז טאַקע ווי דו זאָגסט — באַדאַרף דאָך אודאי זיין אויך ביי דיר אַ גרויסער יום טוב, ווען מע וועט אונדזער דאָרף געבן אַ נאָמען!

— דעמדאָזיקן יום טוב האָב איך ניט פאַרדינט, בערע. איך וועל דאָ גאָר דאַביי ניט זיין.

— וואָס מיינסטו?

— איך וועל דאָ ניט זיין.

— פאָרסט אַוועק?

— באַדאַרפסט ניט זיין אַזוי אומרואיק, בערע, אויב איך וועל אויף דעם יום טוב ניט זיין.

— ווער נאָך וועט ניט זיין?

— אַלע, אַלע, אויסער לאַנען; זי, די איינציקע וועט פעלן...

בערע איז געשטאַנען מיט די אויגן צו דער ערד; ער האָט שווערלעך געפּרואווט צעקייען לאַנעס ווערטער. זי איז אין איצטי־קער רגע אויסגעקומען צו קלוג פאַר אים. ער האָט אויף לאַנען גע־קענט אַ סך זאַכן גלויבן, אָבער דאָס וואָס אים קומט אויפן רעיון— וויל ער פאַרן מויל ניט ברענגען. און דאָך פילט ער, ווי דאָס בלוט טרעט אָפּ פון זיין פּנים, ממש דאָס בלוט ריזלט אַרויס פון פּנים; דאָס בלוט, גלייך ווי עס וואָלט פון האַרצן אַרויסגעריזלט.

לאַנע האָט קלאָר דערקענט אין בערעס פּנים, ווי צערודערט ער איז געוואָרן; זי שפּירט ווי זי טוט אים וויי; זי פאַרטונקלט זיין אמת׳ע פרייד — אָבער בעסער קען זי ניט. אַנדערש רעדן קען זי ניט, ווייל דאָס, וואָס זי האָט אים נאָרוואָס געזאָגט, איז אויפריכטיק. אַ פאַרבאָרגענער כוח ווירקט אין איר, זי זאָל אויף דעם גרויסן יום־טוב אינאיינעם מיט אַלעמען זיך ניט משמח זיין. און ווי פאַר וועמען — פאַר בערען קען זי איצטער איר האַרץ ניט אויסגיסן; פאַר אים אויסשפּרייטן אַלע אירע איבערלייבונגען פאַרן יאָר, זינט זי האָט אירע טריט געשטעלט אויף קרימער ערד, וואו עס שטייט איצטער אַ דאָרף אָן אַ נאָמען, און וועמען מען באַדאַרף אין אַ וואָך אַרום אַ נאָמען געבן. — ניין, דאָס קען זי איצטער ניט.

בערע האָט זיך אָפּגעווענדט פון לאַנען, אַנגעהויבן ציען וואַ־סער פון ברונעם אַרויס. אין די ערשטע פאַר מינוט האָט ער אפילו ניט אומגעווענדט דעם קאָפּ אין דער זייט וואו לאַנע איז אָפּגעפאָרן; ער האָט נאָר געהערט די פערדישע, שווערע טריט וואָס האָבן זיך דערווייטערט. לאַנעס באָרוועסע טריט האָט ער ניט געהערט.

ווען ער האָט אויסגעלערט דעם קיבעל וואַסער אין פּעסל אַריין, און האָט דערנאָך אויפגעהויבן די אויגן אַ קוק טאָן לענג־גאַס צו דער זייט וואו די ברעזער־שטוב איז געשטאַנען, האָט ער אַרויסגעזען פונדערווייטנס לאַנען, ווי זי האָט געשפּאַנט ביים זייט פון פּעסל וואַסער; זייער דראָבנע האָט זי אים פונדערווייטנס אויסגעזען. אין די אויערן האָבן אַ קלונג געטאָן אירע לעצטע ווערטער: „אַלע, אַלע, אויסער לאַנען; זי, די איינציקע, וועט פעלן...״

— וואָס האָט זי מיט דעם געמיינט? — האָט ער געפרעגט, בשעת די אויגן נאָכגעבלאָנדזשעט פונדערווייטנס נאָך לאַנען

— וואָס הייסט, זי וועט ניט זיין? וואו וועט זי דען אַהינקומען?

בערע האָט זיך דערשראָקן פאַר אַ געדאַנק, וואָס איז אים דורכ־געלאָפן אין קאָפּ; ער האָט עס מורא געהאַט אַרויסצוברענגען פאַר די ליפּן. כאָטש עס איז נאָך געווען אַ פּאָר שעה פאַר זונפאַרגאַנג, איז אים פונדעסטוועגן אויסגעקומען, גלייך ווי דאָס ליכט האָט אַ ציטער געטאָן, און איבערן דאָרף איז מיט אַמאָל ווי טונקעלער גע־וואָרן. עס האָט אים אויף אַ ווײַלע אָפּגענומען דער חשק אַראָפּצו־לאָזן דעם קיבל אין טיפן ברונעם אַריין.

אים איז איינגעפאַלן, ער זאָל הייסן זיין מאַמען אַריבערגיין צו די ברעזערס, מיט אַ תירוץ אַזאַ, אפשר וועט זי דערגיין ביי לאַנען, צי זי קלייבט זיך אָפּטמאָל ניט אַוועקצופאָרן... אָבער באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז דער מאַמען זיינער מיט די „בורזשואַזע נייגונגען״, איר קען ער אַזאַ סוד ניט פאַרטרויען. „זי וועט עס גאָר שלעכט פאַרשטיין; קען מיינען, איך בעט איר דאָרטן ווייס איך וואָס...״

— אָבער מיט יוספ׳ן, מיט אים קען מען יאָ רעדן; איך וועל יוספ׳ן פּשוט און פּראָסט דערציילן וואָס פאַר אַ שמועס איך האָב היינט געהאַט מיט לאַנען, און וואָס זי האָט געזאָגט.

ער האָט אויף אַ רגע זיך באַרואיקט; האָט אָנגעגאָסן פול דאָס פּעסל וואַסער, און אויף גיך גענומען פאָרן לענג־דאָרף, מיט דער דעה זיך אָפּצושטעלן נעבן די ראַטנערס. אָבער ווי נאָר ער איז צוגעקומען צו יוספ׳ס שטוב, האָט ער דעם פערד אַ שמיץ געגעבן מיט דער בייטש, און די ראַטנער־שטוב אויסגעמיטן.

ער איז געווען צופרידן, וואָס ביי זיך אין שטוב האָט ער קיי־

נעם פון זיינע ליפּ ניט געטראָפן. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט ביים פענצטער, געקוקט צום דרויסן; אָבער די רעיונות האָבן ווי א טייך אָנגעהויבן צו שטראָמען פאַרביי, אַזש די שטיבער פון אַנטקעגן אריבער דער גאַס האָבן אָנגעהויבן מיטצושווימען.

„אַלע, אַלע אויסער לאַנען; זי, די איינציקע, וועט פעלן...״

— און וואָס וועט זיין, איך זאָל נעמען און אריבערגיין צו איר, פשוט און פּראָסט א פרעג טאָן וואָס זי האָט געמיינט מיט דעם? יאָ, דאָס איז דאָך לאַנע; האָט אודאי חוזק געמאַכט. איך וועל גיין און זי פרעגן, און זי וועט נעמען און אויסשיסן מיט א געלעכטער...

בערע געדענקט אָבער לאַנעס פּנים, ווי זי האָט אויסגעזען בשעת זי האָט עס געזאָגט. ער דערמאָנט זיך ווי לאַנע זעט בכלל אויס די לעצטע צייט; כאָטש ער האָט מיט איר ניט גערעדט, אָבער ער זעט דאָך זי עטלעכע מאָל א טאָג. אויסמיידן קען מען דאָך זי ניט.

— צי מיינט זי טאַקע אפשר אַוועקפאָרן אינגאַנצן פונדאַנען? אויב דאָס האָט זי געמיינט, קען זי נעמען און פאָרן; הלוואי וואָלט זי גאָר אינגאַנצן פון סאַמע אָנהייב דאָ ניט געווען...

און בערע פּרואווט זיך אויסמאָלן זיין אָנקומען קיין קרים; ער פרואווט מיטן דמיון גיין טריט־נאָך־טריט, זינט די ערשטע שטוב האָט זיך באַוויזן, ביז צום איצטיקן טאָג, ווען מען קלייבט זיך שוין געבן א נאָמען דעם יונגן דאָרף; ער זעט די פעלדער אין ערשטן פרילינג ווי מען האָט אינאיינעם געאַקערט; שפּעטער, זומער, שניט־צייט, און ווידער אַקערן און זייען... עס גייט פאַרביי דאָס קוראַי־זאַמלען, די קאַלטע ווינטער־טעג און נעכט, און שפּעטער — די גרויסע זאַווערוכע... אַלץ, אַלץ שווימט פאַרביי זיינע אויגן: פרייד און אומעט; פרייד און פּיין. א סך פאַרוואָגלטע נעכט, און א סך שעה׳ן פון אמת׳ער ליבשאַפט, ווען די שווערע ארבעט איז געווען זיס; די טעג זענען צו קורץ געווען — ממש ניט צו אָנזעטיקן זיך מיט ארבעט — ווי וואָלט עס אַלץ אויסגעזען ווען לאַנע וואָלט דאָ ניט געווען דערביי?...

— ווער איז זי? וואָס איז זי? קאַרג מיידלעך פֿאַראַן אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד? קאַרג מיידלעך אַראָפּגעקומען צו דער באַפֿרייטער ערד? זענען טאַקע נאָר די לאַנעס, וואָס פֿאַר זייערטוועגן זאָל מען באַדאַרפֿן בויגן דעם קאָפּ, ווערן אפֿילו אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער?

און באַלד טוט אַ בליץ אַן אַנדער אמת:

זי איז פֿאָרט אַנדערש ווי מען מאָלט זיך אוים בורזשוי־קעס... לאַנע האָט זיך אוועקגעגעבן דער רעוואָלוציע; איז געקומען צו דער ערד ווי דורך אַ באַפֿעל פֿון דער נייער צייט. וואָס זי האָט אויפֿגעטאָן, האָט נאָך קיין איין מיידל אויפֿן ערד־חלק ניט באַוויזן צו טאָן; אַ סך מענער האָבן עס ניט באַוויזן; צווישן פֿויערים איז גאָר אַזאַ ווי לאַנע ניטאָ...

ער דערמאָנט זיך די גרויסע זאַווערוכע פֿון לעצטן ווינטער, ווען זלמן קאַסאַי איז ניט געזונט געוואָרן, און לאַנע, די ערשטע, איז אין שטורם אַוועק אַהין, מאַכן אַביסל ווארימס פֿאַרן קראַנקן... און דערנאָכדעם, ווי אײַנאײַנעם מיט אים, איז זי אַוועק אין דער זאַווע־רוכע; ווי ער האָט זי דורך דעם שניי־שטורם געטראָגן אויף די הענט; די זאַווערוכע האָט זי געריסן פֿון זײַנע הענט, און ער — ער האָט זי גערדריקט צו זיך, געוואַרימט מיט זײַן אייגענעם אָטעם; געבראַכט צו זיך אין שטוב, אַראָפּגעצויגן אירע שיך, און דערוואַרימט אירע האַלב־געפֿרוירענע פֿיס — — —

— האַ, וואָס איז פֿאָרט דער מיין פֿון אירע ווערטער: „אַלע, אַלע וועלן זײַן; נאָר איין לאַנע די איינציקע וועט פֿעלן?" איז דאָס ניט איר יום טוב? איז דאָס ניט איר פֿרייד, ווען דער גאַנצער דאָרף, געסט פֿון אַרומיקע דערפֿער, און מענטשן פֿון דער סאָוועטנ־מאַכט...

אים פֿאַרדריסט, הלמאי ער האָט זי אַוועקגעלאָזן פֿון ברונעם, און דאָרטן אויפֿן אָרט ניט אויסגעפֿאָרשט איר מיין: אויב שוין באַגעגנט, אויב שוין אָנגעהויבן צו רעדן — האָט מען באַדאַרפֿט רעדן פֿון אַלץ."

— און אפֿשר גאָר איז זי שוין פֿאַרמאַטערט צוליב אירע איי־גענע לײַט; זי קען עס פֿאַר קיינעם ניט דערציילן, ווי איר טאַטע

זיצט איר שוין שטארק אין די ביינער; פּאַרט זי דאַריבער אַוועק גאָר אינגאַנצן !...

דאָ טוט ווידער אַציטער דאָס ליכט פאַר די אויגן; ווי מיט אַ העל־גרויען נעבל ווערט אַלץ פאַר די אויגן פאַרצויגן; גלייך ווי איבער די פעלדער וואָלטן אַלע שפּורן פון געוויקסן פאַרשוואונדן, און מיט אַ קאַלכיקייט ווערט דער גאַנצער סטעפּ באַצויגן; די אייגענע קאַלכיקייט, וואָס רייסט זיך דאָ־און־דאָרטן צום אויבערפלאַך אין קרימער סטעפּ, און וואָס מאַכט, אַז פון יענע ערטער זאָלן נאָר גע־זאַלצענע דערנער וואַקסן — אָט אַזוי מדבר׳דיק ציטערט פאַר די אויגן דער דרויסן, ווען ער קוקט אַרויס פון פענצטער. אפילו די שטיבער ווערן ווי איינגעשרומפּן, און קוקן מיט אַזאַ טרוקענער גרויקייט. די פענצטערלעך אין די שטיבער ווערן פאַרצויגן ווי מיט בעלמעס, און דאָס מאַכט — אַרום האַרצן זאָל עס קלעמען, אַזוי קלעמען...

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט דרויסן געלאָזן דאָס פעסל וואַסער מיטן פערד איינגעשפּאַנט. „דאָס פערד קען אַ קערעווע טאָן, אַוועקקריכן מיטן פעסל אין שטאַל אַריין, פאַרטשעפּען די אָקסן, און אָנטאָן שאָדן...״

ער האָט זיך אויפגעהויבן פון פלאַץ, צוגעגאַנגען צום טיר און דערשפּירט אַ ווייטיק אין די פיס, אַרום די קניעס. ער האָט אַרומ־געטאַפּט די קני און זיך געחידושט, פונוואַנען דער ווייטיק איז אַזוי פלוצלונג אָנגעקומען...

— יאָ, מ׳וועט באַדאַרפן נעמען יוספ׳ן און צונ־איר אַריבער־גיין שפּעטער, אינאיינעם אַרומרעדן ווי אַזוי צו מאַכן דעם יום־טוב שענער. מסתמא האָט זי נאָר געוואָלט חוזק מאַכן... דאָס איז לאַנג; אַזוי איז זי שטענדיק...

ער האָט אָפּגעווישט דעם שוויס פון שטערן און אַרום דרויסן. ער האָט געזען פונדערווייטנס ווי זיין מאַמע קומט אָן, און ער איז געווען צופרידן, וואָס די מאַמע האָט אים ניט באַגעגנט אין דער רגע, ווען אַזאַ פלוצלונגער טרויער איז אים באַפאַלן.

— ניין, זי באַדאַרף עס אודאי ניט וויסן... זי וועט עס אודאי ניט פאַרשטיין...

מיט אַ צערודערטן געמיט האָט בערע אָנגעהויבן אויסצושפּאַנען דאָס פערד.

# LIV

לויטער־בלויער הימל, און אַנטקעגן דעם הימל־בלוי, דער דורכזיכטיקער, צאַרטער גרין פון דער ווינטער־תבואה. דער זוניק־בלייכער האַלבער טאָג דערמאָנט אָן דעם אוועקגעגאַנגענעם זומער, און די קילע פאַרנאַכטן, און נעכט מיט פראָסטיקן טוי — דערמאָנען אָן ווינטער, וואָס שטייט שוין אָט דאָרטן אַהינטער דעם צפון'דיקן הימל־ברעג. סטויגן שטרוי, און סטויגן דאָרנדיקער קוראַי אַהינטער די שטאַלן ביי די בריה'ס און דערפאַרענע פויערים — זיי דריקן אויס דערוואַרטונג.

שוין פון סאַמע אינדערפרי האָט עס ביים דאָרף געקלאַפּט דאָס האַרץ פון וואַכער פרייד און דערוואַרטונג. די כלומר'שטע בענק פון ברעטער אויף שטיינער; און די טריבונע, וואָס אַלע נייגעבוירענע „בעל מלאָכות" האָבן צו איר אַ האַנט צוגעלייגט, זי זאָל אויסזען חשוב'ער — איז פון נעכטן אָן פאַרטיק געווען. געבליבן נאָך צו זאַמלען פאַרשפּעטיקטע, ווילדע סטעפּ־בלומען, די טריבונע צו באַפּוצן; וועגן דעם האָבן רחל שטיינבערג און כאַסיע אָסטראָוווער געזאָרגט.

איבער סטעפּישע וועגן האָבן צום יונגן דאָרף געצויגן אָקסןגעשפּאַנען און דראָביאַסטע וועגענער; אין די וועגענער — אָפּגעזומערטע אידישע איבערוואַנדערער, אַ טייל אין אויסזען שוין פאַרפּויערטע. יונג און אַלט, בחור און מיידל אין די דראַביאַסטע וועגענער! מען האָט הויך געריעדט און געלאַכט; אויגן האָבן אויסגעקוקט פונדערווייטנס דעם יונגן דאָרף, וואָס יום־טוב'ט היינט זיין איינגנאַרטיקן יום־טוב; „אַ נאָמען אויף לאַנגע יאָר וועט מען דעם דאָרף געבן..."

אָנגעקומען אַן עולם אומבעקאַנטע, און פאָרט באַקאַנט; מחמת

איין זאָרג און איין שטרעבן האָט דאָך יעדן באַזונדער געבראַכט קיין קרים. און כּמעט צעזייטע איבערן סטעפּ — בינדט איין האָפענונג. „אַ צייט אַן אַנדערע, אַ צייט אַ נייע; אַ הארבע און אַ נייע...״

די געסט זענען געגאַנגען פון הויז צו הויז, פאַרקוקט אין יעדער שטוב, און פאַרגלייכט מיט אייגענער באַלעבאַטישקייט און אייגענע אויפטואונגען. ווערטער האָבן הויך אָפּגעשאַלט, און מיט דערוואַקסענער מינע אויסגעלערט די פּולע, אָדער אָרימע מאָס דערמונטערונג, ווי עס האָט זיך געפּאַסט אין אַזאַ צייט:

— פון זאַמד קיין שטריק קען מען טאַקע נישט פלעכטן, אָבער מיט שטרוי אויסצוהייצן אַן אויוון און אָפּבאַקן היימישע קיכלעך, אָטאָ דאָס קען מען יאָ.

— קרים איז אַ מדינה! אַז מע פאָרט מיט אָקסן, איז דאָס גאָר אַ גרויסע מדינה, כאַ־כאַ־כאַ.

— אַז מען פאָרט מיט אָקסן אויף אַ שמחה׳לע, האָט מען שוין נישט קיין קפיצת הדרך, כאַ־כאַ־כאַ...

— ווער זאָגט עס, אַז די ערד הוידעט זיך נאָך אונטער די פיס? מע פאָרט פון דאָרף צו דאָרף, אידישע דערפער שטייען ווי ביי זיך אינדערהיים...

— דאָס וועט זיין איינמאָל אַ דאָרף, ווען סע וועלן צוקומען נאָך אַ פינף־און־צוואַנציק שטיבער; גלייך ווי אַ סטרונע ליגט ער אויסגעצויגן!

בחורים און מיידלעך, זענען אַביסל נענטער איינס צום אַנדערן צוגעטראָגן; טיפער אריינגעקוקט אין די אויגן אריין; כּמעט שעמעוודיק, האָבן אויגן־פּאָרן דורכגעדרונגען ביז אין הארצן אריין, ביז אין סאַמע בלוט אריין. בחור האָט מיידל ארומגענומען, הויך אויפגעהויבן — כלומר׳שט אויסגעפּרואווט אייגענע כוחות און מיידלשע וואָג... בחורים האָבן פריינטלעכע פּעטש געקראָגן איבער די הענט, ווען די הענט האָבן טאַקע צום מיידלס הארצן געוואָלט פאַרקריכן...

שבת׳דיקע קאַפּאָטעס און סורדוטן, פאַרשטויבט, און צומאָל מיט אַ שטריקל ארומגעבונדן ארום די לענדן; דאָס האָט שוין נים געקענט צוריקברענגען צום איבערוואַנדערער זיין שבת׳דיקע, שטאָטי־

שע חשיבות; ווייבער האָבן זיך פאַרט צוגעפּוצט ווי נענטערע מחותנת׳טעס, און טאַקע געבראַכט ליכטיקייט אין די אויגן; מיט ברייטהאַרציקייט אָפּגעשפּאָרט פון אייגנס: אַביסל געבעקס, אַ לעבל גערעאָטענעם ברויט פון האַי־יאָריקער גערעטעניש.

— צוליב וואָס האָט איר עס באַדאַרפט? ביי אונדז, קיין עין הרע, אין אַלע שטיבער האָט מען געבאַקן...

— איר וועט זען, סע וועט חלילה גאָרנישט פעלן, פון אַלדאָס גוטס האָט מען אָנגעגרייט.

— ווי דען אַנדערש האָט מען געקענט אַרויסווייזן וואָס מען טראָגט אין אייגענעם האַרצן?...

— אָפּטמאָל איז דאָס האַרץ באַטריבט; מע קען דאָך פאָרט ניט פאַרגעסן, אַז אַמאָל איז אַ מענטש געווען מיט אַ מענטשן צו־גלייך.

— אַן אַנדער וועלט, אַן אַנדער לעבן; אפשר וועט מען זיך צו דעם צוגעוואוינען.

— אַז ביי מיר איז אָפּגעטאָן געוואָרן די מורא פאַר פּאָגראָמען, איז מיר אַלצדינג ניחא.

— ווי וועט מען אַ נאָמען געבן דעם דאָרף, ווייסט מען שוין?

— דאָס יונגוואַרג האַלט עס בסוד, ביז צו דער מינוט, ווען מע וועט אַ נאָמען געבן.

— ביי אונדז, אַ דאָרף שוין מיט זיבעציק שטיבער, און האָט נאָך אויך נישט קיין נאָמען!

— וואָלט נישט שאַדן, מיר אַליין זאָלן בייטן די אייגענע נעמען, כאַ־כאַ־כאַ!!

געסט, געהויבענע געסט זענען אויך אין צייט אָראָפּגעקומען; איין גאַסט פון דער מלוכה גופא, אַ קרימער טאַטער. אודאי איז ער געקומען רעדן גוטע רייד, וואָס זאָלן מונטערן:

— פון זיין ערד האָט מען דאָך פּאַסן געשניטן און אָרט גע־מאַכט פאַר אייך; וואָס טראַכט אַזאַ איינער? כאָטש אַ טאָטער, ווי פילט ער אין האַרצן?

געקומען פאַרשטייער אייגענע, אידן מיט מלוכה־מאַכט; און אויך אידן מיט מאַכט פון אַמעריקאַנער דאָלאַר, וואָס נעמען איבער דעם אויסגעוואָרצלטן אידן, און פלאַנצן אים איין אויף דער ערד וואָס די רעוואָלוציע האָט דערלאַנגט פאַר אידן.

— כל ישראל חברים; אידן צעזייטע, און פאָרט ווי אין איין רעשעטע. אַז מען דרייט די רעשעטע, קומען זיי זיך נענטער צו־נויף. דער גאַנצער ערד־קײַלעך איז אַ מין קײַלעכדיקע זיפּ פאַר דעם אידן, צעזייט און צעשפּרייט; אַ שטאַרקער טרייסל — ברענגט זיי ענגער אינאייגעם...

די געהויבענע געסט זענען אָנשטענדיקער אָנגעטאָן; גלאַטער די הויט אויפן פּנים, און ווייכער זענען די הענט, וואָס זענען אויס־געפּרואווט ביי פאַרשיידענע פּאַפּירן און פּראָטאָקאָלן; אויך גלאַטער זענען די צינגער, וואָס זענען געוואוינט אָנצוקלאָגן, און ניט צו באַקלאָגן זיך; רעדן גלאַט, אָבער ווינציק.

פאַרשיידענע ווערטלעך פאַלן דאָ־און־דאָרטן וועגן זיי:

— זיי איז גוט, ווען מען לייגט אידן אין ד׳רערד אַריין...

— די צייט וועט קומען, וועטן זיי אויך מכבד זיין צו אַקערן מיט דער נאָז די ערד...

— וואָס מיינט איר, מאָסקווע, אָדער קרימער „וציק” האַלט ניט קיין אויג?

— דער טאָטער, מעלד איך אייך, איז נישט קיין גוטער פריינט דעם אידישן איבערוואַנדערער; נאָר אַז מען באַפעלט פון אויבן, קנייפּט מען זיך די באַקן, אַ פאַרב זאָל שטיין.

— וואָלטן נישט אידן געקומען אַהער, רעכט אַז אוקראַאינער, צי אַנדערע פּערעסעלענצעס וואָלטן געזעסן אויף דעם אָרט פון דעמ־דאָזיקן דאָרף.

— איך וואָלט שוין וועלן ווערן עלטער, און הערן וואָס אונד־זערע פריינט און פאַרזאָרגער האָבן צו זאָגן.

מען איז עלטער געוואָרן. אַ געגנוג גרויסער עולם איז אַראָפּ־געקומען, מען זאָל קענען מיטן פולן מויל זאָגן, אַז אידן קומען קיין

קרים, ניט אויף לייטישע געלעכטער. כאַטש אָפּגעריסן און אומגע־לומפּערט אין הולך — זעט מען, אַז איצטער, אין דער דערהויבענער שעה, האָט דער איבערוואַנדערער דערשפּירט אין זיינע ביינער אַ געוויסע מאָס זיכערקייט; זיין געמיט האָט צוגעקראָגן אַ טראָפּעלע גאווה.

— דער הימל איז פעסטלעך אָנגעצויגן איבערן קאָפּ, און די ערד אונטער די פיס וויגט זיך נישט...

בערע קאָוואַלסקי איז שטייפער געוואָרן; האָט די שטיוול גע־פּוצט, די העמד געשייערט, און אויך זיין צונג געפּרואווט „טאָמער וועט מען מכבד זיין צו זאָגן אַ וואָרט..." זיין האַרץ איז אים היינט אַ פּאָר מאָל איבערגעלאָפן מיט פרייקיקן טרויער; ער האָט געזוכט ווערטער פאַר די שוימיקע געפילן און געפּרואווט רעדן צו סימקעס האַטנער, איר איינטיילן זיינע איבערלעבונגען — מחמת היינט איז דאָך באמת בערעס טאָג. היינט וועט געצייכנט ווערן די גרעניץ צווישן די פאַרגאַנגענע טעג, און די, וואָס באַדאַרפן נאָך קומען; צווישן די אָפּגעטאָנענע טעות'דיקע אַרבעטן, און די אמת'ע בוי־אַרבעט, וואָס באַדאַרף זיך, לויט בערעס איבערצייגונגען, ערשט אָנהייבן אויף די אידישע פעלדער. היינט וועט מען רעדן פון דעם; היינט וועלן זיינע געדאַנקען אַרויסזאָגן מענטשן, וואָס זענען געשיקט געוואָרן פון דער נאַכט. היינט וועלן די ווערטער מעכטיקער אַפּהילכן איבערן דאָרף; אַלע פאַרזאַמעלטע וועלן הערן און באַגרייפן.

יאָ, מיט סימקען האָט ער געוואָלט רעדן; אין יעדעם מאָל, ווען ער האָט זיך נאָנט צו איר אַנידערגעשטעלט, און געוואָלט מיט זיין האַרץ צו איר רעדן פון דעם גרויסן טאָג — האָט אירער מיט זומער־שפּרענקלעך באַשפּרענקלטער פּנים געשטראַלט ניט מיט דעם ליכט, וואָס ער, בערע, האָט געוואָלט; האָט סימקע זיין דערנענטערונג פאַר עפּעס אַנדערש אָנגענומען.

ווען סימקע האָט אים אַרומגעכאַפּט אַרום האַלדז, און ער האָט אירע הענט פון זיין האַלדז אַראָפּגענומען, אָפּגעטראָטן פון איר אויף אַ פּאָר שריט, האָט זי אויסגעשאָסן:

— וואָלסט עס ניט געטאָן, ווען די בורזשויקע נעמט דיך אַרום און וויל דיך אַ קוש טאָן!...

בערע האָט זיך אויף איר ניט באַליידיקט; אפשר האָט אַ מיידל־שער קוש שטענדיק אַ זינען; אפשר האָט אַ מיידלשער קוש אפילו היינט, אין אַזאַ ערנסטן טאָג, אַ זינען; אָבער אירע ווערטער האָבן אים אַריינגעבראַכט אין אַ צעטומלעניש. אנשטאָט סימקען האָט ער אָפּגעשטעלט בעניע פינטשוקן, אים אַ שטאַרקן פּאַטש געטאָן אין פּלייצע און כמעט אויסגעשריען:

— נו, וואָס ווערסטו איצטער זאָגן, האָט די סאָוועטנמאַכט גע־האַלטן וואָרט? סאַראַ עולם, אַלץ איבערוואַנדערער... אַלעמען האָט די סאָוועטנמאַכט איינגעטיילט ערד; אויף אַלעמען גיט מען אכטונג, קיין בייז אויג זאָל ניט געשען!

בעניע האָט דערקענט בערעס אומרואיקייט; אים האָט אויסגע־זען גאָר ניט נאַטירלעך, בערע זאָל אַזוי הויך, כמעט מיט אַ הייזע־ריקייט רעדן. בעניע האָט געוואָלט ענטפערן בערען, אים זאָגן: „ווער עס וויל ניט פאַלן איבער אַ שטיין, דער זאָל די פיס ניט שלעפּן ביי דער ערד...״ וואָס אויף בעניעס לשון מיינט עס: „אויב מען וועט ניט איבערכאַפּן די מאָס, ניט טרייבן אידן צו ווערן אין איין יאָר דאָס וואָס זיי קענען ניט ווערן, וועט מען אַ סך מער געווינען.״

בעניע האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן, און קענען זיין ווילן אַ זאָג געטאָן:

— איך וויים ווער עס וועט בלייבן ביי דער ערד, און ווער עס וועט זיך אויסדרייען מיטן דישעל און...

בערע האָט זיך פון אים אויך אָפּגעקערט, ניט אויסגעהערט אַלץ וואָס בעניע האָט געוואָלט זאָגן; ער האָט זיך גאָר פּלוצלונג געווענדט צו כאַסיע אַסטראָוועד, בשעת זי און רחל שטיינבערג האָבן באַפּוצט די טריבונע.

— חבר׳טע אַסטראָווער — האָט בערע מונטער אַ געשריי גע־טאָן — איר האָט פאַרדינט היינטיקע שמחה, מיט אייך וועל איך היינט טאַנצן!

כאַסיע האָט עס אָנגענומען פאַר גוט, און תיכף אָפּגעצאָלט:

— היינטיקע שמחה איז נאָר פאַר די, וואָס האָבן עס פאַרדינט; דו האָסט מער ווי אימעצער אַנדערש די שמחה פאַרדינט...

יוסף ראַטנער האָט היינט געהאַט מיט וועמען צו רעדן אויף

זיין אופן; צווישן די געסט זענען געווען די פּאָלעסקינס, און עס איז אויך געקומען מנחם רייכלין, דער אייגענער מנחם, וואָס האָט פאַר־איאָרן אין דער צייט, בעת יוסף, בערע און לאַנע זענען אומגעפּאָרן איבער די אידישע דערפער, פאַרשטערט אַ שמחה׳לע אין סטעפּ ביי אַ שייטער־פייער.

— איך האָב פאָרט אמונה אין אידישן קיום — האָט ער אריינ־גע׳טענה׳ט צום דאָרן רייכלינען, ביי וועמען די אויגן זענען פאַרן יאָר נאָך טיפער איינגעזונקען אין קאָפּ — די סאָוועטנמאַכט איז פאָרט אויסן צו באַשאַפן פון אידן אַ פאָלק; גאַנץ מאַכן אונדזער צעשפּליטערטקייט; אויב דאָס קומט דערוויילל ניט אַרוים, זענען אין דעם אונדזערע אייגענע פירער שולדיק. איך זאָג דיר, מנחם, היינטיקער יום־טוב איז אַ אידישער נאַציאָנאַלער יום־טוב; דאָס איז אַ אידישער דאָרף; די סאָוועטנמאַכט וויל, דאָ זאָל זיין אַ אידישער דאָרף, און האָבן אַ אידישן חותם. אַ אידישע שול מיט דריי־און־צוואַנציק קינדער האָבן מיר; טויג דער לערער אויף כפּרות; האָט ער מורא אויפצוקלערן די קינדער, צוליב וואָס זיי זענען מיט זייערע טאַטע־מאַמע אַהער פאַרשלעפּט געוואָרן.

דאָס איז געווען אַן ענטפער אויף רייכלינס אַלט לידל: — אַז די רעוואָלוציע האָט דאָס אידישע פאָלק אויף שטויב צעשטויבט, און פון שטויב וועט קיין פאָלק ניט אויסגעבויט ווערן.

אויך יוסף האָט היינט גערעדט העכער ווי זיין שטייגער, באַשר ער האָט געוואָלט איבערשרייען און פאַרטויבן אַ שווערן אומעט און דין־שאַרפן טרויער, וואָס האָט זיך איבער אים אַראָפּגעלאָזן, און שטערט אים, אַז היינטיקע שמחה, זאָל זיין אויך זיין שמחה.

די שעה איז געקומען, ווען דער עולם האָט די העלדזער גע־צויגן צו דער טריבונע, באַשר אויף איר זענען שוין געווען פאַר־זאַמלט די געהויבענע געסט. מען האָט אויך אַהין פאַרבעטן פאַר־שטייער פון אַנדערע אידישע דערפער, און אויסגעטיילט אַן אָרט פאַר וויכטיקע טוער פון אייגענעם דאָרף. מען האָט ניט פאַרזען דעם עלטערן דור. לעבן בערען איז געזעסן ירחמיאל פינטשוק און זלמן קאַסאַי.

כאַסיע אָסטראָווער האָט מען אַרויפגענומען אויף דער טריבונע;

איר פּנים האָט געפלאַקערט און דאָס האַרץ האָט זיך געצאַפּלט, און צעשיקט אַ ציטער איבערן גאַנצן לייב; גלייך ווי ניט אויף דער טריבונע איז זי געזעסן... איר מהות האָט זיך אויפגעהויבן ביז צום בלויען הימל, און ווידער אַראָפּגענידערט צו דער ערד, צווישן די צוויי שורות באַקאַנטע שטיבער. פאַר אירע אויגן האָבן די פּנים׳ער פון די פאַרזאַמלטע געשוואומען אין אַ נעבל, דאָ־און־דאָרטן באַלויכטן מיט די שטראַלן פון פאַרנאַכטיקער זון.

די זון האָט שוין געהאַלטן נאָנט ביים פאַרגיין, ווען דער יונגער טאָטער איז אויפגעשטאַנען רעדן צום עולם:

— באַגריסן בין איך אייך, חברים, געקומען אין נאָמען פון דער קרימער „קאָמפּאַרטיי״, און אָט וואָס איך וויל צו אייך זאָגן, ווי אַ טאָטער, וואָס קרים איז זיין היים. איך רעכן דאָס פאַר מיין גליקלעכסטן טאָג אין לעבן, ווען איך קען צו אייך רעדן, און זאָגן אָט וואָס: אָנגעלייגט זייט איר מיר, חברים, אידישע איבערוואַנדערער; ווי ברידער וועלן מיר דאָ בויען אינאיינעם אַ קאָמוניסטישע וועלט. דאָ, וואו פּריצים האָבן געהערשט, אָפּגעקויפט דעם פויער, געמאַכט אים פאַר אַ לייבקנעכט; דאָ, חברים, אידישע איבערוואַנדערער, לעבן איצטער באַפרייטע מענטשן, קינדער פון אַלערליי פעלקער, וואָס בויען אינאיינעם אַ בעסערע און שענערע וועלט. לאַנג לעבן זאָל די סאָוועטנמאַכט, וועמען די רעוואָלוציע האָט אויסדערוועלט איינצופירן גערעכטיקייט אויף דער ערד, וואו עס האָבן אַזוי־פיל דורות געהערשט דעספּאָטישע צאַרן! לאַנג לעבן זאָל דער אידישער איבערוואַנדערער!

דעם טאָטערס קלינגענדיקע ווערטער האָבן דעם עולם אונטערגעשוועגקט; מען האָט הויך געפּאַטשט און געשריען: „לאַנג לעבן זאָל די סאָוועטנמאַכט!״ באמת האָבן זיינע ווערטער אַזוי דורכגענומען דעם עולם — אַזש די פּיס האָבן זיך אונטערגעהויבן און געגלוסט אַרויס אין אַ טענצל. עס זענען נאָך אויפגעשטאַנען רעדנער נאָך רעדנער; יעדער איינער האָט געזוכט ווערטער, וואָס זאָלן קלינגען שענער און שטאַרקער פון דעם טאָטערס, אָבער דעם טאָטערס רייד האָבן פאַרנומען ביים עולם דעם עיקר אָרט אין האַרצן. געוואַרט האָט מען נאָר מיט אומגעדולד צו הערן דעם נאָמען פון

יונגן דאָרף, א נאָמען, וואָס באַדאַרף מיט זוניקע אותיות פון היינט אָן און ווייטער זיך טראָגן איבער דער באַפרייטער ערד... דאָס צו טאָן, האָט מען איינגעטיילט בערען.

בערע, וואָס האָט געטראַכט צו זאָגן א סך, גאָר א סך, בעת ער איז אויפגעשטאַנען און געוואָלט עפענען דאָס מויל, האָט אים פאַר־קוועטשט אין האַלדז — ממש מיט טרערן זענען פאַרלאָפן די אויגן. ווען ער האָט באַטראַכט דעם עולם, וואָס איז געווען באַלויכטן מיט דעם שקיעה־ליכט — האָבן אַלע פנים'ער פלוצלונג אַציטער געטאָן פאַר זיינע אויגן. דער נאָמען פון דאָרף האָט געשוועבט אויף זיינע ליפּן, אָבער דער נאָמען אַליין וועט דאָך חלילה פאַרלאָרן גיין, אויב ער וועט אים ניט באַגלייטן מיט נאָך אַנדערע וויכטיקע ווערטער, וואָס ער האָט נאָך פון נעכטן צוגעגרייט; „ווערטער־געדאַנקען" אַזעלכע, וואָס ער האָט געהאַט אַזוי גוט איינגע'סדר'ט, האָבן פלוצ־לונג אָנגעהויבן צו שפּרינגען איינציקווייז פאַר זיינע אויגן, און ער קען זיי ניט אָנכאַפּן...

בערע האָט זיך געשטאַרקט, אָפּגעהוסט; א גלעט געטאָן מיט זיין האַנט די לינקע זייט ברוסט, ווי אָפּצואווישן די קלעמעניש אַרום האַרצן:

— חברים, — האָט בערע אָנגעהויבן מיט א הייזעריקייט, — חברים... איך האָב היינט געוואָלט א סך רעדן, און קען ניט. ווארום, וואָס בין איך? ווער בין איך, וואָס איך זאָל קענען זאָגן... דאָס וואָס איר זעט — האָט בערע אויסגעשפּרייט זיין רעכטע האַנט צום דאָרף — איז ניט געגוג... אויב אַזוי וועט עס בלייבן, וועט עס הייסן, מירן נאָך גאָרניט אויפגעבויט. שטיבער מיינט גאָרניט; שטיבער מיינט ניט רעוואָלוציע; די ערד אַרום פאַרלאַנגט פון אונדז עפּעס בעסערס; חברים איבערוואַנדערער, סאָציאַליזם באַדאַרפן מיר בויען!... קאָמוניזם באַדאַרפן מיר בויען...

דערביי האָט אים דאָס לשון איינגעגאַנצן ווי אָפּגענומען; ער האָט געטאַפּט זיין האַלדז, איבערגעשטעלט די פיס פון איין אָרט אויפן אַנדערן, און ווידער זיך געגלעט די ברוסט, ביז יוסף האָט אויסגעשריען:

— בערע, דעם נאָמען, דעם נאָמען גיב אַהער!

איז בערען מיט אמאל ליכטיק געוואָרן אין די אויגן, די ווערטער האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ שורה, און ער האָט אויסגעשריען:

—רויטע פעלדער, — איז דער נאָמען פון נייעם דאָרף; לאַנג לעבן זאָלן די רויטע פעלדער!

„רויטע פעלדער"... „רויטע פעלדער" — האָט זיך געטראָגן פון מויל צו מויל; ס'האָט אָנגעצונדן די אויגן ביים אינגערן עולם, און אַרויסגערופן טרויער ביי אַסך פון עלטערן עולם:

— רויטע פעלדער, אַ שיינער נאָמען!

— די זון גייט אויף רויט...

— בלוטיק־רויט גייט אויף דאָס נייע לעבן.

— יאָ, מלחמה איז אויך רויט...

— פייער איז אויך רויט...

— אָ, רויטע פעלדער, אַ אייביקער נאָמען!

— וועמעס קאָפּ האָט עס צוגעקלערט אַזאַ נאָמען? אַזאַ נאָמען וועט זיך צוטראָגן איבערן גאַנצן לאַנד...

אַ האַרמאָניקע האָט אויפגעשפּילט אַ קאַזאַצקע; יונג און אַלט האָבן זיך אַרויסגעלאָזן טאַנצן, און אויפגעהויבן אַ הויכן שטויב.

סימקע איז צוגעגאַנגען צו בערען, אים אַרומגענומען, געוואָלט אים אַריינציען אין אַ טאַנץ; אָבער בערע איז געווען אַזוי צוטראָגן — ער האָט ניט געשפּירט די ערד אונטער זיך.

— רעוואָלוציאָנער מיינער, קלייבסט זיך שוין ווײַנען — האָט אים סימקע אַ שטאָך געטאָן — זאָג, ווער האָט עס דעם נאָמען צוגעטראַכט?

יוסף איז צוגעגאַנגען צו בערען און געקלאַפּט אים אין פּלייצע:

— ווילסט מיט מיר טאַנצען? קום, הײַנט איז מײַן שמחה, אַזוי גוט ווי דײַנע! און הײַנט איז... ווילסט ניט? טאָ קום דו, סימקע!

סימקע האָט זיך געלאָזט אַרומנעמען פון יוסף'ן, געטאַנצט מיט אים, אַזש דער אָטעם האָט עס ביידן אויף אַ ווײַלע פאַרשלאָגן. אַביסל שפּעטער, ווען דער טאַנץ האָט דאָס בלוט צעוואַרימט, בעת סימקעס

פולע ברוסט האָט יוסף'ן דערוויטערט און דערנענטערט צו זיך — האָט זי אים אריינגעזאָגט גלייך אין פּנים אריין:

— רעוואָלוציאָנערן זייט איר? מאַלאָקאָסאָסן זייט איר! אַלע גייט איר אַרום היינט מיט אַראָפּגעלאָזטע נעז... אפילו ביים עלטסטן האָט אויך דאָס לשון אָפּגענומען; ער האָט היינט מסתמא געוויינט אויך... אַלע זייט איר פאַרליבט אין דער בורזשויקע! וועמעס נאָמען איז דאָס, דיינער? קאָנטר־רעוואָלוציאָנער איינער, דיין קאָפּ האָט אַזאַ נאָמען אויסגעקלערט?

יוסף און סימקע זענען פאַרפלייצט געוואָרן פון דעם שטראָם טענצער, וואָס האָט זיך געוויגט און געבויגן אין באַזונדערע קרייזן, און צוריק זיך געשלאָסן אין אַן אָנגעצונדענעם טענצער־קרייז; די טענצער האָבן זיך געוויכערט אין קרייז מיט אַ נאָמען „רויטע פעל־דער" אויף די ליפּן...

נאָר פאַרוואָס איז וואָווע ברעזער גאָר פון שטוב היינט ניט אַרויסגעקומען, אָנטייל צו נעמען אין דער שמחה, וואָס האָט זיך אין דעם אַנדערן עק דאָרף צעפלאַקערט, און דעם נאָמען „רויטע פעלדער" אויף פריידיקע פלאַמען אַרויסגעטראָגן?

— וואו איז לאַנע? פאַרוואָס איז איצטער לאַנע ניט געשטאַ־נען, ווי סטרונעס אירע נערוון אָנגעצויגענע, און געוואַרט, בערע זאָל פון דער טריבונע אויסרופן דעם נאָמען פון יונגן דאָרף?

סימקע האָט פאַרשטאַנען, אַז לאַנע האָט דעם נאָמען צוגע־קלערט; זי האָט גוט פאַרשטאַנען פאַרוואָס בערען האָבן די ווערטער געשטיקט, און פאַרוואָס יוספ'ס אויגן זענען מיט טרערן פאַרלאָפן.

סימקע האָט ביי זיי ביידן אויף דער שמחה געוואָלט פאַרנעמען לאַנעס פּלאַץ, און זי האָט עס ניט געקענט באַווייזן.

# LV

די גרויסע שטאָט האָט ביילקעס פּנים נאָך מער אויסגעצויגן, אירע שוואַרצע אויגן־ברייטער אויפגעעפענט; און איר קאָפּ העכער אויפגעהויבן. זי איז פאַרן יאָר אַביסל אונטערגעוואָקסן; זי האָט אויסגעקוקט העכער צו זיין פון לאַנען. איר גאַנצער אויסזען איז געווען פאַר לאַנען אַ חידוש.

— די שטאָט האָט זי אי דערנענטערט, אי דערווייטערט פון מיר — האָט לאַנע ביי זיך געקלערט — ווי מענטש איז זי מיר אַביסל ליי־בער; און ווי שוועסטער...

געווען איז דאָס שוין לאַנעס פערטער טאָג אין מאָסקווע; ווי אַ אָפּגעשניטענער זאַנג האָט זיך לאַנע דערשפּירט אין דער גרויסער שטאָט, וואו אַלע גאַסן זענען געווען פאַרהאַנגען מיט פּלאַקאַטן און באַפּוצט מיט רויטן שטאָף לכבוד דעם זיבעטן נאָוועמבער, וואָס פאַלט אויס אין עטלעכע טעג אַרום. לאַנע איז געפאָרן קיין מאָסקווע, ניט אַזוי צוליב איר שוועסטער; זי איז געפאָרן שפּירן די נאָענטקייט פון דער רעוואָלוציע, זען די מאַסן וואָס בויען סאָציאַליזם; און נאָך מער איז געווען איר ציל,צו שפּירן דעם גייסט פון דער גרויסער שטאָט, כדי פונדערווייטנס זאָל זי קענען אַריבערבליקן צום פעלד, וואו זי האָט פאַרפּלאַנצט איר מי און אירע יונגע יאָרן; אַריבערקוקן צום פעלד, וואו זי האָט אירע שוואַכע וואָרצלען איבערגעלאָזן; אַריבער־קוקן צום פעלד, וואו צוויי זומערן האָט זי געשניטן תבואה, וואָס זי, און אַזוינע אין איר גלייכן, האָבן אַרויסגעבראַכט פון דער ערד אַרויס.

ווען דאָרטן, אין יונגן דאָרף, האָט מען זיך געגרייט צו יום־טוב'ן לכבוד דעם נאָמען „רויטע פעלדער" — אַ נאָמען, וואָס זי, לאַנע, האָט אויסגע'חלומ'ט — האָט זי דאָ אין מאָסקווע די דאָזיקע פרייד אַליין מיט זיך איבערגעלעבט. אַ גאַנצע נאַכט איז זי געווען וואַך; געטיילט מיט ביילקען איר שמאָל, אייזערן בעטל, אין אַ שמאָלן חדר אויף אַ זייטיקער מאָסקווער גאַס, וואו נאָך דריי בעטלעך זענען גע־שטאַנען; און וואו נאָך דריי, ניט־אידישע אַרבעטאָרנס פון דער איי־גענער שאָקאָלאַד־פאַבריק, וואו ביילקע האָט געאַרבעט, האָבן דאָ גע־שלאָפן. לאַנע און ביילקע זענען וואַך געווען. לאַנע האָט פאַר ביילקען ניט געקענט אָפּמאָלן, ווי אַזוי דאָס דאָרף איז אויסגעוואַקסן: פאַר מאָסקווע האָט עס אויסגעזען צו קליין. בכלל איז די ערשטע נאַכט אין מאָסקווע געווען אַ וואַך־נאַכט. ביילקע האָט לאַנען געהאַט אַ סך, גאָר אַ סך צו דערציילן, און דערוויייל עס באַהאַלטן אין זיך. לאַנען איז תחילת ליב געווען, וואָס איר שוועסטער האָט געפונען גענוג אינהאַלט פאַר איר לעבן, און זי קען שוין אפילו אויפוואָרפן איר, לאַנען, הלמאי זי האָט „באַגראָבן איר יוגנט אין קרימער סטעפּ." עס

האָט איר ניט פאַרדראָסן אויף דער שוועסטער; לאַנע האָט דערוויילאפילו ניט געפּרואווט צו באַווייזן ביילקען, אַז פאַר איר, פאַר ביילקען, האָט געוואָרט אַ שענערע צוקונפט אין קרימער סטעפּ — ווי אין מאָסקווע אויף דער שאָקאָלאַד־פאַבריק. בכלל איז לאַנען אָנגעקומען שווער צו באַנעמען, און ווי געהעריק איז אָפּשאַצן אַלץ, וואָס זי האָט פאַר דער קורצער צייט געזען אין מאָסקווע. זי האָט יאָ באַגריפן, אַז די מענטשן פון דער גרויסער שטאָט אַרבעטן אַלע ווי די בינען, און לעבן אין אַזאַ ענגשאַפט ווי די בינען; די אַרבעט ווערט געטריבן פון אַ אומזיכטיקן כוח. אַנדערש וואָלט דאָך איר שוועסטער, מיט אַזאַ אָפּגעלאָזענער נאַטור, ניט אַוועק אין שפּאָן מיט הונדערטער אַנדערע מיידלעך, אין אַ פאַבריק, וואו לאַנע איז געווען מיט אַ טאָג צוריק, און וואו די אַרבעטאָרנס האָבן דערקענט אין איר די יונגע פּויערטע, און זיך אַזוי געפרייט מיט איר...

— דו שאַף ברויט, און מיר וועלן דיך צאָלן מיט שאָקאָלאַד, כאַ־כאַ־כאַ.

מיט די דאָזיקע ווערטער האָט לאַנען באַגעגנט אַ בלאָנדע אַרבע־טאָרן, אָנגעקושט איר ביידע באַקן, און געלאַכט פון פולן האַרצן.

— וואָס טוט איר דאָ, חבר׳טעס? — האָט לאַנע געפרעגט, און אַליין ניט געוואוסט וואָס זי פרעגט.

— מיר בויען, מיר בויען דאָ אַ נייע וועלט!

— מיר דאַרפן יאָגן און איבעריאָגן די גאַנצע וועלט...

— אָהאָ, מירן נאָך קומען צוגאַסט צונ׳אייך אין פעלד; דערווייל זענען מיר דאָ פאַרנומען...

לאַנע האָט זיך צוגעקוקט צו דער אַרבעט, ווי מען דריקט אַרויס פון רערלעך קופּקעלעך לויזן שאָקאָלאַד; ווי מען וויקלט צוקערקעס אין שיינע פּאַפּירלעך; ווי מען פּאַקט עס אין שיינע שאַכטלעך, און זי האָט געוואָלט אָפּשאַצן, וועמעס מי איז מער אָנגעלייגט — צי די דאָ־זיקע אַרבעט פון די מיידלעך, צי איר אַרבעט אין פעלד... עס האָט איר הנאה געטאָן, ווען אַ מיידל האָט זי אַרומגעטאַפּט, אָפּגעמאָסטן מיט די בליקן, און צוגעגעבן, אַז פון איר שמעקט עס מיט ברויט, מיט פעלד... לאַנע איז אַ אומעטיקע אַרומגעגאַנגען אין פאַבריק, און אַזוי

אומעטיק איז זי אוועק. ביילקע האָט עס באַמערקט, און האָט זיך איינגעהאַלטן, ניט אָנצוהייבן מיט לאַנען פון דעם אַ שמועס.

אודאי איז געווען אַ סך, גאָר אַ סך פון וואָס צו רעדן מיט ביילקען אָבער די אומגעריכטע אַנדערשקייט, וואָס זי האָט אין איר באַגעגנט, האָט לאַנען אָפּגעהאַלטן דערווייל צו רעדן מיט איר פון דעם אַלעמען, וואָס זי האָט אויפן וועג קיין מאָסקווע געטראַכט. לאַנע ווייס דאָך, אַז ביילקע האָט אונטערן האַרצן געטראָגן אַ קינד פון נחומ'ען; איצטער איז קיין סימן ניטאָ, ניט פון קינד, און ניט פון נחומ'ען. לאַנע וואָלט וועלן, ביילקע אַליין זאָל אויפעפענען איר האַרץ און אויסדערציילן פון אַלץ פאַר דער עלטערער שוועסטער...

כאָטש פאַרן אוועקפאָרן האָט לאַנע מיט יוספ'ן קיין וואָרט ניט גערעדט, זי האָט אים אפילו ניט דערציילט, אַז זי קלייבט זיך קיין מאָסקווע; פונדעסטוועגן, ווען לאַנע קוקט אויף איר שוועסטער, טראַכט זי פון דעם מענטשן יוסף ראַטנער, ווען האַרץ ביילקע האָט פאַרטראָגן קיין מאָסקווע. „וואָס וואָלט יוסף געזאָגט, ווען ער זעט איצטער ביילקען?" — האָט לאַנע אַ פּאָר מאָל אַ טראַכט געטאָן.

אויפן וועג פון פאַבריק, בעת לאַנע האָט געטראַכט פון יוספ'ן, האָט זי פּלוצלונג אַ לאַך געטאָן.

ביילקע איז צוגעשטאַנען צו לאַנען, זי זאָל איר זאָגן פאַרוואָס זי לאַכט.

— איך לאַך, ביילקע, וואָס יוסף ראַטנער...

לאַנע האָט זיך פאַרכאַפּט, און ניט אַרויסגעזאָגט דאָס איבעריקע.

— וואָס מאַכט ער, דער נאַר? — האָט זיך ביילקעס נייגער אָנגעצונדן — ער געדענקט מיך נאָך?

— פאַרוואָס מיינסטו, אַז ער איז אַ נאַר?

— אודאי איז ער אַ נאַר, אויב ער זיצט דאָרטן!

— ער האָט דיך ליב, ביילקע.

— איז ער אודאי אַ נאַר.

— בענקסט גאָרניט נאָך אים?

— ער איז אַ נאַר וואָס ער זיצט דאָרטן; און דו ביסט ניט בע־סער פון אים.

לאַנע האָט ווידער אַ לאַך געטאָן, און צוגעצויגןביילקען נענטער צו זיך.

ביילקען איז לאַנעס געלעכטער געווען אַ רעטעניש, כאָטש זי איז צופרידן, וואָס דער שמועס איז אַרויפגעקומען אויף יוספ'ן. מעשה עלטערע שוועסטער האָט זי געוואָלט לאַנען אויפקלערן:

— איך בין צופרידן וואָס דו האָסט זיך צורעדט צון יוספ'ן; איך האָב מיט דיר אויך אַ סך וואָס צו רעדן.

— ווילסט זאָגן, אַז דיין שוועסטער איז אַ נאַר, האַ, ביילקע?

— יאָ, לאַנע. האָסט ניט באַדאַרפט קומען אַליין; דעם טאַטן האָסטו אויך באַדאַרפט פון דאָרטן צונעמען. דאָ וואָלטן מיר ביידע געאַרבעט און אים אויסגעהאַלטן. דאָרטן וועט פון אים ווערן גאָר־ניט..

— פון מיר וועט דאָרטן אויך ווערן „גאָרניט", האַ, ביילקע?... זעסטו דאָך, דערהווייל בין איך נאָך די אייגענע לאַנע! איך האָב אָנגעהויבן צו רעדן מיט דיר פון יוספ'ן, כאָטש ער האָט מיר ניט גע־בעטן איך זאָל עס טאָן. ער האָט דיך ליב, ביילקע; ניטאָ אין מאָסקווע אַזאַ ווי יוסף.

— מיינסט עס טאַקע?

— יאָ, ביילקע; מענטשן ביי דער ערד, זענען אַנדערע מענטשן.

— דו ביסט די בעסערע, לאַנע?

— דאָס זאָג איך ניט; צווישן אונדזביידן שטייט עפּעס אַנ־דערש; פון דעם ווען מיר איצטער ניט רעדן.

— צוליב וואָס ביסטו געקומען קיין מאָסקווע? — האָט ביילקע טרוקן אַ פרעג געטאָן.

— דאָס וועל איך דיר אפשר קענען דערציילן, איידער איך וועל פונדאַנען אָוועקפאָרן.

— קלערסטו נאָך פונדאַנען פאָרן צוריק? אַהין אויף ווינטער?

— אודאי, ביילקע; דאָרטן ליגט אין דער ערד די ווינטערדיקע תבואה... וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן?

— דיר געפעלט ניט מאָסקווע?

— מאָסקווע איז אַ שטאָט, אַ גרויסע שטאָט; וועט אודאי אויס־וואַקסן נאָך גרעסער. מענטשן זענען דאָ אָן אַ שיעור; איך ווייס, אַז

דאָ זענען פאַראַן אַ סך וויכטיקע מענטשן; אודאי איז מאָסקווע די וויכטיקסטע שטאָט...

— טאָ פאַרוואָס ווילסטו דאָ ניט בלייבן?

— וואָס וועל איך טאָן אין מאָסקווע, אַרבעטן, ווי דו, ערגעץ אויפן פאַבריק?

— יאָ, לאַנע, דאָס מיין איך!

— ווילסט האָבן דיין שוועסטער געבן זיך... ווייסטו דאָך, אַז מיר לעבן אין אַזאַ צייט, וואָס טאַטע־טאַטע מיינט גאָרניט; שוועסטער־ברידער מיינט גאָרניט... האָסט דאָ גאָרניט קיין פריינט? און דער גייסט פון דער רעוואָלוציע?

ביילקע האָט אָנגעקוקט לאַנען, און איז רויט געוואָרן. ווען לאַנע האָט דערמאָנט די רעוואָלוציע, האָט עס צו ביילקען געקלונגען גאָרניט נאַטירלעך; איר האָט אויסגעוויזן, אַז לאַנע פאַרגוואַלדיקט אין זיך אירע געפילן; מיט געוואַלד נעמט זי אויף זיך אָן אַלץ וואָס זי טוט, כדי מען זאָל זי אַרויסטיילן פון די ברעזערס.

— וואָס איז די רעוואָלוציע פאַר די ברעזער־קינדער? — האָט ביילקע געפרעגט.

— די רעוואָלוציע האָט אונדז געגעבן אַ געלעגנהייט אָנצוהייבן אַ געזיינטער לעבן; דאָס וואָס די ברעזערס טוען אין קרים איז גוט געטון.

— פאַרוואָס וועט ניט טויגן דאָ אין מאָסקווע, אויב מיר וועלן דאָ אַלע איינאיינעם?... איך פאַרשטיי, לאַנע, ווען דו וואָלסט דאָרטן קיינעם ניט האָבן!...

— אודאי האָב איך דאָרטן אימעצן, — האָט לאַנע גוטמוטיק געענטפערט — דו האָסט דאָרטן אויך אימעצן, וואָס גייט אויס נאָך דיר.

ביי די ווערטער איז מען אָנגעקומען צו ביילקען אַהיים; אין צימער איז קיינער ניט געווען. ביילקע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אַ געלעגער, און האָט שטיל געוויינט; האָט זיך אפילו ניט באַמיט צו באַהאַלטן די טרערן פון לאַנען.

לאַנע האָט זיך אַנידערגעזעצט לעבן ביילקען, געגלעט איר פּלייצע, און געוואַרט ביז ביילקע וועט קומען צו זיך. ביילקע האָט לאַנען עטלעכע מאָל געפרעגט, צוליב וואָס זי איז געקומען קיין מאָסקווע, און

פאַרוואָס זי וויל זיך דאָ ניט אָפּשטעלן... אויף דעם האָט לאַנע ניט געענטפערט.

פאַרוואָס איז טאַקע לאַנע אַזוי פּלוצלונג געפאָרן קיין מאָסקווע? פאַרוואָס איז זי אַוועקגעפאָרן ערב דעם גרויסן יום טוב, וואָס האָט זיך געגרייט אין יונגן דאָרף? האָט זי אימעצן געוואָלט באַשטראָפן? האָט זי אפשר אָנגענומען איר טאַטנס עצה צו פאָרן אַביסל קיין מאָסקווע, באשר אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זיין טאָכטער וויל זיך אַרויסרייסן פון דאָרף?

ניין, לאַנע איז ניט אויסן געווען צו טאָן אימעצן צו להכעיס. איין מענטשן האָט זי פאַרטרויט פון איר נסיעה קיין מאָסקווע; דער מענטש איז געווען בעניע פינטשוק, באשר זי האָט אים געוואָלט בעטן, ער זאָל פונוויטנס אַכטונג געבן אויף דער ברעזער־שטוב און שטאָל; זי האָט מורא געהאַט, איר טאַטע וועט זיך ניט קענען אַן עצה געבן. בעניע האָט אפילו ניט איבערגעפרעגט, ווען זי קומט צוריק. שווער געווען צו וויסן — צי בעניע פאַרשטייט אַזוי לאַנען, און אַלץ וואָס זי טוט, קוקט צו אים אויס אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלעך? אָדער גאָר, בעניען איז בכלל קיין חילוק ניט וואו לאַנע וועט זיין... אַכטונג געבן אויף איר באַלעבאַטישקייט וועט ער סאַי־ווי; אויף דעם זאָגט אים אונטער זיין חוש פאַר אחריות; לאַנען איז געפעלן געווען וואָס בעני מאַכט פון איר אַוועקפאָרן קיין שום ווענז ניט. ווען לאַנע האָט נאָך שניט־צייט אַ צי געטאָן קיין מאָסקווע, האָט זי דעם פאַרלאַנג ניט געוואָלט דערשטיקן אין זיך. מאָסקווע איז ביי אַלעמען אויף די ליפּן; ווער עס בענשט דעם נאָמען, און ווער — סע שעלט. פאַר ווער עמען עס קומען פון מאָסקווע „לויטערע ברכות"; און פאַר ווער עמען מאָסקווע שיקט „אכזריות'דיקע דעקרעטן." לאַנע האָט מיט פולן אחריות אַרויסגעקוקט צו דער נייער צייט, געגאַנגען דער צייט אַנט־קעגן, און מיט פולן אחריות אויפגענומען די דעקרעטן, וואָס קומען פון מאָסקווע. דעם סערפּ־און־האַמער האָט לאַנע אָנגענומען פאַר איר צייכן פון בעסערע צייטן. לאַנע האָט געשפּירט, אַז פון מאָסקווע קומט אויך דער אומרואיקער גייסט, דער שטאָט־גייסט, וואָס רודערט דעם יונגן, אידישן איבערוואַנדערער. וויפל מאָל האָט בערע דער־מאָנט מאָסקווע מיט אַזאַ בענקעניש אין די אויגן! „מאָסקווע, די

שטאָט וואָס בויט סאָציאַליזם..." אַ סך מאָל האָט זי געגלויבט, אַז בערע וועט סוף־כּל־סוף אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט אויף די יונגע, אידישע דערפער, וואָס וואַקסן אין קרימער סטעפּ, און אַוועק אַהין, וואו מען בויט סאָציאַליזם.

די צייט איז געקומען ווען לאַנע האָט באַדאַרפט אויסקלייבן — ניט אַזוי צווישן שטאָט און דאָרף, צווישן מאַמע־ערד און פאַבריק — די צייט איז געקומען, לאַנע זאָל קלאָר באַגרייפן דעם חילוק צווישן מענטש און מענטש; ווער עס איז דער אמת'ער בויער ביי דער נייער צייט; ווער עס שטייט גענטער צו די פאָדערונגען פון דער רעוואָלו־ציע; לאַנע האָט געוואָלט אָנקוקן פּנים־אל־פּנים דעם שטאָט־מענטשן, אין וועמעס נאָמען מען איז שוין צוויי סוף־זומערן געקומען צו איר אין דאָרף נעמען אַ גרויסן טייל פון ברויט, וואָס זי האָט ביי מאַמע־ערד פאַרדינט. און ווען עס האָט זיך געגרייט דער גרויסער יום־טוב, אַ נאָמען צו געבן דעם דאָרף, וואו זי האָט געהאָלפן צו לייגן דעם ערשטן ווינקלשטיין, און וואו זי וועט באַדאַרפן אינאיינעם מיט מאַמע־ערד, יאָר־איין, יאָר־אויס וועלקן און בליען, שוואַנגערן און גע־בערן; וואו זי וועט באַדאַרפן אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע איר אייגענעם איך שפּאַנען אין אַקער פון אַ גרויסער, פאַרברידערטער משפּחה — — — פונקט יעמאָלט האָט ממש אַ שטורם פון אָרט זי אויפגעהויבן און געטראָגן קיין מאָסקווע. איר טאַטע האָט מיט גרויס צופרידנקייט צוגעקוקט ווי לאַנע, אַזאַ אויפגעוועקטע, קלייבט זיך אין וועג אַריין. מיט בערען האָט זי ניט גערעדט; מיט יוספ'ן אויך ניט. ביינאַכט איז זי אַוועק; פונקט ווי זי האָט ביילקען דורך נאַכט אַמאָל געפירט צום באַן — אַזוי האָט וואַווע ברעזער לאַנען דורך נאַכט גע־פירט. נאָר אַנדערש איז דאָס מאָל געווען די נסיעה.

ביילקע האָט איינגעשטילט אירע טרערן; די אויגן האָבן זיך אויסגעטריקנט; מיט אַ סך לויטערקייט האָבן ביילקעס אויגן איצטער געקוקט צו לאַנען.

— פונדעסטוועגן בין איך דיר מקנא וואָס דו קענסט טאָן דאָס, וואָס דו באַשטימסט ביי זיך, און איך קען עס ניט...

ביילקע האָט שטיל גערעדט, און עטלעכע מאָל געקושט לאַנען איןביידע באַקן.

— האָסט מיר דערוויייל נאָך גאָרניט דערציילט, ביילקע; זאָגסט, איך פיר אוים אַלץ וואָס איך וויל; דו האָסט שוין אַ סך מער דערגרייכט. האָסט שוין איצטער געקענט זיין אַ מאַמע, און איך... צו טאָן דאָס, וואָס דו האָסט געטאָן, באַדאַרף אַ מיידל האָבן ווילן און כוח.

ביילקען זענען לאַנעס לעצטע ווערטער געווען צום האַרצן. זי האָט דאַריבער אויסגעקוקט, לאַנע זאָל מיט איר נאָך עפּעס רעדן וועגן איר מצב. זי האָט לאַנג ניט געדאַרפט וואַרטן.

— איך האָב אויף דיר ניט געקוקט קרום; הלואי וואָלט ער געבליבן מיט דיר דאָרטן; מיר האָט ניט געאַרט וואָס ער איז אַזוי יונג. ער האָט דיך גאָר אינגאַנצן אַוועקגעוואָרפן?

— ער קומט אַמאָל שלאָפן צו מיר... וואָס שמייכלסטו?

— איך וויים, אַז דו האָסט אים נאָך ליב.

— ניין, איך האָב אים ניט ליב; דאָ איז ליבע ניט קיין גרויסער יום־טוב. אַ מאַן וויל האָבן אַ פרוי — האָט ער זי!

— אויף אויסצושלאָפן זיך...

— אודאי, אויף אויסצושלאָפן זיך.

— און אַז די פרוי וויל האָבן אַ מאַן אויף אויסצושלאָפן זיך?

— קריגט זי אויך; ניט קיין גרויסע דאגה, טאָמער קלעפּט זיך עפּעס צו. מען גייט אין שפּיטאָל און מען טרייבט עס אַרוים פון זיך.

לאַנען איז דורכגעלאָפן אַ פרעסטעלע דורכן פּלייצע. זי האָט געהערט ביילקעס רייד, און האָט ניט געקענט גלויבן, אַז דאָס רעדט איר פאַר׳חלומ׳טע שוועסטער, וואָס האָט קיינמאָל קיין לעבעדיקן שמייכל ניט געטראָגן אַרום די ליפּן. אָבער דאָס וואָס זי האָט נאָר־וואָס געהערט, טאַקע דערפאַר ווייל איר פאַר׳חלומ׳טע שוועסטער רעדט איצטער צו איר — האָט עס לאַנען פּלוצלונג אַנידערגעשטעלט ווי פאַר אַ פינסטערן טיפן תהום...

— דאָס איז רעוואָלוציע, ביילקע?

— אודאי; פאַר דער רעוואָלוציע האָט אַ מיידל זיך ניט געקענט אַזוי אויפפירן!

— דיר געפעלט עס?

— אודאי איז איצטער בעסער ווי עס איז אַמאָל געווען.

— צוליב דעם האָט באַדאַרפט קומען די רעוואָלוציע?

— ניט צוליב דעם אַליין...

— ווייסט,ביילקע, אַז ליבע צווישן מאַן און פרוי באַדאַרף זיין הייליק, ווייל דורך ליבע קריגט מען אויך אַ באַציאונג צו אַלץ וואָס מען טוט. מיינסט, אויב די יוגנט האָט דאָ באַשאַפן אַזאַ באַציאונג צווישן מאַן און פרוי, געקראָגן אַזאַ באַציאונג צו אַ קינד, וואָס הייבט אָן וואַקסן אונטערן הארצן... דו מיינסט, די רעוואָלוציע האָט עס אַזוי געוואָלט?

— פאַרוואָס ניט?

— דעם מענטשנס כאַראַקטער וועט יעמאָלט פאַרדאָרבן ווערן, אויב דאָס אַלץ וועט איבערבלייבן פון ליבע... מאַכסט אַ טעות, ביילקע; איך גלויב ניט, אַז דאָס פאַרלאַנגט די נייע צייט.

— בין איך געווען אַ בעסערער מענטש איידער איך האָב זיך געלאָזט פאַרפירן?

— דער מאַן, וואָס איז צו דיר געקראָכן, איז געווען אַ בעסערער מענטש, כל־זמן דו האָסט אים צו זיך ניט צוגעלאָזן.

— און אויב די פרוי אַליין וויל זיך איבערגעבן אַ מאַן?

— הא?...

ביילקעס לעצטע פראַגע האָט אין לאַנען אָנגעצונדן דאָס בלוט. זי איז רויט געוואָרן, און די אויגן האָבן געפינקלט מיט פייער.

— יאָ, לאַנע — האָט ביילקע עקשנות'דיק גע'טענה'ט — דו רעדסט אַלץ פון מאַן; איך פרעג: פאַרוואָס קען אַ מיידל ניט צו־קומען צו אַ מאַן וואָס געפעלט איר, און פאַרלאַנגען פון אים?...

— און אויב ער וועט זי אָפּזאָגן?

— אַ מאַן זאָגט זיך ניט אָפּ.

— דער וואָס וועט זיך ניט אָפּזאָגן, איז אפילו קיין הונט אויך ניט...

— ליבע איז אַ בורזשואַזע זאַך; איך האָב זיך פון די בורזשו־אַזע געפילן באַפרייט. איצטער אַרבעט איך אויף אַ פאַבריק; איך בין אַ פרייער פויגל.

— לאָמיר וועגן דעם, ביילקע, מער ניט רעדן. דו ביסט ניט די

איינציקע וואָס טראַכט אַזוי. די צייט אַליין וועט אייך אָנווייזן וואָס איר האָט פאַרלאָרן אין לעבן. די רעוואָלוציע אַליין וועט פון זיך אַראָפּטרייסלען דעם מיאוס'ן בילבול, אַז ליבע איז אַ בורזשואַזער באַגריף!

ביילקע האָט זיך צוגעטוליעט צו לאָנען, מיט צערטלעכקייט גע־גלעט לאָנעס קאָפּ, און שטיל געפרעגט:

— וועמען האָסטו ליב?

— איך ווייס נאָך אַליין ניט וועמען איך האָב ליב.

— ווייסט נאָך אַלץ ניט, צו יוספ'ן, צו בערען?

— אויסער זיי זענען פאַראַן נאָך יונגע, געזונטע בחורים.

— טאַקע?

— קום מיט מיר אויפן ווינטער קיין קרים, וועסט זען וואָס פאַר אַ מאַן דו וועסט קריגן!

— וועל מיט אים באַדאַרפן חתונה האָבן און קינדער האָבן?

— אודאי וועסטו באַדאַרפן חתונה האָבן און קינדער האָבן; וואָרום וואָס, אין מאָסקווע ווערן שוין מער ניט געבוירן קיין קינדער?

— כאַ־כאַ־כאַ, — האָט ביילקע אַ לאַך געטאָן.

— אוי, ביילקע, ביילקע! איך האָב מורא, אַז ניט פון דער אמת'ער מאָסקווע גיסטו מיר אָפּ אַ גרוס; איך וויל זען די אמת'ע מאָסקווע, וואָס גיט אַרויס די גרויסע דעקרעטן, וואָס אַלע מענטשן פון סאָוועטנפאַרבאַנד באַדאַרפן אויספאָלגן.

— אָהאָ, רעדסט ווי אַן אמת'ע רעוואָלוציאָנערקע... דיר, לאָנע, וואָלט דאָ גוט געווען; מע וואָלט דיר מוחל געווען, וואָס דו קומסט אַרויס פון די ברעזערס...

— אַ ניין, ביילקע; מיר באַדאַרף קיינער ניט מוחל זיין; איך האָב קיינעם ניט געזינדיקט. איך בין מאָסקווע געטריי. איך שיק מיין ברויט קיין מאָסקווע; דעם לעצטן ביסן ברויט שיק איך אַוועק. מירן דאַרטן לעבן אַביסל גראַמער פון אייך דאָ. נאָר בע־סער זאָג מיר, ביילקע, וואָס וועסטו טאָן, אויב פּלוצלונג נעמט יוסף און קומט אַראָפּ קיין מאָסקווע?

— ער וועט קומען ? ! — האָט ביילקע זיך אָנגעצונדן.

— האָסט אים ליב, און דו פאַרלייקנסט.

— איך האָב אים ניט ליב ; עס איז נאָר גוט צו טראַכטן, אַז אַ מענטש קומט קיין מאָסקווע צוליב דיר... זאָג, ער וועט טאַקע קומען ?

— אפשר...

לאַנע איז אַנטשוויגן געוואָרן. אַ טרויער האָט ארומגעכאַפּט איר געמיט, אין די אויערן האָבן געקלונגען ביילקעס ווערטער : „און אויב די פרוי אַליין וויל זיך איבערגעבן דעם מאַן ?..."

# LVI

— ווייסט, יוסף, קיינמאָל האָבן מיינע בליקן ניט געפּאַרשט מיט אַזאַ הונגעריקייט דאָס לעבן אין די גאַסן ; ווי איך וואָלט אַ סך יאָרן געשלאָפן און איצטער האָב איך זיך אויפגעכאַפּט, און אַלץ וואָס איך זע איז אַזוי ניי ביז גאָר.

— ווייל קיין שום מענטש, פון וואָס פאַר אַ פאָלק ער זאָל ניט זיין, קען ניט איבערלעבן אין דער ערשטער רגע ביים אָנקומען קיין מאָסקווע דאָס, וואָס עס רודערט די מחשבות און געפילן פון אַ איצטיקן אידן, וואָס טראָגט אין זיינע בלוטן די דורות׳דיקע באַליידיקונגען. פון רוסלאַנד זענען די דאָזיקע באַליידי־קונגען צו אים געקומען מיט דער סאַמער טעמפּקייט ביז צו דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. קיין חידוש ניט וואָס דו פילסט אַזוי, לאַנע. און איך זע עס אַזוי קלאָר, ווי דאָ האָט זיך אויפגעעפנט אַ טויער צו אַ נייער צוקונפט פאַר אַ גאַנצער משפחה קלענערע און גרעסערע פעלקער, אין דעם כלל אויך דאָס אידישע פאָלק.

— דער פרישער ווינט וואָס האָט מיך דורכגעבלאָזן, האָט מיך דערפרישט, און גוט איז דער לייכטער שווידער וואָס לויפט דורכן פּלייצע ! עס איז גוט, יוסף, אומצוגיין מיט דיר אין די מאָסקווער גאַסן.

— איך האָב זיך אַ סך מאָל פאָרגעשטעלט די אַמאָליקע מאָסק־ווע מיט פערציק מאָל פערציק קלויסטערס, וואָס אויף אַ גרויסן יום־טוב צעוויגן זיך די צינגער פון אַלע גלעקער אין אַלע גלאָקן־טורעמס

איבער די קלויסטערס. ווי לאַנג איז דאָס געווען, אַז איך האָב גע־לייענט דאָסטאָיעווסקען, יעמאָלט, ווען דער עלנט פון זיינע העלדן איז נאָך בכוח געווען אַרויסצורופן טרערן אין די אויגן; רייסן די נערוון, אַזש מוראַשקעס זאָלן אָנהייבן אומלויפן אונטער דער הויט; אָ, לאַנג, יעמאָלט לייענענדיק דאָסטאָיעווסקען, האָבן זיך אויפגע־עפנט אָפּגרונטן, וואו אין עלנט האָבן זיך לעבנס געקאָרטשעט, און אומגעקומען אין זייער עלנט. עס האָט אויסגעוויזן, אַז מאָסקווע איז פול מיט מיסטבערג, וואו עס וואַלגערן זיך די דער־נידעריקטע און באַליידיקטע, פאַרברעכער־פילאָזאָפן, וואָס האָבן די נשמה פאַרבייטשט און פאַרשפּיגלט. מסתמא פאַרמאָגט נאָך מאָסקווע איצטער אויך געגנוג פון יענעם מין.

— איך קוק אָן די מענטשן אין די גאַסן און מיר גלויבט זיך גאָרניט, אַז אין דער אייגענער מאָסקווע האָבן זיך באַהאַלטן אַלערליי רעוואָלוציאָנערן; דאָ האָבן זיי אין דער שטיל צוגעגרייט אפשר די גרויסע רעוואָלוציע. דאָ איז טאַקע דער טויער צו דער ווייטער און ברייטער רוסלאַנד, צו שטעט און דערפער... אין צאַרס צייטן האָט מען דאָך געפירט דורך מאָסקווער גאַסן די געשמידטע אין קייטן, וואָס מען האָט געשיקט אין סיביר. מען האָט מסתמא געקענט הערן נידעריק ביי דער ערד דעם קייטן־געקלאַנג פון די, וואָס האָבן אין קייטן שווערע, געהאַט זייערע פיס און הענט געשמידט; קיין סיביר געגאַנגען צוליב רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען. קלויסטער־גלאָקן, און דעם קלימפּער פון די קייטן אויף די הענט און פיס פון די פאָר'־משפט'ע צו אייביקער קאַטאָרגע; האַ, וואָס זאָגסטו אויף דעם, יוסף?

— אָט איז, לאַנע, דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דריטן אינ־טערנאַציאָנאַל!... אויגן רעוואָלוציאָנערע, אָנגעצונדענע אין אַלע וועלט־טיילן, קוקן אַריבער אַהער; פון אומעטום, וואו עס ליגט ני־דעריק ביי דער ערד אַ מענטשן־שיכט צעטראָטן; וואו עס ציען נאָך זייערע הענט צו הילף די פּראָלעטאַריער אין די שאַכטן אונטער דער ערד, צי ביי די טונעלן, שמעלצנדיק מעטאַל; צי ביי אַנדערע שווערע אַרבעטן, וואָס צעברעכן דעם גוף; אומעטום וואו עס לעבן די באַליידיקטע אַרום די רייכע גוטבאַזיצער, ערד־פאַרכאַפּער — פון

איבער גאָר דער וועלט שטרעקן זיי קיין מאָסקווע די הענט. פון מאָסקווער זייט קוקט מען אויס די הילף; אויב ניט פאַר זיך, איז כאָטש פאַר די קינדער. אויב ניט פאַרן איצטיקן דור — איז פאַרן קומענדיקן דור... ווי די גאָטספאַרכטיקע מאַכמעדאַנער ציען זיך מיט זייערע מחשבות קיין מעקאַ; ווי די פרומע קריסטן און אידן ציען זיך קיין ירושלים, צי קיין בית לחם; אזוי ציט זיך איצטער דער געדאַנק פון יעדן רעוואָלוציאָנער קיין מאָסקווע, וואו עס פלעגן קלינגען די גלאָקן פון פערציק מאָל פערציק קלויסטערס. דער רחבות'דיקער רויטער פּלאַץ, האָט אַמאָל געהייסן דער „האַנדלס-פּלאַץ"; ליגט דאָרטן אין זיין הילצערנעם מאַוזעליי דער מענטש לענין, וואָס האָט שטאָלענעם ווילן אַריינגעגאָסן אין די קינדער פון זיין דור... יאָר איין, יאָר אויס, פון אָקטיאַבער דעם זיבעצעטן יאָר אָן, שווערן דאָ מענטשן טרייהייט צו די אידעאַלן פון דעם מענטש לענין.

— ווי שיין דו מאָלסט פאַר מיר מאָסקווע! איך שעם זיך פאַר די מענטשן; אינדערהיים, פאַר אַזעלכע רייד, וואָלט איך דיר אַרומגענומען און אַ קוש געטאָן פאַר אַלעמען אין די אויגן... ווייסט, יוסף, איך הער ווי דו רעדסט, און מיר גלויבט זיך גאָר ניט, אַז זייט ביי זייט מיט דיר גיי איך איצטער אום אין מאָסקווער גאַסן... זיי ניט ברוגז, וואָס איך האָב זיך פון דיר אָפּגע'גנב'עט.

און יוסף? ווי קומט יוסף אהער?

אויף לאַנעס שפּורן האָט זיך יוסף ראַטנער אָנגעשלאָגן, גלייך ווי לאַנע איז נעלם געוואָרן פון דאָרף. ביי וואָווע ברעזער האָט ער אויסגעפינען וואו לאַנע איז. ער האָט צונויפגעשלאָגן אויף הוצאות, און איר נאָכגעפאָרן. ער האָט אויך געאיילט אָנצוקומען קיין מאָסקווע צום אָקטיאַבער-יום-טוב. נאָר אויב ביי לאַנען איז געווען דער גרויסער פאַרלאַנג צו פאָרן קיין מאָסקווע, כדי אַליין מיט זיך איבערצולעבן דאָס, וואָס האָט זיך אָנגעקליבן אין איר געמיט, זינט זי האָט אירע פיס געשטעלט אויף קרימער ערד; און אפשר שטיין פּנים-אל-פּנים מיט די מענטשן וואָס טרייבן די רעדער פון דער רעוואָלוציע, איידער זי וועט איר לעבן איינשפּאַנען אויף אַלע יאָרן צו באַדינען מאַמע-ערד — איז יוסף טאַקע געפאָרן קיין מאָסקווע געוואוירווערן, טאָמער, טאָמער... אפשר זענען טאַקע סימקע, און אַנדערע אין איר

גלייכן, נערבעט, ווען זיי פאר׳מיאוס׳ן דעם אידנס איבערוואנדערונג צו דער ערד. יוסף האט חושד געווען, אז לאנען האט עס אויך גע־צויגן בשתיקה קיין מאסקווע מיט דער אייגענער דעה, געוואוירוווערן אפשר איז פארט א תכלית, ניט צו פארן מער צוריק פון דער גרויסער שטאט. יוסף האט געהערט לאנעס גוטע רייד, ער האט געפילט, אז לאנע מיינט עס פון טיפן הארצן; אבער אים האט פארט פארדראסן הלמאי לאנע האט זיך פשוט ארויסגע׳גנב׳עט פון דארף. ווען ער קומט איצטער ניט קיין מאסקווע, וואלט זי דאך אודאי געבליבן צו־פרידן אליין מיט זיך. ער האט דאריבער איצטער זיך געמאכט ווי ער וואלט פארהערט אירע רייד; ער איז נאכגעגאנגען זיין אייגענעם גע־דאנקען־גאנג; און ער האט געוואלט לאנען זיינע געדאנקען איבערגעבן. עס האט לאנען כמעט אויסגעזען, אז מיט זיך האט ער א שמועס, זי זאל הערן. ער האט בכיון גערעדט העכער, ווי צו פארטויבן אירע ווארימע ווערטער.

— דעם מענטשן נעבעך — האט יוסף אנגעהויבן סארקאסטיש — פאסט ניט קיין רעוואלוציע. א וועלט־מלחמה אנגענומען פאר גוט; צענדליקער מיליאנען מענטשן איז נויטיק געווען צו עפענען די אדערן און מיסטיקן די ערד; א געזעץ אזא. די ערד פאדערט פון צייט צו צייט דוקא מענטשן־בלוט; לעבעדיקע, זודיקע בלוט. מיט גלאט אזוי נבלות באנוגנט זיך די ערד ניט... אז מען מרענגט צו איר א קאלטן דעם מענטשן, מיט פארגליווערטע בלוט, און מען באגראבט אים אין דער ערד, איז א קנאפע סגולה פאר גוטע יארן. מלחמה איז גוט. רעוואלוציע — שווידער! אט דאס ביסטו, גולם־מענטש, חכם מיינער, מיט דיינע גראמאפאנען, עראפלאנען, ראדיא און צוואנ־ציקסטן יארהונדערט!...

לאנע האט זיך צעלאכט אויפן הויכן קול און גענומען יוסף׳ן אונטערן ארעם. זי האט חשק געהאט צו פארפירן מיט אים א שמועס וועגן ביילקען. נאר ווייל זי פילט, אז אין דער ביטערניש, מיט וועל־כער ער רעדט, איז א סך שולדיק ביילקע, וואס באהאלט זיך אויס און וויל אים אפילו ניט באגעגענען, האט זי דערווייל זיך אויסגעהיט, און ביילקעס נאמען ניט דערמאנט.

ווען זי האט באמערקט, אז איר געלעכטער האט אויף אים ניט

געמאַכט קיין איינדרוק, האָט זי אַליין אָנגעהויבן צו לופּטערן אירע מחשבות, יוסף זאָל עס הערן:

— אַ סך מענטשן אין די גאַסן. און אימעצער פעלט דאָ אין גאַס. וואו זענען די רייך געקליידעטע דאַמען? וואו זענען די שטרענגע גענעראַלן מיט די רויטע לאַמפּאַסן, וואָס האָבן מענטשן דורכגעלעכערט מיטן שטרענגן־בליק? איך געדענק זיי נאָך... פון בירגערקריג. וואו זענען די פעטע פּאַפּעס מיט די ברייטע אַרבל? מאָדנע, יוסף, ווי גיך די שטאָט פאַרמאַטערט אַ מענטשן! אין פעלד וואָלט איך צען מאָל אַזויפיל אומגעגאַנגען און ניט פאַרמאַטערן זיך. אָט איז אַ באַנק, לאָמיר זיך אַביסל אַנידערזעצן. די פיס טוען מיר וויי...

ביידע האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אַ באַנק. ס'איז געווען אויפן טעאַטער־פּלאַץ. לאַנג האָט פון דער זייט אַ בליק געוואָרפן צו יוסף'ן. זיין פּנים איז געווען אויסגעלאָשן און אויסגעצויגן. אַ געפיל פון צער האָט איר געמיט אַרומגעכאַפּט. זי האָט געזוכט ביי זיך וואַרימע רייד, אים אויפצומונטערן. פאַר איר דמיון האָט זיך אויסגעשפּרייט קרימער סטעפּ און די אויפגעגאַנגענע ווינטער־תבואה.

דערווייל איז צו זיי צוגעקומען אַן אַלטער מאַן מיט אַ גרוי בערדל. אַ צעריסן היטל אויפן קאָפּ, צעריסענע שיך אויף די פיס, אין אַ צעלעכערטן, קורצן מאַנטעלע ביז צו די קני, די אַרבל קורצע ווי אויף זיין אייניקל געניייט, און זיך געווענדט צו יוסף'ן:

— גיב מיר, טאָוואַרישטש, אַ פּאָר קאָפּיקעס, עס פעלט מיר אַ קלייניקייט אויף אַ טרונק בראָנפן.

— גוט, טאָוואַרישטש — האָט יוסף צו אים רואיק געזאָגט — איך וועל דיר געבן עטלעכע קאָפּיקעס, נאָר אויב דער טרונק בראָנפן גייט דיר ניט אין לעבן תיכף, טאָ זעץ דיר אַנידער לעבן מיר. איך בין נעכטן געקומען קיין מאָסקווע, און דו ביסט דער ערשטער אמת'־ער מאָסקווער, וואָס איך האָב דעם פאַרגעניגן צו רעדן מיט אים.

— אָ, טאָוואַרישטש, מיט פאַרגעניגן...

דער אַלטער האָט זיך אַנידערגעזעצט האַרט נעבן יוסף'ן, פון אים האָט געטראָגן מיט אַ ריח פון בראָנפן.

— שוין לאַנג, אַז דיר קומט אוים צו בעטן אויף אַ טרונק בראָנפן? — האָט לאַנע געפרעגט.

דער אַלטער האָט אַ ווינק געטאָן מיט דער רעכטער אויג, און די לינקע איז ביי אים געבליבן צוגעמאַכט. מיט אַ באַזונדער כונה האָט ער דערקלערט:

— אָט זעסטו צו וואָס זיי האָבן מיך געבראַכט!

— ווער?

— נו, זיי, די באָלשעוויקעס. איך בין געווען אַ מענטש. געווען אַ אינזשינער. אַ רעגירונגס מענטש. דאָס איז געווען בכבוד'דיק. נו, אַ רוסישער מענטש האָט צוויי עיקרים אין לעבן שטענדיק געהאַט. ערשטנס, זיין פּראָפעסיע, און צווייטנס, אַלקאָהאָל. נו, אַז מען האָט ביי מיר צוגענומען דעם ערשטן עיקר, מיין פּראָפעסיע, בין איך געבליבן ביים אַלקאָהאָל, וואָס קען מען מאַכן? ברויט, ווי ברויט. אויף ברויט קען איך ניט בעטן. דאָס איז דאָך געווען מיין פּראָפעסיע וואָס האָט געזאָרגט. זי האָט מיר מיט ברויט באַזאָרגט. אַלקאָהאָל, דאָס, טאָוואַרישטש, קומט אוים צו בעטן. און זעסטו, פריער איז שיכרות ניט געווען אַזוי בולט. די פּראָפעסיע איז געווען דער עיקר. און איצטער, ביים אַלטן דור איז בראָנפן דער עיקר; פאַרשטאַנען, טאָוואַרישטש? איך זע אַרוים, אַז מיט אַלקאָהאָל וועט ווידער זיין שלעכט. זענען שטרענג. אידן פירן דאָס לאַנד. זיי טרינקען נישט, און ווילן מאַכן, אַז דאָס רוסישע פאָלק זאָל אויך נישט טרינקען... גיב די פּאָר קאָפּיקעס, טאָוואַרישטש.

יוסף האָט דעם אַלטן געגעבן אַ פּאָר קאָפּיקעס און זיך פון אים באַפרייט.

אין דער אייגענער צייט האָט זיך דערהערט אַ איינטאָניקער מאַרש געשפּילט אויף טראָמפּייטן, און אונטערגעהאַלטן מיט אַ ענערגישן שרויטיקן פייקלען. עס זענען אָנגעקומען אין אַ לאַנגער געשלאָסענער שורה יונגע פּיאָנערן, אינגלעך און מיידלעך צו זעקס אין דער ברייט. אַ קרעפּטיק-מונטערער אינגל פון אַ יאָר צוועלף האָט געטראָגן אַ רויטע פאָן; ביים זייט, צוויי מיידלעך אין זיינע יאָרן, מיט רויטע טיכלעך אויפן קאָפּ. די פּיאָנערן, אין די רויטע טיכלעך אויפן האַלדז, האָבן זיך געצויגן אין דער ריכטונג צום רויטן-סקווער.

— דאָס איז מיר אָנגעקומען אין צייט... צוגעפּאַסט צו מיין גע־

מיט; דעם צווייטן טאָג אין מאָסקווע. קיינמאָל האָט מיר ניט אויס־
געזען די יוגנט אַזוי ליב; זעסט, לאַנע, די קינדער זענען גאַנץ גע־
קליידט; דער טראָט אַזאַ זיכערער...

— פאַרוואָס ביסטו אַזוי טרויערדיק, יוסף? דו רעדסט אַזוי
פיל, ווי דו וואָלסט מיט די רייד געוואָלט פאַרטויבן אַ ווייטיק... איך
האָב זיך אַביסל אָפּגערוט; מאָרגן איז אַ גרויסער טאָג... אַלע און
אַלע גרייטן זיך צום יום־טוב... קום, יוסף... וואָס קוקסטו מיך אָן?
פון וואָס קלערסטו איצטער?

— איך קלער, לאַנע, ווי צווישן געבוירן ווערן און שטאַרבן איז
אַ גלייכע ליניע. געבוירט האָבן דיכטער ווינציק באַשריבן. טויט
האָט זיין טרויער פאַרשפּרייט דורך רעליגיע און אויך דורך דער ליטע־
ראַטור. צייט, אַז געבוירט זאָל דער מענטש באַטראַכטן ניט ווינציקער
וויכטיק ווי דעם טויט. דער ווידערגעבורט פון פעלקער איז אַ זעלטנ־
קייט. דער ווידערגעבורט פון דער מענטשהייט איז אַ מוז. אין
ראַטנפאַרבאַנד בויט מען צופיל אויף חורבות. דאַריבער איז די דיס־
טאַנץ צווישן לעבן און טויט אַזוי נישטיק; ווי עס איז ניט געווען קיין
גרויסע דיסטאַנץ צווישן דעם אַלטן שיכור, וואָס האָט פאַרטרונקען
די לעצטע טעג זיינע, און די שורה פיאָנערן, וואָס מאַרשירט מיט
טראָמפּייטן און פויק צום רויטן פּלאַץ.

* * *

געווען שוין אַ זייגער צען ביינאַכט, ווען לאַנע און יוסף זענען
אָנגעקומען צום פּלאַץ וואו ביילקע האָט זיך אויפגעהאַלטן. לאַנע
האָט אים איינגערעדט, ער זאָל מיט ביילקען האָבן אַ ערנסטן שמועס.
אפשר וועט ער באַגרייפן ווי ווייט די איצטיקע ביילקע איז שוין ווייט,
ווייט ניט די אייגענע פאַרטייעטע און באַהאַלטענע אין זיך, ווי יוסף
האָט זי דערקענט אין קרימער סטעפּ.

לאַנע האָט יוסף'ן ניט דערציילט פון שמועס, וואָס זי האָט מיט
אַ פּאָר טעג צוריק געהאַט מיט ביילקען וועגן ליבע און איר באַנעמען
דאָס לעבן, וואָס האָט שפּעטער ביי לאַנען אויפגעוועקט אַזויפיל טרוי־
ער, און אַ פאַרלאַנג צו אַנטלויפן פון דער אייגענער שוועסטער.

— א שאָד וואָס דו ביסט ניט געווען ביים שמועס, וואָס איך האָב געהאַט מיט ביילקען — האָט לאַנע געזאָגט, ווען מען איז צוגע־קומען צום הויז וואו ביילקע האָט געוואוינט — עס וואָלט דיר אביסל אויפגעעפנט די אויגן.

— מיינע אויגן זענען ניט בלינד, לאַנע. ניט מער וואָס דער פאַרליבטער קוקט אַריבער צו ווייט און פאַרקוקט דאָס, וואָס ליגט פאַר זיין נאָז... נאָר איך וויל, דו זאָלסט מיר גלויבן, לאַנע, אַז ביילקע ליגט מיר איצטער ניט אין קאָפּ; ווי דיר ליגט אפשר איצטער קיין שום בחור ניט אין קאָפּ. מיר זענען צופיל פאַריאָגט, פאַרהאָרעוועט. אָט דאָס וואָס איך האָב היינט געזען איז גרויס... מאָסקווע איז איבער מיינע באַגריפן. מאָסקווע דערווייטערט, און דערנענטערט ניט... עלנט, הונגער און טריאומף פון דער רעוואָלוציע. ליכט ביז פאַר־בלענדט צו ווערן; און שאָטנס פון שטאָק־פינסטערער נאַכט.

ביי די ווערטער זענען זיי ביידע אַריין צו ביילקען אין צימער אַריין. אין צימער איז געווען קילבלעך און אָנגערויכערט. ביילקע איז ניט געווען אַליין; אויסער אירע דריי חבר'טעס פון שאָקאָלאַד־פאַבריק, וואָס זענען געלעגן אויסגעצויגן אויף די אייזערנע בעטלעך, זענען נאָך צוויי יונגע אַרבעטער געווען; האָבן זיך צוגעשפּאַרט נעבן די מיידלעך, געגרויכערט מאַכאָרקע, געוויקלט אין צייטונג־פּאַפּיר.

ביילקע איז אויפגעשטאַנען און געגאַנגען לאַנען אַנטקעגן; האָט לאַנען אַרומגענומען, און געקושט. צו יוסף'ן האָט זי אַרויפגעקוקט מיט אַ שטיפערישן שמייכל.

— זייט באַקאַנט, טאָוואַרישטשי — האָט ביילקע זיך געווענדט צו די בחורים; מיין שוועסטערס פריינט, פון קרים... אמת'ע פוי־ערים...

יוסף האָט עס אָנגענומען פאַר ערנסט; ער האָט געקוקט, וואָס פאַר אַן איינדרוק ביילקעס ווערטער האָבן געמאַכט אויף לאַנען.

— דאָס איז דיין פריינט, ביילקע. וואָרף זיך ניט מיט אַזא פריינט. — האָט לאַנע פאַרריכט. לאַנע האָט זיך צוגעזעצט אויפן בעטל וואו עס איז געלעגן אַ בלאָנדע שלאַנקע מיידל — יאַקעווליעוונאַ, און האָט געגלעט איר שטערן.

— דו האָסט ליב מאָסקווע? האָט יאַקעווליעוונאַ געפרעגט.

— מאָסקווע איז צו גרויס; מאָסקווע מאַטערט מיך אויס — האָט לאַנע געענטפערט.

— וואָס זאָגסטו, טאָוואַרישטש, אויף אונדזער מאָסקווע — האָט איינער פון די צוויי אַרבעטער, יעגאָר פעטראָוו, געפרעגט אויף דער זייט פון יוספ׳ן

— דאָס אַלטע אין מאָסקווע האָב איך ניט ליב; דאָס נייע אין מאָסקווע פאַרכאַפּט אַזש דעם אָטעם.

— דאָס אַלטע וועט אונטערגיין. דאָס נייע וועט ווערן שטאַר־קער און מעכטיקער, אויב דו, טאָוואַרישטש, פאַרשטייסט אַלט און ניי, ווי מיר מאָסקווער פאַרשטייען עס — האָט פעטראָוו געזאָגט.

— הונדערטער שיכטן, שיכט איבער שיכט באַוועגט זיך דאָ דאָס לעבן; הונדערטער פּאַראַלעלן שטראָמען דאָ, און הונדערטער שטראָמען קרייצן דאָ איינס דאָס אַנדערע איבער. יאָ, טאָוואַרישטש, ניי־מאָסקווע איז ערנסט. אַלט־מאָסקווע דרעמלט. ניי־מאָסקווע איז דער לעבעדיקער, קאָכעדיקער שטראָם. עס איז אַ פייערדיקער וואול־קאַן, וואו אין דער טיפעניש זענען אַלע עלעמענטן צעגליט פון דער הייסער טעמפּעראַטור. אין מאָסקווע גופא קאָכט רעוואָלוציע און קאָנטר־רעוואָלוציע...

יוספ׳ס רייד האָבן געמאַכט אַן איינדרוק. אַלע האָבן אויף אים אָנגעשטעלט די אויגן, און אַ ווײַלע געשוויגן.

— דיך באַדאַרפן מיר אין מאָסקווע האָבן — האָט פון איר אָרט יאַקעוולעוונאַ געזאָגט — און אַזאַ ווי דו באַדאַרפן מיר אויך האָבן אין מאָסקווע — האָט זי געקלאַפּט לאַנען אין פּלייצע.

לאַנע האָט גוטמוטיק אַ לאַך געטאָן, און גאָרניט געזאָגט אויף דעם.

פעטראָוו האָט אוועקגעשליידערט דאָס שטיקל פּאַפּיראָס, וואָס האָט שוין געברענט זיינע פינגער, האָט זיך אויפגעזעצט, אַ ווײַלע אָנ־געקוקט יוספ׳ן, און געזאָגט:

— דאָרטן אין פעלד לעבן די פויערים קליגער פון אונדז; אפילו זיך אויסצוליבן איז אין פעלד אַ פרייע וועלט; אפילו זיך אויסצושלאָפן מיט אַ מיידל איז אין פעלד עפּעס אַנדערש... דאָ,

אויף די אייזערנע בעטלעך, אין אזא אָ... דאָס איז דיר אויך מאָסקווע, טאָוואַרישטש!

— עך, מענער, מענער... הינט זייט איר געוואָרן, זיגט די רע־וואָלוציע האָט אייך פּאָזוואָליעט, אז צו אַ מיידל אָדער צו אַ באָבע קענט איר קריכן אויף אַלע־פיר...

דאָס האָט פון צווייטן בעטל אָלגא דודענקאָ, אַ שווערלעכע, אין די דרייסיקער, מיט בלויע ווארימע אויגן אין קיילכדיקן פּנים, פּאַמעלעך אָפּגעזאָגט און זיך אַנידערגעזעצט; זי האָט ווידער גע־רעדט:

— איך האָף, אַז ביי אייך דאָרטן קוקט איר אַביסל טאָלקאָווער אויפן לעבן... לאָזט ניט, טאָוואַרישטשי, פּויערים, מע זאָל די ליבע דערשטיקן ווי מען האָט אַמאָל געשטיקט באַיסטרוקעס...

— אויף ליבעס־דערקלערונגען איז, טייבעלע מיינס, איצטער אין סאָוועטנ־פאַרבאַנד קיין צייט נישטאָ — האָט פּעטראָוו געזאָגט — אין צייט פון שטורם מעג מען אָן ליבע אויך.

ביילקע האָט אַריבערגעקוקט צו לאַנען; געפּאָרשט וואָס פאַר אַן איינדרוק פּעטראָווס ווערטער מאַכן אויף איר, און אַ זאָג געטאָן:

— הא, דאָס אייגענע וואָס איך האָב דיר געזאָגט, לאַנע!

— איך הער, ביילקע, וואָס ער זאָגט. אודאי איז עס דאָס איי־גענע...

— די סאָציאַלע רעוואָלוציע האָט פאַר׳משפט די בירגערלעכע פּסיכאָלאָגיע, בירגערלעכע מאָראַל און רעליגיע... די רעוואָלוציע האָט פאַר׳משפט ליבע אויך ווי אַ בורזשואַזן עסק... — איז פּעטראָוו ווי־דער אַרויסגעקומען.

— אויף אייביק האָט די רעוואָלוציע פאַר׳משפט ליבע? — האָט יוסף פּאָרזיכטיק אַ פרעג געטאָן.

— ווען די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכן און דער צאָרן פון די מאַסן האָט גענומען שטורמען אַלע אַלטע פעסטונגען, ווי רעליגיע און בירגערלעכע מאָראַל; יעמאָלט, טאָוואַרישטש, ווען אַ נאַקעטער, אָפּגעריסענער, באָרוועסער, איז אויפן ווינטערדיקן ברוק אַרויסגע־קומען דער באַפרייטער מענטש — אָ, יעמאָלט, וואָס פאַר אַ צאַמען האָט זיין פויסט ניט געבראָכן! וואָס פאַר אַ קייטן האָט זיין מעכ־

טיקער אָרעם ניט געריסן ?! — פּעטראָוו האָט זיך געהיצט, און וויטער געריעדט: דער באַפרייטער ריז האָט פּאַמעלעך באַוועגט מיט זיין פויסט, און וואו די פויסט האָט געטראָפן, איז געקומען צעשטע־רונג. די באַפרייטע מאַסע האָט זיך צונויפגעשמאָלצן; מאַן און פרוי זענען געגאַנגען פאָרויס; ביידע האָבן זיך מיטאַמאָל דער־שפּירט אויף אַ אונטערשטן שטאַפּל, און ביידע האָבן זיך פאַר די הענט גענומען און געשפּרייזט העכער, העכער...

— און די באַיסטרוקעס וואָס האָבן זיך ביי איר אין בויך גע־נומען פּלאָדזשען ?... מיט באַיסטרוקעס אין בויך איז די באָבע גע־קראָכן העכער אַזוי פריי ווי דער מאַן !... רעד, רעד דיינע רעוואָלוצי־אָנערע ריידעלעך !... האָט דודענקאָ סאַרקאַסטיש פאַרענדיקט.

— וואָס זאָגסטו, טאָוואַרישטש ? כאָטש דו זעסט מיר ניט אוים ווי אַ פויער — האָט די בלאַסע יאַקעוולי־עוונאַ זיך געווענדט צו יוספ'ן — איז דאָס ניט אַ פאַרברעכן אפילו פאַר אַ רעוואָלוציאָנער, ווען ער זאָגט, אַז די ליבע האָט אויף אייביק פאַרלייגט מיטן קאָפּ !... איך וויל הערן אַ מיינונג פון נאָך אַ מאַן, וואָס ביילקע דערציילט מיר, אַז ער איז אַ גוטער רעוואָלוציאָנער... וואָס זאָגסטו, טאָוואַ־רישטש ?

—דער רוף: „רויבט דאָס אָנגערויבטע", וואָס האָט געבראַכט דעם סוף צום פּריוואַטן אייגנטום, האָט אויף אַ געוויסן אופן געהאָלפן דעם מאַן אַריינצוררייסן זיך אין די רעכט פון דער פרוי, דווקא וויל זי איז די שוואַכערע. דעם אַנשטעל וואָס די פרוי מאַכט און וואַרט, אַז דער מאַן, — ווי אומגעדולדיק ער זאָל ניט זיין — זאָל ער מעשה־האָן אַראָפּלאָזן דעם פליגל און מאַכן אַ ליבעס־קרייז אַרום איר, בעת ער פאַרלאַנגט דעם צוטריט צו איר קערפּער, דאָס האָט אין צייט פון בהלה אויסגעזען ווי אַן איבערבלייבעכץ פון דער בורזשואַזער קולטור. וואו איז דעם מאַן געקראָכן אין קאָפּ אַריין ליבע ? דער מאַן האָט אַליין באַשטימט, אַז צוצוגיין צו אַ פרוי און באַפרידיקן זיינע סעקסועלע פאָדערונגען, איז אַ בשותפות'דיקער עסק.

— וואויל איז טאַקע געווען צו אים אין יענער הייסער צייט — האָט לאָנע באַשיידן אָנגעהויבן — נאָר ווייַ, ווי שטענדיק, איז געווען צו איר; זי האָט זיך פאַר מורא אונטערגעבן... זי האָט דערפון

געליטן. איר לעבן איז געשטעלט געוואָרן אין סכנה פון אַזאַ ניט־רעוואָלוציאָנערן געזעץ. שוין געקומען די צייט פון בויען; די פרוי קען איבערבלייבן אַ צעשטערטע; אַ שוועל איבער וועלכער דער מאַן מעג אַריבערטרעטן ווען ער וויל. ס'איז קלאָר, אַז די פרוי איז אַרויסגעקומען פון דער רעוואָלוציע אַ ניט־באַשיצטע. דער מאַן האָט געוואָלט האָבן אַלע פּריווילעגיעס; פון אים מעג זי שוואַנגערן, קינדער האָבן, אָבער קיין ווייטערדיקע פליכטן האָט ער ניט קיין חשק אָנצונעמען אויף זיך...

— אָט דאָס איז לשון — האָט פון זיין אָרט דער צווייטער אַרבעטער, איוואַן וואַראַנין, זיך אָפּגערופן — אָט אַזוי באַדאַרפן אונדזערע באָבעס פאַרשטיין. ס'וואָלט דער גאַנצער ענין גאָר אַן אַנדער פּנים געהאַט! וואו קען דיר די רעוואָלוציע נאָכשמעקן יעדן הונט באַזונדער? וואו גיט דיר די רעוואָלוציע אַרויס אוקאַזן, דו זאָלסט זיך אויפפירן ווי אַ חזיר?... אַן עולה, אַז מען רעדט אַזוי אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע... האָסט אַ שוועסטער מיט אַ סמיקאַלקע אין קאָפּ, טאָוואַרישטש ביילקאַ...

— געוויס האָט די רעוואָלוציע געגעבן דער פרוי אַלע רעכט און אַלע פּריווילעגיעס וואָס דער מאַן האָט געקראָגן; אָבער ניט אויף איינעם און דעם זעלביקן וועג האָט זיך געטראָפן זייער רעכט־לאָזיקייט; און ניט אויף דעם אייגענעם וועג האָבן זיי געקענט באַ־גענגען זייער פרייהייט. דורך רעליגיע איז זי געוואָרן דינסט ביים קנעכט. און ווען דער קנעכט האָט זיך באַפרייט, האָט ער נאָך אַלץ חשק זי זאָל ביי אים בלייבן דינסט. ווייל די רעוואָלוציע, וואָס האָט לויז אויפגעבונדן אַלע אינסטינקטן, איר איז גרינג געווען אָנצואווייזן וואָס מען מעג. שווער איז געווען אָנצואווייזן וואָס מען טאָר ניט. איצטער איז געקומען די צייט פון בויען; ניט נאָר בויען זאַוואָדן און קאָלעקטיוון, נאָר אויך בויען געזונטע דורות, וואָס זאָלן קענען איבערנעמען די דערגרייכונגען פון דער רעוואָלו־ציע און ברענגען ווי אַ מוסטער פאַר די טיילן פון דער מענטשהייט, וואָס וועלן נאָך באַדאַרפן דורכמאַכן אַ סך עקספּערימענטן, וואָס דער סאָוועטנפאַרבאַנד מאַכט דורך. עס ליגט אויפן געוויסן פון דער רעוואָלוציע איבערצוטראָגן אַליין אַלע שטרויכלונגען, און קומען

אין דער נאָנטער צוקונפט פאַר דער וועלט מיט א פולער פּראָגראַם פון אַ באַפרייטער מענטשהייט. די רעוואָלוציע האָט דאָך באַדאַרפט געבן דער פרוי ניט נאָר אירע רעכט, דאָס וואָלט געווען ווינציק: די רעוואָלוציע האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו באַפרייען זי פון מאַן, וואָס איז דערוויל דער שטאַרקערער...

יוסף האָט איצטער גערעדט, ניט אַזוי פאַר די אומבאַקאַנטע, ווי פאַר די ברעזער מיידלעך; אין קרים איז גאָר קיין פּלאַץ ניט געווען, און מען האָט גאָר פאַרגעסן וועגן אַזאַ ערנסטן ענין. דאָרטן, דוכט זיך אויס, גייט עס אין ליבע־ענינים ווי עס באַדאַרף צו זיין; ניט מער, וואָס דאָרטן איז מען פאַרנומען מיט דעם פרילינג, וואָס דאָס פעלד באַגעגנט, און מען פאַרגעסט אָן אייגענעם פרילינג.

די אומבאַקאַנטע האָבן זיך גוט צוגעהערט וואָס דער קרימער פויער זאָגט.

— איצטער איז ניטאָ קיין צייט פאַר נאַרישקייטן — האָט פּעטראָוו ווידער אַריינגעוואָרפן, בשעת ער האָט געוויקלט אַ מאַ־כאָרקע־פּאַפּיראָס — איצטער איז אַנאַנדער צייט, זאָג איך... אויף נאָכצוקומען דעם געשלעכטלעכן רוף איז פאַראַן פונקט אַזויפיל צייט, ווי אויף אַ טרונק צו טאָן וואַסער... אָט וואָס איך זאָג...

— אונטער דער צארישער הערשאַפט האָט די פרוי געקענט חתונה האָבן, אָבער גט'ן זיך איז געווען אוממעגלעך. פון דעם האָבן ביידע געליטן, סיי מאַן, סיי פרוי. די רעוואָלוציע האָט אויסגעגליכט: באַגעגנט זיך, געפעלן געוואָרן; אַריינגעגאַנגען וואו מען באַדאַרף; זיך איינגעשריבן ווי מאַן און ווייב — באַסטאָ! אַ גלייכע פאַר, איז גוט! איז אַרויסגעקומען קרום, וויל מען זיך שיידן, ווידער דער אייגענער סדר: אַריינגעקומען וואוהין מען באַדאַרף; געמאָלדן: „מיר זענען ניט קיין גלייכע פאַר, מיר ווילן זיך פאַנאַנדערגיין". זענען זיי פריי!... ניט וויכטיק צי די אויבנדערמאָנטע פּראָצעדורע קומט אָן שווער, צי גרינג. וויכטיק, וואָס זייער באַגעגענען זיך ווי מאַן און ווייב און זייער שיידן זיך, קומט פאַר פאַר עדות; קאָנטראָל. די רעוואָלוציע גיט שוין, טאָוואַרישטשי, גוט אַכטונג, אַז קיין חזיר'שע שטיקלעך זאָל קיינער ניט אַרויסוואַרפן... — האָט פון זיין אָרט וואָראָנין פאַרענדיקט.

— די רעוואָלוציע האָט זיך אונטערגעגעבן דעם פאַקט, אַז די פרוי איז געבליבן גאָר אָן באַשיצונג; ווייל די פרוי איז אַרויסגע־קומען פון דער רעוואָלוציע מיט אַ קינד ביים ברוסט... זי איז אַראָפּ פון די באַריקאַדן און געוואָרן צוריק די אַמאָליקע מאַמע. ניט די פרוי האָט אָנגעהויבן צו זוכן שוץ ביי דער רעוואָלוציע — נאָר די מוטער, די מוטער פון די קומענדיקע באַפרייטע דורות. און זעט איר ווי די רעוואָלוציע שעמט זיך ניט; די רעוואָלוציע מוז אָפּט אָנקומען צו די בירגערלעכע מעטאָדן ווען זי באַדאַרף צאַמען דעם מאַנס צעלאָזענע אינסטינקטן; אָבער די רעוואָלוציע וועט ניט ווערן פאַרפירט פון דער בירגערלעכער אָנגענומענער מאָראַל.

— פון וואָס פאַר אַ ווינקל האָט מען באַדאַרפט אָנהייבן איינ־ברעכן די בירגערלעכע מאָראַל, כדי די פרוי זאָל זיין אַ באַשיצטע? וואָס באַדאַרף מען אויסראָמען פון לעבן אינאיינעם מיט פאַר־עלטערטע טראַדיציעס, כדי די פרוי זאָל אין דער פרייהייט זיין אַ באַוואָרנטע? — —האָט וואָראָנין געפרעגט.

יוסף איז אריין אין זיין ראָל; ער האָט געפילט, אַז מען הערט זיך צו צו אים:

— עס איז קלאָר, אַז די בירגערלעכע מאָראַל האָט אינזינען צו צאַמען דער פרוי — האָט יוסף ווידער אָנגעהויבן — די פרוי איז די זינדיקע שטענדיק, און ניט דער מאַן. די בירגערלעכע מאָראַל האָט פון מאַן אָפּגעווישט איעדן פלעק און געזאָגט: „אַ פרוי איז ווי אַ הענטשקע, וואָס מען קען אויף אַ סך הענט אַרויפציען". די דאָזיקע ציניש טעאָריע האָט קיין שום וואַסער דערוויל ניט גע־קענט אַרויסשווייגקען פון לעבן. און מען קען ניט זאָגן, אַז די פרוי האָט שוין גאָר אינגאַנצן אויפגעוואַכט צו אירע אייגענע פּראָבלעמען. די רעוואָלוציע האָלט אין איין דערמאָנען יעדן איינעם, וואָס צוליב אים איז די גאַנצע אָנשטרענגונג איבערצובויען דאָס לעבן, ער זאָל ניט איינשלאָפן, ער זאָל זיך באַפרייען פון דער איינגעבוירענער אַפּאַטיע. די בלוט־אָרימקייט פון די באַפרייטע מאַסן שטייט אין וועג, טאָוואַרישטשי, און בלוט־אָרים איז אויך די פרוי אַרויסגעקומען פון דער רעוואָלוציע. איר לאַגע איז צייטנווייז פאַרנעבלט, ווייל דער סאָציאַליסטישער שטאַט איז ביז איצטער ניט בכוח געווען צו

נעמען אויף זיך דעם פולן אחריות פאַר איר וואוילזיין; כאָטש די רעוואָלוציע האָט שוין צו דער פרוי געזאָגט: „דו ביסט די מוטער פון צוקונפטיקן דור און פאַר דיין וואוילזיין וועל איך זאָרגן".

— מעגסט הערן, וואַראַנין, ווי אַן אמת'ער רעוואָלוציאָנער רעדט — האָט יאקעווליעוונא געזאָגט — הלואי וואָלט איר מענער אַזוי געזען די לאַגע ווי ער...

— איך ווייס עס אויך—האָט וואַראַנין, אַביסל אַ באַליידיקטער זיך אָנגערופן — די פרוי איז ניט קיין פאַרפאַלענע. איצטער הערט מען אין לאַנד דעם רוף צו דער פרוי, און מען דערמאָנט איר, אַז אין די רייען פון די בויער איז זי ווינציק פאַרטראָטן; אַז אין דער פאַרטיי איז איר צאָל ניט גרויס גענוג. מען רופט זי, צו פאַרנעמען אַ פלאַץ אין דער רעגירונג. מען דערמאָנט איר נאָמען זייט ביי זייט מיטן נאָמען פון אַרבעטער־מאַן, וואָס איז נאָך דערווייל ניט גענוג פאַרטראָטן, ניט אין דער פאַרטיי און ניט אין דער רעגירונג. מען לאַדט איין די פרוי צום רודער, זייט ביי זייט מיטן מאַן. נאָר אין רעוואָלוציאָנערן לאַנד דערווייל, הערט די פרוי דעם דאָזיקן רוף!

— ווי אַזוי וועט זיך אויסקריסטאַליזירן איר לעבן, אויב זי איז נאָך אַלץ געצוואונגען צו טראָגן אויף זיך די לאַסט פון מוטער, און טראָגט אויף זיך זייער אָפט די קלעפּ פון מאַן? ווי אַזוי וועט זי טראָגן אירע פערזענלעכע לאַסטן אינאיינעם מיט די לאַסטן, וואָס די נייע אָרדענונג וויל אויף איר אַרויפלייגן? — האָט לאַנע געפרעגט.

— די נאָענטע צוקונפט וועט מסתמא באַשאַפן די מעגלעכקייטן, אַז אירע קינדער זאָלן איבערגיין צום שטאַט; אַז דער שטאַט זאָל זיי דערציען, און די מוטער וועט דינען דעם שטאַט אויף וואָס פאַר אַן אופן עס וועט נויטיק זיין. — האָט וואַראַנין געענטפערט.

— אויפן זאַוואָד זענען מיר גוט פאַרטראָטן — האָט דודענקאָ געזאָגט — ניט נאָר ביי דער אַרבעט, נאָר אויך אין די קאָמיטעטן. כאָטש דער פּראָצענט איז דערווייל אַ קלענער, אָבער ער ווערט אַלץ גרעסער.

— דער רעוואָלוציאָנערער שטראָם האָט שוין אויפגעזוכט זיין בעט און געלאָזן די ברעגעס פריי; ביי זיינע ברעגעס קומט שוין אויף דאָס געזונט־פאַרזייטע; מען דערקענט שוין דעם יונגן דור,

וואָס האָט אינגאַנצן אָפּגעווענדט די אויגן פון דער פאַרגאַנגענהייט, און איז מיט אויגן געווענדט צו דער צוקונפט; ער באַטראַכט די צעשטערטע קעגנוואַרט; ער בויט די צעשטערטע קעגנוואַרט — איצטער ערשט דערנענטערט זיך ווידער די פרוי צום מאַן און קוקט אין זיינע אויגן אַריין און דערמאָנט אים, אַז אין איר האַרץ האָט אויפגעבליט ליבע און צערטלעכקייט; אַז זי איז פרוי און ער מאַן. גוט וואָלט געווען, ווען ער פאַרשטייט איצטער, אַז זי איז אויך מענטש מיט אים צוגלייך, כאָטש שוואַכער פיזיש, נאָר מיט אַלע מעגלעכקייטן צו קענען דינען דער יונגער צוקונפט...

לאַנג האָט עס געדערט מיט אַ ציטער אין שטים. אירע רייד האָבן געהאַט דעם ריכטיקן אָפּקלאַנג; ערלעך האָבן אירע רייד גע־קלונגען.

יאַקעווליעוונא האָט זי אַראָפּגעבויגן צו זיך און האָט איר היים געקושט אין די באַקן:

— דו האָסט מיינע געדאַנקן אַרויסגעבראַכט — האָט יאַקעוו־ליעוונא מיט פרייד גערעדט — איך טענה כסדר, אַז דער מאַן, ניט ער פאַרשטייט די פרוי און ניט ער פילט זי. ער האָט שוין באַלד אינגאַנצן אויסגעלאָשן די ליבע און די צערטלעכקייט, וואָס אַ מיידל וואַרימט אין סאַמע האַרצן... איך טענה מיינס; די רעוואָלוציע האָט אונדז דאָ אין מאַססווע דערווייל אַריינגעוואָרפן אין ענגשאַפט. די ליבע האָט ליב באַהאַלטענע ווינקעלעך... יאָ, לאַכט ניט; עס איז אַזוי... מיר ווילט זיך וויינען, אַז איך טראַכט וואָס איר האָט פון אונדזערע צערטלעכקייטן געמאַכט... איר האָט ניט געטאָרט מאַכן די באַציאונג פון מאַן צו פרוי בלויז פאַר אַ סעקסועלן ענין, עס ווילט זיך ברעכן פון אַזאַ באַנעמונג. ווי איר באַנעמט זיך מיט דער פרוי איז קאָנטר־רעוואָלוציע!

יאַקעווליעוונא, אַ צעהיצטע, איז אַראָפּגעשפּרונגען פון געלעגער, צוגעגאַנגען צו יוספֿ'ן און געזאָגט אים גלייך אין פּנים אַריין:

— איך ווייס, אַז דו האָסט זי ליב — האָט יאַקעווליעוונא געטייט אויף ביילקען — זי האָט מיר אַלצדינג דערציילט... רופט מיך בורזשויקע, רופט מיך ווי איר ווילט, איך זאָג מען טאָר די ליבע ניט אוועק'הרג'ענען; עס וועט דאָס לעבן מיאוס ווערן אָן ליבע!...

יאקעוואליעוונא האָט זיך אַ רודער געטאָן מיטן גאַנצן גוף; האָט אָנגעכאַפּט דער דורענקאָ און אַראָפּגעשלעפּט זי פון בעט:

— קומט טאָוואַרישטשי ארויס דרויסן... קומט לאָמיר באַטראַכטן ווי זעט איצטער אויס מאָסקווע!

זי האָט אַ ווינק געטאָן צו יעגאָר פּעטראָווען מיט אַן אויג אויף די פּרעמדע, ווי אָנגעוואונקען, אַז מען באַדאַרף די פּרעמדע לאָזן אליין.

איוואַן וואָראָנין האָט זיך אויך אויפגעהויבן, גענטער צוגעגאַנגען צו יוספ׳ן, און אים ווארים געקלאַפּט אין פּלייצע:

— מיר טאָרן ניט זיין אָפּגעריסן איינס פון אַנדערן. די שטאָט מוז אויסשטרעקן איר פּראָלעטאַרישע האַנט צום פויער אין פעלד; מיר זענען נאָך ניט נאָנט גענוג... עס איז אַ פרייד אין הארצן צו וויסן, אַז אַזעלכע־אַ געטרייע בויער פּאַרמאָגט דאָס נייע דאָרף... קומט, טאָוואַרישטשי, לאָמיר זיי לאָזן זיך אויסרוען...

ביילקע האָט זיך דערשפּירט אומרואיק.

— וואָס, לאַנע, דו וועסט שוין בלייבן אין שטוב? קומט, לאָמיר אַלע ארויסגיין; ס׳איז נאָך פרי... אין די גאַסן איז פריילעך, ליכטיק...

— מיר זיינען ביידע דעם גאַנצן טאָג געווען אין מאָסקווער גאַסן. צופיל געזען אין איין טאָג... כאַ־כאַ־כאַ, מיר, דאָרפישע, קענען ניט פאַרנעמען אַזויפיל פאַר איין מאָל.

— טאָ וועל איך מיט זיי ארויסגיין; בלייבט אייך אליין... אייך וועט דאָ זיין גוט אליין — האָט ביילקע מיט אַ פאַרטייעטן שמייכל געזאָגט.

גאָר אומגעריכט איז דאָס ארויסגעקומען. לאַנען האָט עס פאַרקלעמט אין הארצן; ביילקעס האַנדלונג האָט זי ניט באַגריפן. יוסף האָט פאַרביסן די ליפּן און איז שטיל געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. די אַלע אייגוואַוינער אינאיינעם מיט ביילקען, זענען שוין געווען דרויסן, און לאַנען און יוספ׳ן האָט ארומגעכאַפּט אַ שטיל־שווייגן. קיינער פון די צוויי האָט אין דער רגע ניט געוואוסט פון וואָס איצטער אָנצוהייבן.

פלוצלונג האט יוסף א לאך געטאן און איז אויפגעשטאנען. ער איז צוגעגאנגען צו לאנען, וואס איז געזעסן אויף א בעטל, און גענומען איר האנט:

— פון וועמען איז דיין שוועסטער אנטלאפן, פון מיר, צי פון דיר, לאנע?

— אפשר פון אונדזביידן.

— פון וואס קלערסטו איצטער, לאנע?

— פון אלץ אינדערוועלט; און אביסל אויך פון מיין שוועסטער. זי איז איצטער פאר מיר ניט מער ווי א אידיש מיידל, וואס האט זיך אריינגעפלאנטערט אין דער גרויסער מאסקווע. און ניט מאסקווע און ניט די רעוואלוציע וועט אזעלכע ביילקעס אנווייזן אן ארט אין לעבן... אפשר, יוסף, וועלן מיר אויך ארויסגיין נאכאמאל דרויסן. זיי האבן אונדז אפגעטראטן אלע בעטלעך, כא־כא־כא... און איך, מיר ווילט זיך גארניט שלאפן. קום, יוסף, איך וועל דיך נעמען צו דיר אהיים; און אפשר... וועלן מירביידע וואך זיין...

— ווי געפעלן זיי דיר?

— וועמען מיינסטו, יוסף?

— אט די דאזיקע, פון די־א בעטלעך.

— געפעלן מיר בעסער ווי מיין שוועסטער; כאטש גוזינגטערע מענטשן.

— אויב גאנץ מאסקווע פארמאגט אזא רחבות ווי דא; אויב די ליבע וועט מען אויף אזעלכע בעטלעך, אין אזא ענגשאפט ווארימען; אויב קינדער וועלן דא געבוירן ווערן — זע איך די שיינע צוקונפט פאר דער רעוואלוציע דא ניט ארויס.

— זיי פילן זיך דא גוט.

— אפשר.

— וואס ביסטו אזוי פארביטערט?

— עך, ווי דערלעבט מען שוין מארגן!!...

— קום דרויסן; איך הער געזאנג דא ניט ווייט; קום, אלטער דזשאד; קום דרויסן, וועלן מיר אין דער פאנטאזיע זיך פארשטעלן

דעם קרימער סטעפּ; לאָמיר זיך אויסמאָלן די צוקונפט פון אונדזערע „רויטע פעלדער".

ביידע זענען אַ ווײַלע שטיל געבליבן. כאַר־געזאַנג האָט פאַר־בײַגעצויגן גאָר נאָענט.

## LVII

ווי אין חלום איז דאָס פאַר זיי ביידן פאַרגעקומען; אויף דער וואָר האָבן זיי קיינמאָל אַזעלכע געשלאָסענע רייען ניט געזען: באַ־זונדערע מענטשן־טייכן האָבן פון אַלערליי געגנטן אַרויסגעשטראָמט, געצויגן צום רויטן־סקווער, און דאָרטן, פאַרן רויטן־סקווער, אין איין גבורה׳דיקן, און פרײדלעכן שטראָם זיך צונויפגעגאָסן, אין איינאיינציקן כוח זיך צונויפגעשמאָלצן — ווען דער מענטשנשטראָם האָט געצויגן פאַרביי דעם לענין־מאַוזעליי, פאַרביי דער הויכער טריבונע, וואו אויבן זענען געזעסן די פירער פון דער רעוואָלוציע.

— וואו זענען מיר, יוסף? — האָט לאַנע שטיל געפרעגט, בעת איר האַרץ האָט געקלאַפּט צום טאַקט פון ווייטע און נאָענטע אָרקעס־טערס, וואָס האָבן מיט מוזיק געפירט די געשלאָסענע און פרײדלעכע מחנות — צו יום־טוב׳ן דעם אָקטיאַבער.

יוסף און לאַנע האָבן זיך שוין עטלעכע מאָל אַנגעשלאָסן אין די רייען, געשפּירט אין אייגענעם בלוט אַ שטרעבן פאָרויס, אײנ־אייגעם מיט די הונדערטער טויזנטער. און אויף אַ ווײַלע האָבן זיי זיך ווידער באַפרײַט, אַרויסגעקייטלט פון דער גרויסער, פאַרברידער־טער און געשלאָסענער קייט, כדי צו קענען פון אַ זײַט קוקן, און דאָס האַרץ און די אויגן זאָלן זיך אָנזעטיקן מיט דעם שטראַלנדיקן ליכט, וואָס די מאַרשירנדיקע מחנות האָבן פון אייגענעם וועזן אַרויס־געהויכט.

— נאָר דער, וואָס האָט געזען די אָפּגעריסענע מחנות אין בירגער־קריג; נאָר דער, וואָס האָט געזען די צעשלאָגענע אַרמייען, ווי זיי זענען געלאָפן פון שלאַכטפעלד מיט גזלנ׳ישן פייער אין די אויגן, נאָר דער, לאַנע, קען באַגרײַפן, ווי ווייט די רעוואָלוציע האָט שוין דער מענטשהייט אַוועקגעפירט פאָרויס אַנטקעגן דער נייער צייט... די־אַ

פרידלעכע מענטשן וועלן אויפבויען א באפרייטע וועלט; זיי וועלן באפרייען די וועלט פון אומגערעכטיקייט. איך דאנק דיר, לאנע, וואס צוליב דיר בין איך געקומען קיין מאסקווע.

ווען זיי האבן זיך ווידער אנגעשלאסן אין מארש פון די באַפרייער, מאן און פרוי, קינדער פון דער ארבעטערוועלט — האבן זיך ביידע דערשפירט ווי רינגען אין א שטאלענער מענטשן־קייט; זייער אייגענער יחיד'עשער מהות איז איינגעשמידט געווארן צווישן די הונדערטער טויזנטער; זיי שפירן אין זיך איצטער נאר דעם כוח און דעם פולס פון די הונדערטער טויזנטער, וואס שטראמען פארויס, און עס איז אויף דער וועלט אזא כוח ניט פאראן, וואס זאל זייער מארש קענען אפשטעלן, אדער צוריקשטויסן.

זיי האבן געלייענט די אויפשריפטן אויף פלאקאטן, וואס האבן זיך געוויגט איבער די קעפ פון די געשלאסענע מענטשן־רייען. אויף די פלאקאטן — ווארנונגען צו דער וועלט; ווארנונגען צו פעלקער און לענדער, וואס האלטן נאך אין יאך די מענטשלעכע מאסן; אויף די פלאקאטן — פייערדיקע ווענדונגען פון די ארבעטער־מאסן פון סאוועטן־פארבאנד, פון די באפרייטע פעלקער אין סאוועטן־פארבאנד צו די ארבעטער און פעלקער אויף דער וועלט. אויף די פלאקאטן דערקענען זיי אויך דעם רוף צו דעם ארבעטער און פויער — דער פאראייניקטער סערפ און האמער גליט אויף די פלאקאטן! אין דעם גבורה'דיקן מארש זענען געבונדען סערפ און האמער, מארשירן געאַרעמט ארבעטער און פויער; פויערים פון ווייט זענען געקומען צו יום־טוב'ן דעם אקטיאבר.

בייביידן האט דאס הארץ געקלאפט אלץ העכער און העכער, ווען זיי האבן זיך דערשפירט אין דעם פאראייניקטן שטראם, שוין נענטער צום רויטן־סקווער. דא האבן זיי געשפירט ווי שטאלענער כוח פילט אן די גלידער; גלייך ווי די גאנצע סאוועטישע ערד איז איצטער אונטער די פיס; גלייך ווי אלע פעלקער האבן זיך אין איינס צונויפגעשמאלצן, און פארנעמען דאס ריטמישע קלאפן פון א מעכ־טיק, באפרייט הארץ...

און פונקט אויפן רויטן־סקווער, אזוי אויסטערליש, האט פאר לאנעס דמיון אציטער געטאן, מיט העלער, בייטאגעקער זון א באַ־

לויכטענער, דער קרימער סטעפ... איבער אים — די פּאַרזייטע, יונגע דערפער, און די איינציקע איבערוואַנדערער, צעזייטע, צעשפּרייטע, יעדערער מיט זיין אייגענעם טראָט שפּרייזט נאָכן אַקעראייזן...

לאַנע האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן; שטיל, מיט אַ געוויסער ניכטערקייט האָט זי גערעדט צו יוספ'ן.

— ניין, יוסף, איך האָב קיינמאָל ניט איבערגעשאַצט מיין אָרט אין לעבן; אָבער איינס זע איך איצטער אַרויס, אַז די אַרבעטער דאָ מאַרשירן אין געשלאָסענע רייען, און מיר דאַרטן זענען נאָך דערוויילֿ ווי שטיינער אין פעלד, יעדערער באַזונדער. יאָ, יוסף, זע ווי גרינג אונדז קומט איצטער אָן זיך אָנצושליסן אין די געשלאָסענע רייען! כאָטש פרעמד, און דאָך אַזוי אייגן. ווי גרינג עס איז צו געפינען אַ ברודער־אָרעם, אַ שוועסטער־אָרעם! ווי נאָר איך בין געשלאָסן מיט די טויזנטער — שפּאַן איך שוין ניט מער אויף מיינע אייגענע פיס; ווער איך געצויגן פון אַ כוח, וואָס איך אַליין פאַרמאָג אים ניט. אָט אָ דאָס פאַרכאַפּט מיך, יוסף; אין דעם דערקען איך די גרויסקייט פון דער רעוואָלוציע, בשעת זי שמידט צונויף אין איין קייט די אַלע אָפּ־געריסענע און באַזונדערע רינגען.

ווען לאַנע האָט גערעדט, איז יוספ'ן עפּעס אַנדערש געקומען אויפן זינען:

— האָסט עס גוט פאַרשטאַנען, לאַנע — האָט יוסף אָנגעהויבן, בעת זייערע טריט האָבן שוין דורכגעמאַרשירט דעם רויטן־סקווער — נאָר איך ווייס ניט פאַרוואָס מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט פּונקט איצטער פאַר די אויגן אַנדערע רייען, וואָס איך האָב נעכטן אַ גאַנצן טאָג געזען אין מאָסקווער גאַסן; די רייען, וואָס זענען געשטאַנען ביי די שפּייזקראָמען פון באַגינען ביז האַלבן טאָג; געשטאַנען און גע־וואַרט צו קריגן אַ לעבל ברויט, צי אַביסל זאַלץ. דאָס זענען געווען אַנדערע מענטשן, אַנדערע פּנים'ער, מיט אויסגעלאָשענעם פייער אין די אויגן; דאָס זענען דאָך אויך מענטשן, לאַנע...

— הא, האָסט געזען, יוסף... איך האָב צוליב דעם די ערשטע נאַכט ניט געקענט מיט אַן אויג פאַרמאַכן.

— פאַרוואָס איז דאָס אַזוי, לאַנע?

— איך פרעג דיר, פאַרוואָס איז דאָס אַזוי?... מיר גיבן זיי

דאָך אוועק אונדזער ברויט, און פאַרוואָס באַדאַרפן זיי שטיין ווי בעטלער פאַר די טירן פון די מלוכה־קרעמלעך, האַ, יוסף?

— ווייל ניט יעדן טאָג, און ניט אין יעדער שעה פון טאָג זענען די באַזונדערע, אָפּגעריסענע רינגען געשלאָסן אין איינאייניציקער קייט.

— וואָס מיינסטו, יוסף?

— איך קלער, אַז ניט אַלע שטייען אין דער ריי, וואַרטן ווי בעטלער צו באַקומען דאָס סאַמע נויטיקסטע צום לעבן; ווען די רעוואָלוציע האָט באַלוינט, דער שטייט ניט אין דער ריי...

— מען טאָר עס הויך ניט רעדן!

— אפשר איז נאָך פרי צו רעדן פון דעם.

דערביי זענען זיי ביידע אַלץ ניכטערער און ניכטערער געוואָרן, האָבן אַליין ניט געפילט ווי זיי האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן פון די מאַר־שירנדיקע רייען, געשפּאַנט מיט דער זייט גאַס, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צוויי באַזונדערע רינגען פון אַן אָפּגעריסענער קייט. לאַנעס גע־דאַנקען זענען פאַרטראָגן געוואָרן צו די קרימער פעלדער.

— וואָס ביסטו אַנטשוויגן געוואָרן, לאַנע?

— איך טראַכט...

— צי איז דאָ אונדזער וועלט, צי איז נאָך דערהוויל פאַר אונדז אַ פרעמדע וועלט?

— איצטער קען איך דיר גאָרניט ענטפערן; אַז איך וועל זיך אומקערן צוריק אַהיים, אָנהייבן הייצן דעם אויוון מיט שטעכיקן קוראַי, יעמאָלט וועל איך וויסן וואָס דיר צו ענטפערן, יוסף.

— דו האָסט אַרויפגעקוקט צו אונדזערע פירער אויף דער טריבונע?

לאַנע איז געווען צופרידן וואָס יוסף איז אָנגעקומען קיין מאָס־קווע; מיט אים, נאָר מיט אים, האָט זי זיך געוואָלט טיילן מיט אַלע אירע איינדרוקן; כאָטש לאַנע האָט איצטער געגלויבט, אַז יוסף׳ס אָנ־קומען קיין מאָסקווע און זיין אוועקפאָרן, וועט אַ סך זיין געווענדט אין ביילקען, וואָס האָט יוסף׳ס האַרץ פאַרטראָגן קיין מאָסקווע. יוסף האָט שוין געכטן זיין ענטפער באַקומען פון ביילקען. זי האָט איר ענטפער פאַרשטאַרקט מיט דעם, וואָס זי איז גאָר היינט ניט געגאַנ־גען אינאיינעם, ניט מיט אים, און ניט מיט לאַנען. ביידע פאַר־

שטייען, אז ביילקע האָט בכיון אויפגעזוכט נחומ'ען, זי וועט היינט אַ גאַנצן טאָג זיך אפילו ניט ווייזן.

לאַנע איז נאָכגעגאַנגען יוספ'ס געדאַנקען; יוסף האָט עס גע־פילט. לאַנע האָט געוואוסט, אַז יוספ'ס פריערדיקע פראַגע, צי זי האָט אַרויפגעקוקט אויף דער טריבונע צו די גרויסע רעוואָלוציאָנערע פירער, איז געווען נאָר אָפּצונייגן איר געדאַנק פון זיינע טיפע איבער־לעבונגען. פונדעסטוועגן האָט לאַנע געזאָגט:

— מיך באַגייסטערן די מאַסן אַ סך, אַ סך מער ווי די פירער. איך שפּיר, ווי איך בין אַ טייל פון די־אָ מאַסן; מיט זיי וועל איך זיך פרייען און מיט זיי וועט מיר נאָך אויסקומען צו ליידן.

— רעדסט ווי אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערקע...

— דאָ, יוסף, קענסטו עס אויף מיר זאָגן; דאָ אין מאָסקווע קענסטו אויף מיר זאָגן וואָס דו ווילסט; אָבער ניט, ווען איך וועל שוין זיין דאָרטן צוריק, גיין זוכן די טריט מיינע אין סטעפּ. אָ, איצטער טראַכט איך פון די „רויטע פעלדער". איך זאָג דיר, יוסף, איצטער פאַרדריסט מיר, פאַרוואָס איך בין אַוועקגעפאָרן פּונקט ערב יום־טוב.

— קלערסט פון די „רויטע פעלדער"; און מיר האָט זיך אויס־געדוכט, אַז דיך האָט אינגאַנצן פאַרכאַפּט דער „רויטער־סקווער!"

— מאַכסט אַ טעות, יוסף, אויב דו קלערסט, איך בין אַוועקגע־פאָרן, מיט דער דעה צוריק קיין קרים שוין ניט צו קומען. ניין, יוסף, איך זאָג דיר נאָך אַמאָל, איך האָב קיינמאָל ניט איבערגעשאַצט מיין אָרט אין לעבן. אויך דאָרטן וועל איך מיט דער צייט ווערן אַ רינגעלע אין אַ קייט. ביילקען שטערט דאָ, וואָס וואָווע ברעזער איז איר טאַטע; טראָגט זי איבער די באַליידיקונג. אפשר פאַרדינט זי די באַליידיקונג. דאָרטן וועט קיינער ניט קענען באַפוילן מאַמע־ערד, זי זאָל לאַנע ברעזער קיין ברויט ניט געבן, ווייל לאַנע ברעזער זייט ניט פאַר זיך אַליין; זי גרייט דאָרטן ברויט פאַר די, וואָס מאַרשירן דאָ. עס טוט מיר נאָר ווי ביז גאָר, וואָס זיי באַדאַרפן וואַרטן אויפן ברויט אַזוי לאַנג, שטיין אין דער ריי ביז די פיס ווערן געשוואָלן.

— עך, לאַנע, לאַנע; דו האָסט גוט פאַרשטאַנען דיין אָרט אין לעבן; ביסט אַ ניכטערער מענטש. ווי קומט עס גאָר צו אַ פרוי פון

דיין אָפּשטאַם? און איך; הלואי וואָלט איך מיר געקענט אויסמישן מיט דעם דאָזיקן עולם, פאַרפאַלן ווערן אויף אייביק אין איינער פון די מאַרשירנדיקע מחנות.

— וואָס ווידער, יוסף, ביילקע וויל דיר דיין האַרץ ניט אומ־קערן? בלייב אין מאָסקווע, זע זיך מיט איר אָפּטער, אפשר וועט זי דיך ליב קריגן. קיין קרים וועט זי מיט דיר ניט מיטפאָרן.

— זעט אוים, לאַנע, איך פיר מיר אויף נאַריש ווי אַ פאַרליב־טער. אָט רעדן מיר איצטער פון ביילקען, פונקט ווי דאָס וואָס איך האָב נאָרוואָס איבערגעלעבט איז גלאַט אַזוי אַ בייזאַך. מיר איז שלעכט, לאַנע; מיר טוט וויי, לאַנע. אויב איך וועל צוריקפאָרן פונ־דאַנען אַהין, צו די בהמות אין שטאַל...

— כאַ־כאַ־כאַ, — האָט לאַנע אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער.

— לאַכסט, לאַנע, וואָס איך זאָג: „צו די בהמות אין שטאַל”; דאָרטן צומאָל פאַרגעס איך, אַז אַ רעוואָלוציע איז געווען, וואָס האָט אונדז אידן באַפרייט, געגעבן אונדז אידן דאָס גאַנצע רעכט, מיר זאָלן אַפילו קענען נעמען און זיך אַליין אויסמעקן פון דעם צעטל לעבעדיקע פעלקער. אין סטעפּ וועלן מיר פאַרהאַרטעוועט ווערן, צו פאַרגרעבט ווערן — קיין „גרויסרוסן” וועלן מיר ניט ווערן. אָט, באַטראַכט די מאַסן — עס איז דאָס גרויסע „גרויסרוסישע” פאָלק! מיר זענען דאָרטן ניטאָ. נו, לאַנע, וואָס קען מיר שוין ביילקע העלפן?

— אַוודאי קען דיר ביילקע ניט העלפן.

— אַפילו דו, לאַנע, האָסט פאַר מיר אויך ניט קיין גוט וואָרט.

— דאָס איז אמת, יוסף.

— איך וואַרט אויף אַ נס!... אָדער, לאַנע, ווען איך וואָלט דעם פאַרבאַלזאַמירטן לעניניען געקענט פרעגן, ער זאָל מיר ענטפערן... ווי מיינסטו, לאַנע, איז קלוג געווען צו נעמען אים, און אַנידערלייגן אים אַזוי אונטער אַ גלאָז אַ פאַרבאַלזאַמירטן? וואָס האָסטו גע־טראַכט, ווען דו ביסט אַריין אין לענין־מאַוזעליי?

— האָב געקלערט, ווי זיין גייסט לעבט ביי די מאַסן; זיין גייסט האָט דאָך זיי היינט אַלעמען געשלאָסן אין רייען!!

— ניין, לאַנע; ער, וואָס האָט אַלץ און אַלעמען אַרויסגעזען, האָט אויך געדאַרפט מיט זיינע ליכטיקע אויגן אַרויסזען דאָס אידישע

פֿאָלק אַרום־און־אַרום; מיט זיין קלאָרער שפּראַך האָט ער געדאַרפֿט אַ געשריי טאָן צו אונדזערע פֿאַרלאָרענע אין אייגענער פֿרייהייט: — „אויך איר זייט אַ פֿאָלק! אויך פֿאַר אייך האָט געשלאָגן די גרויסע שעה פֿון נאַציאָנאַלער באַפֿרייאונג!...” נו, איז ער פֿאַר דער צייט שטום געוואָרן. דו זאָגסט, זיין גייסט פֿאַראייניקט; דאָס איז אמת. אונדז אָבער האָט זיין גייסט צעשטויבט... אָט פֿאַרוואָס, נאָך אַזאַ גרויסער איבערלעבונג, איז מיר מיין געמיט פֿאַרלאָפֿן מיט בלוט; און דו מיינסט, מיר ליגט אין קאָפּ איצטער ביילקע!

— אפֿשר וועסטו פֿאָרט דאָ איבערבלייבן?

— אויב איך וועל בלייבן, איז דאָס ניט צוליב דיין שוועסטער.

לאַנע האָט יוסף׳ן גענומען אונטערן אָרעם און איז ווידער מיט אים אַריין אין מענטשנשטראָם. די רייען האָבן שוין אָנגעהויבן פֿאַנאַנדערצופֿאַלן; געזאַנג־און־טאַנץ האָבן נאָך אויף אַ ווײַלע געוויסע גרופּן פֿאַראייניקט. לאַנען האָט עס תחילת אַ צי געטאָן אָנצושליסן זיך אָן אַ טאַנצנדיקער גרופּע, אָבער יוסף׳ס טרויעריקער פּנים האָט אויף איר אויך אָנגעוואָרפֿן אַן אומעט. אין קאָפּ איז איר דורכגעלאָפֿן אַ געדאַנק, ווי עס איז צו באַפֿרייען זיך פֿון אים. יוסף האָט זיך אויפֿגעהאַלטן אין אַן אַנדער טייל שטאָט ביי זיינע קרובים. „גוט וואָלט געווען אָן אים צו פֿאָרן אַהיים” — האָט זי אַ טראַכט געטאָן.

מיט אַמאָל האָט זיך לאַנע געכאַפּט, אַז דאָס וואָלט געווען אַ טעות צו טאָן. „אַן עולה וואָס איך טראַכט אַזוי...”

— יוסף, — האָט לאַנע אים אָנגענומען פֿאַרן האַנט — קום אַרויס פֿון די הויפּט־גאַסן; קום, לאָמיר אַוועק אין די זייטיקע גאַסן, וואו מען מאַרשירט ניט; דאָרטן זענען נאָך מסתמא אויך געבליבן מענטשן.

— מען מוז מודה זיין, לאַנע, זיין גייסט איז אַלמעכטיק; וואָס אַ יאָר ווייטער נאָך זיין טויט, אַלץ שטאַרקער וואַקסט זיין גייסט. נאָר אַ טעות האָבן די פֿירער געמאַכט וואָס זיי האָבן אים פֿאַרבאַלזאַמירט, מענטשן זאָלן קענען אָנקוקן זיין טויט געשטאַלט. מען האָט באַדאַרפֿט זיין טויטן קערפּער פֿאַרברענען, און זיין אַש צעשפּרייטן אויף אַלע פֿיר ווינקלען פֿון דער ערד, אַוועקשיקן מיט אַלע פֿיר ווינטן! ניט אַזוי, לאַנע?

— היינטיקן טאָג וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן; אויב איך האָב זיך היינט געשפּירט ווי אַ רינגעלע געשמידט אין אַ גרויסער מענטשן־קייט, איז ווערט געווען מיין קומען אהער. היינט זע איך קלערער אַרויס וואו מיין אָרט איז, און ווי אַזוי איך באַדאַרף אָנהייבן מיין לעבן.

— אָנהייבן דיין לעבן?

— יאָ, אָנהייבן מיין לעבן! — — — — — —

דערנאָכדעם, נאָך דער אָקטיאַבער־פייערונג האָט אַ שטאַרקע בענקעניש אַרומגענומען לאַנעס לעבן; וואָלקנס האָבן געצויגן דורכן געמיט, און דורך זיי האָט די זון זיך דורכגעריסן מיט איר ליכט; דורך די וואָלקנס — שטיקער בלויער הימל. די יוגנט האָט געמאַנט אַ חשבון פאַר יעדן טאָג וואָס ווערט פאַרשווענדט אין דער רעוואָלוציעס שמעלצאויוון, גרויס ווי די וועלט, וואו דער געדאַנק פון אַ יחידים־מענטשהייט ווערט איבערגעשמאָלצן, כדי איין ציל זאָל ביי יעדן זיין פאַר די אויגן: — קאָמוניזם!... אַלע גלייך פאַרן לעבן, אַלע גלייך פאַר דער גערעכטיקייט; יעדערער באַזונדער פאַרן כלל, יעדערער באַזונדער זאָל זיך אויפלייזן אין כלל. און דאָ, אין קרייז פון טאָג־טעגלעכע נויטן, אַרבעט און ברויט; ברויט און דאָך איבערן קאָפּ, ברויט און ענגשאַפט — אין יענע קרייזן, וואו איר שוועסטער האָט דערצויגן אין זיך די לעבנס־חכמה: אַז די רעוואָלוציע האָט דער פרוי געגעבן די אייגענע רעכט וואָס דעם מאַן, גאַרניט איבערקלערנדיק, אַז אפשר איז דעם מאַנ׳ס רעכט אויך אַ גענומענע ביי דער נייער צייט, און ניט קיין געגעבענע...

און אָט זעט זי דאָס דערשטאַנענע ווייצנפעלד, די געשניטענע האָבער־פעלדער, ליכטנדיקע קערנער, זינגעוודיקע קערנער; פרוכט פון איר פּראַצע, פרוכט פון יעדן איינעמס פּראַצע, וואָס האָט נאָר מיט זיינע אַלע חושים דערשפּירט די אייביקע כוחות, וואָס מאַמע־ערד באַהאַלט אונטער איר סאַמער הויט!... איין מענטשן וואָלט לאַנע דאָ איצטער געגאַרט צו האָבן אין מאָסקווע: — דאָס איז בערע קאָוואַלסקי. לאַנע גלויבט נאָך אַלץ אין זיין אויפריכטיקייט, אין זיין ערלעכקייט. זי איז זיכער, אַז בערע וואָלט אין נעכטיקן מאַרש געווען דער פאַסיקער רינג אין דער געשלאָסענער מענטשן־קייט. איצטער וואָלט

זי אים געקענט קוקן גלייך אין די אויגן; דאָ וואָלט זי אים געקענט פרעגן: „צי קינדער פון בורזשואזע עלטערן זענען ניט קיין אמת׳ע רעוואָלוציאָנערן?" זי וואָלט אים געזאָגט דאָס, וואָס זי האָט ניט געוואָלט ארויסברענגען פאַר יוספ׳ן, ווען ער האָט איר געפרעגט, צי זי האָט ארויפגעקוקט צו די גרויסע פירער אויבן אויף דער טריבונע. אים, בערען, וואָלט זי אינדערשטיל געפרעגט, צי זיי, דאָרטן אויבן, קוקן ניט צופיל פון דער הויך אראָפּ... בערע איז גענוג אָרענטלעך אין הארצן מסכים צו זיין, אַז דער האָרעפּאַשניק מאַרשירט אין געשלאָסענע רייען, אַ פאַר׳שיכור׳טער פון יענע בליקן וואָס באַפעלן.

— צוריק! זאָל די רעוואָלוציע אראָפּקומען צום פעלד, צום סערפּ, צום מענטשן אין פעלד; און זאָל זי אים מיט איר פרייהייטס־גייסט, פאַרן ברויט וואָס דער מענטש אין פעלד האָדעוועט ביי מאַמע־ערד אויפן ברוסט, קומען און אונטערהאַלטן דעם מענטשן ביי דער ערד, ער זאָל זיין קאָפּ ניט בויגן, ער זאָל ניט אראָפּנידערן צומאָל ביזן שטויב... ביז יענער צייט איז דאָרטן מיין אָרט!! און שפּעטער וועל איך אַלץ זיין ביים זייט פון דעם סערפּ־מענטשן...

דאָס האָט לאַנע אַליין צו זיך געזאָגט.

לאַנע האָט באַשטימט פאָרן צוריק אָן יוספ׳ן. פאַרקערט, זי וועט אים צורעדן, ער זאָל פאַרווילן אין מאָסקווע אביסל לענגער. זי האָט נאָך געהאַט איין ערנסטן שמועס מיט ביילקען: אויסגערעדט ביילקען, הלמאי זי איז פאַרשוואונדען אויף אַ גאַנצן טאָג, און איז ניט ארויסגעקומען צום רויטן־סקווער. ווייזט זיך אויס, ביילקע האָט מיטן אינגערן קאָוואַלסקין זיך ניט באַגעגנט; אָבער זי האָט אויך איבערגעריסן מיט די ברעזערס. ווען לאַנע האָט מיט איר איצטער גערעדט, צי עס וואָלט ניט געווען קיין פּלאַן, וואָווע ברעזער זאָל ארויספאָרן צו איר אין דער גרויסער שטאָט, אפשר וועט ער געפינען וואָס צו טאָן — האָט ביילקע חרטה געהאַט אויף דעם וואָס זי האָט מיט עטלעכע טעג צוריק גערעדט ווענן פאָטער. איצטער האָט ביילקע פשוט און פּראָסט געענטפערט, אַז דאָרטן, אין קרים איז זיין אָרט, באשר די שטאָט איז נאָר פאַר יונגע מענטשן:

— קרים איז אַן אָרט פאַר אַלטווארג, דעריבער בין איך פון

דאַרטן אַנטלאָפֿן; זעסט גאָרניט אַרוים ווי ווייט דו אַליין ביסט מיט דיין גאַנצער נשמה געוואָרן אַן אַלטע באָבעצע.

לאַנע האָט אויף דעם געענטפֿערט מיט אַ שמייכל; איז צופֿרידן געוועזן וואָס איר שוועסטער איז אָפֿנהאַרציק מיט איר.

און אַזוי איז עס טאַקע געוועזן; לאַנע, די גאַנצע צייט וואָס זי האָט נאָך פֿאַרבראַכט אין מאָסקווע, כאָטש זי האָט געגנעכטיקט מיט ביילקען, איז זי, ווי דער שטייגער יעדן טאָג גאַנץ פֿרי אויפֿגעשטאַנען; גאַנצענע טעג אַליין אומגעגאַנגען, אַליין געזוכט, און אַליין געפֿונען; אַליין אויפֿגעדעקט די סודות פֿון דער גרויסער מאָסקווע.

און ביז זי האָט זיך אומגעקערט צוריק צו די „רויטע פֿעלדער", האָט זי אַלץ אין זיך איינגעזאַפּט, ווי די טרוקענע פֿעלדער זאַפּן אין זיך איין דעם צייטיקן רעגן...

# LVIII

לאַנע איז צוריקגעקומען פֿון מאָסקווע אַן אויסגעלייזטע פֿון אַ סך שווערע מחשבות, וואָס האָבן די לעצטע צייט, ווי דערנער אויפֿגעקומענע אין אַ תבואה־פֿעלד, איר רואיק לעבן און אַרבעט געשטערט. און יוסף איז, פֿאַרקערט, צוריקגעקומען פֿון מאָסקווע אַ באַלאָדענער מיט נאָך מער מרה־שחורה און מיט האָפֿענונגען — נאָך שטאַרקער פֿאַרנעבלטע. מער ווי שטענדיק האָט איצטער יוסף אויסגעקוקט אויף אַ נס, וואָס זאָל אים אויסלייזן פֿון זיין אומצופֿרידענעם מצב, און דערפֿירן צו אַ זיכערן ברעג, וואו זיין אַרבעט און יונגע יאָרן וואָלטן געהאַט מער זינען.

כאָטש לאַנע האָט תחילת געהאַט בדעה צוריקפֿאָרן פֿון מאָסקווע אַליין, פּונקט ווי זי איז אַליין געפֿאָרן קיין מאָסקווע, האָט זי פֿונדעסטוועגן אין די לעצטע פּאָר טעג אירע דאָרטן צופֿיל איבערגעלעבט, און דער לאַנגער וועג פֿון מאָסקווע צוריק אין אייגענעם דאָרף האָט איר אָנגעהויבן אויסזען אַ סך לויטערער, אויב זי וועט האָבן יוסף'ן ביי דער זייט. זענען זיי געפֿאָרן אינאיינעם. קיין סך האָט מען ניט גערעדט. יוסף האָט ניט געוואָלט צעשטערן לאַנעס אילוזיעס; און דערצו איז זיין האַרץ געווען פֿאַרלאָפֿן מיט טרויער

און פאַרדראָס צוליב אַ מיידל, וואָס האָט זיין האַרץ פאַרטראָגן קיין מאָסקווע; טאַקע לאַנעס איינגערע שוועסטער האָט פון זיין האַרץ גאָרניט געמאַכט. ער פאַרשטייט, אַז לאַנע האָט אים כסדר געהאַלטן צוליב ביילקען פאַר אַ נאַר; זי האָט עס קיינמאָל ניט אַרויסגעזאָגט, באַשר ביילקע איז פאַרט אירע אַ שוועסטער. ער באַנעמט, ווי לאַנעס לעבן איז פול מיט ליבע, דעריבער לויכטן אַזוי אירע ברייט־געעפנטע שוואַרצע אויגן, גלייך ווי זיי וואָלטן פונווייטן דורך די פענצטער פון וואַגאָן אַרויסגעזען קרימער אָנהייב־ווינטערדיקן סטעפּ, וואו עס שפּרייזט אום מיט שווערע טריט איר געליבטער, און טראַכט פון איר... „ווער איז לאַנעס געליבטער?" — טראַכט ביי זיך יוסף — כאַ־כאַ־כאַ, צוויי בחורים האָבן זי ליב, אָבער פאַר לאַנען איז דאָס איין גרויסע ליבע; דעריבער איצטער, ווען זי עפנט אויף דאָס מויל צו רעדן, הייבט זי ניט אָן דעם שמועס פון דעם ווינטער, וואָס האָט זיך ערשט איצטער דערנענטערט; זי, לאַנע, רעדט שוין פון קומענדיקן פרילינג..." ממש יוסף זעט ווי דער ווייטער פרילינג באַלייכט שוין איר פּנים, און באַוועגט הויך איר ברוסט.

— גוט צו זען, לאַנע, ווי פון דיין פּנים שיינט אַרויס דיין באַנייט לעבן; מעגסט איצטער יוספ׳ן האַלטן פאַר אַ נאַר.

— איך האָב דיך קיינמאָל ניט באַטראַכט פאַר קיין נאַר; איך זאָג שטענדיק, אַז דו ביסט דער קליגסטער באַנ׳אונדז.

— כאַ־כאַ־כאַ — האָט יוסף אַ לאַך געטאָן צופרידן.

— דאָס איז מיט דיר די צרה, יוסף; קלערסט צופיל, פילאָ־זאָפירסט צופיל, פילאָזאָפירסט וועגן זאַכן, וואָס הייסן „ברויט מיט וואַסער..."

— ביסט, לאַנע, צו קלוג, צו באַצייכענען אַלע ערנסטע פּראָב־לעמען וואָס די רעוואָלוציע האָט אויפן אָרימען מענטשן אָנגעוואָרפן, ער זאָל זיי אויפקלערן אַזוי פּשוט ווי ברויט מיט וואַסער. איך ווייס, דו האָסט איצטער ניט קיין חשק צו קנייטשן דעם שטערן און מאַכן אַן ערנסטע מינע.

— האָב געזאָגט, ביסט דער קליגסטער באַנ׳אונדז. ביסט גע־רעכט, מען באַדאַרף קיין סך ניט רעדן. בעסער טו אַ קוק דורכן

פענצטער; אָט־אָ דאָרטן איז שוין געלעגן שניי, און איז כמעט צעגאַנגען געוואָרן... וואָס ווייטער פון מאָסקווע, אַלץ וואַרימער ווערט, און דער הימל איז בלויער. אין קרים מוז עס נאָך זיין גאָר גאָר . . .

בשעת לאַנע האָט איר שטערן צוגעשפּאַרט צום שויב פון וואַגאָן, גערעדט און באַטראַכט דעם דרויסן, האָט יוסף אָנגענומען איר לינקע האַנט און דערנענטערט צו זיינע ליפּן.

— וואָס טוסטו, יוסף? — האָט לאַנע אָפּגעווענדט צו אים איר פּנים און דערביי זיך ווידער נעבן אים אַנידערגעזעצט — לאָמיר, יוסף, פּרוּאוון טרעפן, וואָס אונדזערע טוען איצטער אין דאָרף...

— געווענדט, ווען דו מיינסט; די עלטערע קלייבן זיך אויף אַ גאַנצן ווינטער שלאָפן, און די אינגערע — ווער עס קלערט פון לאַנען, און ווער — פון שטאָלענע חברים, טראַקטאָרס!

— אי, דו שלעכטער וואָס דו ביסט! — האָט לאַנע אים אַ פּאַטש געטאָן איבער די הענט — מיינסט מיט דעם מיר אַ שטאָך צו טאָן; זאָג איך דיר, אויב זיי ליגט דאָרט אין זינען די ביידע זאַכן, וואָס דו האָסט דאָ נאַרוואָס דערמאָנט, איז עס גאָרניט נאַריש.

— בענקסט נאָך אַ שטאָלענעם חבר!

— אודאי, קאָלעקטיוון און טראַקטאָרס...

— ווי מיינסטו, לאַנע, טראַקטאָרס און קאָלעקטיוון וועלן ראַטעווען דער מענטשהייט פון דער שלעכציקייט, וואָס זי טראָגט איינגעבוירן אין איר בלוט? מענטשן האָבן ניט וואָס צו לערנען, ניט ביי מוראַשקעס, און ניט ביי די בינען; אין איעדער געזעלשאַפט־לעכער אָרדנונג וועלן זיין די קעניגן מיט אַ קאַמערילליע פּאַראַזיטן, אויף וועמען עס וועלן האָרעווען מיליאָנען קנעכט...

— די רעוואָלוציע וועט עס באַקעמפן.

— צוליב דעם וועט נאָך ווען־עס־איז ווידער זיין אַ רעוואָלוציע — אַן אויפשטאַנד פון קנעכט אַנטקעגן זייערע נייע הארן.

— די פירער פון דער איצטיקער רעוואָלוציע זענען דאָך ניט געוועזן קיין קנעכט... יוסף, ניט אמת, אַז אַלע גרויסע רעוואָלוציאָנערן זענען געקומען פון אַ פּאַראַזיטישער געזעלשאַפט?

— איך האָב דאָס ניט געמיינט, לאַנע... איך וויל פון דעם מער ניט רעדן.

לאַנע האָט פאַרשטאַנען, אַז ביי יוסף'ן האָט זיך אַרויסגעכאַפּט גאָרניט ווילנדיק אַן אמת, וואָס פרעסט אים; זי האָט אים ניט געוואָלט איבערפרעגן און הערן נאָך עטלעכע ווערטער וועגן דעם, וואָס ער האָט נאָרוואָס געזאָגט.

יוסף האָט דערקענט אין לאַנעס פּנים, ווי זי איז מיטאַמאָל אומעטיק געוואָרן.

— נעם זיך ניט צום האַרצן, לאַנע, צוליב דעם, וואָס יוסף ראַטנער איז אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער.

— זיי ניט פאַרביטערט; איך גלויב דיר, יוסף; בפרט איך בין ניט איינע פון די, וואָס האָבן רעכט אימעצן חושד צו זיין. דו האָסט ניט קיין צוטרוי צו קיין מענטשן; דאָס האָב איך אין דיר דערקענט אין מאָסקווע, ווען מיר זענען פון רויטן־סקווער אַוועק איבער די זייטיקע גאַסן. ס'איז אויך אמת, יוסף, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט, אַז אין מאָסקווע פוצט מען דער רעוואָלוציע מיט צופיל אויסערלעכקייטן; אָבער דו, ווי איך, גלויבסטו דאָך אין דער בע־סערער צייט וואָס קומט אָן פאַר אַלע מענטשן אין סאָוועטנפאַרבאַנד. אָט שפּיר איך, אַז די רעוואָלוציע האָט מיך געמאַכט פאַר אַ בעסערן מענטשן און בעסערע פרוי. איך וואָלט געווען אַ בורזשויקע, אַ טאַטע־מאַמעס טעכטערל...

— דאַרפסט זיך ניט פאַרענטפערן; איך באַדאַרף זיך אויך ניט פאַרענטפערן. איך וועל גיין אין שפּאַן, אויב איך וועל פאַרבלייבן אין קרים. איך וועל סיי־ווי ווערן פאַרפויערט, צי איך וועל נאָכגיין די אָקסן, צי איך וועל זיצן אויפן טראַקטאָר. קען זיין, די אָקסן וואָלטן מיר געווען בעסערע פריינט ווי דער שטאָלענער חבר.

לאַנע האָט גוטמוטיק אַ לאַך געטאָן.

— וואָס לאַכסטו? יאָ, לאַנע, אין מאָסקווע רעדט מען שוין צופיל אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע; מען רעדט צופיל פון שטאָ־לענע ריזן, וואָס וועלן קומען דעם מענטשן צוהילף... נו, וואָס קומט מיר, אַז איך האָב ניט אַזויפיל אמונה אין שטאָלענעם חבר?

— ביסט פאַרביטערט, יוסף.

— ס'האָט דאָך דיר אויך פאַרדראָסן אין מאָסקווע, בעת דו האָסט דערזען די הונדערטער און טויזנטער מענטשן, וואָס שטייען אין דער ריי, וואַרטן אויפן שטיקל ברויט... הערסט, איך רעד; פון מיר רעדט אַרויס מיין צער און מיין ווייטיק, און איך קען מיר ניט העלפן!

פונדעסטוועגן, וואָס ווייטער דער צוג האָט זיי פאַרפירט פון מאָסקווע, אַלץ נענטער האָבן אָנגעהויבן זיך מיגלען פאַרן דמיון די אייגענע פעלדער; אַלץ בולטער האָט זיך אויסגעשטאַלטיקט דאָס אייגענע דאָרף.

— געדענקסט, לאַנע, איך האָב געפרעגט אין מאָסקווע וואָס דיר איז טייערער: די „רויטע פעלדער", צי דער „רויטער סקווער"?

— איך געדענק; איצטער וועל איך דיר אויף דעם ניט ענטפערן. איך האָף נאָר, דו וועסט ברענגען צו די „רויטע פעלדער" אַ לעבעדיקערן פנים, כאַ־כאַ־כאַ.

מיט אַ סך אַ מונטערערן פנים, ווי ביידע האָבן דערוואַרט, האָט דאָס דאָרף באַגעגנט לאַנען און יוספ'ן. כאָטש שוין פראַסטיקע נעכט — זענען נאָך די טעג געווען ליבע און וואַרימע; צוגעטריקנטע שטעגן פון ביידע זייטן גאַס. די עלטער האָט זיך נאָך ניט געקליבן גיין שלאָפן אויף אַ גאַנצן ווינטער; און די יוגנט — די יוגנט, אינאיינעם מיט דער עלטער האָט זיך שטאַרק גע'קהל'ט, און העכער ווי שטענדיק גערעדט, אַלץ צוליב די „שטאָלענע חברים", די צוויי טראַקטאָרס, וואָס זענען צוגעזאָגט געוואָרן פאַר די „רויטע פעלדער". מען האָט זיך שוין געהאַט אַרומגעקריגט און ווידער שלום געמאַכט. דער ווינטער איז אָנגעקומען, און ניט באַגעגנט קיין פאַרשלאָפענע אויף די „רויטע פעלדער"; דווקא די, מיט די וואָרצלען טיף אין דאָרפישן לעבן, דווקא זיי האָבן די אויגן געריבן, ווי אָפגעוואַרט אַ פריצייטיקן פרילינג, וואָס וועט איבערהיפּן דעם ווינטער... דאָס האַרץ האָט ביי ביידן העכער אַ שלאָג געטאָן, ווען די טריט האָבן דערשפּירט אייגענע ערד, ווען טריט האָבן באַקאַנטע שטעגן אויפגעזוכט. און אויך יענע בענקשאַפט, וואָס קומט אי פון נאָענט, און אי פון ווייט, יענע נאָגנדיקע בענקשאַפט, וואָס וועקט אויף דורשטיקע פאַרלאַנגען אין וועזן — די דאָזיקע בענקשאַפט האָט אויך תיכף

ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ נאָכדעם, ווי די נייגעריקייט אויסצוגעפינען וואָס דאָס דאָרף האָט פאַר זייער אָפּוועזנהייט געטראָגן און געבוירן, איז שוין מיט אירם באַלוינט געוואָרן.

בערע קאָוואַלסקי האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, ביי וועמען ער זאָל אויספרעגן וועגן דער גרויסער מאָסקווע, די היים פון דער רעוואָלוציע; אגב, האָט ער געוואָלט הערן וועגן גרויסן אָקטיאַבער־יום־טוב טאַקע פון אזא איינעם, וואָס האָט עס אַליין איבערגעלעבט. בערע אַליין איז נאָך פול געוועזן מיט דעם אייגענעם יום־טוב ביי זיך אין דאָרף, און פאַר אים איז נאָך די רעטעניש ניט באַשיידט געוואָרן, פאַרוואָס לאַנע האָט זיך אויפגעהויבן עטלעכע טעג פאַרן יום־טוב, און איז בשתיקה אוועק קיין מאָסקווע. בערע האָט גע־קלערט, אַז לאַנע וועט שוין צוריק ניט קומען; און אַז יוסף וועט שוין אויך דאָרט בלייבן. ער איז אָבער פון טיפן הארצן צופרידן געוועזן, ווען ביידע זענען געקומען צוריק. נאָר בערע ווייסט אַליין ניט איצטער, צי זאָל ער זייער אוועקפאָרן און קומען פאַרצייכענען אויפן חשבון פון זייער רעוואָלוציאָנערישקייט, אָדער...

בערע האָט באַשטימט, ער זאָל תחילת פרעגן ביי יוסף'ן; אגב, זאָל לאַנע ניט אויסרעכענען, אַז ער האָט נאָך איר אויסגעקוקט די אויגן, און מיט איר מיינונג רעכנט ער זיך מער...

— נו, יוסף, איך קוק דיך אָן און טראַכט: וועט דער דאָזיקער מענטש איצטער שוין אויפהייבן דעם קאָפּ? ביסט דאָך טאַקע א מענטש מיט ביינער, אַז דו האָסט געקענט נעמען און א פאָר טאָן קיין מאָסקווע! האָסט מאַרשירט מיט די באַפרייטע ארמייען, הא, יוסף, ווי אזוי האָסטו עס געטאָן? ס'האָט שטאַרק געקלאַפּט דאָס הארץ, הא? דאָס איז שוין ניט קיין מלחמה, יוסף; ניט קיין בירגערקריג, כאַ־כאַ־כאַ... א פרידלעכע ארמיי פון ארבעטער און רעוואָלוציאָנערן... דערצייל מיר, יוסף, ווי איז דאָס געוועזן?

יוסף האָט געקוקט בערען גלייך אין פנים אריין; ער האָט שוין לאַנג אזא אויסגעלייטערט, און מיט גוטסקייט באַלויכטענעם פנים ניט געזען. בערע האָט אויסגעזען ווי א דערוואַקסן און נאַאיוו קינד, וואָס שטייט פאַר אַן עלטערן און דערפאַרענעם ברודער, וואָס

איז געקומען פון א ווייטן וועג, און האט נסים און נפלאות אויס־צודערציילן.

יוסף'ן איז אין דער רגע געקומען פאר די אויגן דער גרויסער מענטשן־טייך, וואס האט גארניט לאנג צוריק אין מאסקווע גע־שטראמען צום רויטן־סקווער; פון דעם דאזיקן מענטשן־שטראם האבן א סך, גאר א סך אזעלכע אויסגעלייטערטע און באלויכטענע פנים'ער ארויסגעשטראלט; א סך, גאר א סך אויגן, אנגעצונדענע מיט גליק, וואס שטראמט צו זיי פון דערוואכטן רעוואלוציאנערן קוואל...

— אי, בערע, בערע — האט יוסף אנגעהויבן, בעת זיינע טונקעלע אויגן האבן אויך א גלי געטאן — איך קלער איצטער בשעת איך קוק דיך אן, אז אנשטאט מיר, האסטו גאר באדארפט פארן קיין מאסקווע...

— ביסט ניט צופרידן?

— איך בין זייער צופרידן מיט דעם, וואס איך בין געפארן.

— טא וואס־זשע רעדסטו, פונקט ווי דו וואלסט געווען ניט צופרידן?

— פרעג לאנען, זי וועט דיר קענען א סך דערציילן.

— האסט ניט געמארשירט צום רויטן־סקווער?

— איך בין מיט לאנען געווען א גאנצן טאג אינאיינעם.

— איז גאר לאנע די רעוואלוציאנערקע, און ניט יוסף, א זון פון הארעפאשניקעס?

— אודאי, בערע.

— האסט זיך נאך ניט אויסגערוט פון וועג; דו וועסט זיך אויס־שלאפן, וועסטו באדארפן פארן גאנצן דארף דערציילן. האסט איר דערציילט פון אונדזער יום־טוב דא, ווי אזוי מען האט א נאמען געגעבן דעם דארף?

— אודאי האב איך איר דערציילט.

— נו, איר איז געפעלן געווען?

— ווילסט נאך אלץ, לאנען זאל געפעלן ווערן וואס מען טוט

דאָ... שעם זיך ניט, בערע, גיי אריבער צו נ׳איר, זי וועט זיין צופרידן דיר צו דערציילן. זי איז אין מאָסקווע געווען די גליקלעכסטע אויף דער גאָרער וועלט.

יוסף האָט געזען ווי ביי די לעצטע רייד, איז בערען געקומען דאָס בלוט אין פּנים אריין. ער האָט אָבער ניט געוואָלט איצטער רעדן מיט בערען, ניט פון מאָסקווע און ניט פון לאַנען. פאַר די פּאָר שעה וואָס ער איז אין דאָרף, האָט ער זיך דערוואוסט פון אַ סך ווייטיקע נייעס; ער האָט גאָר געוואָלט פון בערען הערן אַ מיינונג.

— ווי איך הער, בערע, גייען מיר דאָ האָבן אַ גאַנצע איבער־קערעניש; דיין נבואה ווערט מקוים!

— דער פּינטשוק בעניע איז אַ בעסערער רעוואָלוציאָנער ווי איך האָב געקלערט; ער איז אַליין ארויסגעקומען מיט ערנסטע רייד; איז דער ערשטער געפאָרן זיך לערנען ווי צו טרייבן אַ טראַקטאָר... און זי האָט אויך חרטה געהאַט!

— ווער?

— סימקע; זי איז דאָ געבליבן! איר טאַטע האָט זי איינ־גערעדט זי זאָל דאָ בלייבן.

— מסתמא האָסטו זי איינגערעדט.

— זי איז אַ האָרעפּאַשניצע...

— אזוי, אזוי, איז ער אוועקגעפאָרן זיך לערנען... הייסט עס, היינטיקן ווינטער וועלן מיר דאָ האָבן די שטאָלענע חברים!

— וועסט אויך מיטגיין אין שפּאַן.

— קום אריבער צו די ברעזערס; איך וויל דו זאָלסט זיך דורכרעדן מיט איר.

מיט יעדער האַנט, ווי גרויס די האַנט זאָל ניט זיין, אז מען נעמט זי פאַר די אויגן, קען מען מיט איר פאַרשטעלן די זון. אין לאַנעם לעבן, וואוהין די זון האָט געקענט כסדר אריינשיינען, אין איר לעבן איז גאָר אומגעריכט גאַנץ אָפט געווען די האַנט, וואָס האָט די זון פאַרשטעלט. אויך איצטער, כאָטש זי האָט זיך צוריק־געקערט צו איר ערד, צו איר דאָרף, און אירע אויסגעלייטערטע הימלען — זענען שוין די ערשטע פּאָר שעה געווען פאַרשטערטע.

כאַטש מאָסקווע האָט איר געמיט געשטאַרקט, זי זאָל פאַר אַבי־וואָס מער קיין טרערן ניט פאַרגיסן.

זי האָט זיך דערוואוסט, אַז בעניע פינטשוק, וואָס האָט אויף איר פאַרלאַנג אָנגעהויבן נאָך איר אוועקפאָרן קומען צו די ברעזערס, מיט דער דעה ארויסצוהעלפן — אים האָט וואָווע ברעזער געגעבן אָנצוהערן, אַז ער נויטיקט זיך ניט אין קיינעמס הילף. וואָווע ברעזער האָט ביי דער ערשטער געלעגנהייט געגעבן לאַנען אָנצוהערן, אַז ביי דעם „כאַמולע" האָט זי ניט באַדאַרפט בעטן קיין טובות. וואָווע האָט לאַנען אויך חושד געווען, אַז זי האָט זיך אפילו ניט באַמיט איבערצורעדן ביילקען, זי זאָל מיט אים, מיט וואָווען, פאָרן לעבן אין שטעטל, פונוואַנען די ברעזערס האָבן געשטאַמט.

לאַנע האָט געשוויגן; זי האָט אין וואָוועס פנים דערקענט אַ בייזקייט. איר איז ניט געווען ניחא ביי אים אויסצופרעגן, ווי אַזוי דער יום־טוב אין דאָרף איז אַריבער. ווי איר שטייגער, איז זי איצטער אויך שוין אַ פּאָר מאָל געווען אין שטאָל, געבליבן דאָרטן אַליין מיט די בהמות, אין זייער שטומער געזעלשאַפט האָט זי פאַרנומען די רייד פון אייגענעם האַרצן, אין אַ צייט, ווען עס איז ניט געווען פאַר אימעצן אַנדערש דאָס האַרץ אויפצוזעקן. דעריבער, ווען יוסף און בערע זענען אָנגעקומען, איז לאַנע פּונקט יעמאָלט געווען אין שטאָל; זי האָט געהערט זייערע רייד אין שטוב, און איז אין שטוב ניט אַריינגעגאַנגען. זי האָט אויך געהערט ווי יוסף און בערע זענען אוועקגעגאַנגען.

ווען לאַנע האָט זיך אומגעקערט צוריק אין שטוב אַריין, האָט וואָווע זי באַגעגנט מיט אַ שפּאָטישן שמייכל.

— ווי איך זע, ביסטו נישט צופרידן מיט מיין קומען צוריק...

— האָט לאַנע גערעדט מער צום פענצטער ווי צו וואָווען.

— אודאי איז דיין טאַטע ניט צופרידן — האָט וואָווע בייז דורכגעזייט דורך די ציינער.

— האָסט זיך אַפּנים איינגערעדט, אַז איך בין אוועקגעפאָרן פונדאַנען אויף שטענדיק?

— האָב געמיינט ביסט געקומען צום שכל; אַלע האָבן עס געמיינט.

— צום שכל, כאַ־כאַ־כאַ...

— לאָך נישט, מיין טאָכטער; מיר איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן, אז כ׳האָב דיך דערזען היינט אינדערפרי פאַרן שטוב.

— דאָס איז עפּעס אַנדערש; אויב איך פאַרפינצטער דיר דאָס לעבן, איז שוין עפּעס אַנדערש.

— האָסט נישט באַדאַרפט קומען אהער, גראָבן פאַר מיר די גרוב טיפער; איך זיץ שוין אזוי אויך געגוג טיף אין בלאָטע. ביסט געווען אין מאָסקווע; דאָרטן האָסטו באַדאַרפט בלייבן!

— טאָן דאָס אייגענע וואָס ביילקע טוט?

— איך ווייס נישט; ביסט געראָטענער פון איר.

— דיין יחוס, טאַטע, וועט אינערגעץ ניט טויגן.

— איך זוך נישט קיין יחוס, איך וויל נאָך לעבן! יאָ, איך וויל לעבן, לעבן, לעבן!...

וואָווע ברעזער האָט געשריען, און דערביי קרענקלעך געקלאַפּט אין טיש; אזוי האָט אים נאָך לאַנע קיינמאָל ניט געזען.

לאַנע האָט מורא געהאַט, וואָווע וועט אַרויס פון געדולד און, ווי פאַראיאָרן, וועט ער זיך אויף איר א וואָרף טאָן שלאָגן. זי האָט אליין ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. אין דער רגע איז איר געוואָרן פרעמד די גאַנצע וועלט, און שווער איז איר איצטער געווען אַרויסצוגיין פון שטוב, מאַכן א פּריילעכע מינע, אַוועק איבערן דאָרף און אָנהייבן צו דערציילן נסים און נפלאות פון מאָסקווע, ווי זי וואָלט עס באַדאַרפט טאָן... דאָס איז איצטער געווען אוממעגלעך. אויס׳טענה׳ן זיך מיט וואָווען, איז אויך קיין פּעולה ניט. וואָלט כאָטש דער אַלטער יאָשע געווען אין שטוב; אין זיין געגנוואַרט האַלט זיך וואָווע איין.

לאַנע האָט פאַרביסן די ליפּן; אזש ביז בלוט האָט זי די ליפּן פאַרביסן, איז צוגעגאַנגען גאָר נאָנט צו וואָווען, אָנגענומען זיין האַנט, און ווייך גערעדט:

— אמת, טאַטע, איך בין געווען אין מאָסקווע; דאָרטן בין איך געווען א פרייע בירגערן; האָב אפילו געמאַרשירט מיט אַלעמען צום רויטן־סקווער, אינאיינעם מיט אַלע פרייע בירגער, אידן און ניט־אידן; אפילו דו וואָלסט אויך געקענט זיין איינער אין די גע־

שלאָסענע רייען. נו, איז וואָס, מיינסטו איך האָב באַדאַרפט בלייבן אין מאָסקווע? אמת, איך בין יונג; דיר קען זיך אויסדוכטן, אַז פאַר דיין טאָכטער האָט אימעצער צוגעגרייט אַ גרויס גליק, ווי דאָס איז געווען אמאָל, ווען אַ רייכער טאַטע האָט צוגעגרייט פון אַלדאָס־גוטס פאַר זיין טאָכטער, די צוקונפטיקע כלה, און זי האָט נאָר באַדאַרפט געדולדיק אויסוואַרטן אויפן באַשערטן חתן, כאַ־כאַ־כאַ — האָט לאַנע ביטער אַ לאַך געטאָן — יענע צייט, טאַטע, איז דאָך שוין אויף אייביק פאַרשוואונדען; יענע צייט וועט דאָך קיינמאָל צוריק ניט קומען. אויף דער פרוי, ווי אויפן מאַן, האָט די נייע צייט אין סאָוועטנפאַרבאַנד אַרויפגעלייגט דעם אייגענעם אחריות פאַרן לעבן. קיינער, קיינער זאָרגט איצטער ניט פאַר מיר; איך אַליין מוז איצטער זאָרגן פאַר זיך אַליין. אויף דעם גיט מען איצטער דאָ אין לאַנד איעדן יונגן מענטשן אַלע מעגלעכקייטן. אודאי וואָלט איך, ווי ביילקע, געקענט אַרבעטן אין אַ פאַבריק, האָבן דעם כבוד צו זיין אין מאָסקווע, צי אין אַן אַנדער גרויסער שטאָט; נו, האָט דיין לאַנע אויסגעקליבן דעם קרימער סטעפּ, וואו עס בויט זיך איבער דאָס אידישע לעבן. אין דעם־אַ דאָרף, וואו נאָך גאָרניט לאַנג איז געווען הווילער סטעפּ, האָב איך אָנגעהויבן מיין לעבן; דאָ איז צום ערשטן מאָל אויפגעגאַנגען מיין זון. דאָ האָב איך אָנגעהויבן צו בויען, און האָב דערשפּירט מיין יוגנט שטאַרק און באַפרייט. דאָ בין איך געבוירן געוואָרן. דאָס חרוב'ע אידישע לעבן גייט דאָך דאָ אויף, פאַרוואָס באַגרייפסטו עס ניט? ווער אַ מענטש, און זיי אַ איד, וועט דיין לעבן דאָ האָבן אַ זינען...

איצטער האָט לאַנע געפילט, אַז די געפאַר איז אַריבער. קיין צוזאַמענשטויס וועט זי מיט אים ניט האָבן. זי האָט ניט געוואָלט אפילו אויסהערן וואָס ער האָט איר צו ענטפערן; אין דער איצטיקער רגע איז איר שווער געווען צו קוקן גלייך אין זיין פּנים, זען, וואָס פאַר אַן איינדרוק אירע רייד האָבן אויף אים געמאַכט. מיט שנעלע טריט האָט זיך לאַנע געלאָזן צום דרויסן.

לאַנע האָט געהערט איר פאָטערס שטים, ער האָט זי גערופן צוריק; אָבער זי האָט זיך ניט אומגעקוקט. אַ חשק האָט איר איצטער אָנגעכאַפּט, גיין פון שטוב צו שטוב, אויפקלערן אַלעמען; און יעדן,

וואָס וועט צו איר דאָס האַרץ עפענען, וועט זי איינטיילן פון אירע גרויסע איבערלעבונגען אין מאָסקווע.

# LIX

דאָסמאָל איז ניט דער ווינטער געשטאַנען אנטקעגן פאַר די וואָס האָבן אַריבערגעקוקט צו אַ לויטערער און זיכערער צוקונפט ביי דער ערד. אין שטאָל האָבן שטיל די לעבעדיקע באַשעפעניש געשוואַנגערט; אין דער ווינטערדיקער ערד האָט איינגעדרעמלט די ווייצן־זריעה; די הענט האָבן געשפּאָרט דעם שטעכיקן קוראַי אין אויוועלע אַריין, און הנאה געהאַט פון הייסן שיין וואָס האָט באַלויכטן די הענט.

ניט דער, וואָס איז אַלט אין יאָרן, האָט דעם ווינטער פאַר דער צייט אַראָפּגעבראַכט; און אויך ניט דער, וואָס איז יונג אין יאָרן האָט אויף די הענט דעם פרילינג געהאַלטן... מיט אָנגעלאָדענער זיכערקייט אויף אייגענער און אָפּגעהיטער ערד האָט זיך געשפּירט דער, וואָס האָט געפילט צוגלייך מיט דער ווינטער־זריעה זיינע וואָרצלען אין דער ערד. ביי וועמען פאַרן דמיון איז, אויפן אָרט פון שטאָט־און־שטעטל, אַ מדבר געבליבן שטיין — דער האָט סוף־כל־סוף די ערד אונטער זיינע פיס דערשפּירט.

— אָ, ניט ווי די לעצטע פון די קללות איז פאַר אידן די רע־וואָלוציע געקומען, נאָר דער ערשטער כוח, וואָס האָט פאַר אידן די ברכה געבראַכט... ניט מער, וואָס ברכות אויף קללות איז ניט שווער צו פאַרביטן, ווען הערצער, אָנגעלאָדענע מיט שרעקן, האָט מען געבראַכט צו דער ערד.

וואָווע ברעזער, ווי שטענדיק נאָך אַ מחלוקת מיט לאַנען, איז אויך איצטער גאָר גיך געקומען צום שכל, און באַגריפן, אַז די כחות וואָס טראָגן אַרום זיין טאַכטער אַ מונטערע און פריידיקע צווישן די צוויי שורות שטיבער אויף די רויטע פעלדער, האָט זי ניט פון אים גע׳ירש׳נט; ניט אויף די פּאָגראָם־פעלדער האָט זי די כחות אָנגעשעפּט. נאָכדעם, ווי דער כעס איז אים אָפּגעגאַנגען, האָט ער געזוכט אַ געלעגנהייט צוצוקומען נאָנט צו לאַנען און זאָגן: „הלוואי

וואָלט איך געקענט ווי דו זיך אומטאָפּטשען איבער די געפּרווירענע גרודעם און מיינען, אַז אין גן־עדן גיי איך אַרום...״ דאָס האָט ער ניט געזאָגט.

אדרבה, וואָוועס האָט אַראָפּגענומען זיין האַנט פון האַרצן און מיט אַן אויסגעבאָרגטן שמייכל צו איר געזאָגט:

— דער פויער געפעלט מיר בעסער פון דעם באָלשעוויקישן יאַטעבעדאָס...

— פאַרוואָס געפעלט ער עס דיר בעסער? — פרעגט לאָנע מיט אַ גוטמוטיקן פּנים — איך ווייס דאָך, דו האָסט דעם פויער אויך ליב ווי פעפער אין נאָז.

דער פויער, אַז ער וועט דיך שוין אַריינקריגן, וועט ער דיר זיין געטריי; און מיט יענעם וועסטו קיינמאָל נישט וויסן וואו דו ביסט אין דער וועלט.

אויף דעם האָט לאָנע ניט געפונען קיין ווערטער; מיט איר טאַטן האָט זי וועגן דעם ניט געוואָלט רעדן. איר איז נאָר ניחא געווען, וואָס וואָוועס קוקט פונדעסטוועגן נאָך זיין טאָכטער, וואָס שווינדלט אַרום פאַר זיינע קינדיש, און פאַר־דער־צייט געעלטערטע אויגן.

בערעס האָט אויף לאָנען אַנדערש אָנגעהויבן צו קוקן. זינט זי איז געקומען פון מאָסקווע, האָט ער ליב געהאַט צו הערן ווי זי דערציילט פון דעם, וואָס זי האָט דאָרטן געזען און פון אַלץ, וואָס זי האָט איבערגעלעבט. בערעס הערט זיך איין צו לאָנעס רייד מיט אַ סך צוטרוי; אים דוכט, לאָנע איז מיטאַמאָל אים איבערגעוואַקסן. בערען קומען אָפּט אויף די ליפּן שטראָף־ווערטער; ער וואָלט חשק געהאַט צו געפינען אַ געלעגנהייט מיט די ווערטער אויסשטראָפן לאָנען, נאָר עס שטייט אים ניט אָן אַרויסצואווייזן, אַז ער האָט צו איר טענות. ער קען ניט פאַרשטיין צוליב וואָס לאָנע איז יעמאָלט אוועקגעפאָרן ערב אַזאַ גרויסן יום־טוב; אויב זי האָט געוואָלט זיין באַציטנס אין מאָסקווע—האָט זי עס דאָך געקענט באַווייזן! אָבער דער עיקר טוט בערען ווייַ, הלמאי זי האָט זיך פון אים גאָר אינגאַנצן אויסבאַהאַלטן; אים האָט זי דאָך געמענט פאַרטרויען איר פּלאַן — אפשר וואָלט ער זי געבעטן, זי זאָל פאָר אים אין מאָסקווע עפּעס

אויסגעפינען... ער קען אליין איצטער ניט וויסן, וואס ער וואלט ביי איר געבעטן פארן אוועקפארן.

פונדעסטוועגן האט זיך בערע אנגענומען מיט כוח, געפונען א געלעגנהייט, ווען לאנע איז צו אים אין שטוב געקומען רעדן אביסל מיט זיין מאמען — האט ער גענומען און א פרעג געטאן, די מאמע זאל הערן:

— דיר האט געמעגט אנשטיין, איך זאל דיך פירן צום וואקזאל מיט אונדזערע פערד; דיין טאטן האסטו געמעגט לאזן שלאפן אינדערהיים...

— איר האט א טייערן זון, חבר'טע רייזל — האט לאנע גוט־מוטיק גערעדט צו בערעס מאמען — איר ווייסט גאר אליין ניט וואס פאר א גוט הארץ ער פארמאגט...

— וואס קומט ארויס? איך ווייס וואס פאר א זון איך האב; דו ווייסט אויך ווער מיין זון איז, און פונדעסטוועגן...

— אזוי ווייט, חבר'טע רייזל, זאלט איר ניט אריבערקוקן. היינטיקע בחורים און מיידלעך האבן ניט קיין חתונה. אין מאסקווע טרעפן זיך בחורים און מיידלעך, קלעפן זיך צו איינס צום אנדערן, ווי עס טוען . . . הא, בערע איז שוין אין כעס, הלמאי איך זאג א שלעכטווארט אויף דער רעוואלוציאנערער יוגנט.

בערע איז ניט געווען ברוגז. מער ניט, וואס בערען האט זיך דער קאפ געדרייט בשעת לאנע האט גערעדט; ניט מער, וואס ארום בערען האבן בשעת מעשה די ווענט זיך א ריר געטאן פון ארט, אונטערגעטאנצט און אונטערגעהויבן די סטעליע... ווייל ער, בערע, ווייסט דאך, אז לאנע פארשטייט צוליב וואס סימקע קרעטשמער איז דא איבערגעבליבן ווינטערן; לאנע פארשטייט געווים, אז סימקעס אפשטאם איז קרימער ערד אנגעלייגטער. נאר בערע הערט לאנעס רייד און קלערט: „א טייוול איז דאס און ניט קיין מיידל; א טייוול איז דאס, האט ליב ארומצודרייען די נארישע בחורים ארום די פינגער: מיך וואלט זי אויך חשק געהאט ארומצופירן פאר דער נאז...“ און בערע איז אויך חושד, אז לאנע קומט צו זיי אין שטוב אריין, ווייל דער פויער, דער בעניע פינטשוק, איז אוועקגעפארן אין שטאט זיך לערנען ווי צו טרייבן א טראקטאר.

— וואָס האָט דאָרטן אין מאָסקווע יוסף געטאָן, וואָס ער איז אַראָפּגעקומען מיט אונטערגעהאַקטע פּיס? — טוט בערע פּלוצלונג אַ פרעג.

— איך בין ניט כסדר מיט אים אומגעגאַנגען; איך האָב געזען איין זאַך, ער האָט געקוקט אויף עפּעס אַנדערש.

— אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנער איז ער געווען, און דאָס וועט ער בלייבן — ענטפערט בערע, ווערט בשעת מעשה שטייף, און ער רוקט זיך אָפּ ווייטער צום וואַנט — דו ביסט מער מענטש פון אים, דאָס זאָג איך דיר קלאָר און אָפן.

— אַ שאָד וואָס דו ביסט ניט מיטגעפאָרן.

—אפשר וואָלט איך, ווען דו זאָגסט עס מיר פריער.

— אפשר וואָלסטו אויך געקומען פון דאָרטן אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנער!

— כאַ־כאַ־כאַ, — האָט זיך בערע גוטמוטיק צעלאַכט.

— לאַך ניט, בערע; זיינע טענות זענען גערעכטע; ער טענה׳ט, אַז די רעוואָלוציאָנערן בויען פאַר זיך אַ מאָסקווע, אַ נייע מאָסקווע, און אונדז וועלן זיי לאָזן ווערן מוזשיקעס... פאַר דער גרויסער טובה, וואָס זיי וועלן אונדז לאָזן זיצן ביי די טשעהונענע אייוועלעך, שטאָפּן קוראַי אין אייוועלע, אָדער הייצן מיט „קיזיאַק" די אייוונס, פאַר דער דאָזיקער טובה וועלן מיר זיי אַוועקשיקן אונדזער ברויט... נו, ער וויל ניט ליידן, וואָס טויזנטער מענטשן שטייען דאָרט אָפּ פון באַגינען ביז פאַרנאַכט אין דער ריי, און וואַרטן אויף אַ לעבל ברויט, וואָס מען האָט אויסגעבאַקן פון אונדזער תבואה.

— און וואָס זאָגסטו?

— איך זאָג, אַז דאָס איז אמת; נאָר מיר אַרט ניט, אויב די שטאָט קען קיין בעסערע באַלעבאַטישקייט ניט איינפירן. לאָמיר דערווייל דער שטאָט מוחל זיין אַלץ, וואָס זי האָט דאָרטן, און מיר וועלן אונדזער לעבן דאָ ביי דער ערד אַזוי איינאָרדענען, ווי די רעוואָלוציע פאַרלאַנגט עס פון אונדז. יאָ, בערע, בעניע האָט קלוג געטאָן, וואָס ער איז אַוועק זיך אויסלערנען טרייבן אַ טראַקטאָר. ער וועט זיין פון די ערשטע צו גיין אין אַ קאָלעקטיוו; ער וועט דער ערשטער אָפּווישן די גרעניצן צווישן די פעלדער.

דאָ פּילט בערע ווי זי שטעכט אים מיט די ווערטער. אפילו בערעס מאַמע שפּירט ווי לאַנג טוט איר זון וויי. רייזל פּילט עס, און קען דערביי גאָרניט העלפן. זי טראַכט: „נישט קיין חידוש, וואָס זי רעדט אַזוי, אַז ער האָט גענומען און האָט זיך פאַרדרייט דעם קאָפּ מיט קרעטשמערס מויד...“

סימקע פאַרפעלט ניט אַריינצוקומען צו לאַנען, זוכט אַ געלעגנ־הייט צו שלאָפן מיט איר אין איין בעט, און אויספאָרשן פון איר ליבע, פון וואָס פאַר אַ קוואַל „די בורזשויקע שעפּט אירע פריידן“.

— איך בין דיר מקנא, וואָס דו האָסט אויסגעמעקט פון דיין געדאַנק די גאַנצע וועלט; ביסט פון מאָסקווע געקומען אַזאַ גליקלעכע!

— ערד און היים, סימקע!

— גיב עס מיר צו פאַרשטיין.

— די שרעקן וואָס איך האָב פאַרנומען מיט זיך פון די פּאָגראָ־מען, זענען ווי אַ פינצטערע נאַכט געלעגן אויף מיין נשמה; איצטער ליימערט זיך אויס; די נאַכט פאַרשווינדט. איך פּיל, אַז אויף אייביק פאַרשווינדט די נאַכט פון מיין נשמה.

— האָסט עס אין מאָסקווע דערפילט?

— אין מאָסקווע האָב איך דערשפּירט, אַז דאָ איז מיין היים.

— דיין היים?

— ניט נאָר מיינע; יוסף איז גערעכט, ווען ער שרייט, אַז אידן באַגרייפן ניט וואָס די ערד מיינט פאַר זיי.

— זאָג, לאַנע, דו שמועסט זיך עס ניט איין?

— אָ, ניין! אין שטאָל — טראָגנדיקע קי; הינטערן דאָרף — אַ טראָגנדיקע ערד... — און דערביי נעמט לאַנע אַרום דער שוועסטער־לעכער סימקען, שליסט זי איין אין אירע אָרעמס — גוט האָסטו געטאָן, סימקע, וואָס דו ביסט דאָ איבערגעבליבן ווינטערן. האָב מיט אים חתונה; ער וועט דיר זיין אַ מאַן ביי דער ערד. צוליב אים ביסטו דאָך איבערגעבליבן... געדענק־זשע אָבער, דו זאָלסט אים פונדאַנען ניט אוועקנעמען!

סימקע הערט לאַנעס רייד; דוכט איר, לאַנע פּרוּווט זי אויס

מיט כיטרע ריידעלעך, פּרוּווט אויסגעפינען, צי זי האָט ליב בערען. אָבער לאַנע פרעגט דאָך ביי איר גאָרניט; לאַנע רעדט אַזוי אָפּן, ווי ביי איר וואָלט גאָר קיין באַהאַלטענע זאַך ניט געווען.

דעריבער נעמט זיך סימקע אָן מיט כוח, טוליעט זיך מיט אירע שווערע בריסט אין לאַנעס לייב אַריין, אָטעמט הייס לאַנען אין פּנים אַריין.

— איך קען ניט הערן ווי דו רעדסט אַזוי, לאַנע; פאַר וואָס רעדסטו אַזוי. איך ווייס דאָך, אַז דו האָסט בערען ליב; ער האָט דיך אויך ליב. נאָר דער גוטער יאָר ווייסט פאַרוואָס צווישן אייך איז קיינמאָל ניטאָ קיין שלום. רעד ניט אַזוי, לאַנע, ווארום איך האָב דיך ליבער פון אים; יאָ, לאַנע, מעגסט עס מיר גלויבן...

— ניין, סימקע, איך שטיי דיר ניט אין וועג; איך ווייס, ער איז דער שטאַרקסטער פון אונדז אַלעמען; אים באַדאַרפן מיר דאָ האָבן; מיר אַלע דאַרפן אים האָבן, ער זאָל אויף אונדז האַלטן אַן אויג. דו, סימקע, פּאַסט זיך בעסער פאַר אים; יאָ, סימקע, איר ביידע זייט געווען אין בירגערקריג; אַבי־ווי אַ מאַן פאַר דיר, וועט זיין ניט פאַר זיינע כחות. דו דאַרפסט אַ מאַן, וואָס זאָל דיך נעמען און אַנידערשטעלן אויף דער ערד, זאָלסט אינאיינעם מיט אים בויען. יאָ, סימקע, נאָר בערע איז דיין מאַן; באַנ'אים וועסטו שעפּן אַלעמאָל כחות, ווי דו שעפּסט עס איצטער אויך.

— פונוואַנען ווייסט עס? — שעפּטשעט סימקע לאַנען אין לייב אַריין, און איר אייגן לייב פיבערט.

— איך ווייס גאָרניט, סימקע; איך קוק דיר ניט נאָך; איך נעם ניט אָפּ פון דיר קיין חשבון. איך ווייס, דו ביסט דאָ געבליבן ווינטערן, ווייל דו האָסט דיין מאַן געפונען.

— און וואָס האַלט דיך דאָ?

— די ערד האַלט מיך דאָ, ווי די ערד האַלט אין זיך די תבואה וואָס מיר האָבן ערב ווינטער פאַרזייט.

— האָסט קיינעם ניט ליב?

— איך האָב אַלע און אַלעמען ליב.

— ניין, לאַנע, רעד מיר ניט איין, אַז דו האָסט קיינעם ניט

ליב. דיין ליב איז אזוי הייס... אין דיין ליב ברענט די ליבשאפט צו א מענטשן, וואס איך ווייס ווער ער איז.

— רוף אים ניט אן ביים נאמען.

— פארוואס?

— איך בעט דיך, רוף אים ניט אן ביים נאמען.

— דו האסט ליב בערען; און דיר ארט אפילו ניט וואס איך בין דא געבליבן.

— זאל זיין אזוי; אויב דו ווילסט מיר איינרעדן, טא זאל זיין אזוי...

בלייבט דעריבער לאנע אויך פאר סימקען א סוד. ניט קיין פארדרוס צייטיקט ביי סימקען צו לאנען, נאר א רעטעניש ווערט לאנע אויך פאר סימקען.

און יוסף — — — אויך ער קען ניט איינהאלטן זיין שווייגן, וואס יערט אין אים; ער ווערט שוואנגער מיט א סך ביטערקייט, און ער קען זיינע ווערטער ניט שיטן פאר אבי־וועמען וואס קומט אים אנטקעגן; ווי ער איז שוין מיד געווארן צו דערציילן פאר די אקסן אין שטאל פון די אלע אומרעכטן וואס ער האט זיך אנגעזען, וואס ווערן אפגעטאן ביי דער רעוואלוציע אונטער דער סאמע נאז.

פונדעסטוועגן, ווען עס שפארט אים אן זיין שווייגן, עס פוישט אין אים אנצוהייבן צו רעדן, אויסרעדן זיך, און אראפרעדן פון הארצן — קומט ער אויך אראפ צו לאנען:

— הער מיך אויס, לאנע — הייבט ער שטענדיק אן דאס אייגענע — דיר שכל לערנען האב איך ניט קיין חשק; און איך זאל ביי דיר לערנען שכל, פארשטייסטו דאך, אז איך בין א שלעכטער תלמיד אפילו ביי דער רעוואלוציע. וואס איך וויל, איז נאר איין קלייניקייט: מאך ניט אזוי גרינג קיין פשרה דארטן, וואו דו האסט דאס רעכט דיינס צו פאדערן.

— איך פאדער ביי קיינעם גארניט.

— ביי דיר פאדערט מען אבער.

— רוף עס אן ביים נאמען, יוסף.

— אין מאסקווע האב איך ארויסגעזען צו קלאר, ווי מען האט

אונדזער זאַך באַגראָבן : מען האָט אונדז מיט ערד פאַרשטאָפּט דאָס מויל !...

— מען האָט אונדז די ערד געגעבן אונטער די פיס.

— סיידן נסים וועלן געשען ; אויב ניט, וועלן מיר פאַרגרעבט ווערן פונקט אַזוי ווי די מוזשיקעס אַרום אונדז, צו וועמען די רעוואָלוציע האָט נאָך אַפילו ניט דערגרייכט.

— איך וויים, מאָסקווע האָט דיך דערלאַנגט איבערן קאָפּ.

— יאָ, לאַנע ; איך האָב באַטראַכט וואָס זיי האָבן שוין דאָרטן אויפגעבויט פאַר זיך. די קולטור וואַקסט דאָרטן ווי קראָפּעווע ; אַלץ פאַר די מאָסקווער ; טעאַטערס, מוזייען, קינדערהיימען, שפּיל־פּלעצער, גערטנער... וואָס וועלן מיר דאָ פון דער מאָסקווע גענומען? קולטור?... זיי האָבן דאָרטן נאָר זיך אַליין אין זינען!

— לאָמיר בויען אונדזער אייגענער קולטור.

— כאַ־כאַ־כאַ, אייגענע קולטור ; ווער וועט בויען? דאָס אָפּגע־ריסענע געזינדל? די בירמאַנס, די שטיינבערגס, די קאָוואַלסקיס? פאַר זיי מיינט רעוואָלוציע חורבן! וויפל איז דער שיעור חרב צו מאַכן? אָט האָבן מיר שוין דאָ אַ שול מיט דרייאונצוואַנציק קינדער ; וואָס טוט דער לערער ביי אונדז אין שול? לאַכט אָפּ דערוויַיל פון אַלץ וואָס איז טייער... דער שוטה מאַכט חוזק אפילו פון דעם, וואָס ביי אידן וואַשט מען די הענט פאַרן עסן, און מען וואַשט די הענט ווען מען קומט אריין פונדרויסן... אַ באַלוואַן! ס'האָבן מיר די באַקן געפּלאַמט פאַר חרפּה ווי ער האָט נאָכגעקרימט דעם אידן, וואָס שניידט די נעגל, און באַהאַלט די אָפּגעשניטענע, בלאַטיקע נעגל אין אַ פּאַפּירעלע און פאַרברענט עס... מיר וועלן טעמפּ ווערן, אויב אונדזער אייגענע קולטור וועלן מיר ניט לופטערן, לייטערן, און דורך איר אריינוואַקסן אין דער נייער צייט אריין. גיב זיך ניט אונטער אַזוי גרינג, לאַנע!

— האָסט דאָך אַליין פאַר מיר פאַראַיאָרן אויסגעמאָלן, ווי אַזוי דאָ אין קרים וועט מיט דער צייט זיין אַ אידישע רעפּובליק ; ווי דאָ וועט אויפגעבויט ווערן אַ געזונט פאָלק... יעמאָלט האָב איך עס ניט פאַרשטאַנען ; איך האָב ניט געגלויבט, אַז פון דעם גאָר באַדאַרפן מיר איצט אָנהייבן. זעסטו, דאָס וואָס דו האָסט אין מיר

פאַראיאָרן פאַרזייט, האָט זיך גוט צוגענומען. נאָך מיין באַזוך אין מאָסקווע, נאָכדעם ווי איך האָב באַטראַכט מאָסקווע, איז מיר די ערד געוואָרן נאָך מער ווי אַ מאַמע. איצטער ווילסטו אין מיר אָפּשוואַכן דאָס גלויבן, אַז דאָס, וואָס דו האָסט זיך פאַרגעשטעלט, וועט נאָך אַמאָל אַרויסקומען. פאַרוואָס שוואַכסטו אָפּ מיין גלויבן? פאַרוואָס, יוסף, שפּירסטו ניט ווי איך, אַז מיר זענען יונגע מענטשן, און אַלץ קען נאָך געמאָלט זיין אין אונדזערע יאָרן? דו האָסט אויף זיך אַרויפגעשלעפּט די עלטער פאַר דער צייט!

— איך בין אַ איד, לאַנע; איך טראָג די לאַסט פון אַן אַלט פאָלק, וואָס האָט געהאָפט אויפצושטיין תחית־המתים; און, מיט דער הילף פון דער רעוואָלוציע האָבן מיר געקענט אויפשטיין תחית־המתים ווי אַ יונג פאָלק.

— פאַרוואָס האָסטו איצטער אָנגעוואוירן די האָפענונג?

— אונדזער מערהייט ציט עס אין שטאָט אריין, לאַנע. געדענקסט, איך האָב דיר נאָכן פאַראַד געפרעגט: וואו איז אונדזער אידיש פאָלק געווען? פאַרוואָס האָט מען עס ניט אַרויסגעזען פון צווישן די הונדערטער טויזנטער, וואָס האָבן מאַרשירט דורכן רויטן־סקווער?

— און אַנדערע פעלקער האָסטו דאָרטן דערקענט?

— כאַ־כאַ־כאַ, אַלע אַנדערע פעלקער זיצן דאָך אויף זייער ערד!

— האָבן מיר דאָך געקראָגן אונדזער ערד...

— לאַנע, איך בין דאָך זיכער, אויב דו וועסט אַ צווייטן מאָל פאָרן קיין מאָסקווע, וועסטו דאָרטן אויך בלייבן.

— כאַ־כאַ־כאַ — האָט לאַנע ניט ווילנדיק אַ לאַך געטאָן.

— לאַך ניט, לאַנע, אַהין וועט דיך פירן דער וועג.

— זיי ניט אַזוי זיכער, יוסף.

— וואָס וועט דיך דאָ איינהאַלטן?

— ערד און היים...

— ערד, אָבער ניט קיין היים.

— ערד און היים, יוסף!

— אידישע היים?

— אידישע היים, יוסף...

— און וואָס טראַכט די ערד, וואָס האָט זיך די לעצטע טעג איבערגעדעקט מיט אַ ווייסן, קאַלטן שניי־צודעק? שטעכן איר ניט די ווייצנקערנער אין איר לייב צוליב דעם, וואָס אַזעלכע אומזיכערע הענט האָבן אין איר דיווינטער־זריעה פאַרזייט? — — — — — —

בעניע פינטשוק איז אַוועק אין שטאָט זיך לערנען ווי צו טרייבן אַ טראַקטאָר, באַשר בערע קאָוואַלסקי האָט געזאָגט, אַז ער ווייסט שוין די גאַנצע חכמה פון לאַנג; און פרילינג־צו, בעת די צוויי טראַקטאָרס וועלן אָנקומען, וועט ער און בעניע פינטשוק זיך לאָזן אין געוועט... עס דאַרפן נאָר צווישן זיך מושוה ווערן די ערשטע, וואָס וועלן מיט שמחה העלפן צונויפגיסן פעלד מיט פעלד, פאַנאַנדער־אַקערן די „מעזשעס“, און אויסשפּרייטן אַנטקעגן דער פרילינג־זון אַ פאַרברידערט פעלד ביז צום ראַנד פון הימל...

איז דאָס לאַנג, וואָס האָט מיט איר צאַרטער האַנט אָנגערירט דאָס, וואָס אים, בעניען, איז געווען טייער ווי דער שוואַרצאַפּל פון אויג — זיין אייגן פעלד, און געמאַכט, אַז צווישן איר און זיין פעלד זאָל מער קיין גרעניץ ניט זיין? און דעריבער איז בעניע אַוועק אין שטאָט ווי אַ חדר־אינגל, זיך לערנען צו אַקערן די ערד מיט פינף גרויסע, טיפע אַקערס פאַר איינמאָל? האָט זיין ווילן זיך אַרויס־געלאָזן אין געוועט אויף אַ זייטיקן שטעג, דאָרטן אויספּרוואוון די כחות מיט בערען ביי וועמען דער קלונג פון סערפּ און קלונג פון האַמער איז פאַר אים אַ זיס געזאַנג פאַרן אויער?...

און אפשר האָט אים, דעם יונגן פויער, בעניען, אַריינגעכאַפּט דער גייסט פון דער רעוואָלוציע, וואָס רעדט אין זיין בלוט אַריין:

— זיי ווייסן, בעניע, ניט קיין פויער פון אַמאָל ביסטו מער; דו ביסט דער, וואָס האָט הויך דעם סערפּ אויפגעהויבן און געקריי־ציקט אים מיטן האַמער... היים בלוט ריזלט אין סערפּ און אין האַמער: בלוט פון אַרבעטער, און בלוט פון פויער!...

אודאי האָט דאָס אַלץ אינאיינעם פאַנאַנדערגעבלאָזן דאָס פייער אין טשעהונענעם אייוועלע. דאַסמאָל איז ניט דער ווינטער געשטאַ־נען אַנטקעגן פאַר די, וואָס האָבן אַריבערגעקוקט צו אַ לויטערער און זיכערער צוקונפט אויף דער ערד. אין שטאָל האָבן געדולדיק

די לעבעדיקע באַשעפענישן געשוואַנגערט; אין דער ווינטערדיקער ברוינער ערד, אונטער אַ ווייסן, קאַלטן שניי־צודעק, האָט איינגע־דרעמלט די ווייצן־זריעה; די הענט האָבן געשפּאַרט דעם שטעכיקן קוראַי אין אייוועלע אַריין, און הנאה געהאַט פון הייסן שיין, וואָס האָט באַלויכטן די הענט...

# LX

— נישט באַשערט קיין נחת, נישט באַשערט קיין רו; טאָמער האָט שוין דער איד אַביסל אָנגעוואַרימט די ערד אָטאָ־דאָ, ווייל מען דיר איינרעדן, אַז עק־וועלט גאָר איז דאָס גרויסע אידישע גליק...

— סיביר — אַז אָך־און־וויי!

— ביים יאַפּאָנטשיק אונטער דער סאַמער נאָז, אין דרערד זאָל ער גיין!

— קאַטאָרזשניקעס האָט מען אַהין פאַרשיקט.

— קינדערלעך, וואָס מאַכט איר זיך נאַריש? מע'פאַרגינט אונדז נישט קרים; שונאים פאַרגינען נישט אידן אַזאַ פעטןביינדל; דערציילט מען דיר גאָר אַ מעשה, אַז אויפן הימל איז אַ יאַריד, כאַ־כאַ־כאַ...

— פאָרט ניט, און באַרעדט ניט!

— אודאי וועל איך נישט פאָרן.

— איינקלייניקייט, אַזאַ מדינה! ווי מע באַשרייבט, איז נאָך דאָרטן קיין מותר בן־אדם נישטאָ.

— אַ גרויס גליק איז דיר געשען!

— ווי הייסט ער דאָרטן יענער קאַנט, ביראַ־באַזשאַן? אַ נאָמען אַ טערקישער!

— אַ מדינה, איז אַ מדינה; וואָס פאַר אַ נאָמען זי זאָל דאָרטן נישט האָבן...

— וואַרפט זיך ניט מיט דער גרויסער מתנה וואָס די סאָוועטנ־מאַכט שענקט דעם אידישן פאָלק; זינט אידן זענען אין גלות איז נאָך אַזאַ נס ניט געשען; זינט די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכן, האָב איך אויסגעקוקט די אויגן אויף אַזאַ נס...

געווען ארום האלבן טאָג; די פרילינג־זון א יונגע, האָט גע־שאָטן ליכטבליטן איבערן נאָכמיטאָגדיקן, אויפגעוועקטן סטעפ; און הויך איבערן קאָפּ האָט דער זשאווראָנעק געטרילערט. דער גאַנצער עולם איז געווען אויף דרויסן פארזאמלט ארום די צוויי קאַלטע, שווייגעדיקע, שטאָלענע חברים — צוויי טראַקטאָרס, וואָס זענען אָנ־געקומען אויף די „רויטע פעלדער", אָנצוהייבן די פארברידערונגס־ארבעט צווישן די איבערוואַנדרער. לוי בירמאַן האָט עס אראָפּ־געבראַכט די צייטונג מיט די אויסטערלישע נייס, אַז די סאָוועטנ־מאַכט האָט אין ווייטן מזרח אָפּגעצייכנט פאַר אידן א גאַנצע טערי־טאָריע; און אַז דאָרטן, נאָר דאָרטן, אין א געגנט וואָס הייסט: „בירא־בידזשאַן" — וועט מען בויען די אמת'ע אידישע רעפּובליק...

דידאָזיקע אויסטערלישע נייס איז אָנגעקומען קיין קרים פּונקט אין דער צייט, ווען דאָס בלוט ביים יונג־אידישן פּויער האָט דער־וואַכט אַנטקעגן דעם יונגן פרילינג; ווען מאַמע־ערד האָט ווידער איר פרילינגדיקע ברוסט ארויסגעבויגן, און פון איר האָט געאָטעמט באַהאַלטענער כוח און פאַרבאָרגענע שפע. ביי איינעם האָט די ידיעה ארויסגערופן שרעק; ביים צווייטן — חידוש; ביי איינעם — פרייד, און ביים אַנדערן — פאַרנעבלטן טרויער און הארצקלעמעניש.

יוסף איז פון די אויסטערלישע נייס נייגעבוירן געוואָרן; ער האָט מיט זיינע חושים דערשפּירט פונוואַנען זיין ווינט בלאָזט. ער האָט עס אויסגעשריען וועגן דעם גרויסן נס, וואָס איז געשען מיט אידן. ער האָט די גאַנצע צייט אויסגעקוקט די אויגן, א נס זאָל גע־שען... זיינע געפילן האָבן געזיגט.

יוספ'ס הייסע רייד האָבן אויף א ווייל ביים עולם צוגענומען דאָס לשון. יוספ'ן צוהילף איז נאָר אומגעריכט געקומען נאָטע קרעטשמער — אַט דער פאַרליבטער אין קרימער ערד, איז אויך מיט לשון ארויסגעקומען:

— הלואי זאָל עס נאָר זיין אמת, וועל איך מיר לאַנג נישט קווענקלען; בין איך פון די ערשטע אַהין צו גיין!

— ווער נאָך, ווער נאָך איז גרייט צו גיין פון די ערשטע? — האָט יוסף אויסגערופן — לאָמיר באַווייזן צו זיין פון די ערשטע; איצטער וועט דאָס אידיש פאָלק אויסגעלייזט ווערן אויף אַן אמת!

יוסף איז ממש ארויס פון די כלים, ער האָט געלאַכט פאַר גרויס פרייד, טרערן האָבן אים געפּלאָסן פון די אויגן; ער האָט ארומגע־כאַפּט קרעטשמערן, און אים געקושט.

— פון סאַמע אָנהייב, פון סאַמע יסוד וועלן מיר דאָרטן אָנ־הייבן בויען! — האָט יוסף אריינגעטענה׳ט אין עולם — א ווילד לאַנד, וואַלד, בערג, טאַיגע; קיין מענטשן דאָרטן ניט פאַראן; קיי־נער האָט פאַר אונדז ניט צוגעגרייט, ווי דאָ אין קרים; קיינעמס ערד וועלן מיר דאָרטן ניט פאַרנעמען! ניט קיין טאָטערן, ניט קיין דייטשן, כאַ־כאַ־כאַ... וואָס זאָגסטו, חבר? — האָט יוסף זיך גע־ווענדט צו בערען, — איצטער בין איך מיט דיר! איצטער האָב איך ניט קיין מורא, אז פון אונדז זאָל מער ווי אביסל צעשטויבטע פויערים ניט בלייבן... דאָרטן, א מדינה אַן אייגענע — דאָרטן וועט א געזונט פאָלק וואַקסן און בויען א סאָציאַליסטישע רעפּובליק. אונדזערס וועט עס זיין; אונדזער אייגנס... אונדזערע פּיאָנערן וועלן די ערשטע דאָרטן יונג־ערד אויפרייסן!

בערע האָט א פאַרחידושטן שמייכל געגעבן; ער איז געווען צופרידן מיט דעם גאַנצן גערודער, וואָס איז ארויסגעקומען צוליב א דעקרעט פון מאָסקווע. אָבער גלייך אַנטקעגנקומען יוספ׳ס אָנבאָט איז נאָך געווען צופרי; און בכלל איז נאָך געווען צו שנעל פאַר בערען, ער זאָל ארויסזאָגן זיין מיינונג. ער, בערע, איז דאָך שוין מיט טויזנטער פעדים געווען פאַרבונדען מיט קרימער ערד. נאָר אים איז אריין אין קאָפּ דאָס, וואָס נאָטע קרעטשמער האָט זיך גאָר אומגעריכט אָפּגערופן; מיט אַזאַ גרייטקייט צו זיין פון די ערשטע איז נאָטע ארויסגעקומען.

— וואָס וועט ווערן יעמאָלט מיט סימקען? — האָט בערע א טראַכט געטאָן.

דער אַלטער ירחמיאל פּינטשוק איז אריין מיט ביידע הענט אין זיין געדיכטער באָרד אריין, ער האָט א ווײַלע געקלערט ווי אַזוי ארויסצוקומען מיט לשון און פאַר אַלעמען קלאָר מאַכן, אז פון קרים באַדאַרף מען זיך ניט רירן.

— יונגערמאַן, — האָט דער אַלטער פּינטשוק געטייט מיט א פינגער צו יוספ׳ן, — דו קריך נאָר נישט ארויס פון די כלים און

ראספּאַלאַכע נישט דעם עולם. די וועסנע איז שוין דאַ, און קרימער ערד איז פאַר אידן איצטער אַ דאָסטופּנע זאַך. אמאָל, ווען מע האָט נישט געקענט טראַכטן פון קרים, ווען מע איז אפילו אין אייגענעם דאָרף נישט געווען ביי זיך — איז געווען עפּעס אַנדערש. איז מען דאָך מיט בלוט אָפּגעלאָפן אין די פּאָגראָמען און מע איז אַרום בלאָנגאַפּאָלוטשנע... נו, איז אַ סאָוועטנמאַכט אָנגעשטאַנען, וואָס האָט געקענט אידן אָנווייזן אפילו קרים; און דער טאַטער, און דער דייטש, באַדאַרף קנייפּן די באַקן און זאָגן, אַז אים געפעלט עס, כאַ־כאַ־כאַ... נו, געפעלט עס מיר, ירחמיאל פינטשוקן אויך! און מען וועט זיך פאַבראַטעוועון מיט די טאַטערן און מיט די דייטשן; די ערד איז גענוג גרויס, וועט פאַר אַלעמען סטאַיען גענוג — האָט ירחמיאל אויסגעשפּרייט די הענט צום סטעפּ — פּלאַץ פאַראַן גענוג פאַר אַלע־מען! שמועסט מען דאָך איצטער פון אַ קאָלעקטיוו; אָט שטייען זיי און וואַרטן די שטאָלענע יונגעליים, כאַ־כאַ־כאַ... ניין, יונגערמאַן, וועסט מיך מיט די קינדער פון קרים נישט רירן!

— פאַרוואָס קען דאָ ניט ווערן קיין אידישע רעפּובליק? — האָט לאַנג הויך, מיט אַ קלינגענדיקער שטים אַ פרעג געטאָן.

— דו רעדסט אויך פון אַ אידישע רעפּובליק? — האָט איראָ־ניש זיך געווענדט צו איר יוסף — דו קענסט זיך אַליין? קענסט אונדזערע אידן? אויב די ראַטנמאַכט וועט אונדז פאַרטרייבן אויף אַ טעריטאָריע, וואו קיין אַנדערע פעלקער זענען ניטאָ, וועלן מיר מוזן בויען אַן אייגענע רעפּובליק, און לעבן ווי אַ אידיש פאָלק, אפילו אונטער קאָמוניזם! וועלן מיר בלייבן דאַ צווישן אַ מערהייט ניט־אידן, ווען אפילו די סאָוועטנמאַכט וועט עס וועלן און באַפעלן, מיר זאָלן זיין אַ אידיש פאָלק—וועט עס העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. נאָר איך רעד איך, חברים, קיינעם ניט צו; בלייבט איך אַלע אין קרים... איך פאָר!

מיט די ווערטער האָט זיך יוסף אויסגעדרייט מיטן רוקן צום עולם. איז אוועק לענג־גאַס, ווי ער וואָלט זיך איילן אַרויסצושפּאַנען פון דאָרף אַרוים.

אַ ווײַלע האָט אים דער עולם נאָכגעקוקט; זיינע ווערטער האָבן איבערגעלאָזן אַ צערודערונג, און אַ ניט־באַגריפענעם פאַרדראָס.

צאַלקע שטײנבערג האָט זיך הויך צעלאַכט, און גערעדט אויף דער זײט וואו יוסף איז אַוועק:

— אַ משוגענער דאגה'ט פאַר אַ אידישער רעפּובליק... זאָלן שוין די אוקראַינער, די ווײסרוסן און די טשוואַוואַשען האָבן רע־פּובליקן; מירן אויסקומען אָן דעם. וואו מען האָט אונדז געגעבן ערד — דאָרטן איז אונדזער ערד. אויב ער וויל אַוועק — זאָל ער גײן געזונטערהײט!

יוסף'ס טאַטע און זײן עלטערער ברודער האָבן אַ װײלע נאָכ־געקוקט יוסף'ן און שווײגנדיק, מיט שווערע טריט זיך אַוועקגעלאָזן נאָך אים.

— איך האָב געפרעגט, פאַרוואָס קענען מיר דאָ אין קרים ניט האָבן קײן אידישע רעפּובליק? — האָט לאַנג זיך געווענדט אויף דער זײט וואו בעניע און בערע זענען געשטאַנען צעשטרײטע — עפּעס זײט איר צעשראָקן, פּונקט ווי אַ שלעכטע גזרה האָט מען אויף אונדז אָנגעשיקט... זאָל זיך פאָרן פונדאַנען וועך עס וויל! און איר, חבר קרעטשמער, וועט איר טאַקע פון אונדז אַוועקפאָרן? אײער טאָכטער וועט מיט אײך ניט מיטפאָרן.

— אויסלאַכן אים קען מען נישט; וואָס ער האָט געזאָגט אויף אידן, איז אָן אמת.

— אָבער וואו איז די נײע מדינה? מען האָט קײנמאָל פון אַזאַ מדינה ניט געהערט.

— נישט פאַרגינערס האָבן זיך אַרײנגעלײגט, מע זאָל קרים פאַרשפּאַרן פאַר אידן; לאָמיר שיקן אַ פּראָשעניע קײן מאָסקווע, אַז מיר ווילן נישט קײן אַנדערע לענדער.

— פּשוט, שרײבן, אַז אידן ווילן נישט גײן אין סיביר!!

— הערסט דיר אַמאָל, דאָ איז מיר ווארים, באַדאַרף איך אַוועק און פאַרלײגן מיטן קאָפּ, וואו סע בושעווען אַ קײלכדיק יאָר קרירות...

— חברים, — האָט לאַנג זיך ווידער געווענדט צו בערען און בעניען — באַטראַכט אונדזער דאָרף, קוקט אָן אונדזערע פעלדער — מען האָט אונדז אונטער די פליגל; אויף דער־אָ ערד האָבן מיר אונדזערע פיס אַוועקגעשטעלט; דאָ איז אונדזער נײע הײם!

— אזא יאָר אויף מיר, ווי זי איז גערעכט — האָט כאַסיע אַסטראָוועער אָנגעהויבן מיט טרערן אין איר שטים — איך וויל שוין רוען; האָב שוין געהאַט גענוג, וואָס וויל מען ווידער פון אונדז? איר, חבר קרעטשמער, זייט נישט געפאַלן ביי זיך מיט קרים; אָט, זעט ס'אַרא שיינער טאָג, אמת'ער זומער, און ס'איז נאָך אַ שטיק פאַר פסח...

עס איז געווען כאַסיעס פאָלקס חכמה, וואָס האָט אָנגעוויזן אויפן שיינעם טאָג און אויף דער צאַרט־גרינער געגנט. אָן ווערטער האָט יעדערער אין זיין זייט אָוועקגעשפאַנט.

אַ ווייט לאַנד רופט... און ווידער האָט די רעוואָלוציע ארויס־געריטן אויף איר פייערדיקן פערד, באַטראַכט דעם זעקסטל פון ערד־קיילעך, צי פעלקער און ראַסן זענען יעדערער אויף זיין אָרט; און אויסגעפונען, אַז פאָלק ישראל איז נאָך אַלץ צעזייט און צעשפּרייט; אַז אַ שטיק פון מאַמע־ערד, ארומגערינגלט מיט בערג־קייטן, דורכ־געשניטן מיט גרויסע און קליינע טייכן, באַוועלדערט מיט ווילד־וואַלד, איז פון מענטשנס גיריקייט פאַרזען געוואָרן... און איצטער, אין צייט פון שטרענגער גערעכטיקייט, איז די צייט אויף ביידן גע־קומען, סאַי אויפן צעזייטן פאָלק, און סאַי אויפן פאַרוואַרלאָזטן לאַנד אַ קוק צו טאָן — ביידן באַזאָרגן, ביידן צונויפברענגען...

— כי־כי־כי, און כאַ־כאַ־כאַ, און כאָ־כאָ־כאָ — קייכט און לאַכט פונדעסטוועגן אידישער גורל אויף דעם צו להכעיס־שפּיצל, וואָס מען האָט אָפּגעטאָן דעם איבערגעשראָקענעם אידן, וואָס האָט שוין אָט־אָט אַ שטיקל מנוחה געפונען אונטער קרימער בלויע הימלען, אויף קרימער ברוינעם סטעפּ... איי, איי, סאַרא אידישער דאָרף עס איז אויסגעוואַקסן! „רויטע פעלדער" הייסט דער נייער דאָרף, וואָס אידן האָבן געבויט אין דער נייער צייט! נו, גאַלאָפּירט נאָך אַלץ די רעוואָלוציע אויף איר פייערדיקן פערד, און לאָזט ניט דעם מידן נעמיט איינצודרעמלען...

— וואָס איז מיט דיר, יוסף? — האָט לאַנג געכאַפּט יוסף'ן אין פעלד — וואָס איז מיט דיר, פאַרוואָס איז דיר קרים מיאוס געוואָרן? לאָמיר זיין מיט דיר, יוסף, אָפנהאַרציק; דו האָסט דאָ ערד, אָבער דיין ליבע איז פאַרפלויגן... האָסט דאָ אַזאַ שיינעם,

לויטערן פרילינג, אָבער דאָ בליט אויך דיין עלנט אינאיינעם מיט דעם גרין, וואָס איז אַרויסגעקומען פון דער ערד!

— דאָס וואָס דו רעדסט איצטער, לאַנע, איז אמת; פונדעסט־וועגן, איז דאָס ניט די עיקר סיבה פאַרוואָס איך וויל לויפן פונ־דאַנען.

— וועסט דאָרטן אויך קיין בעסערע מענטשן ניט געפינען; דער אָנהייב דאָרטן וועט דיר ברענגען נאָך שווערערע אַנטוישונגען; אומעטום, אַלץ דער איינגענער איד, אַלץ דער איינגענער אויסגעריי־סענער וואָרצל, יוסף... איך וויל דיך ניט אַוועקלאָזן פונדאַנען!

— וואָס גיב איך דיר, לאַנע, מיט מיין זיין דאָ? ביסט קלי־גער פון מיר, ביסט פּראַקטישער פון מיר; אפילו מיט דעם וואָס דו האָסט ווער עס זאָל פאַרלייגן מיטן קאָפּ פאַר דיר...

— איך וועל פאַר דיר מיטן קאָפּ פאַרלייגן, יוסף, אבי בלייב דאָ...

— אָ, ניין, לאַנע, מיר איז ליכטיק געוואָרן פאַר די אויגן. זיי זענען אַלע אַ סטאַדע בהמות, אויב די נייס האָט זיי פון אָרט ניט אַ ריס געטאָן. אַ גרויס ליכט, זאָג איך דיר, לאַנע, גייט־אויף פאַר אידן פון גאָר דער וועלט דוקא דאָרטן, וואָס זיי רופן אָן: „די אַמאָליקע קאַטערגע..." פאַרשטיין קען איך עס דיר ניט געבן; דאָס באַדאַרף מען פילן!

— אדרבה, קום צוריק אין דאָרף, לאָמיר זיך צונויפנעמען, און דו זאָג אַרויס וואָס דו פילסט, מען וועט דיך פאַרשטיין; אדרבה, קום צוריק אין דאָרף.

— ניין, לאַנע, אפשר טאָר איך עס ניט טאָן; אפשר טאָר איך ניט צעשטערן דאָס, וואָס מען האָט דאָ אָנגעהויבן; אָבער אַליין — איך פיל ווי פליגל וואַקסן מיר אויס, בין גרייט אַהין צו פליען. פאַרשטייסט, לאַנע, מיר אידן זענען אַ מזרח־פאָלק; אַלע אונדזערע וועגן פירן צו מזרח. נאָענטער מזרח איז אידן אָנגעוויזן געוואָרן אין די אַלטע דורות; וויטער מזרח — אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט... צום נאָענטן מזרח, איך מיין ארץ ישראל, פירט אידן איצטער אונדזער עקשנות; צום וויטן מזרח — די שטים פון דער גרויסער צייט. נאָענטער מזרח — אונדזער אַמאָליקע וויג, אונטער אייביק־זומערדיקע

הימלען; היים פון תורות און אמונות, וואו איעדעם שטויבעלע, און איעדער שטיין איז א מצבה... ווייטער מזרח: — א ניט אויסגע־פּאָרשט לאַנד, א נאָך ניט־געבליט לאַנד, וואָס זאָגט אויך צו מילך, האָניק און פרידן. מען גיט עס אונדז אין נאָמען פון א סך באַפרייטע פעלקער, אין אַמאָליקער רוסלאַנד, וואו די האָפנונג איז אויפגעגאַנגען פאַר אונטערדריקטע מאַסן און פעלקער!...

לאַנגע האָט געקוקט יוסף'ן גלייך אין די אויגן אריין בשעת ער האָט גערעדט; זי האָט געוואָלט צונויפבינדן זיין באַגייסטערט פּנים מיט דעם ניט־גענטעשעטן גוף, וואָס איז דאָ פאַר דער צייט אין קריי־מער סטעפּ אַביסל איינגעבויגן געוואָרן. זיינע רייד, האָט לאַנגע געשפּירט, זענען ניט צו איר געצילט; זיינע רייד זענען גלאַט אזוי, אָן א ציל, ארויסגעשריען געוואָרן און זענען געפאַלן אויפן גרינעם סטעפּ. ניט נענטער איז איר איצטער געוואָרן, יוסף; פאַרקערט, ער איז איצטער פאַר איר געשטאַנען ווי א לעבעדיקע רעטעניש: „וואָס וויל דער דאָזיקער מענטש? — האָט זי א טראַכט געטאָן — אים איז דאָ ענג, אין מאָסקווע האָט ער פאַר זיך קיין אָרט ניט געפונען, און איצטער, פאַר טיפן צער, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אין א ווייטער בשורה...”

— איך פרעג דיר, יוסף, וואָס זאָל איצטער ווערן פון די טויזנטער איבערוואַנדערער דאָ אין די אַרומיקע געגנטן? וואָס זאָל ווערן פון די אַלע אידישע דערפער אַרום? וואָס זאָל ווערן פון אונדזערע „רויטע פעלדער”?

— דאָס וועט בלייבן ווי עס איז... וועלן זיין אידישע דערפער צעזייט איבער קרים, צווישן טאָטערשע און דייטשע דערפער; קיין אידיש לעבן וועט דאָ ניט זיין.

— פאַרוואָס?

— עס וועלן שוין די בערעס און די בעניעס, אונדזערע לערער און פירער, זיי וועלן שוין זאָרגן, אז קיין גאַנץ אידיש לעבן זאָל דאָ ניט זיין.

— זיי ניט אזוי פאַרביטערט,יוסף.

— איך וועל גיין איבעררעדן מיט מיינע לייט; וועל הערן, וואָס נאָטע קרעטשמער האָט צו זאָגן.

ביי די ווערטער האָט יוסף, מיט שווערע, אָבער האַסטיקע טריט, אוועקגעשפּאַנט צוריק אין דאָרף; געלאָזן לאַנגען אַליין אין פעלד.

אין דער ערשטער רגע האָט יוסף'ס פּלוצלונגער אָפּשניט — ווי דערלאַנגט לאַנגען איבער די פּיס... די קני האָבן זיך איר איינגעבויגן. זי האָט ניט געקענט באַגרייפן ווי אַזוי ער איז אוועק אָן איר, און געלאָזן זי אַליין אַזאַ שטיק הינטערן דאָרף...

פונדעסטוועגן זענען זיינע ווערטער געבליבן אַרום איר. ווי זי האָט ניט געפּרואווט פאַרקניפּן זיין צעווייטיקטן געמיט מיט זיין עלענטן לעבן דאָ אין דאָרף — זענען פּאָרט זיינע ווערטער געקומען און צעשטערט איר השערה, אַז דאָס האָט ער געפונען דעם אויסוועג, ווי אַזוי אוועק אינערגעצן עק־וועלט... „אידיש לאַנד", „אידיש פאָלק", „אידיש לעבן"... — דידאָזיקע ווערטער קלינגען אין אירע אויערן.

— אָט איז דאָך אידיש לאַנד! — שרייט לאַנגע אויס, ווען די אויגן בלאָנדזשען איבער דעם ברייט־אָפענעם סטעפּ, אויסגעשפּרייט אונטער דעם בלויען פּרילינג־הימל.

יוסף האָט, פאַרן אוועקגיין פון איר, דערמאָנט אין איין אָטעם בערען און בעניען; מיט אַ סך ביטערניש האָט ער עס געטאָן... דאָ פּרואווט טאַקע לאַנגע נעמען זיך אַליין, און פאַרבינדן מיט איינעם פון די־אָ מענטשן — זאָל זיין בעניע, זאָל זיין בערע; — האַ, וואָס וואָלט געווען, אויב פּלוצלונג זענען זיך מישב בעניע און בערע און לאָזן זיך אויך אוועק אויף דעם רוף וואָס קומט פון מאָסקווע? נעמען און ציען אוועק עק־וועלט, אַנצוהייבן פונדאָסניי?...

עס ווערט אַ פּוסטקייט פאַרן בליק; זי דערפילט פּלוצלונג, ווי אין אַפּוסטן חלל איז זי אַריין... איז דאָך אַפּנים איר לעבן פאַרקניפּט, ניט אַזוי מיט דער קרימער ערד, נאָר מיט די מענטשן, וואָס יוסף האָט מיט אַזויפיל ביטערניש דערמאָנט!

— דאָס וואָס בעניעס אַלטער טאַטע האָט געזאָגט, האָט אודאי בעניע אויך געהאַט אינזינען; מיט אים וועל איך אָפּן רעדן; מיט אים... און פאַרוואָס טאַקע ניט אַרומרעדן מיט בערען? איך וועל אים פרעגן, וואָס טראַכט ער פון ווייטן מזרח, און צי וואָלט ער געלאָזן קרים אין סאַמע מיטן בויען, און אוועק...

אָבער ניט נאָר פאַר לאַנען אַליין האָט דער רוף צו אַ ניי און ווייט לאַנד צעשניטן אויף שטיקער דעם יונגן פרילינג, צעריסן אויף שטיקער, און מיט טרויער איבערגעמישט דאָס געטרילער פון זשאַווראָנעק... ניט צום קלאָרן באַוואוסטזיין האָט דערגרייכט די נייס: — אַז ניט אין קרים, נאָר אין ווייטן מזרח וועט פון היינט אָן און ווייטער, טריט-ביי-טריט, געבויט ווערן אַ אידישע היים... כאָטש דער גרעסטער טייל איבערוואַנדערער, וואָס איז אויסגעוואָרצלט געוואָרן פון שטאָט און שטעטל אין ווייסרוסלאַנד, צי אוקראַינע, און געבראַכט געוואָרן קיין קרים, האָט ווייניק וואָס געקלערט פון נאַציאָנאַלער היים, און האָט גיכער געקלערט פון אַ מקום-מקלט, וואו מען זאָל כאָטש רואיק קענען דעם קאָפּ אָנשפּאַרן — צוליבן אָנרופן היים גאָר אַ ווייטע און וויסטע געגנט אויפן ווייטן מזרח, האָט דער דאָזיקער איבערוואַנדערער דערוויילן דערשפּירט, אַז דאָ, אין קרים, וועט קיין אמת'ע היים ניט זיין.

לוי בירמאַן, וואָס האָט דער ערשטער די נייס אַראָפּגעבראַכט, איז ניט געווען ווייט פון אמת, ווען ער האָט ווי פאַר זיך אַליין אַ זאָג געטאָן:

— די בשורה פון ווייטן מזרח איז ניט קיין ברכה, חברים; דערוויילן איז דאָס אַ קללה פאַר אונדזער קרים...

## LXI

— וואָס וועט זיין, חבר לערנער, ווי אַזוי וועלן מיר דאָ אויפבויען אַ אידישע היים, אויב די אינגסטע און די שטאַרקסטע שטייען ניט זיכער געגנוג אויף דער ערד? איך שלאָף ניט גאַנצע נעכט, זינט ס'איז דאָ געוואָרן אַזאַ איבערקערעניש: וואָלט איר זיך געריכט, אַז בערע קאָוואַלסקי זאָל זיך אויך קלייבן אין וועג אריין?

לאַנען איז געלונגען צו פאַרבעטן אויף אַ ווײַלע צו זיך אין שטוב אריין דעם אַגראָנאָם, וואָס איז געקומען אויף אַ באַזוך אין דאָרף אריין; זי האָט געערדט, און ניט גענומען אין אכט וואָס וואָוועברעזער איז, אין שטומען שווייגן, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף ביידע הענט, געזעסן ביים טיש.

— נעמט זיך ניט צום הארצן, חבר'טע ברעזער, — האָט דער אגראָנאָם לערנער רואיק געדעדט צו לאַנען, כאָטש ער האָט געפילט, אז וואָווע ברעזער הערט זיך איין — איינער אנטלויפט, דער אנדערער קומט — זייער אָרט וועט אין דאָרף ניט איבערבלייבן ליידיק.

— איז דאָס טאַקע געווען אַ שכל פון דער סאָוועטנמאכט, צו נעמען און געבן אידן אַן אַנדער שטיק לאַנד אין ווייטן סיביר, נאָך דעם ווי מיר האָבן שוין אַזויפיל אידישע דערפער אין קרים? איך בעט אייך, חבר לערנער, גיט מיר צו פארשטיין וואָס דאָ קומט פאָר מיט אונדז.

— וועל איך זאָגן דעם אמת, אין דער ערשטער רגע, ווען דער דעקרעט איז ארויס, מען זאָל אידן איבערגעבן אַ נאָך ניט־באוואוינטע טעריטאָריע „ביראָ־בידזשאַן" וואָס ליגט אויפן ווייטן מזרח, זענען מיר מיינע אייגענע הענט ווי אָפּגענומען געוואָרן; מחמת איך זע דאָך ארויס ווי ווייט אונדזער ארבעט דאָ וועט פארנאכלעסיקט ווערן. דער עיקר איז שלעכט, וואָס מיט דעם דעקרעט האָט מען ביי אַסך פּיאָנערן דאָ אין קרים צוגענומען דעם גייסט און גלויבן, אז אין דרום רוסלאנד בויט מען אַ אידישע היים.

— נו, גוט, חבר לערנער, איך פארשטיי נאָך אַזאַ יוסף ראטנער, וואָס האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון שלאָף, אַ ניי געבוירענער איז ער געוואָרן, ווייל ער האָט דאָך כסדר גע'טענה'ט, אז צווישן אַ מערהייט ניט־אידן וועלן מיר צעזייט און צעשפּרייט ווערן; דאָרטן, אין ווייטן סיביר, גלויבט ער, וועט מוזן אויסוואַקסן אַ אמת'ע אידישע היים... אָבער ווי קומען אַזעלכע ווי בערע קאָוואַלסקי, צו נעמען און ווארפן דאָס, וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן בויען מיט אַזויפיל מוט און איבער־געגעבנקייט?

דערביי האָט וואָווע ברעזער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געוואָרפן אַ בליק צו זיין טאָכטער; קענטיק געווען, ער קלייבט זיך עפּעס זאָגן, אָבער מיט שלאַבעריקע טריט איז ער, אַ שטומער, ארויסגעגאַנגען פון שטוב.

אַ ווײַלע זענען זיי ביידע, לאַנע און לערנער, שטיל געבליבן; האָבן מיט די בליקן ארויסגעבאַגלייט דעם נידערגעשלאָגענעם וואָווען.

— אָט מיט וועמען עס קען אונדז אויסקומען בלייבן און בויען

א וועלט!... איך גלויב זיי בײדן ניט, ניט יוספ'ן, און ניט בערע קאַ־וואַלסקין; איך גלויב ניט, אַז דאָס וואַרפן זיי קרים כּדי צו העלפן בויען די אידישע רעפּובליק אין ווייטן מזרח: בײדע לויפן אפשר פון סטעפּ, ווילן ניט זינקען מיטן קאָפּ אין נאָך אַ יאָר דאַרפישן לעבן...

לערנער האָט אַ גוטמוטיקן שמייכל געטאָן; האָט אויף דעם לאַנגען גאַרניט געענטפערט.

— איר קוקט מיך אָן, חבר לערנער, און טראַכט אודאי: וואָס האָט זיך אַזאַ מיידל אַרײנגענומען אין קאָפּ קרימער סטעפּ? זי אַליין האָט דאָך געקענט לעבן גרינגער, און אפשר אויך אינטערעסאַנטער, ערגעץ אין שטאָט! הא, דאָס קלערט איר איצטער?

— ניין' חבר'טע ברעזער, ניט דאָס איז מיר געקומען אויפן זינען, איך פיל אייך מיט.

— די סאָוועטנמאַכט ווייסט ניט וואָס אידן האָבן שוין באַוויזן אויפצובויען אין קרים.

— די רעגירונג האָט גענוג קאָפּדרייעניש אָן אונדזער קרים.

— טאָ וואו זענען אונדזערע אידישע פירער? זיי האָבן באַ־דאַרפט אהער אַראָפּקומען, און זיך באַקענען מיט אונדזער מי און אונדזערע דערגרייכונגען; פאַרוואָס קומען זיי ניט אהער?

— איר זייט גערעכט; נאָר איך פאַרזיכער אייך, אַז קרים וועט ניט בלייבן הינטערשטעליק. אידן וועלן גערנער פאָרן צו דער ערד קיין קרים.

— פאָרט בערע קאָוואַלסקי אַוועק אויף געוויס?

— איר באַדאַרפט דאָך וויסן בעסער פון מיר.

— וואָס קוקט איר מיך אָן אַזוי? איר באַדויערט מיך...

— איך קוק, ווי איר זייט געוואָרן אַ אמת'ע אידישע טאָכטער דווקא אין קרימער סטעפּ; איר זייט שוין פול אָנגעזאַפּט מיט אידישן צער. אידן זענען צעריסן און צעפליקט; איין האנט בויט, די אנדע־רע צעשטערט. אין אַלע צייטן, אין אַלע לענדער, שטענדיק האָט מען אַזוי געטאָן ביי אונדז... בויט, בויט, חבר'טע ברעזער, אייער מי וועט ניט זיין ארויסגעוואָרפן.

ביי די ווערטער האָט זיך לערנער אויפגעהויבן, געדריקט וואַרים לאַנעס האנט, און איז אַרויס דרויסן.

לאנע איז ניט מיטגעגאנגען. געווען ביי א שעה פאר זונפאר־גאנג; א געלבלעכער פאס ליכט האט דורכן פענצטער זיך אריינ־געשניטן, מיט א ווינקל אינדערקרים איבערגעשניטן דעם ליימענעם דיל. דער אייגענער פאס ליכט האט באלויכטן לאנעס פּים. זי איז געזעסן אויפן בעט און האט ניט געהאט קיין מוט אויפצושטיין. דער געדאנק, וואס איז איר געקומען אויפן זינען בשעת זי האט דערזען דעם אגראנאם אנקומען; זי זאל אים בעטן, ער זאל ווירקן אויף בע־רען, ער זאל ניט פארלאזן קרים, באשר אן אים וועט אלץ גיין בארג־אראפ — דאס האט לאנע ביי זיך ניט געפועלט צו טאן. ער, לערנער, קען עס שלעכט פארשטיין, ער קען עס צושרייבן צו אירע פערזענלעכע געפילן צו בערען. לאנע האט ניט געוואלט, מען זאל אזוי אויס־טייטשן איר איצטיקן עגמת נפש.

און צי האט לאנע געקענט ארויפלייגן אירע הענט אויפן הארצן און זאגן, אז איר ליבע צו בערען האט זיך אויסגעוועפט, זינט בעניע פינטשוק איז אנגעקומען אויף איר וועג, און נאר צוליב טובת הכלל איז איצטער איר הארץ פארקלעמט, באשר בערע איז בסדר געשטאנען אויף דער וואך ווי דער אמת'ער רעוואלוציאנער, וואס האט אוועקגע־לייגט די ביקס, און זיך גענומען צום אקעראייזן?

לאנע האט זיך גאר פּלוצלונג דערשפּירט אויפן שיידוועג; די צייט איז געקומען, זי זאל דערקענען און אויסקלייבן דעם וועג וואס וועט זי פירן און דערפירן צו א מענטשן, וועמעס הארץ עס וועט האסטיקער קלאפן אנטקעגן איר אנקומען; — דער מענטש וועט צו איר אויסשטרעקן א האנט, און מיט איר אנריר וועט זי מאכן פאר אים דעם פרילינג יונג און מיט ליבשאפט פול... אויב דער דריטער פרילינג איז פאר לאנען געקומען מיט א פארוואלקנטן פנים; אויב דער דריטער פרילינג איז פאר איר געקומען א פארזארגטער, און גע־בראכט פאר איר הארץ פּיין און קלעמעניש, פארנעבלט די שיין פאר די אויגן — איז דאך עס א סימן, אז צום שיידוועג האט איר יונג לעבן דערגרייכט. פאר די לעצטע עטלעכע טעג איז לאנע קלענער גע־ווארן; אויף איר אפּענעם שטערן האט די זארג טיפער איינגעאקערט די קנייטשן, מחמת א פחד האט זי באצוואונגען בעת זי האט זיך דערוואוסט, אז בערע קאוואלסקי קלייבט זיך אויך אין וועג אריין.

זי האָט געפילט ווי די ערד קאָרטשעטש זיך אונטער אירע פיס, גליך ווי די ערד האָט צוריק אריינגענומען אין איר ליב אריין דאָס גרין־גראָז פון דער אויפגעלעבטער ווינטער־זריעה.

און וואָס האָט דען לאַנע געקענט טאָן אין אַזאַ שעה? גיין צו בערען און זאָגן אים, אויב ער וועט בלייבן דאָ מיט איר און ווייטער אָנגיין מיט דער בוי־אַרבעט וואָס ליגט פאַר די אויגן, וועט זי אים יעמאָלט באַלוינען מיט איר פולער ליבשאַפט, וואָס האָט נאָך אַפילו קיין צייט ניט געהאַט ווי געהעריק איז אויפצוגיין אין איר הארצן? ניין, דאָס וועט זי אודאי ניט טאָן! לאַנע וויים, אַז בערע קאָוואַלסקי האָט געבויגן דעם קאָפּ פאַר זיין גלייכן, פאַר דער טאָכטער פון האָרע־פּאַשניק, וואָס איז צוגליך מיט אים געוועזן אין בירגערקריג.

— בערע האָט געבויגן זיין גלייכן נאָכן פאַר סימקע קרעטש־מער... זי וועט מיט אים קיין „ביראָ־בידזשאַן" ניט גיין; זי וויל נאָר אים און איר טאַטן דערוווּיל פונדאַנען אַרויסנעמען...

אַזאַ מחשבה קומט אָן; לאַנע קען זיך אַנטקעגן דעם דאָזיקן גע־דאַנק ניט ווערן. פון בערען און יוספ'ן, וואָס זענען שוין פאַר איר ניט קיין דאָאיקע, לויפט איר געדאַנק אַריבער צום דאָרף: עלנט ווערט דאָס אויסזען פון דאָרף אָן זיי.

אָבער לאַנע, כאָטש זי איז אָרענטלעך מיט אירע געפילן, בשעת דער בעכער פון טרויער און עלנט ווערט פול, באַרעכטיקט זי ניט זיך אַליין צו נעמען און מאַכן אַ פריילעכן פּנים, אַוועק צו בעניע פינ־טשוקן, אָט צו דעם רואיקן, ברוינעם קינד פון דער ערד, אריינפאַלן אין זיינע שטאַרקע אָרעמס, וויינען און לאַכן פאַר פרייד — באשר אויף זיין אַקסל וועט זי קענען דעם מידן קאָפּ אָנשפּאַרן און מיט פאַר־מאַכטע אויגן פילן ווי איר באַגינען גייט־אויף; ווי די זון רירט אָן אירע אַקסלען; ווי די זון וואַרימט און גלעט און באַרואיקט איר הארץ... ניין, דער מענטש אין לאַנען האָט דאָס ניט דערלאָזן צו טאָן אין אַ רגע פון יאוש, אין פּנים פון אַ טרויעריקן פרילינג. אַזאַ ווי לאַנע האָט באַגריפן: וויפל גוטס מען באַדאַרף ווי אָן אייביקן משכון איינצולייגן, כדי צו קענען מיט רעכט האָפן באַלוינט צו ווערן מיט דער אייגענער מאָס גוטסקייט. זי איז געוואָרן אַ קינד פון דער ערד; אין איר וועזן האָט שוין דער גייסט פון מאַמע־ערד געוועלטיקט.

מאַמע־ערד גיט אויך ניט איר שפע צו דעם, וואָס האָט זי ניט גע־אַקערט, ניט געבראַנעוועט, ניט געלופטערט איר פּנים אַנטקעגן דער זון, און אין איר זיינע קערנער ניט פאַרזייט.

נאָכדעם ווי לערנער איז אוועקגעפאָרן, און צווישן עולם וואָס האָט אַרומגערינגלט דעם אַגראָנאָם פאָרן אַוועקפאָרן, איז לאַנע געבליבן אַליין — אין דער רגע איז צו איר צוגעגאַנגען בעניע פינ־טשוק; נענטער ווי שטענדיק איז ער צו איר צוגעגאַנגען, און אָנגע־נומען איר האַנט. אין זיין פּנים איז געווען דער אויסדרוק פון רואי־קער גוטסקייט.

לאַנע האָט צו אים אַרויפגעקוקט, האָט אים אָן ווערטער באַ־דאַנקט פאַר דער שטיצע וואָס ער האָט איר איצטער געגעבן, מחמת איר וואָלט שווער געווען איצטער בלייבן אַליין.

— האָסט פאַרשטאַנען, אַז איך האָב דיך געוואָלט זען — האָט לאַנע גערעדט, מיט די אויגן נאָך אַלץ געווענדט צו זיין רואיקן, ברוינעם פּנים — יאָ, בעניע, איך האָב געוואָלט, דו זאָלסט...

לאַנע האָט די לעצטע ווערטער דערשטיקט, און ניט דערזאָגט אַלץ וואָס זי האָט איצטער געוואָלט. לאַנע האָט געגאַרט צו הערן וואָס ער האָט צו זאָגן.

— קום אַרויס אַהין — האָט בעניע אויסגעשטרעקט זיין האַנט צום פעלד — דאָס פעלד איז שוין טרוקן; קום, לאָמיר באַטראַכטן ווי סע זעט אויס אונדזער ווינטער־תבואה.

— איך דאַנק דיר דערפאַר, בעניע...

זיי האָבן זיך ביידע אַראָפּגענייגט פון גאַס צום פעלד. לאַנע האָט אָנגענומען זיין שווערע האַנט, געוואָלט זי אויפהייבן ביז צו אירע ליפּן. אין לעצטן אויגנבליק האָט ווי אַ פרעמדער כוח אָפּגע־האַלטן איר האַנט.

— איך קען איצטער ווייט ניט גיין, בעניע; וויל בעסער מיט דיר רעדן... איך וויל, דו זאָלסט מיר זאָגן, פאַרוואָס מיין האַרץ ווערט מיר שיעור ניט צעריסן?

זיי זענען געבליבן שטיין, און אַ ווײַלע צעשטרייט געקוקט ווייט פון זיך, צום סטעפּ. די זון איז געהאַנגען נידעריק איבער דעם מערב־

דרום־ראנד הימל, און האָט מיט א דורכזיכטיקן ראָז באַהויכט דאָס גרין־ברוינלעכע פּנים פון סטעפּ.

— ווילסט זיך אויסבאַהאַלטן אויף א ווײַלע, דאָס דאַרף זאָל צו אונדז ניט אַריבערקוקן... דער הוילער, אָפענער סטעפּ קען אונדז ניט אויסבאַהאַלטן; ניטאָ וואָס מורא צו האָבן...

לאַנג האָט געהערט בעניעס רייד; אַזוי נאָנט און באַשיידן־קלוג האָבן איצטער זיינע ווערטער געפונען א וועג צו איר צעריסענעם געמיט.

— א דאַנק, בעניע, לאָז מען אונדז אַרויסזען; איך שעם זיך פאַר קיינעם ניט. איך וויל איצטער שווייגן, דו זאָלסט רעדן און באַרויקן מיין געמיט. יאָ, בעניע, ביסט דער רואיקסטער באַנ'אונדז, גלייך ווי דו וואָלסט גאָרניט איבערגעלעבט דאָס אייגענע וואָס איך. זאָג, בעניע, ווי אַזוי קען איך ווערן אין דיר געראָטן?

— כאַ־כאַ־כאַ, — האָט בעניע א לאַך געטאָן — ביסט געראָטן אין זיך אַליין, דאָס איז א סך בעסער. פאַרוואָס האָסטו אָנגענומען אַזויפיל זאָרג אויף דיין קאָפּ?

— וואָס מיינסטו?

— ווען מיך וואָלט אַזוי צערודערט דאָס וואָס זיי פאָרן אוועק פון אונדז, נו, וואָלט איך געטראַכט, געטראַכט און זיך דערטראַכט: איך וואָלט מיט זיי מיטגעפאָרן!

— ווילסט איך זאָל אויך אַוועק?

— דיר וועט זיין גוט, אויב דו וועסט פאַרגעסן, אַז ערגעץ וואו איז פאַראַנען אַן אַנדער וועלט, א בעסערע וועלט. מיר האָט פאַרדראָסן, וואָס דו ביסט אַוועק קיין מאָסקווע. ביסט פון דאָרטן צוריקגעקומען א פאַרזאָרגטע.

— ניין, בעניע, איך האָב ניט קיין חרטה; מאָסקווע האָט מיר געעפנט די אויגן אויף אונדזער זאַך דאָ. פאַרקערט, איך וואָלט געגאַנגען אַנטקעגן דעם איצטיקן פרילינג א באַרואיקטע, ווען עס קומט ניט אַראָפּ די נייס, אַז אין וויטן סיביר גיט מען אידן א טעריטאָריע.

— זאָל אַהין ציען ווער עס וויל; קרימער סטעפּ איז איצטער אונדזער היים; דאָ וואַקסט אויך א אידישע היים.

— יוסף און בערע האָבן ניט געטראַכט נעמען און אַוועק פון־

דאַנען; כ'האָב מורא, אויף זיי קוקנדיק, וועט די יוגנט פון אַ סך דערפער זיך לאָזן פונדאַנען.

— אפשר באַדאַרף זיין אַזוי... איך קלער איצטער ניט פון יוספ'ן און בערען; איך קלער איבער דעם גאַנצן ענין; באַנ'אונדז אין דאָרף האָט מען געהאַלטן אַ מלמד, איך האָב באַנ'אים אויך גע־לערנט. ער האָט אונדז קינדער דערציילט, ווי אַזוי אידן זענען צע־וואָרפן איבער דער גאָרער וועלט; שטענדיק זענען זיי געווען אַזוי פאַרוואָרפן; און דעריבער, האָט ער געזאָגט, איז דאָס גוט אַזוי, ווײַלע מען קען אויף אַלע אידן פאַר אַמאָל ניט מאַכן קיין פּאָגראָמען. ווען אידן וואָלטן אַלע געווען אויף איין אָרט, האָט ער געזאָגט, וואָלט מען זיי שוין לאַנג אויסגע'הרג'עט.

— קלערסטו, אַז איצטער, אונטער די סאָוועטן, וואו מען באַ־שטראָפט גאָר אָן רחמנות פּאָגראָמטשיקעס, איז אויך נויטיק אידן זאָלן זיין צעוואָרפן איבער גאַנץ רוסלאַנד? דערווייל איז דאָך נוי־טיק, אידן זאָלן זיך איינוואָרצלען!!

— איך קוק ניט אַזוי ווייט; און צוליב וואָס קוקן אַזוי ווייט? איך זע די שטאָטישע מענטשן וואָס זענען געקומען צו דער ערד, האָבן זיך נאָך ניט באַרואיקט. זומער, בעת פון דער ערד וואַקסט און שפּראָצט, קען מען מיינען, זיי זענען שוין מיט די פיס אויף דער ערד, מיט די אויגן צו דער ערד; און נאָר ווי מען נעמט די תבואה אַראָפּ... ווער ווייס, אפשר וועלן זיי טאַקע דאָרטן אין ווייטן לאַנד אויסבויען אַן אמת'ע אידישע היים... אפשר איז טאַקע בעסער מיר זאָלן לעבן ווי גרויסע משפּחות, צעזייט איבער סאָוועט־רוסלאַנד...

— טראַכסט אָפּטמאָל ניט נעמען און אַוועק פונדאַנען?

— אויב איך וועל אַוועק, זאָלסטו אויך ניט דאגה'ן.

— אָ, ניין, בעניע, אויב אַזעלכע ווי דו זאָלן זיך שוין אויפ־הייבן און אַוועק פונדאַנען, יעמאָלט איז אויס מיט קרים פאַר לאַנען...

ביי די ווערטער האָט זיך לאַנע צוגעטוליעט צו אים. זיי זענען ביידע געזעסן מיט די פּלייצעס צום דאָרף; אַ מערב ווינטל האָט גע־צויגן פון דאָרטן, וואו די זון האָט זיך געקליבן פאַרגיין. לאַנע האָט זיך אַלץ שטאַרקער געטוליעט צו אים. שטיל האָט זי געזאָגט:

— הלואי וואָלט איך געקענט אזויפיל שוויגן ווי דו, בעניע; נאָר איצטער בעט איך דיר, זאָג מיר פון וואָס דו טראַכסט.

— איך קלער פון די פייגל, וואָס זענען איעדן יאָר, ווי נאָר דער שניי איז אראָפּ, זענען זיי געקומען מיט געזאַנג צו אונדזער דאָרף און אָנגעהויבן פלעכטן נעסטן; אינמיטן פון זייער אַרבעט זענען זיי קיינמאָל ניט אוועקגעפלויגן. אַ מענטש איז אַ צעשטערער... אַ מענטש איז קיינמאָל ניט קיין צופרידענער.

— קוק צום דאָרף, דאָרט שטייען אונדזערע נעסטן. אָבער וואָס זענען שטיבער, בעניע? שטיבער אָן מענטשן זענען גאָרניט ווערט; דאָרטן שטייען אַ סך שטיבער; אוי, ווי סע פעלן נאָך דאָרטן מענטשן! זאָלן זיי פאָרן וואָס פריער... אפשר באַדאָרף עס זיין אזוי, אפשר איז גאָר קיינער ניט שולדיק; די סאָוועטנמאכט רופט, מוז מען הערן און פאָלגן!

— דער סטעפּ רופט, זיין רוף איז מיר באַקאַנטער. די זון, וואָס וואַרימט שוין, זי רופט. זעסט, די תבואה שפּראָצט פון דער ערד, זי רופט! דאָס באַנעם איך; אַזאַ רוף בין איך גרייט אויסצופאָלגן.

— אַ פויער, מיינסטו, באַדאַרף ניט קלערן אַזויפיל? איצטער איז בעניע, דאָך אַן אַנדער צייט; די רעוואָלוציע וויל, דער פויער זאָל האָבן די אייגענע מחשבות וואָס דער אַרבעטער.

— דאָס וועט קיינמאָל ניט זיין; דער וואָס רעדט זיך צונויף מיט אָטאָ דער ערד בעת ער גייט נאָך דעם אַקער, ער קען ניט טראַכטן דאָס אייגענע ווי דער שמיד, וואָס שמידט דעם אַקער...

— דו האַלסט ניט פון בערען, האַ?

— ניין.

— האָסט אים ניט ליב?

— ער און זיינע לייט האָבן געקראָגן צופיל גאוה; אפילו אויף אַ פּרוי קוקן זיי פון אויבן אראָפּ; איך טראַכט פון דיר, און מיר איז אַ חרפּה פאַר דיר, ווייל מע האָט דיך דערנידעריקט ביז צו דער ערד... דאָ האָט מען דיך צעטראָטן אונטער די פיס.

— צי דען האָב איך פון אימעצן פאַרלאַנגט מער וויפל מיר קומט?

— הייב אויף דיין קאָפּ, קוק מיט אַ גוטן פּנים צו דער וועלט.

— איך וויל עס טאָן, נאָר מיר טוט וויי, וואָס מיר בויען ניט אַלע אינאיינעם די אייגענע זאַך. וואָס קוקסטו מיך אָן אַזוי? גלויבסט ניט, אַז איך האָב דיך ליב? יאָ, בעניע, איך געדענק, וואָס דו האָסט זומער געזאָגט. אַ פרוי געדענקט, אויב אַ מאַן זאָגט איר עפּעס צו. יעמאָלט, ווען ניט דו, וואָלט איך אויסגעטריקנט געוואָרן. ס'איז טאַקע אמת, איך בין ביי דער ערד עפּעס ווי קלענער געוואָרן; מיין שוועסטער אין מאָסקווע האָט מיר אויך דאָס אייגענע געזאָגט. איך ווייס אַליין פאַרוואָס דאָס איז אַזוי. מיר אַלע זענען נידעריק געפאַלן; שוין צייט, די סאָוועטנמאַכט זאָל אונדז אויפהייבן.

— קיינער וועט דיך ניט אויפהייבן, אויב דו אַליין וועסט זיך אַראָפּלאָזן ביז צום שטויב. מאָרגן גייען מיר ארוים אַקערן. איצטער שטייען מיר אויף דער ערד.

— פאַראַיאָרן בין איך ניט געווען קיין צעבראָכן ביימעלע; פאַראַיאָרן אין דער צייט...

ביי די ווערטער איז לאַנע אויפגעשפּרונגען פון אָרט, אויף די שפּיצן פינגער זיך אפּיר געצויגן צום וועג, וואו צוויי פורן מיט איבער־וואַנדערער האָבן זיך באַוויזן.

— קוק, קוק, בעניע, צוויי פורן אָנגעפּאַקטע מיט מענטשן! צוויי, דריי, פיר... פיר שפּאַנען הינטער די וועגענער!

בעניע איז רואיק געזעסן אויף זיין אָרט און נאָכגעקוקט לאַנעס באַוועגונגען. ווען זי איז צוריק צוגעקומען צו אים, זיך אַראָפּגעלאָזן נעבן אים, האָט ער זי אריינגענומען אין זיינע אָרעמס, צערטלעך גע־גלעט איר פּלייצע מיט זיין שווערער, האַריקער האַנט, און גערעדט ווי פאַר זיך אַליין:

— ביסט אַליין אַן אויסגעריסן ביימעלע, אָט ווי יענע דאָרטן, וואָס שפּרייזן הינטער די פורן.

לאַנע האָט אין האַרצן מסכים געווען מיט אים; זי האָט זיך איצטער אין זיינע אָרעמס געשפּירט ווי אַן אויסגעריסן און פאַרוואונ־דיקט ביימעלע, וועמעס וואָרצלען עס האָבן פּלוצלונג געזוכטע און פרישע ערד דערשפּירט. אויף אַ ווײַלע האָט זי געהערט ווי דאָס האַרץ דרימלט איין.

— זאָלסט קיינמאָל, קיינמאָל ניט טראַכטן טאָן דאָס וואָס זיי טוען... זאָג מיר עס צו, בעניע.

— קום, שטיי אויף, לאָמיר גיין אויפנעמען די איבערוואַנדערער, וואָס זענען אָנגעקומען; לאָמיר זיי גוט אויפנעמען און דערמוטיקן. וועסט זיי באַגעגענען מיט אַ פרייליכן פּנים, ווי דו האָסט פאַראיאָרן אונדז באַגעגנט!

בעניע האָט לאַנע אויפגעהויבן פון דער ערד, און מיט דער שווערער האַנט געווישט די פולע טרערן־טראָפּנס, וואָס זענען, ווי פאַרגליווערטע, געבליבן הענגען אויף אירע באַקן...

# LXII

מיט צעשראָקענע אויגן האָט לאַנע געקוקט צום יונגן פרילינג און שורות וואַנדערער, וואָס האָבן פון ערגעץ געצויגן, און אין קרים, ביי די יונגע דערפער, אָפּגעלייגט די פעקלעך; אָבער מיט מער שרעק האָבן אירע אויגן געקוקט צו די, וואָס האָבן זיך געקליבן אין וועג אריין נאָך דעם וויטן רוף, וואָס איז געקומען דורך מאָסקווע פון אַ „בתולה־ערד", אין אַ יונג־אַלט לאַנד, וואָס וואַרט אויף אידישע פּיאָנערן. לאַנע האָט געשפּירט ווי דאָס בלוט פון האַרצן טריפט צו מאַמע־ערד, און זי, מאַמע־ערד, אַ נאָך ניט־אָנגעזעטיקטע, טרינקט עס מיט תאווה, טרינקט רויט בלוט און פאַרבט דאָס גראָז גרין...

בערע, יוסף, נאָטע קרעטשמער און זיין טאָכטער סימקע, האָבן געמאַכט די לעצטע הכנות צו פאַרלאָזן די „רויטע פעלדער", וואָס אין קרים און אַוועק אַהין, צום וויטן מזרח וואָס האָט גערופן:

— „ביראָ־בידזשאַן"!

— צי האָבן די צוויי מענטשן, בערע און יוסף, שלום געמאַכט?

— האָט לאַנע געטראַכט — צי האָט טאַקע יוסף אים גובר געווען, ער זאָל גלויבן, אַז אידן מוזן ווערן אַ פאָלק נאָר אויף אַן אייגענער ערד? צי האָט טאַקע יוסף גובר געווען דעם שטאַרקן, גלייכן, שטאָלענעם בערען?

— אָדער אפשר גאָר, אפשר גאָר...

אפשר איז אין בערעס איצטיקן שריט נאָר לאַנע אַליין שול־

דיק; ער רייסט איצטער אַרויס זיינע וואָרצלען פון קרימער סטעפּ, און גייט זיי אַריבערפירן און פאַרפלאַנצן עק־וועלט, אין סיביר!

לאַנגע טראַכט אַ סך; פעלט אויס צייט אויפצוכאַפּן די מחשבות, וואָס לויפן אַן ווי שורות רויטע, בלויע און ווייסע פייגל, לויפן אַן און פאַרשווינדן...

— און צי דען וואָלט סימקע, אָט די אייגענע סימקע, וואָס האָט נאָך גאָרניט לאַנג מיטן פולן מויל אָפּגעלאַכט פון אידישער ערד־אַרבעט, געשלעפּט איר טאַטן צוריק אין שטאָט אַריין, צי וואָלט זי דען איצטער גאָר מיטאַמאָל זיך אָנגענומען מיט כוח נאָכצופאָרן איר טאַטן — ווען ניט די צוויי מענטשן, יוסף און בערע, וואָס לאָזן זיך אַהין צום ווייטן מזרח? און ווער ווייסט, אפשר ווען לאַנגע וואָלט איצטער ניט געווען פאַר בעניע פינטשוקן דער יונגער פרילינג איבער מאַמע־ערד, קען זיין, אַז ער וואָלט איצטער אויך געריסן זיינע וואָרצלען און געצויגן אַהין, צו דער ווייטער, אומ־באַקאַנטער און אודאי נאָך אונטער שניי איינגעטוליעטער ערד...

יוסף און בערע שפּאַנען כסדר אינאיינעם לענגאויס דאָרף, זייערע בליקן זענען שוין צומאָל ניט געווענדט אפילו צו די צוויי טראַקטאָרס וואָס שטייען אינמיטן דאָרף, און די שורה נייע אַקער־אייזנס, וואָס וואַרטן אויף דעם אָנריר פון שטאַרקער האַנט. יוסף רעדט, און בערע הערט. אַזאַ חידוש, בערע זאָל אַזוי געדולדיק זיך צוהערן צו יוסף'ס רייד.

יוסף טענה'ט:

— וויל מען בויען ווי עס באַדאַרף צו זיין, זאָל מען אָנ־הייבן פון סאַמע אָנהייב. דאָ האָט מען אָנגעהויבן פון אַ מיטן; אידן מיט אַלטן שטייגער האָבן אָנגעהויבן אויף אַן אַלטן שטייגער. דאָרטן הייבן מיר אָן גלייך פון קאָמוניזם; אויפן סאַמע פונדאַ־מענט — קאָמוניזם! דאָס איבעריקע וועט שוין קומען פון זיך אַליין. אידן וועלן דאָרטן זיין אַליין פאַר זיך, וועלן ניט האָבן מיט וועמען זיך אויסצומישן — וועלן זיי ווערן אַ פאָלק!... דאָרטן, בערע, וועל איך זיך ניט דאַרפן קריגן מיט דיר.

בערע האָט אין האַרצן מסכים געווען; ער האָט מער געשוויגן ווי גערעדט. ער האָט נאָר אויפגעדעקט פאַר יוסף'ן אַ שטיקל אמת:

— איצטער איז מיר גרינגער איבערצורייסן מיט מיינע לייט. דאָ וואָלט עס אַלעמען געשטאָכן אין די אויגן, ווען איך טייל זיך אָפּ פון זיי, באשר זיי האָבן צופיל פון די בורזשויסקע גענגעלעך; זאָלן זיי זיך דאָ בלייבן; זאָלן זיי זיך חבר'ן מיט די ברעזוערס און די שטיינבערגס, אויב זיי געפעלט.

ביידע האָבן לאַנגעס גאָמען ניט ארויפגעבראכט אויף די ליפּן. האָבן ווינציק גערעדט פון דער פינטשוק־משפחה, וואָס האָט זיך ערנסט פאַרנומען אויפצושטעלן אַ שטאַרקן קאָלעקטיוו. פונדעסט־וועגן, אַז מען איז פאַרבייגעגאַנגען די ברעזוער־שטוב, האָט בערען אַ בלענד געטאָן אין די אויגן די שורה אקאַציע־ביימעלעך פאַר די פענצטער, וואָס ער האָט פאַראיאָרן אין דער צייט אַ גאַנצע נאַכט פון ערגעץ זיי געפירט. אַ העלפט האָט ער יעמאָלט ביי זיינע אייגענע פענצטער פאַרפלאַנצט, און די צווייטע העלפט האָט ער לאַנען גע־בראַכט. די קנאָפּסן האָבן געפלאַצט און מיט אַ צאַרטן גרין שלאָגן זיך ארויס די גרינע, לענגלעכע בלעטעלעך פון די קנאָספּן ארויס. מיט אַ זוניקער ליכטיקייט האָבן אַ שטראַל געטאָן די שפּיצן אקאַציע־בלעטלעך, וואָס האָבן פון די אויפגעפּלאַצטע קנאָספּן־צום לויטערן, יונגן פרילינג אפּירגעקוקט. אוי, ניט קיין זונענשטראַלן זענען עס, נאָר זיין שטילע, פאַרטאַיטע ליבשאַפט וואָס ער, בערע, האָט די אקאַציע־וואָרצלען אין דער קרימער ערד אריין מיטגעגעבן, און איצ־טער שטראַלט די ליבשאַפט צו אים ארויס און באַגיסט זיין האַרץ מיט וואַרים בלוט!

ער, בערע, האָט ניט געפירט קיין חשבון פון זיין בוי־אַרבעט; ער האָט ניט געפילט, אַז אין אַ געוועט מיט אַ יונג מיידל, וואָס הייסט לאַנע, איז ער אריין — וועד פריער וועט די שטוב האָבן אַ פּאַרטיקע; ער, דער מאַן, האָט פאַרשפּילט דאָס געוועט. ווייל זיין ליבע וואָס האָט זיך געבאָדן אין בלוט פון האַרצן, איז אַזוי אָפּט געבליבן שטיין פאַרשעמט הינטער דער טיר פון אַ יונג מיידל, וועמעס יונג האַרץ איז געוואונדיקט געוואָרן אין יענע פאָגראָמען־טעג, וואָס האָבן אויף אייביק גע'חתמ'עט מיט אידיש בלוט דעם שווערן משפּט איבער דער רשעות'דיקער הערשאַפט אויף אַמאָליקער רוסלאַנד.

צי איז די ליבע אַ זינדיקע געווען? יאָ, דער געזונטער בערע

קאוואלסקי, דער טרייער דינער פון דער רעוואָלוציע, האָט זיך פאַר׳-קנס׳ט צו דער רעוואָלוציע, און יעדעס מאָל, ווען אויף קרימער סטעפּ זענען אויפגעגאַנגען די תבואות וואָס זיינע הענט האָבן געזייט; ווען עס האָבן אַפּירגעלויכטן בלעטלעך פון שמעקעדיקן ווילדן קלעווער, ווייל איבערן סטעפּ איז אומגעגאַנגען באַרוועס א יונגע פרוי, וואָס האָט ביי מאַמע־ערד אויסגעבאַרגט אַלע אירע זאַפטן, כדי צו לויכטן און בליען אין די אויגן פון מאַן אין וועמעס הערלעכקייט זי האָט געגלויבט — יעמאָלט האָט זיך אים, דעם מאַן אויסגעדוכט, אַז די רעוואָלוציע איז אייפערזיכטיק, זי זאָגט אים מוסר, הלמאי ער שפּירט דעם ריח פון פעלד אין לייב פון א פרוי, וועמעס טאַטע־מאַמע זענען אַמאָל אידישע קרעמער געווען...

און איצטער? האָט דען בערע קאוואלסקי, פּונקט ווי יוסף, געוואַרט אויף א נס, וואָס וועט אין געשטאַלט פון א וויטן רוף צו אים קומען און באַפעלן אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע, איבערצו־רייסן דעם שיינעם אָנהייב אויף די „רויטע פעלדער", וואו אידן האָבן האָפנונג געבראַכט און פאַר איר געזוכט א באָדן אונטער די פיס, א דאַך איבערן קאָפּ? בערע האָט דאָך אויף אַזאַ נס ניט געוואַרט.

און אָט האָבן זיך יוסף און בערע פלוצלונג באַגעגנט מיט דעם ברוינעם בעניע פינטשוק; מיט דעם וואָרצלדיקן, אין דעם פּנים־ברוין אַזוי ענלעך אויף קרימער ערד: — ער, בעניע, באַטראַכט די טראַק־טאָרס וואָס שטייען אין מיטן דאָרף. זיין קאָפּ איז פאַרטאָן אין האָרצן פון „שטאָלענעם חבר"; ער באַמערקט גאָרניט ווי יוסף און בערע שטייען שוין נעבן אים.

— גערענק, חבר פינטשוק, — הייבט בערע אָן — אויף דיר לאָז איך איבער די „רויטע פעלדער"; דו ווייסט דעם ווערט פון ערד, און פאַרשטייסט, אַז א קאָלעקטיוו איז דער אָנהייב, און דו וועסט ווייטער בויען וואָס מיר האָבן דאָ אָנגעהויבן.

אַזוי רעדט בערע צו בעניען; בעניע האָט זיך אויסגעגלייכט און הערט יאָ, און הערט ניט וואָס בערע רעדט.

— ביסט צופרידן וואָס מיר פאָרן אוועק — זאָגט יוסף — כ׳ווייס, דו האָסט ניט ליב מענטשן וואָס רעדן צופיל ביי דער ערד; גוט אַזוי. הלואי וואָלטן ביי אידן אַזעלכע ווי דו געווען אין די

טויזנטער, וואָלטן מיר דאָ געהאַט אַ אידישע היים אַ סך פריער ווי מען קלערט אין מאָסקווע.

אויף דעם האָט בעניע אַ באַשיידענעם שמייכל געטאָן. תחילת האָט ער געוואָלט יוצא זיין מיטן שמייכל אליין, אָבער באַלד האָט ער איינגעזען, אַז עס וואָלט ניט רעכט געווען צו בלייבן גאָר אינגאַנצן אָן אַן ענטפער:

— אַ שאָד וואָס איר גייט פונדאַנען אוועק; יונג איז ניט אַלט; בפרט, דו ווייסט צוליב וואָס דו ביסט געקומען צו דער ערד.

דעם „דו ווייסט" האָט בעניע קלאָר אינזינען געהאַט בערען. יוסף האָט באַמערקט, אַז בעניע קוקט ניט אין זיין זייט.

— קלערסט, אַז איך ווייס ניט צוליב וואָס איך בין געקומען צו דער ערד? — האָט יוסף אַ בלאָסן שמייכל געטאָן.

— איך ווייס ניט, צו דו וועסט בלייבן ביי דער ערד; דו ווילסט וואָס פריער זען אַ אידישע רעפובליק, און דיין שטוב זאָל שטיין אין דער סאַמע סטאָליצע פון דער אידישער רעפובליק.

— כאַ־כאַ־כאַ־כאַ, — האָט זיך יוסף צעלאַכט אויפן הויכן קול.

— ער האָט דיך דערקענט, — האָט בערע געקלאַפּט יוסף'ן אין פּלייצע.

— יאָ, חברים, איך זאָג נאָך אַמאָל, מיר איז אַ שאָד וואָס יונגע מענטשן לאָזן זיך אוועק פונדאַנען — האָט בעניע ווידער גע־רעדט מער אין טראַקטאָר אַריין — צייט, אַ יונגער מענטש זאָל וויסן וואו זיין אָרט איז.

— ער מיינט עס מיט אַן אמת? — האָט יוסף געפרעגט בערען, נאָכדעם ווי זיי האָבן איבערגעלאָזן בעניען און אוועק אַראָפּ גאַס צום ברונעם צו.

— איך האַלט פון אים; כאָטש ער מיינט אודאי, ער איז דאָ קליגער פון אַלעמען.

— אַזוי זייט איר אַלע, בערע; איר, פּאָלקסמענטשן, זינט איר האָט ביי דער רעוואָלוציע געקראָגן דאָס וואָרט, דוכט זיך אייך אויס, אַז אייער וואָרט איז דאָס סאַמע וואָגיקסטע.

בערע האָט גוטמוטיק צוגעהערט און ניט געענטפערט. די זון האָט געשיינט, און די בענקשאַפט האָט געבליט ווי דאָס פריע גרין־

גראָז אויף די אויסגעטריקנטע, סטעפּישע וועגן. וואָלט קיינער איצ־טער ניט אינזינען געהאַט צו פאַרלאָזן די „רויטע פעלדער", איז רעכט געווען, אַז דער דריטער פרילינג האָט געקענט זיין דער שענ־סטער — מחמת די לעצטע דרייסיק שטיבער וועלן בקרוב, אינאיינעם מיט די גערעטענישן אין פעלד, דאָ אין דאָרף אויפקומען. האָט דוקא בערעס אומגיין אַ צעטראָגענער מיט די אויגן אין דער ווייט — אין איעדער שטוב פאַרזייט אַ טראָפּעלע אומעט:

— אויב ער לאָזט איבער קרים און לאָזט זיך עק־וועלט, טאָ וואָס זאָלן מיר שוין זאָגן?

— און וואָס, אויב טאַקע דאָרטן וועט די אמת'ע אידישע היים אויסוואַקסן, וואָס וועלן מיר דאָ טאָן?

— וואָס וועלן פאַר אַ פּנים האָבן די שיטער פאַרזייטע אידישע דערפער אין קרים, אויב אין „בירא-בידזשאַן", ווי עס הייסט דאָרטן, וועט די סאָוועטנמאַכט צוליינגן האַרץ און קאָפּ, אידן זאָלן אַן אייגענע היים האָבן?

— אויב ער אַנטלויפט פונדאַנען, פאַרוואָס גייט ער אַרום אָן אַ קאָפּ?

די מאַמע בערעס, רייזל, זי האָט ווי אַ מאַמע זיך יאָ דערקליבן צו בערעס האַרץ, ווי אַ מאַמע, פאַרגאָסן טרערן און גערעדט וואָס אויפן האַרצן האָט זיך אָנגעקליבן:

— מיינסט אימעצן אָנצוטאָן אַ צו להכעיס, מיין זון, און טוסט זיך גאָר אַליין אָפּ; אַנטלויפסט פונדאַנען און לאָזט דאָ איבער דיין שטיק לעבן... נישט זיך אַליין האָב איך אינזינען — לאַנען מיין איך; וואָס פאַר אַ גוט יאָר האָט זיך צווישן אייך ביידן אריינגעמישט, ווייס איך נישט. מיר וואָלט נישט אָרן דיין גאַנצער פאָרן, אָבער צוליב וואָס שלעפּט זיך נאָך קרעטשמערס מויד?

בערע האָט אָנגעקוקט זיין מאַמען צעשראָקן; אַ דאָפּלטער אמת איז געלעגן אין אירע ווערטער. ער האָט אָבער געוואָלט פאַרשרייען דער מאַמעס אמת:

— מיר גייען די מוידן ניט אָן, מאַמע! מיר גייט אָן די גרויסע מתנה וואָס די סאָוועטנמאַכט האָט געגעבן אידן; אַ מדינה אַ גאַנצע האָט מען דאָרטן אידן געגעבן! איך וויל זיין פון די ערשטע דאָרטן.

איך וועל זיך אָפּשטעלן אין מאָסקווע און מיט געוואַלד פאַרנעמען נחומ'ען אַהין; וואָרן דאָ, צווישן די אָנגעלאָפענע, דעקלאַסירטע אידן וועל איך אַליין אויך געבראָכן ווערן.

— ניין, מיין זון, וועסט מיר נישט איינרעדן; ווען זי פאָרט מיט, וואָלט מיין האַרץ זיין רואיק. האָסט זי באַליידיקט, האָסט פאַר־צאַפּט איר בלוט און האָסט צוגעלאָזן דעם שטיק פויער, ער זאָל זי ביי דיר אויסכאַפּן.

— ער איז ניט קיין שטיק פויער; ער איז מער מענטש פון אונדז אַלעמען. איך פאָר אַוועק פונדאַנען רואיק, וואָרום איך לאָז איבער דעם דאָרף אין זיינע הענט. פאַרשטיי מיר, מאַמע; אַנדערש האָב איך ניט געקענט. פאַרגעס דו אָן איר, ווי איך האָב זי פאַרגעסן.

— הלואי איז דאָס אמת, הלואי פאַרגעסטו זי... כאָטש מיין האַרץ גיסט זיך אָפּ מיט בלוט, אַז איך טראַכט פון דעם. האָסט זיך געלאָזט פאַרפירן פון ראַטנערס זון; געווען דעקלאַסירטע אידן פאַראַן אין לאַנד, וואָס ווילן פאָרן אַהין. נחום איז אַוועק — לאָז כאָטש דו אונדז נישט איבער, וואָרן דאָ וועט צעריסן ווערן מיין האַרץ...

דערביי האָט זיך רייזל צעוויינט אויפן הויכן קול, און מיט איר געוויין האָט זי בערען אַרויסגעשטויסן פון שטוב.

בערעס טאַטע, לייזער דער שמיד, האָט פשוט און פּראָסט אַ זאָג געטאָן:

— מיין זון דער רעוואָלוציאָנער לויפט פון טאַטע־מאַמע; סע שטייען אים נישט אָן אַזעלכע טאַטע־מאַמע — טאָ זאָל ער פאָרן גע־זונטערהייט! בין נאָך ביי אַלע כוחות, וועל אַריין אין קאָלעקטיוו און וועל מיין שטעטל באַשטיין אָן מיינע זין...

האָט לייזער דעריבער מיט בערען אויסגעמיטן צו רעדן.

איז אינמיטן לויכטנדיקן פרילינג בערען ענג געוואָרן קרים, ממש די ברוינע ערד האָט געברענט זיינע טריט. אין שטוב, אין די דלד אמות פון טאַטע־מאַמע איז נאָך ערגער געוואָרן.

און אָט קומט אים לאַנע אָן אַנטקעגן; מיט באָרוועסע, פלינקע טריט איז לאַנע אים געקומען אַנטקעגן, בשעת אַ פרילינג־ווינטל האָט געקרייזלט אַ בינטל האָר איבער איר שטערן.

— דערקענסט שוין קיין מענטשן ניט, בערע! באַהאַרפּסט זיך

פילן שטאָלץ וואָס דו לאָזט איבער הינטער זיך דיין פּראַצע; דער־קענסט שוין אפילו ניט די שטיבער!...

עס איז געווען גוט געזאָגט, אָבער ניט אַזוי געמיינט; אודאי האָט איצטער, אין שיינעם פּרילינג־פרימאָרגן, לאַנע אים עפּעס אַנ־דערש געקענט נעמען און אַ זאָג טאָן;

— האַ, בערע, — האָט זי געקענט זאָגן — פּאָרט דערלעבט, דיין האָפנונג זאָל מקוים ווערן! אָט שטייען צוויי טראַקטאָרס; אַ ברייטער קאָלעקטיוו האָלט שוין ביים אַרויסקומען צום סאַמע וועג: די קאָוואַלסקיס, די פּינטשוקס, ראַטנערס, בירמאַן און די שטיינ־בערגס; היינט — אפילו די אָסטראָווערס; אפילו בעניע איז פון די ערשטע געווען... נו, שאַדט ניט, וואָס צוויי חברים, בערע קאָוואַלסקי און יוסף ראַטנער, פאָרן אַוועק אויפן רוף פון דער רעוואָלוציע בויען אַ אידישע רעפּובליק אין וווייטן סיביר. ביי די קאָוואַלסקיס איז נאָך דער טאַטע שטאַרק, ביי די ראַטנערס זענען נאָך פאַראַן צוויי שוויי־געוודיקע האָרעפּאַשניקעס, וואָס האָבן ליב די ערד; און צווישן די נייע איבערוואַנדערער זענען פאַראַנען מיידלעך און יונגען, וואָס וועלן איצטער, קוקנדיק אויף אונדז, אַוועק מיט אַלעמען אין שפּאַן...

וואָס וואָלט בערע אויף דעם געענטפערט, ווען לאַנע נעמט און זאָגט עס טאַקע? צי וואָלט דאָס געווען אַלץ וואָס זי האָט געקענט אויסשעפּן פון דער טיפעניש פון איר הארצן און אים, בערען, דער־לאַנגען? איז אפשר גאָר איצטער נאָך טיפער פאַראַן אַ ים מיט גע־פילן, וואָס ברויזן און מאַכן לאַנעס הארץ שטורמען; גלייך איר הארץ איז אַ פעלז, און די כוואַליעס, פון שטורם געטריבן, באַפאַלן איר הארץ... לאַנע פילט, אוי, ווי זי פילט איצטער ווי דער אייגענער שטורם איז באַפאַלן בערעס הארץ אויך!

ווען לאַנע נעמט און אַנטפּלעקט פאַר בערען דעם דאָזיקן שטורם, און וואַרט, בערע זאָל אויף אַ סך, גאָר אַ סך ניט־געפרעגטע פראַגן געבן איצטער אַן ענטפער — מעגלעך, ער וואָלט אויך אויפגעדעקט זיין הארץ, אויפגעדעקט זיין שטורם, און ניט וויסן וואָס צו ענטפערן.

— ביסט ווי די ערד, לאַנע, — האָט בערע געזאָגט — ביז מען באַקענט זיך נאָענט מיט דער ערד, קען זיך אויסדוכטן, זי איז אַ רואיקע, מען קען מיט איר טאָן וואָס מען וויל, דער פויער האָט איבער

איר זיין שליטה... א נעכטיקער טאָג! קיינער האָט אין אמת'ן ניט קיין שליטה איבער דער ערד.

— אפילו דער אמת'ער פויער אויך ניט?...

— זי בריקעט אָפּטמאָל דעם אמת'ן פויער אויך.

— ניין, בערע, דעם אמת'ן פויער איז די ערד געטריי; דאָס האָב איך שוין אַרויסגעזען. איך דאַנק דיר, בערע, פאַרן פאַרגלייך; און איך זאָג דיר, אויב דו דערקענסט אין מיר שוין שפּורן פון דער ערד — איז דאָס פאַר די פּאָר יאָר געשען. מיר האָבן זיך אַליין פאַר־פלאַנצט אין דער ערד, מיר וואַקסן אין איר אַריין, אָבער אַ סך מער וואַקסן מיר אַרויס איבער דער ערד. שוין היינטיקן פרילינג וועלן מיר זיך אַ סך אויפהייבן איבער דער ערד. אין מאָסקווע האָב איך געזען, ווי דער פויער קומט אין שטאָט אַריין מאַרשירן מיטן אַרבע־טער; מיר וועלן נאָך דערלעבן, דער אַרבעטער וועט קומען אין פעלד מאַרשירן מיטן פויער... און ווייסט, בערע, מיך האָט פון דער ערד אויפגעהויבן ניט דער אַרבעטער — נאָר דער פויער; מיט צערטלעכ־קייט האָט ער עס געטאָן, כאָטש זיינע הענט זענען שווערע און פאַר־גרעבטע.

בערע האָט לאַנעם רייד גוט פאַרשטאַנען. ער ווייס וואָס פאַר אַ פויער עס האָט מיט צערטלעכקייט אויפגעהויבן לאַנען פון דער ערד. אָבער וואָס איז איצטער בערען געבליבן צו זאָגן, שוין כמעט ביים געזעגענען זיך? אָט באַלד, אָט באַלד באַדאַרף ער זיך לאָזן אין וועג אַריין; וואָס איז אים געבליבן זאָגן דער לאַנען, וואָס קוקט אויף אים אפשר צום לעצטן מאָל מיט אויגן שוואַרצע, אַזוי ברייט אָנגע־צונדענע, אַזש בערע ווערט אין זיי פאַרלאָרן, ווען ער קוקט אין זיי?!
זאָל ער איר איצטער נעמען און דערציילן: — אַז אין אמת'ן איז ער שטענדיק געווען צו איר צערטלעך; אַז באמת האָט ער ניט געקענט צוזען, ווי זי, אַזאַ אויסגעאיידלטע, אַזאַ ריטלדיקע, ווערט אין פאַר־לויף פון זומער אי צייטיק, אי אויסגעטריקנט — אַז אים האָט פאַר־דראָסן באמת, וואָס זי האָט אים חושד געווען, אַז ער דערווייטערט זיך פון איר באשר זי איז אַ טאָכטער פון וואָווע ברעזער, דער געוועזענער בורזשוי?... זאָל ער איצטער דען נעמען און איר דערציילן, וויפל מאָל ער איז אַרום איר שטוב אַרומגעגאַנגען; וויפל מאָל ער

האָט צו איר אין שטאָל זיך אריינגעשלייכט, צווישן די קי דערשפּירן איר אָנוועזנהייט? צי זאָל ער איר דערמאָנען, וויפל מאָל ער האָט, קיינער זאָל ניט זען, ארומגעשאַרט די בוריקעס, די קאַוועמעס אין איר שטיקל גאָרטן, בשעת זי האָט זיך ארויסגעשלאָגן פון די כוחות ערגעץ וואו ביי אַן אנדער אַרבעט?

ניין, איצטער איז שוין קיין פּעולה ניט; ווי אַ געטרייער סאָל־דאַט, וואָס דינט ביי דער רעוואָלוציע, איז ער שטענדיק אויף דער וואך, איז ער שטענדיק גרייט צו זיין פון די ערשטע אין קאַמף. דאָ איז ניטאָ מער פּאַרוואָס, און, דער עיקר, מיט וועמען צו קעמפן; דאָרטן אין ווייטן מזרח, ביי די גרעניצן פון אַ שונא, אין דער טאַיגע, צווישן ווילדע שטראָמען, ניט אזוי מיט אַ „מענטשן־געזינדל" וועט ער באַדאַרפן קעמפן, נאָר מיט די כוחות פון דער נאַטור — — — מאַכט ניט אויס וואָס יוסף ראַטנער, וועמען ער איז חושד אין אַ סך שוואַכ־קייטן, פּאָרט אויך מיט אים; „ער, יוסף ראַטנער איז אַ זון פון אַ האָרעפּאַשניק; אַז מע באַדאַרף, איז יוסף אַ מאַן; ווי אַ מאַן האָט ער זיך דער ערשטער אויסגערופן צו פאָרן קיין „בירא־בידזשאַן..." און עס מאַכט אויך ניט אויס וואָס מיט אים פאָרט אויך מיט נאָטע קרעטשמער, און מיט אים — אַ שוואַרץ־באַלייבטע מויד מיט זומער־שפּרענקלעך אויפן שווערן, ווינקלדיקן פּנים; אירע שווערע בריסט האָבן געצונדן מאַנס ליידנשאַפט אין בירגערקריג; זי האָט דעם שלאַבע־ריקן געשטאַרקט און געשיקט אין די פייערן, וואָס די רעוואָלוציע האָט געצונדן... „סימקע פאָרט מיט איר טאַטן; איך האָב זי ניט געבעטן מיטצופאָרן..." — אזוי רעדט צו זיך בערע.

עס איז דער פרילינג וואָס האָט אין איר בלוט אויך דערוואַכט, און דאָ, אויפן פרידלעכן קרימער סטעפּ, איז ווינציק שטורם פאַר אַזעלכע ווי סימקע.

פונדעסטוועגן, כאָטש דער שטורם האָט די רייד ביי ביידן צע־שלאָגן; כאָטש די טרערן טוען אזוי אָפּט אַ גלי אין שלונג; טוען פון רגע צו רגע אַ פאַרבלענד די אויגן ביי ביידן, און עס גלוסט זיך אזוי פאַלן איינס דעם אנדערן אין די אָרעמס אריין, אַוועקפאַלן דאָ אינמיטן גאַס, און ווי צוויי יונגע קינדער לאַכן און וויינען פאַר פרייד — וואָס מען האָט נאָך אַמאָל איבערגעלעבט אַ שווערן ווינטער, וואָס

איצטער איז אָנגעקומען אַ נייער פרילינג און געבראַכט גרויסע האָפנונגען, דערלייטערונג, קאָלעקטיוון, פעלד־גרעניצן פּאַראַקערן, העלפן די נייע איבערוואַנדערע ביי די לעצטע שטיבער, כדי סוף־זומער זאָלן די „רויטע פעלדער” זיין אויף חידושים פאַר גאַנץ קרים... און אפשר גאָר טאַקע גיין און באַטראַכטן די אַסאָציע־ביימעלעך ביי בערעס און לאַנעס פענצטער, פון די קנאָספּן שטראַלן גרין אַרויס די שפּי־ציקע בלעטעלעך — — — — אנשטאַט דעם, זענען בייביידן די בליקן געפאַלן צו דער ערד: לאַנעס בליקן זענען געפאַלן אויף בערעס טריט, און בערעס — אויף לאַנעס טריט. בשעת אַרום די הערצער ביי ביידן האָט דער שטורם געבושעוועט — האָבן זיך די טריט דער־וויטערט איינס פון אַנדערן...

יוסף האָט דוקא יאָ געהאַט אַ סך ווערטער פאַר לאַנען; כאָטש זי איז געווען די ערשטע אים אַרויסטראָגן פון שטוב איר בלאַס־פריי־לעכן פנים.

— ביסט אויסגעלייזט געוואָרן פון גלות, יוסף, — האָט לאַנע מונטער גערעדט, און דערביי אַרויסגענומען שטרויעלעך פון זיין טשופּרינע — האָסט אויסגעקוקט אויף אַ נס; ווער קען זיך איצטער גלייכן צו דיר, יוסף?

— דיר איז אויך גוט, לאַנע; קרים איז דיין פעלד. אין קרימער פעלד גייט אום דיין מאַן. יאָ, לאַנע, איך קוק אויף דיר, און קוק אויפן דאָרף; דאָ איז שוין מער ווי אַן אָנהייב... איך האָב מיטן שטענדיקן אָנהייב ניט געקענט זיך באַנוגענען. פון דער רעוואָלוציע האָב איך געוואַרט אַ סך מער, ווי עטלעכע צענדליק אידישע דערפער אין קרים. איצטער זע איך, די רעוואָלוציע האָט דאָס אידישע פאָלק ניט פאַרזעסן; מירן דאָרטן אפשר אָנהייבן גאָר פון סאַמע אָנהייב. גוט וואָס אַזעלכע בערעס באַגרייפן שוין, אַז די רעוואָלוציע איז ניט געקומען אויסוואָרצלען דאָס אידישע פאָלק און פאַנאַנדערשליידערן איבער גאַנץ רוסלאַנד!

לאַנע האָט אים אַ צייט אָנגעקוקט. גוטמוטיק געשמייכלט און געשוויגן; איר האָט הנאה געטאָן צו זען יוסף'ן אַזוי אויפגעלייגט, כאָטש צו הויך האָט ער גערעדט, און זיינע אויגן האָבן צעשטרייט

געוואָרפן בליקן צו די בײדע שורות שטיבער. פאַר לאַנעס שטוב איז אויסגעקומען די באַגעגעניש.

— און אפשר, לאַנע, — האָט יוסף געדערט פאַר'חלום'ט, — אידן פון דער גאָרער וועלט וועלן דאָך נאָך אַמאָל קומען זוכן אַ היים אונטער די סאָוועטישע הימלען; די אידישע קרים וועט זיך אויך ניט אונטערגעבן... פאָרט אַ שאַד דאָס אַלץ איבערצולאָזן... מיר לאָזן דיך איבער אין גוטע און געזונטע הענט. פאַראַיאָרן, אַז בעניע פינ־ טשוק איז אַהער אָנגעקומען, האָב איך געהאַט אַ חשד, כאַ־כאַ־כאַ... בערע האָט עס אויך געפילט... פאַרוואָס זאָגסטו גאָרניט, לאַנע? איך רעד און רעד, און דו — וואָס שמייכלסטו אַזוי פאַרטאַיעט?

— פאָר געזונט, יוסף; טוסט גוט וואָס דו פאָרסט אַהין. דײַן אידעאַל איז דאָרטן; האָסט געזוכט אַן אידעאַל, און האָסט אים גע־ פונען. איר וועט דאָרטן בויען און מיר וועלן דאָ בויען; מאָסקווע וועט זײַן אינדערמיט... אויב אונדז וועט דאָ זײַן גוט, וועלן מיר זיך נאָך אַמאָל באַגעגענען. אמת, יוסף, דער פרילינג איז ווידער אין קרים אַזאַ פריער, אַזאַ לויטערער?...

בײַ די ווערטער האָבן זיי זיך אומגעקערט מיט די פּלייצעס אײנס צום אַנדערן; פאַר זײַן דמיון האָט אין פרימאָרגנליכט זיך אַ וויג גע־ טאָן דאָס ווײַטע, אומבאַקאַנטע און שוין אַזוי נאָנט — דאָס אומבאַ־ וואוינטע מזרח־לאַנד; און זי, לאַנע, האָט ניט געוואָלט, ער זאָל זען ווי איר פּנים ציטערט און ווערט צעבראָכן פון די שטילע טרערן, וואָס האָבן פריי גענומען שטראָמען איבער בײדע באַקן.

לאַנע האָט געוויס ניט געוואָלט, בערע זאָל איר זען אין טרערן; זי האָט אָבער אויך ניט באַדאַרפט פאַר יוסף'ן אַרויסווײַזן אירע טרערן. ווײַל דאָס זענען ניט געווען טרערן צוליב באַדויערן, אָדער טיפער באַליידיקונג; סאַיווי איז פאַר איר געווען פאַרנעבלט דאָס ווײַטע לאַנד בײַ די ראַנדן פון ווײַטן מזרח, וואו יוסף האָט דערבליקט אַ אידישע היים, און בערע — דאָס באַלאַנגערטע פעלד, וואו ער, ווי אַ רעוואָלוציאָנערער סאָלדאַט באַדאַרף שטײן אויף דער וואַך.

— דאָס וואָס באַדאַרף געשען, זאָל געשען וואָס פריער — האָט לאַנע שטיל געמורמלט, בשעת די טריט האָבן זי שנעל געפירט ווײַ־

טער, ווייטער פון דאָרף אַרויס, דער פרילינג־ווינט זאָל אירע טרערן אַראָפּזויגן פון איר פּנים.

דעם אייגענעם טאָג, פאַרנאַכטצו, האָט זיך דאָס גאַנצע דאָרף פאַרזאַמלט אַרויסצובאַגלייטן די פּיאָנערן. די ברעזער־פערד און קאָוואַלסקיס־פערד האָבן אין צוויי דראָביאַסטע וועגענער אַרויסגע־פירט די פּיאָנערן פון די „רויטע פעלדער" וואָס אין קרים; העט־ווייט הינטערן דאָרף האָט מען זיי אַרויסגעבאַגלייט; דער טיף־ערנסטער שווייגן האָט גובר געווען די אָפּגעריסענע ווערטער וואָס זענען דאָ־און־דאָרטן געפאַלן.

לוי בירמאַן האָט גאָר קיין ווערטער ניט פאַרמאָגט; אַ צעשראָ־קענער האָט ער אַלע ווײַלע אַראָפּגענומען זײַנע ברילן און זיי אויסגע-ווישט. פאַר זיך אַליין האָט ער כּסדר געמורמלט: „די גוטע בשורה פון ווייטן מזרח איז אַ קללה פאַר די וואָס בלייבן אין קרים..." אין די קני האָט ער אַ שוואַכקייט געפילט, ממש אַנידערצופאַלן. דער גרעסטער טייל איבערוואַנדערער, אַפילו פון די אָקאָרשט אַריבערגע־קומענע, האָבן נאָכדעם שלעכט געשלאָפן די נאַכט. ניט ביי איינעם האָט דער שטורם אויפגעוואַכט אין געמיט, און ביז קלעמעניש גע־פליקט דאָס האַרץ.

* * *

אויף מאָרגן, אין אַ וואָכן און לויטערן פרימאָרגן, ווער מיט פרייד אין פּנים, און ווער נאָך מיט טרויער אין די אויגן — ממש דאָס גאַנצע דאָרף האָט זיך פאַרזאַמלט הינטערן דאָרף ביים ראַנד פון פעלד, אויף חידושים געקוקט, ווי בעניע פינטשוק, און ביים זייט — לאַנע ברעזער, האָבן אויפן ערשטן אויפגעוואַכטן טראַקטאָר אַרויסגע־ריטן אין פעלד; מיט גלוטיקן שטרעבן האָט די ענערגיע אויפגעריסן אין טראַקטאָר, בשעת ער איז אַוועק לענגפעלד און מיטגעצויגן הינטער זיך פינף אָקעראייזנס. די ערשטע פעלד־גרעניץ צווישן די ברעזער און פינטשוק־פעלדער האָבן די אַקערס פאַנאַנדערהגעריסן. לאַנע און בעניע האָבן געשפּירט אויף זיך פונווייטן די הייסע בליקן פון גאַנצן דאָרף, וואָס האָט נאָכגעקוקט די צוויי רייטער אויפן טראַק־טאָר — ווי אויף אַ גרויס וואונדער און סימן פון בעסערע צייטן.

כאַסיע אַסטראָוווער האָט ניט געקענט באַהאַלטן אירע מאַמעשע טרערן וואָס האָבן פאַרבלענדט די אויגן:

— זי איז פאַר אונדז אַ גוטער סימן — האָט זי פאַר זיך שטיל, ווי פון אַ תחינה אַרויסגעלייענט — ער האָט זי פון שטויב אויפגעהויבן, געבענטשט זאָל ער זיין דערפאַר...

וואָווע ברעזער, דער צעבראָכענער און פאַר דער צייט גרוי געוואָרענער וואָווע ברעזער, ער איז אויך געשטאַנען צווישן פאַרחידושטן עולם; דער סטעפּ איבער וועלכן זיין טאָכטער האָט אַוועקגעריטן, האָט זיך אַ וויג־געטאָן פאַר זיינע אויגן; ווי אין אַ וויסטן חלום איז דאָס אים פאָרגעקומען; גלייך ווי גאָרניט דעם פרילינג־סטעפּ רייסט איצטער זיין טאָכטער אויף — נאָר אין זיין אייגן לייב אַריין איז זיין טאָכטער מיט טראַקטאָר און שווערע אַקעראייזנס אַריין, און גאָר אָן רחמנות רייסט דער טראַקטאָר אויף זיין לעבן אַנטקעגן דער פרימאָרגן־זון...

און מאַמע־ערד האָט איר סוד ניט באַהאַלטן; ברייט און מיט פרילינג־זון אָנגעטרונקען, האָט איר ברוינער מויל ברייט געלאַכט. דער זשאַווראָנעק האָט הויך געצירקלט און געטרילערט אונטערן בלויען הימל. אַ סך פון די וואָס זענען געשטאַנען פאַרגאַפּטע ביים ראַנד פון פעלד האָבן אין דעם־אָ פרימאָרגן געזאָגט: — אַז לאַנגע ברעזער און בעניע פּינטשוק צייכענען איצטער פאַר אַלעמען דעם ברודער־וועג; און אודאי וועט די ברודער־זריעה זיין אָנגעלייגט ביי מאַמע־ערד...

(סוף)